אהרן בלענקיטני

# גורל

איבערלעבונגען פון אַ יידישער משפחה
אין דער צווייטער וועלט־מלחמה

פאַרלאַג
י.ל. פרץ
ישראל

תשכ"ח / 1968

Ahron Blenkitni

# GORAL

I. L. Peretz Publishing House
31, Allenby St., Tel-Aviv

אהרן בלענקיטני / גורל

פאַרלאַג י. ל. פרץ, תל־אביב, אלנבי 31

הילע: גרשון מרום (זון פון מחבר)



נדפס בישראל תשכ״ח
Printed in Israel 1968

סודר במסדרת חנון את חנון / דפוס „הפועל המזרחי״

# אינהאַלט

מיין ליבער פרוי

מלכה

געווידמעט

# קאַפּיטל איינס

נאָך נעכטן בײַ נאַכט האָט מען נישט געגלייבט, אַז דער קריג וועט אויסברעכן, כאָטש ס׳ענדיקט זיך דער טערמין פֿונעם דײַטשישן אולטימאַטום, פּוילן זאָל אָפּגעבן דעם דאַנציגער קאָרידאָר. הײַנט, פֿרײַטיק, דעם 1טן סעפּטעמבער, האָט דער ראַדיאָ געמאָלדן, אַז די דײַטשישע חיילות זענען אַריבער די פּוילישע גרענעץ.

פֿון די געביטן בײַ דער מזרח־פּרײַסישער גרענעץ, פֿון גאַנצן פּאַס דערפֿער אַרום די שטעטלעך כאָזשעלע, מישעניץ, פּראַסניש און אַנדערע, האָבן די פּויערים, דערזעענדיק פֿרײַטיק פֿאַר טאָג די דײַטשישע חיילות, שנעל אויפֿגעלאָדעוועט זייערע משפּחות אויף וועגע־נער, אָנגעפּאַקטע מיט בעטגעוואַנט, קאָך־מכשירים און שפּײַזפּראָדוקטן, פֿאַרנומען דעם גאַנצן לעבעדיקן אינווענטאַר און זענען אַנטלאָפֿן. טייל האָבן איינצײַטיק אונטערגעצונדן די נאָר וואָס צונויפֿגעזאַמלטע סטויגן תּבֿואות. זיי האָבן, ווי אַ לאַווינע, געשטראָמט איבער די וועגן דורך קראַסנאָשילץ, מאַקעוו מאַזאָוויעצק, אָדער רוזשאַן. דערגרייכט שבת פֿאַר מיטאָג קיין פּולטוסק, האָבן זיי אַוועקגעאײַלט מיטן וואַרשעווער שאָסיי דורך דערווישקעווער בריק, כּדי וואָס שנעלער אָנקומען צום טײַך בוג אין ווישקעוו, גלייבנדיק, אַז דער ברייטער טײַך וועט פֿאַר־האַלטן די ווײַטערע אינוואַזיע פֿונעם דײַטשישן מיליטער.

די ייִדן פֿון די שטעטלעך, צוזעענדיק דאָס אַנטלויפֿן פֿון די פּויערים, זענען אויך אין דער מערהייט אַנטלאָפֿן צו פֿוס אָדער מיט וועגענער, אײַנגעשאַפֿענע פֿאַר גרויסע געלטער פֿאַר קראַנקע און שוואַכע. האָבן מיר, אין פּולטוסק, שוין שבת אין אָוונט געהאַט געסט — חברים, אַנטלאָפֿענע פֿון זייערע שטעטלעך. האָבן אויך פּולטוסקער ייִדן נאָך דעם

זעלבן אָוונט אָנגעהויבן פאַרלאָזן זייערע היימען מיט די קיין וואַרשע קורסירנדיקע אויטאָבוסן. אַזוי אויך זונטיק דעם גאַנצן טאָג.

פּולטוסק, אַ קרייזשטאָט אין מאַזאָווישע, צפון פון וואַרשע, ליגט אין אַ טאָל ביי דעם נאַרעוו, נישט ווייט פונעם אָרט, ווו ער פאַראייניקט זיך מיטן בוג, כדי צוזאַמען זיך אַריינצוגיסן אינעם הויפּטטייך פון פוילן, אין ווייסל. די אַרומיקע בערגיקע געגנט און די טאָפּאָגראַפישע לאַגע פון דער שטאָט שאַפן אַ גוטע סטראַטעגישע פאַרטיידיקונגס־פּאָזיציע. אין שטאָט גופא, אין ווינקל פון גרויסן מאַרקפּלאַץ שטייט אַן אַלטע שלאָס־געביידע אויף אַ קינסטלעך בערגל, וואָס איז דורך און דורך מיט אונטערערדישע קאַטאַקאָמבן און קעלערן, אַן איבערבלייבעניש פון אַן אַמאָליקער פעסטונג. אויך אַרום דער שטאָט האָבן זיך געפונען פאָרטן נאָך פון נאַפּאָלעאָנס צייטן. איז טאַקע די שטאָט און איר אַרום פאַרוואַנדלט געוואָרן דורכן פוילישן מיליטער־שטאָב אין אַ פאַר־פעסטיקטער פראָנטליניע מיט אָקאָפּעס און דראָט־פאַרצוימונגען, מיט קעגן־טאַנקען־גריבער, ביי וועלכע די גאַנצע מענער־באַפעלקערונג האָט געאַרבעט די לעצטע וואָכן. אויך די שטאָט גופא האָט ער באַשלאָסן מפקיר צו זיין און זי פאַרוואַנדלט אין אַ פאַרפעסטיקטער פּאָזיציע. בעטאָנירטע אייזערנע באַנרעלסן, דורכגעפלאָכטענע מיט שטעכלדראָט, האָבן פאַרצוימט אַ ריי גאַסן, אויך דעם מאַרקטייל נעבן ראָטהויז, צו פאַרשטעלן דעם צוגאַנג צו דער שלאָס־געביידע. די שלאָס־געביידע, אין וועלכער ס׳האָבן זיך געפונען די פּאָוויאַטאָווע אָנפירונג מיטן סטאַראָס־טע, די מלוכישע פינאַנסאַמטן, דאָס געריכטסוועזן אאַ״וו, איז געוואָרן אַ פעסטונג. אויפן אייבערשטן שטאָק זענען די פענצטער פאַרשטעלט געוואָרן מיט הונדערטער זעק זאַמד און זשוויר, פון צווישן וועלכע ס׳האָבן אַרויסגעשטאַרצט לופעס פון האַרמאַטן, מינען־ און קוילן־וואַרפערס. די מיליטער־אָנפירונג איז גרייט געווען צו ברענגען די שטאָט פאַר אַ קרבן, „כדי (ווי די אָפיצערן האָבן זיך אויסגעדריקט) צו געבן דאָ די דייטשן אַזאַ קאָפּע אין הינטן, זיי זאָלן נישט וויסן ווי צו אַנטלויפן צו זייער גרענעץ!“

אַ באַקאַנטער אָפיציר האָט אונדז געראָטן, מיר זאָלן פאַרלאָזן די

שטאָט איבער דער צײַט פון דער שלאַכט, בעת וועלכער די גאַנצע שטאָט קאָן אַוועק מיטן פײַער.

איך, אַ באַפרײַטער פון מיליטער־דינסט. צוליב אַ קראַנקהייט, אונטער דער קאַטעגאָריע „צ" האָב זיך געריכט יעדע מינוט מאָביליזירט צו ווערן.

דער אומאויפהערלעכער שטראָם פון די אַנטלויפנדיקע גרענעץ־פויערים מיט זייערע באַוועגלעכעווירטשאַפטן, די ראַדיאָ־מעלדונגען האָבן פאַרשטאַרקט די נערוועזע שטימונג בײַ דער יידישער באַפעלקערונג: אויב יענע אַנטלויפן, דאַרפן מיר דאָך אַוודאי. אָבער וווהין? וווהין לויפט מען, אַז דעם שונאס אָנגריף גייט פון דרײַ ריכטונגען — פון צפון, מערב און דרום? אַ קלייבער טייל האָט זיך אַוועקגעלאָזט אין אַ ווײַטן וועג, קיין מזרח, צו דער רוסישער גרענעץ. אָבער דאָס האָבן געקאָנט טאָן נאָר אַזעלכע, וואָס זענען בכוח אויסצוהאַלטן אַ ווײַטן מאַרש צו פוס. איך מיט מײַן פרוי האָבן באַשלאָסן, אַז זי מיטן קינד פאָרן קיין וואַרשע צו קרובים: אַ שוואַנגערע, אין פינפטן חודש, וועט איר דאָרטן לייכטער זײַן. מאָנטיק פרי שטייען מיר בײַ דער אויטאָבוסן־סטאַציע. נאָר וואָס איז אַוועק אַ פול אָנגעפּראָפּטער אויטאָבוס, אין וועלכן מײַן פרוי האָט שוין נישט געקאָנט אַרײַן. וואַרטן מיר עטלעכע שעה. אָבער מער קיין אויטאָבוסן זענען שוין נישט אָנגעקומען. דער וועג קיין וואַרשע איז געשלאָסן.

ס'פאָרט אָן אַ פולע פלאַטפאָרמע, געפירט פון מײַן פרויס אַ קרוב. זיי פאָרן קיין ווישקעוו. ס'איז אומזיסט אונדזער בעטן אים מיטצונעמען די פרוי מיטן קינד. ער זאָגט קאַטעגאָריש אָפּ:

— די פערד קאָנען מער נישט שלעפּן.

שטייען מיר פאַרצווייפלטע, ווי דאָ פאָרט אָן אונדזערער אַ שכן, קאַלינאָווסקי, מיט אַ וואָגן, געשפּאַנט צו צוויי געזונטע, שיינע פערד.

קאַלינאָווסקי איז געווען אַ שם־דבר אין פולטוסק. איינער פון די ערגסטע כוליגאַנעס, אַ הפקר־טיפּ, אַ גרויסער שיכור. שיכורערהייט איז ער געווען גאָר געפערלעך. אין די מאַרקטעג און בעת די יאַרידן פלעגט ער אַרויסרופן געשלעגן מיט די פויערים, און יידן האָט ער

אוודאי נישט געשפּאָרט קיין קלעפּ. ייִדן פלעגן אים כמעט אויסמײַדן. נאָענט פאַרן קריג איז ער אַרויס פון טורמע נאָכן אָפּזיצן אַ יאָר צײַט. ער האָט געוווינט אויפן זעלבן הויף וואָס מיר. זיין פרוי, אַן אײדעלע און אינטעליגענטע, גאָרנישט קיין פּאַסיקע פּאַרטנערין פאַר אַזאַ כוליגאַן, פלעגט בײַ אונדז וואַשן וועש און טאָן אַנדערע שטובאַרבעטן, אויף צו דערנערן זיך מיט אירע צוויי קינדער. ווען ער איז באַפרײַט געוואָרן האָט ער אָפּט געזוכט אַ געלעגנהייט אונדז אָפּצודאַנקען פאַר אונדזער גוטן באַהאַנדלען זײַן פרוי. איין מאָל, גייענדיק מיט מײַנעם אַ חבר, קומט ער אונדז אָן אַנטקעגן. דער חבר אַנטלויפט, איך אָבער בלײַב שטיין.

— פּאַניע קאַמאַשניקו, — ווענדעט ער זיך צו מיר, — קום און לאָמיר אויסטרינקען אויף ברודערשאַפט. — און כאַפּט מיך אַרום קושן. — מײַן פרוי האָט מיר דערציילט, וואָס פאַר אַ גוטע מענטשן איר זענט. נישט ווי מײַנע ברידער, די פּאָליאַקן. פון ערשט אָן ווייס איך, אַז צווישן ייִדן זענען דאָ די בעסטע לײַט. קום, ווועלן מיר אויסטרינקען אַ האַלבן ליטער.

— אָבער פּאַניע קאַלינאָווסקי, — דערווידער איך, — איך טאָר נישט טרינקען... די דאָקטוירים האָבן מיר פאַרבאָטן צו טרינקען בראָנפן...

— כאַ־כאַ־כאַ! — לאַכט ער זיך פונאַנדער, — ווועלן מיר טרינקען ספּירט... קום, ווועלן מיר טרינקען ביר.

— אויך ביר איז מיר נישט דערלויבט צו טרינקען.

— אַזוי גאָר? אויך קיין ביר נישט? טאָ קום, ווועלן מיר טרינקען לעמאָנאַד.

און אַזוי איז געשלאָסן געוואָרן אונדזער נעענטערע באַקאַנטשאַפט.

איצט האָט ער געפונען אַ געלעגנהייט אונדז אָפּצודאַנקען אויף אַן אמת. דערזעענדיק אונדז, שטעלט ער זיך אָפּ און ווענדעט זיך צו מיר:

— וווהין פאָרט איר? — פרעגט ער מיך — זאָל די פרוי מיטפאָרן מיט אונדז. פאַר אײַך בין איך גרייט אַלץ צו טון. מיר פאָרן אין אַ דאָרף אַרײַן.

אין ווועלכן דאָרף? דאָס אינטערעסירט אונדז נישט איצט. אַבי —

אַרויס פון שטאָט. ער נעמט גלײַך צו בײַ אונדז דאָס פּעקל, מאַכט אַ פּלאַץ אויפן וואָגן, און מײַן פרוי זעצט זיך אויף. דער וואָגן איז פול געפּאַקט: צוויי פרויען פון מיליטער־לײַט מיט זייערע קינדער, קאַלינאָוו־סקיס פרוי מיט צוויי קינדער, אַ ייִדישע פרוי מיט אַ קינד; איר מאַן גייט נאָך בײַ דער זײַט, זייער קינדער־וועגעלע איז צוגעבונדן הינטן צום וואָגן. מײַן פרוי זיצט אויף אַ הויך אָרט און די פיס הענגען איר אַראָפּ. מוזנדיק צוהאַלטן מיט איין האַנט דאָס קינד אויפן שויס און מיט דער צווייטער דאָס פּעקל, אויף וועלכן זי זיצט, האָט זי נישט קיין מעגלעכקייט אײַנצוהאַלטן דאָס גלײַכגעוויכט: דער וואָגן טרייסלט זיך אויף די ברוקשטיינער. נעם איך פון איר דאָס קינד אויף דער האַנט, באַשליסנדיק מיטצוגיין נאָכן וואָגן ביזן דאָרף, דאָרט זיי אײַנ־אָרדענען און גיין צוריק. אָנגעטאָן בין איך אין אַ זומער־העמד און סאַנדאַלן, ווײַל כ׳בין אַהער געקומען נאָר זיי צו באַגלייטן און צו העלפן אויפשטײַגן אויפן אויטאָבוס, ווען מיר דער גאַנג נישט שווער זײַן. אין דער היים וועל איך אין אָרדענונג ברענגען די שטוב און מיטנעמען פּאָר זיי אַהער נאָך עטלעכע נייטיקע זאַכן... אָבער אפשר וועט מען מיך גאָר גלײַך מאָביליזירן? וועל איך אָנזאָגן די קרובים, ווו מײַן פרוי מיטן קינד געפינען זיך... און אַזוי דערנענטערן מיר זיך צוזאַמען מיטן פּליטים־שטראָם צו דער נײַ־אויפגעבויטער בריק אויף דער וואַרשעווער גאַס איבער דעם נאַרעוו. די בריק איז שוין צוויי מאָל אויפגעריסן געוואָרן — אין ערשטן וועלטקריג און שפּעטער בעת דער מלחמה מיט די באָלשעוויקעס, ווען זי איז נאָך געווען אַ הילצערנע; איצט, אַן אויפגעבויטע לויט דער לעצטער טעכניק פון אײַזן און בעטאָן, גרייטן זי צו די פּוילישע זעלנער צום דריטן אויפרײַס.

און אָט זענען מיר שוין אַריבער די בריק. דאָס ייִנגעלע בײַ דער ייִדישער פרוי אויפן וואָגן האָט אָנגעהויבן וויינען און אויסגע־שטרעקט די הענטלעך צום פאָטער, וועלכער איז געגאַנגען לעבן מיר. ער האָט גענומען דאָס קינד אויף די הענט, און איך האָב געפּאָלגט די עצה פון מײַן פרוי אַרומצובינדן דאָס קינד מיט אַ טוך אַרום זיך, ווי דאָס טוען די פּויערטעס אין אונדזער געגנט. כ׳האָב שוין פרײַער

געקאָנט באַוועגן מיט דער רעכטער האַנט, און דער גאַנג איז מיר גרינגער געוואָרן.

די געדיכטע מאַסע אַנטלויפנדיקע מיט זייערע פול אָנגעפּאַקטע וועגענער פאַרשטאָפּן אָפּטער דעם שאָסיי. אַ געדיכטקייט, נישט אַדורכ־צוריַיסן זיך. מוזן מיר פאָרן פּאַמעלעך. אָבער ס׳טרעפט אויך, אַז אַ שטיק שאָסיי ווערט מיט אַ מאָל אָפּגעליידיקט: דאָס האָבן די פּויערים אַראָפּ־געטריבן די בהמות אויף די גרינע לאָנקעס ביי דער זיַיט, זיי אָנצופּאַשען; פירן זיי אויך אַראָפּ די וועגענער, מעלקן אויס די בהמות, קאָכן זיך אָפּ עסן, לעגען אונטער דאָס האַרץ און רוען זיך אויס. פאָרן מיר שנעל אַריבער דאָס שטיקל אָפּגעליידיקטע שאָסיי, ביז מען קומט צו אַ פרישער פאַרשטאָפּונג, און דער וואָגן שלעפּט זיך ווידער לאַנגזאַם. ווען דער וואָגן ווערט פאַרהאַלטן, גייען מיר, ביידע מענער, פאָרויס און ווען דער שאָסיי ליידיקט זיך אָפּ און דער וואָגן לויפט אונדז אַריבער, לאָזן מיר פון אים קיין אויג נישט אַראָפּ.

מיר האָבן דערפילט אַ מידקייט אין די פיס און שטאַרק געגאַרט זיך אַ ביסל אָפּצורוען, ווי דאָ איז אָנגעפאָרן אַ כמעט ליידיקער וואָגן, און דער פּויער האָט אונדז דערלויבט אויפצוזיצן. דער וואָגן האָט זיך לײַכט אַדורכגעקריגן דורך דער געדיכטעניש און אַ פּאָר געטאָן שנעלער. אָפּגעפאָרן אַ צוויי קילאָמעטער און שוין מער נישט אָנגעזען אונדזער וואָגן, זענען מיר אַרונטערגעגאַנגען און געוואַרט ביז ער וועט אונטער־קומען. אָבער די צײַט גייט, און דער וואָגן באַווײַזט זיך נישט. מיר הייבן אָן זיך באַאומרויִקן. וואָס ווײַטער, ווערט אונדזער אומרו גרעסער, און מיר לאָזן זיך אויף צוריק, אים צו באַגעגענען. דער שאָסיי ווערט ליידיקער. ווי ווײַט דאָס אויג גרייכט, זעט מען שוין אין גאַנצן נישט קיין וועגענער... איז מעגלעך, אַז מיר האָבן נישט באַמערקט, ווי זיי זענען פאַרבײַגעפאָרן? נעמען מיר ווידער לויפן אויף פאָרויס, באַקומען זיך אַדורך דורך דער געדיכטעניש, אָבער אויך דאָ זעט זיך נישט דער וואָגן. מיר פרעגן ביי די פאַרבײַפאָרנדיקע פּויערים:

— מענטשן טײַערע, אפשר האָט איר געזען אַ וואָגן מיט פרויען און קינדער, צו וועלכן ס׳איז פון הינטן צוגעבונדן אַ קינדער־וועגעלע?

זיי שאָקלען מיט די קעפּ אויף ניין און דאָס ברענגט אונדז אַרײַן וואָס ווײַטער אין אַ גרעסערער פאַרצווייפלונג. מיר לויפן, ווי צעמישטע, פאָרויס און צוריק, און ווידער פאָרויס. אויך די קינדער אויף אונדזערע הענט האָבן גענומען ווערן אומרויִק. אפשר ווײַל זיי האָבן דערפילט אַ געפאַר, און אפשר צוליב הונגער און דאָרשט. און מיר האָבן פאַר זיי גאָרנישט נישט געהאַט, זיי אײַנצושטילן. מיט מײַן מיידעלע — שטאַרק צוגעבונדן צו מיר, ווײַל מײַן אַרבעט אין דער היים האָט מיר דערלויבט זיך מיט איר אָפט צו פאַרנעמען, — איז נאָך געווען נישט צום ערגסטן. ערגער איז געווען מיט מײַן מיט־גייערס קינד, וואָס איז אַלץ אומרויִקער געוואָרן, האָט אָנגעהויבן וואַרפן מיט די הענטלעך און די פיסלעך. אויך דער וואַלד האָט זיך אומרויִק צערוישט פון אַן אָנגעקומען ווינטל.

## קאַפּיטל צוויי

ס׳האָט אָנגעהויבן טונקעלער ווערן. די לעצטע שטראַלן פונעם פאַרגייענדיקן טאָג האָבן אונדז געזעגנט דורך די צווײַגן פון שיטערן וועלדל. דער שאָסיי האָט זיך אָפּגעליידיקט: די פויערן האָבן אַראָפּ־געפירט זייערע וועגענער מיט די בהמות אויפן פעלד, אַרויסגעשלעפּט פונעם געפּעק דאָס בעטגעוואַנט, עס פאַרשפּרייט אויפן ווייכן מאָך אונטער די סאָסנע־ביימער פאַר זייערע משפחות. מיר האָבן זיך באַמיט מיט אַלע מעגלעכקייטן צו באַרויִקן אונדזערע קינדערלעך, אָבער זענען אַליין געוואָרן אַלץ מער פאַרצווייפלטער מיטן דערנענטערן זיך פון דער נאַכט: ס׳רײַסט זיך פון האַרץ אַ ווייגעשריי: ווו וועלן מיר זיך ערשט אַהינטון מיט די קינדער?

די נאַכט פאַלט צו שנעל. די אימה פון בײַ נאַכט אין וואַלד ווערט געלינדערט פון די געדיכט אויסגעזעצטע משפחות אויף ביידע זײַטן שאָסיי; דאָ און דאָרט באַווײַזן זיך פײַערן, אויף וועלכע די פויערטעס קאָכן עסן.

מיר באַשליסן אַריַינצוגיין מיטן וועג רעכטס אינעם דאָרף דרוואַלי. מיר וועלן דאָרטן פּרווון באַקומען אַן אָרט פאַר די קינדערלעך איבער־צונעכטיקן; אין ערגסטן פאַל, וועלן מיר געפינען אַן אָרט אין אַ תבואה־שיַיער. אין וואַלד טאָרן מיר נישט פאַרבליַיבן. און מיר מוזן דאָך אויך געפינען עפּעס עסן פאַר זיי. די קינדער, ווי זיי וואָלטן עס דערשפּירט, זענען אַ ביסל רויִקער געוואָרן. מיט די קעפּעלעך אָנגעלענט אויף אונדזערע אַקסלען, צוגעטוליעט צו אונדז מיט די גופימלעך, האָבן זיי אָנגעהויבן איַינדרימלען. מיר האָבן גענומען זיך אונטעראיַילן אין גאַנג — דער ווייטיק אין האַרצן איז געווען שטאַרקער ווי אין די פיס, וועלכע האָבן אונדז גאָר גיך געבראַכט אין דאָרף אַריין. פון אַ פענצטער קריגט זיך אַדורך אַ שיַין דורך אַ שפּאַרונע אין די פאַרמאַכטע לאָדנס. איך קלאַפּ אָן.

— ווער איז דאָרט? — פרעגט פון אינעווייניק אַ פרויענשטים.

— איך בעט אַ נאַכטלעגער פאַר צוויי קינדער, וואָס האָבן פאַרלוירן אין וועג זייערע מאַמעס, — זאָג איך מיט אַ געבראָכענער שטים.

— ביי אונדז איז פול פון אָנגעקומענע קרובים, — זאָגט זי מיר, — אַנטקעגן ווווינט דער שוסטער סיטשקע, דאָרט איז קיינער נישטאָ.

אין מיַין מוח הייבט זיך אָן עפּעס צו דערוואַכן: ווי האָט זי געזאָגט? סיטשקע? אַ שוסטער? איז דאָך עס דער, וועמען איך פלעג שטעפּן זיַין אַרבעט, און ער פלעגט כמעט יעדע וואָך זיַין ביַי מיר אין שטוב! איך גיי גלײַך צו און קלאַפּ אָן.

— ווער קלאַפּט?

— איך. דער קאַמאַשן־שטעפּער פון פּולטוסק.

— מיַין זון איז נישטאָ אין דער היים. ער איז מאָביליזירט אין דער אַרמיי.

— איך ווייס. ער האָט עס מיר געזאָגט פאַרן אַוועקגיין...

זי עפנט דאָס פענצטער, צו וועלכן ס׳קומט אויך צו די שנור איר׳ע. כ׳דערצייל זיי אין קורצן, וואָס אונדז איז געשען. זיי לאָזן אונדז אַריַין.

— מיט איין מאָל אַזאַ איבערקערעניש, — ברעכט זי די הענט, — היטלעריסטן פאַרשאָלטענע, באַנדיטן, מערדער...

און זי פאָרעט זיך ביי דער קיך, גרייט צו עסן פאַר די קינדער־לעך און אויך פאַר אונדז. מיר קאָרמענען אָן די קינדערלעך, און זיי גרייטן צו פאַר זיי אַ געלעגער — אַ ווייכע פערענע אויף דער ערד.

— זאָלן די קינדערלעך האָבן ווייך צום שלאָפן, — מורמלט די שוסטערקע, — גאָט מיינער, אָרעמע קינדערלעך, אַזעלכע פיצלעך און פילן שוין דעם טעם פון וואָגלעניש.

אויך מיר, איך מיט מיין מיטגייער, עסן, שלינגען אַראָפּ די ביסנס צוזאַמען מיט טרערן, וואָס ווערגן אין האַלדז, און שמועסן, וואָס וויי־טער צו טון. איך זאָג, אַז פאַר טאָג וועל איך גיין אין וויטערדיקן דאָרף, אין זאַטאָר:

— דאַכט זיך, אַז איר האָט עפּעס גערעדט וועגן פאָרן קיין זאַטאָר? לאָמיר גיין אַהין.

ער דערקלערט מיר אָבער, אַז ער האָט בדעה אַוועקצוגיין אין דער פרי קיין ווישקעוו: זיינע עלטערן זענען אַהין אַוועק; ער קאָן זיך מיטן קינד נישט אומגיין און מוז וואָס שנעלער געפינען עמעצן פון זיין משפּחה.

— אויב דו וועסט גיין קיין זאַטאָר, וועסטו מוזן שנעל צוריק־קומען, ווייל איך וועל זיך נישט קענען פאַרנעמען מיט דיין קינד...

אָפּגעגעסן, האָבן מיר זיך געלייגט שלאָפן און די פויערטע האָט אויסגעלאָשן דאָס ליכט. איך בין געלעגן מיט פינצטערע געדאַנקען און האָב געקוקט צום קינד, וואָס איז איינגעהילט אין דער נאַכט־פינצטערניש, און זיך איינגעהאָרכט אין זיין אָטעמען... דאַכט זיך, אַז ס'איז נישט אין גאַנצן קיין רעגלמעסיקס... איז דאָס פון בענקשאַפט צו דער מוטער?... לעבט עס איבער אין שלאָף די טראַגישקייט פון אונדזער לאַגע?... צי אפשר, חלילה, פאַרגייט עס אין עפּעס אַ קראַנקהייט?... איך טוליע דאָס קינד צו זיך און טאַפּ אָן דעם פּולס. און כאָטש איך בין נישט קיין דאָקטער, שפּיר איך אַן ענדערונג אין דעם קינד... זייער לאַנג האָט זיך געצויגן די נאַכט.

ווי נאָר אויפן מזרח האָבן זיך אָנגעהויבן באַוויזן די ערשטע בלויע סימנים אויף טאָג, בין איך אויפגעשטאַנען און אַוועק קיין זאַטאָר. אַ וועג אין גאַנצן פון אַ דריי קילאָמעטער, און ער האָט זיך געצויגן ווי אַן אייביקייט: ס׳איז מיר נאָכגעגאַנגען דער פאַרזאָג פון מיין מיטגייער: „געדענק, אַז לאַנג וואַרטן אויף דיר קאָן איך נישט...״

איך בין איין מאָל און אַ צווייט מאָל פאַרביי־געלאָפן דאָס גאַנצע דאָרף, האָב געפרעגט ביי יעדן אָנגעטראָפענעם, צי האָט ער נישט באַגעגנט אפשר אַזאַ־און־אַזאַ וואָגן מיט פרויען און קינדער, מיט אַ צוגע־טשעפּעט קינדער־וועגעלע, אָבער קיינער האָט נישט געהאַט וואָס מיר צו ענטפערן. דערווייל האָט זיך שוין די זון ווייט אַ רוק געטאָן אויפן הימל. איך טאָר מער קיין צייט נישט פאַרלירן און קער זיך אום קיין דרוואַלי מיט גאָרנישט.

די קינדערלעך זענען שוין געווען אויפגעשטאַנען. די אַלטע פאָרעט זיך ביי מיין קינד, מאַכט עס ריין, טוט עס אָן. מיר באַשליסן גיין צוריק צום הויפּטשאָסיי. אָבער איך וויל נאָך פריער זיך אַריינכאַפּן אינעם דאָרף גלאַדצין, דאָרט אַ זוך טון. מיין מיטגייער איז דערויף נישט מסכים. קוים פועל איך ביי אים, ער זאָל אויף מיר מיטן קינד וואַרטן כאָטש אַ שעה צייט, ווו דער שאָסיי קרייצט זיך מיטן דרוואַלער וועג. דאָס דאָרף ליגט נישט ווייט פונעם הויפּטשאָסיי, וועלכער איז איצטער נאָך געדיכטער פאַרפלייצט מיט פליטים. איך בין שנעל געקומען אין דאָרף. אָבער זעלטן ווו זעט מען דאָ אַן אָפענע שטוב. אומעטום איז פאַרקלאַפּט, פאַרהאַמערט, פאַרלאָזט פון די איינוווינער. ווו נישט ווו לויפט פאַרביי אַ הפקרדיקער הונט, וועלכער וואַגט אַפילו נישט אַ ביל צו טאָן. ס׳קומען אָן אָפּטרעטנדיקע מיליטער־טיילן, טייל שטעלן זיך אָפּ, טייל גייען ווייטער. דאָ אין דאָרף, זע איך, האָב איך נישט וואָס צו זוכן און קער זיך אום צוריק צום אָפּגערעדטן אָרט. אָבער — „מיינער״ איז שוין נישטאָ.

האָב איך זיך געלאָזט גיין אַליין פאָרויס מיטן ווישקעווער שאָסיי. ווו נאָר כ׳האָב דערזען אַ גרופּע רוענדיקע פליטים ביי די זייטן פון שאָסיי, אַ מאָל רעכטס, אַ מאָל לינקס, בין איך צוגעגאַנגען

פרעגן. אָבער קיינער קאָן מיר, צום באַדויערן, קיין ענטפער נישט געבן. דאָס קינד האָט געהאַלטן אין איין בעטן ביי מיר צו טרינקען. כ׳האָב געפילט, אַז ס׳האָט אַ ביסל געהעכערטע טעמפעראַטור.

מיט אַ מאָל האָט דער שאָסיי און דער וואַלד אַרום באַקומען אַן אַנדער אויסזען: די געגנט איז פול געוואָרן מיט אָפּטרעטנדיקע מיליטער־אָפּטיילונגען. מיר זענען אָנגעקומען קיין פּניעווע.

— טאַטע, אַ טרונק! — האָט זיך דאָס קינד ווידער געבעטן ביי מיר מיט פאַרטריקנטע ליפּעלעך.

אָבער די ליטראָווע פלאַש מיט טיי־מיט־מילך, וואָס די שוס־טערקע האָט אונדז מיטגעגעבן, איז שוין געווען ליידיק. איך זוך צו באַקומען אַ ביסל וואַסער. קיין טײַכלעך זענען אין דער גאַנצער געגנט נישטאָ. אויך די ברונעמער האָבן נישט מער ווי אַ געדיכטע בלאָטע־מאַסע אויפן דנאָ — זיי זענען אויסגעשעפּט געוואָרן פון די פּליטים און די מיליטער־אָפּטיילונגען פאַר די מענטשן און די בהמות. אין דאָרף איז קיין לעק וואַסער נישט צו באַקומען. כ׳האָב קוים געקריגן אַ ביסל פריש־געמאָלקענע מילך פון די געטריבענע בהמות און בין געווען געצוווּנגען צו געבן עס דעם קינד אין רויען צושטאַנד.

— שנעל אַנטלויפן אונטער דיביימער און ליגן שטיל! — שרײַט צו מיר אַ זעלנער.

איך פאָלג. אַ גערויש פון אָנפליענדיקע עראָפּלאַנען ווערט אַלץ שטאַרקער. ס׳הערן זיך דעטאָנאַציעס פון אויפרײַסנדיקע באָמבעס, שטעפּעריי פון מאַשינגעווער. עס טוט אַ פלי איבער אונדז אַ שאָטן מיט אַ מוראַדיק וואָיען, כמעט באַרירנדיק די ביימערשפּיצן, און מיט אַ שטעפּערײַ פון מאַשינגעווער. דאָס קינד וויינט זיך פונאַנדער. איך טוליע עס צו זיך, עס אײַנצושטילן. אַ זעלנער שאַרט זיך צו מיט אַן אויסגעשטרעקטער ביקס:

— שטיל זאָל זײַן!... זיי האָבן דאָרט אין עראָפּלאַן אַפּאַראַטן צו הערן רעדן אויף דער ערד...

— קינדעריש געוויין אויך? — פרעג איך תמעוואַטע.

— זיכער!

— טאָ וואָס האָסטו מורא? ווייסן דען נישט די דײַטשישע פליִער, אַז קינדער וועלן אויף זיי נישט שיסן?

— איך האָב אַ באַפעל צו שיסן יעדן וואָס רעדט אָדער מאַכט אַ וועלכע באַוועגונג...

— דאָס האָט מען דיך באַפוילן וועגן שפּיאָנען. זיי האָבן מיט זיך ראַדיאָ־אַפּאַראַטן, אין וועלכע זיי רעדן אַרײַן... און נאָר דעמאָלט הערט מען זייערע רייד אין עראָפּלאַן...

דער זעלנער האָט קוים באַנומען מיין אויפקלערונג.

די טײַוולאָנים איבער אונדזערע קעפּ האָבן זיך דערווײַטערט. ס׳איז שטיל געוואָרן. און איך לאָז זיך ווײַטער אין וועג. כ׳טרעף אָן באַקאַנטע, אָבער מיט מער ווי אויפקאָכן אַ פלעשל מילך פאַרן קינד קאָנען זיי מיר נישט העלפן. ענדלעך בין איך צוגעקומען צום ברעג וואַלד. פון דאַנען זעען זיך שוין פרײַע פעלדער ביז ווישקעוו. מען זעט פון ווײַטנס ווי עראָפּלאַנען גראַסירן איבער דעם שטעטל, רײַסן אויף פאַרשידענע טיילן, און ס׳ברעכן אויס שרפות. די מיינסטע אויפרײַסן זענען אין דער לינקער זײַט, וווּ ס׳געפינט זיך די באַנסטאַציע.

ווידער טראָגן זיך די טויט־טרעגער איבער אונדז. ס׳הערן זיך נאָענטע אויפרײַסן איבער דער גאַנצער געגנט. דאָס דאַרף רעכטס ווערט אויך באָמבאַרדירט. דער רויך פון די אויפרײַס־באָמבעס פאַרדעקט, ווי מיט פינצטערע וואָלקנס, די קלויסטערשפּיצן, וואָס רײַסן זיך אין דער הייך. דער האָריזאָנט אַרום איז באַדעקט מיט פלאַמען און רויכן, וועלכע לעקן מיט זייערע צונגען דעם הימל.

ווען דער אָנגריף האָט זיך אײַנגעשטילט, האָב איך זיך ווידער געלאָזט אין וועג אַרײַן. אָבער ס׳האָט מיך פאַרהאַלטן אַ גרויליק בילד: אַ צענטליק בהמות ליגן צעשאָסן, צעריסן און דערנעבן זייער אָנטרײַבער. כ׳בין שטיין געבליבן אַ פאַרצווייפלטער, אַ צערודערטער: וווּהין גיי איך? קיין ווישקעוו?

ווי אונטערצוהאַלטן מײַנע געדאַנקען, באַווײַזן זיך עטלעכע וועגע־נער, וואָס לאָזן זיך צוריק פון ווישקעוו און מוזן שטיין בלײַבן, ווײַל

זיי האָבן קעגן זיך די געדיכטע מאַסע וועגענער און בהמות, וועלכע זענען פאַרשטעקט געווען אין וואַלד בעת דער באָמבאַרדירונג. דער וועג איז פאַרשטאָפּט געוואָרן. ס׳האָט זיך אָנגעהויבן אַ קריגערײַ און נאָכן קריגערײַ אַ היציקער שמועס:

— וואָס פאַרצוימט איר אונדז דעם וועג? לאָזט צוריק!

— פון וואַנען פאָרט איר אויף צוריק?

— פון ווישקעוו. און איר ווהין פאָרט?

— קיין ווישקעוו. מען דאַרף וואָס שנעלער אַריבער דעם בוג.

— מיר קומען טאַקע פון דאָרטן... ווייסט איר וואָס פאַר אַ גיהנום דאָרט איז?

— די בריק איז נאָך גאַנץ?

— גאַנץ.

— דאַרף מען זי טאַקע וואָס שנעלער אַריבער, איידער זי ווערט אויפגעריסן.

— וועט אײַך דען דער דײַטש נישט אָניאָגן אויף יענער זײַט בוג?

— וואָס? אויך אַהין, גלייבט איר, וועלן זיי באַווײַזן זיך אַדורכ־צורײַסן? — די צוריקפאָרנדיקע ברעכן אויס אין אַ געלעכטער.

— פאַר צרות לאַכן מיר, — פאַרענטפערט זיך דער פויער. — די דײַטשן קאָנען טרעפן אויך אויף יענער זײַט בוג. פאָרן מיר צוריק.

— וואָס הייסט צוריק? וווהין?

— אַהיים פאָרן מיר... נישטאָ ווהין צו לויפן... מיר ווילן מער נישט זיין אונטערוועגנס אין אַזאַ גיהנום. אומעטום קאָן מען געפינען דעם טויט...

טייל פויערים גלייבן נישט די צוריקפאָרנדיקע און שיקן די זין מיט ראָווערן קיין ווישקעוו נאָך אינפאָרמאַציעס. איך זיץ ביי דער זײַט פון שאָסיי, הער די שמועסן און רו זיך דערווײַל אויס פונעם גאַנצן טאָג גיין. ס׳קומען אָן נאָך וועגענער, וואָס פאָרן צוריק פון ווישקעוו. ענדלעך ווערט די צעמישונג און דער טומל אײַנגעשטילט.

## קאַפּיטל דריי

ס׳הייבט אָן ווערן טונקעלער. די שריפה־פּײַערן בײַם האָריזאָנט ווערן רויטער און מישן זיך צוזאַמען מיט דער רויטקייט פונעם הימל נאָכן זון־אונטערגאַנג. די פויערים פירן אַראָפּ זייער האָב־און־גוטס אין וואַלד אַרײַן, פּאַקן אויס, ווי נעכטן, זייער בעטגעוואַנט, זעצן זיך עסן נאַכטמאָל און גרייטן זיך צום שלאָפן־גיין. איך גיי צוריק נעענטער צום וואַלד, בלײַב שטיין אויפן ראַנד פון שאָסיי און ווענד די בליקן אין אַלע זײַטן: ווו וועל איך הײַנטיקע נאַכט געפינען אַ ווינקעלע איבערצונעכטיקן מיטן קראַנקן קינד? איך פיל, אַז די היץ איז בײַ אים שטאַרק געשטיגן. דאָס קעפּעלע אָנגעשפּאַרט אויף מיין אַקסל, לאָזט עס אַלע מאָל אַרויס אַ קרעכץ... וווהין זאָל איך איצט גיין? קיין ווישקעוו? ס׳איז צו ווײַט, אַ פינף־זעקס קילאָמעטער מסתם. אין וואַלד אריין, ווי די פויערים? ווי וועל איך אַנידערלײגן דאָס קינד אויפן פײַכטן מאָך? האַלטן עס די גאַנצע נאַכט אויף די הענט?...

די שפּאַנונג אין מיר וואַקסט אַלץ שטאַרקער. איך פאַרליר די חושים, ווי כ׳נעם אַרײַנפאַלן אין היגערפלעט. דער מוח אַרבעט נישט מער. נאָר די אויגן קוקן אין אַלע זײַטן. ווי דורך אַ חלום פיל איך: דאָס קינד נעמט ציטערן. ס׳איז שוין נאַכט. איינציקע וואַנדערנדיקע באַווײַזן זיך נאָך אויפן שאָסיי און פאַרשווינדן אין דער פינצטערניש. אויך די פייגעלעך שלאָפן שוין אין זייערע נעסטן. פון צײַט צו צײַט שוועבט פאַרבײַ אַ נאַכטפויגל מיט דער שנעלקייט פון די בייטאָגיקע עראָפּלאַנען. ס׳דערטראָגן זיך ווידערקולות פון ווײַטע האַרמאַטן־שיסערײַען... וואָס זאָל איך טאָן? וווהין זאָל איך גיין?... דאָס קינד קרעכצט און ציטערט. כ׳וויקל עס אײַן פעסטער אין דער פאַטשיילע. עס אָטעמט שווער. ווענד איך די אויגן צום אויסגעשטערנטן הימל: „...ממעמקים דערהער מיין תפילה. וואָס וועט איצט פון אונדז דאָ ווערן, פאָטער אין הימל?! פאַרנעם דאָס געבעט פון אַ צעבראָכענעם טאַטן און קראַנקן קינד. ראַטעווע אונדז, ווײַז אונדז אַ וועג, גרויסער באַשעפער...".

און איך פיל נישט, אַז כ׳הייב אָן גיין פאָרויס, ווי אַ לונאַטיקער...

אַט דאַכט זיך מיר, ווי עפּעס הייבט זיך אָן באַוועגן פון ווײַטן מיר אַנטקעגן... שפּיצן פון אַ קלויסטער... קאָנטורן פון דעכער... דערנענטער איך זיך צו זיי, אָדער זיי צו מיר?... איך הייב אָן גיין שנעלער און — אָט שטיי איך פאַר אַ שטוב. פון אינעווייניק אַרויס דערהער איך רעדן אויף דעם לשון, וואָס איז מיר אַזוי היימיש, ליב און טײַער... פון וואַנען האָט זיך דאָ דערנומען דאָס יידישע לשון אין אַ דאָרפיש הויז?... איך גיי אַריין.

ס'איז אַ יידישע שטוב אין אַ דאָרף, רעכטס פון שאָסיי, וואָס איז פאַר נאַכט באָמבאַרדירט געוואָרן. די שטוב איז איצט פול מיט פרויען און קינדער, פּליטים, דעם באַלעבאָס קרובים. צווישן זיי אויך פּולטוסקער. מען נעמט פון מיר דאָס קינד, מע וואַשט עס אָרום, מע גיט אים רפואות קעגן שילשול און היץ און מע לייגט אים צו קאָמפּרעסן. נישטאָ קיין פּלאַץ, ווו עס אַנידערצולייגן, פון דעסטוועגן זוכט מען אויס אַ פלאַך געפלאָכטן קיישעלע, מע בעט עס אויס מיט אַ ביסל פריש שטרוי, און דאָס קינד האָט שוין אַ ווייך געלעגערל. איך אַליין קריך אַרונטער דערנעבן אונטערן טיש און וואַך איבער אים, טראַכטנדיק מיט וואַרעמער ליבשאַפט:

...אין עלטער פון ניין־צען חודשים האָט עס שוין אָנגעהויבן אויס־פלאַפלען איינציקע ווערטער, און יעדעס ניי צוגעקומען וואָרט האָט אונדז געפרייט און געבראַכט גליק... עס איז אויסערגעוויינלעך קלוג, האָט אַ קלאָרע אויסשפּראַך און באַנעמט זיך אַזוי פײַן, ווי זעלטן בײַ קינדער אין דעם עלטער... וועל איך קאָנען בלײַבן דאָ, בײַ פרעמדע מענטשן, ביז סע וועט געזונט ווערן? ווי קאָן מען עס ראַטעווען, ווען אין דער גאַנצער געגנט איז קיין דאָקטאָר און קיין אַפּטייק נישטאָ?... צי זאָל איך מיטן קראַנקן קינד זיך ווידער לאָזן אין וועג אַרײַן זוכן די מוטער?...

...און די מוטער?... ווער ווייסט, וואָס מיט איר איז געשען? ווי האָט זי איבערגעטראָגן אַזאַ שווערן קלאַפּ, צו פאַרלירן אונדז ביידע, זײַענדיק אַלײַן אונטערוועגנס, צווישן פרעמדע מענטשן?... צי האָט זי נישט געקריגן קיין אַטאַק פון די גאַלשטיינער?... ווער זשע פאַרנעמט זיך ערשט מיט איר?... און אַז איך וועל זי זוכן, צי וועל איך זי אָפּגעפינען?

און אַז איך וועל זי שוין אָפּגעפינען אַ געזונטע, אין וואָס פאַר אַ צושטאַנד וועל איך איר ברענגען דאָס קינד?...

כ׳הער זיך אײַן צום קינדס אָטעמען. ס׳קרעכצט פון שלאָף, אָבער דאָס אָטעמען איז עטוואָס רעגלמעסיקער, אויך דער פולס איז אַ ביסל פאַרלאַנגזאַמט. די גרויסע היץ איז אָפּגעטרעטן... אפשר וועט אונדז געשען אַ נס און דעם קינד וועט בעסער ווערן... אויב יאָ, וועל איך זיך אין דער פרי לאָזן צוריק קיין פולטוסק: סוף־סוף זענען דאָרט געבליבן אַ סך פון אונדזערע נאָענטע: דער פרויס מוטער און ברידער, אויך מײַן מוטער, ברידער און שוועסטער; מען דאַרף האָפן, אַז זיי זענען אין ערגעץ נישט אַוועק.

דאָס קינד האָט זיך גענומען באַוועגן אין דעם אומבאַקוועמען קיישעלע, האָב איך אָנגעהויבן עס וויגן און שטיל־שטיל אונטער־געברומט אַ לידעלע — אַ תפילה און אַזוי פאַרוויגט... זיך אַליין, ביז כ׳האָב אײַנגעדרימלט און בין אַרײַנגעפאַלן אין אַ נעץ פון חלומות — — —

...איך גיי צוריק קיין פולטוסק, מיטן קינד פעסט צוגעטוליעט צו מיר. כ׳קום צו דער פראָנט־ליניע. פוילישע זעלנער ליגן מיט די פנימער צו פולטוסק.

העי, וווהין גייסטו? — שרײַט אײנער צו מיר, אָנווײַזנדיק אויפן קינד, — וואָס טראָגסטו דאָרט אין פעקל מיט זיך?

— מײַן קינד טראָג איך. פאַרלוירן די מאַמע, טראָג איך עס צו דער באָבען.

— גיי זשע שנעלער אַריבער די בריק, איידער מיר רײַסן זי אויף, און געפין אויך די מאַמע! — שרײַט אַ צווייטער.

איך לויף שנעל... קום אויפן וואַרשעווער שאָסיי... איך טראָג זיך שנעל אויף די שטיגן... הער נישט די אייגענע טריט, ווי כ׳וואָלט אַרויפּ־געפלויגן... כ׳בין שוין ביי דער שוויגער אין שטוב... יאָ! די פרוי איז דאָ! אַ בלאַסע, פאַרווײנטע שטייט זי נעבן דער מוטער און רעדט צו איר פון געוויין אַרויס... און מיט אַ מאָל דערזעט זי מיך מיטן קינד...

— ווו ביסטו געווען?! — שרײַט זי אויס, — ווו ביסטו פאַרפאַלן געוואָרן?

זי כאַפּט ביי מיר אַרויס דאָס קינד און דריקט עס צו זיך און קושט עס.

איך שטיי אַ פאַרשעמטער, קאָן נישט קיין וואָרט אַרויסברענגען. דאָס קינד הייבט אָן וויינען.

— — — — — — — — — — — — —

...איך כאַפּ זיך אויף פון דעם קינדס געוויין, און ס׳ווערט ביי מיר שטאַרק דער באַשלוס צו גיין צוריק קיין פּולטוסק: דער חלום ווײַזט מיר דעם וועג. איך לייג צו די ליפּן צום קינדס קעפּעלע. די היץ איז אָפּגעטראָטן. אויך דער פּולס איז שוין כמעט נאָרמאַל.

ענדלעך קרייען די הענער. דורך די פאַרמאַכטע לאָדנס דרינגען אַרײַן שטראַלן פונעם העל־ווערנדיקן טאָגליכט. אַ פרוי גיט דעם קינד נאָך אַ רפואה, וואָס זי האָט ביי זיך פאַר איר אייגן קינד. כ׳גרייט צו צוויי גרויסע פלעשער מיט טיי און טיי־מיט־מילך, געזעגן זיך מיט די טײַערע מענטשן, וואָס האָבן מיר געראַטעוועט דאָס קינד, און לאָז זיך אין וועג אַרײַן אויף צוריק.

## קאַפּיטל פיר

איך גיי איצט מיט זײַטיקע וועגן. די וועלדלעך פון יונגע נאָדל־ביימלעך זענען פאַרפלייצט מיט פליטים. ווײַזט אויס, זיי האָבן באַשלאָסן איבערצוואַרטן דאָ די שלאַכטן. איך גיי פון איין גרופּע צו דער צווייטער, נישט דורכלאָזנדיק קיין איינע, און פרעג זיך נאָך אויף מײַן פאַרלוירענעם וואָגן. אַ קילאָמעטער נאָך אַ קילאָמעטער, און ס׳איז שוין אַריבער מיטאָגצייט. דעם קינד איז אַ סך בעסער. עס רײַסט זיך אַראָפּ פון מײַנע הענט און ברעכט אויס מיט אַ געוויין:

— מאַמע! מאַמע!

אויף מײַנע הענט וויל זי שוין נישט זיצן און אויך גיין וויל זי נישט. אירע געשרייען: „מאַמע! מאַמע!״ נעמען מיך אַדורך און טרייסלען מיך אויף. אָבער איך באַהערש זיך און באַמי זיך זי צו פאַרשפּילן:

— קום, קינד מײַנס, וועט מען רײַסן שײנע בעז (בלומען אויף איר לשון).

ס׳העלפט אָבער קײן זאַך נישט. זי שטויסט מיך אָפּ פון זיך מיט די הענטלעך און ווײנט. שטעל איך איר אונטער די באַקן: איך בין ווערט די פּעטש. כ׳האָב נישט געטאָרט אָפּטרעטן פונעם וואָגן אַפילו אויף אַ סעקונדע. די שטראָף, די פּעטשלעך פונעם אומשולדיקן קינד, איז אַ צו קלײנע. אויף אַ מינוט גיט זיך מיר אײַן זי צו באַרויִקן, איך נעם זי פאַרן הענטעלע:

— קום צו דער מאַמען.

מיר הייבן אָן גײן.

— ווילסט אויף דער האַנט? — זי לאָזט זיך נעמען, ברעכט אָבער באַלד אויס מיט אַ געוויין.

— איך וויל שוין צו דער מאַמען!

איר געוויין איז אַזוי טראַגיש־רירנדיק, אַז איך קאָן זיך נישט מער באַהערשן און ס׳עפנט זיך אין מיר אַ גאַנצער קוואַל טרערן: טרערן פון פאַרצווייפלונג; טרערן פון שולד; טרערן פון צער פונעם קינד אויף מײַנע הענט און פון דער פרוי ערגעץ ווו צווישן פרעמדע מענטשן; טרערן פון געבעט צו דעם, וואָס פירט אָן מיט דער וועלט און מענטשלעכע גורלות; און טרערן פון תפילה: „העלף אונדז, אַלמעכטיקער! העלף מיר, וואָס שנעלער אָפּצוגעפינען מײַן פרוי. כ׳קען מער נישט צוזען די פּײַן פונעם קינד, וואָס רופט: „מאַמע! מאַמע!”. לאָז אונדז נישט מער וואַנדערן אײנזאַמע, צעשײדטע און פאַרלוירענע אויף אומבאַקאַנטע וועגן. וויפל איז דער שיעור?...”

אונדזער געוויין מישט זיך צונויף מיטן רויש פונעם וועלדל. דער אלול־ווינט בלאָזט און בייגט די קעפּ פון די יונגע ביימלעך, וועלכע שאָקלען זיך, ווי זיי וואָלטן דאַווענען, — אפשר טוען זיי אויך תפילה פאַר אונדז. זיך נאָכפרעגן ביי די פּליטים גיי איך שוין מער נישט צו. די טרערן הערן נישט אויף צו רינען און פאַרשטעלן מיר דעם אַרום. איך זע נאָר דאָס שטעגל, מיט וועלכן איך גיי.

— פּאַניע קאַמאַשניקו! — דערהער איך פּלוצעם אַ רוף.

אַ שכנה אַ קריסטין, וועלכע שטייט אין אַ טיר פון אַ הייזל האָט מיך דערקענט. זי פרעגט מיך, וואָס מיט אונדז איז געשען. איך פאַרצייל איר.

— וואָס, איר ווייסט נישט. ווו קאַלינאָווסקי איז אַהינגעקומען? זיין פרוי האָט מיר געזאָגט, אַז זיי פאָרן קיין באָרסוק. זיכער איז דיין פרוי אויך דאָרט. ווען נישט, ווייסן זיי דאָך געוויס, ווו זי געפינט זיך.

— ווו איז דאָס באָרסוק? — קאָן איך קוים אַרויסברענגען די פראַגע פון מויל.

— זעט, גלייך מיט דעם וועג, בערך אַ קילאָמעטער פון דאַנען טיילט זיך דער וועג אויף צוויי, איינער פאַרנעמט זיך אויף רעכטס קיין דרוואַלי, דער צווייטער לינקס קיין זאַטאָר. פון ביידע דערפער קאָנט איר אָנקומען מיט אַ גלייכן וועג קיין באָרסוק.

איך באַדאַנק זי, זי ווינטשט מיר. וואָס שנעלער צו געפינען די פרוי, און כ׳לאָז זיך ווייטער. דאָס קינד באַרויִקט זיך. איך שטרענג אָן מיינע כוחות צו גיין וואָס שנעלער, אָבער די פיס זענען מיר ווי געליימט. ס׳פאָרן אָן מיט אַ וואָגן ברויט צוויי פוילישע זעלנער.

— דערלויבט אַ ביסל צו פאָרן — בעט איך זיי.

— ביטע. — וווהין פאָרט איר? — קיין דרוואַלי. — זייער גוט.

זיי פרעגן מיך אויס. איך פאַרצייל זיי אונדזער אומגליק. צוגעקומען צו אַ שיידוועג, הייבט דאָס קינד אָן שרייען און וויינען: „איך האָב מורא! איך האָב מורא!” און וואַרפט אויסער זיך מיט די פיסלעך: „איך האָב מורא! וויל נישט פאָרן!”. בעט איך אָפּשטעלן דעם וואָגן און גיי אַרונטער. די זון לאָזט זיך שוין אַראָפּ נידעריק אויפן הימל. איַיל איך זיך צו גיין פאָרויס.

— העי, כלאָפּיע! — דערהער איך אַ געשריי. ס׳קומען מיר אַנטקעגן אַן אָפּיציר מיט זיין אַדיוטאַנט. — העי, יונג איינער! וואַנדערסט דאָ אַרום איבער די וועגן מיטן קינד און דאָרטן גייט אויס די מאַמע פאַר בענקשאַפט און זוכט איַיך אַ ווינעדיקע איבער אַלע וועגן...

אָפּגעזאָגט און פאַרשוווּנדן. איַיל איך ווייטער. ס׳באַווייזן זיך די

ערשטע הייזער פון אַ דאָרף. ס'קומען מיר אָן אַנטקעגן צוויי אונטער־אָפיצירן, און ווידער הער איך איינעם רעדן צום צווייטן און צו מיר:

— דאָרטן ווייינט די מאַמע און זוכט זיי אַרום, און דער דאָ בלאָנקעט אַרום מיטן קינד.

איך אײַל ווײַטער. די זון איז שוין אַראָפּ גאָר נידעריק אויפֿן האָריזאָנט, אַ באַדעקטער מיט רויכוואָלקנס. עכאָס פון ווײַטע האַרמאַטן־שיסערייען טרייסלען אויף די לופט. און מיט אַ מאָל דערהער איך אַ פרויען־קול אָנרופן מײַן נאָמען:

— אָ, ענדלעך זענט איר שוין דאָ! אײַער פרוי געפינט זיך דאָ אין דאָרף. נישט ווײַט פון דאַנען. זי כאַפּט אַרום דאָס קינד און קושט עס.

— וואָס פאַר אַ דאָרף איז דאָ?

— זאַטאָר.

— זאַטאָר?

— יאָ, זאַטאָר.

איך בין געפּלעפּט: צי דערפאַר האָט דאָס מײַן טעכטערל געמאַכט דעם געוואַלד, אַז זי האָט מורא, כדי זיך נישט צו דערווײַטערן פון דער מאַמען? האָט עס דאָס קינד דערפילט מיטן אינסטינקט?

מיר קומען צו דער שטוב, וווּ מײַן פרוי געפינט זיך. איך בעט דעם מיידל, זי זאָל זײַן פאָרזיכטיק ביים אָנזאָגן מײַן פרוי און בלײַב שטיין מיט ציטערניש פאַר דער באַגעגעניש.

— איך האָב אַ גוטן גרוס פון אײַער מאַן און קינד, — הער איך דורכן פענצטער דעם מיידלס קול, — מײַנער אַ באַקאַנטער, וואָס איז געקומען אין דאָרף, האָט אים געזען.

— וווּ איז ער, אײַער באַקאַנטער? — דערהער איך די שטים פון מײַן פרוי.

— קומט מיט מיר. ער איז דאָ נישט ווײַט.

די פרוי קומט אַרויס... דאָס קינד טוט אַ פאַל צו צו איר מיט אַ געשריי: „מאַמע! מאַמע!"... מיר ברעכן ביידע אויס אין אַ געוויין פון פרייד — — —

— גיט מיר אָפּ מײַן מאַן און קינד! — טוען מיר אומגעריכט אַ זעץ אין קאָפּ אַרײַן אָט די ווערטער פון מײַן מיטגייערס פרוי, אַז איך ווער אַזש צעמישט פון ווייטיק, און זי שרייט ווײַטער, — ווו האָט איר אַהינגעטאָן מיין מאַן מיטן קינד.

איך קוק זי אָן און קאָן קיין וואָרט נישט אָפּערברענגען. און זי ציט, אַ פאַרצווייפלטע, מיט אַ געבראָכן קול ווײַטער:

— זאָגט מיר שוין, ווו איז ער מיטן קינד אַהינגעקומען? פאַר וואָס האָט איר זיך נישט געהאַלטן צוזאַמען?

— האַלט זשע זיך טאַקע איצטער צוזאַמען מיט אונדז, ביז אין קורצן וועט זיך אויך אײַער מאַן אָפּגעפינען, — באַרויִק איך זי, און זי ווערט אַנטשוויגן.

ענדלעך האָב איך די מעגלעכקייט זיך אַוועקצוזעצן מיט מײַן פרוי און אויסהערן די געשיכטע פון אירע איבערלעבענישן פאַר די עטלעכע טעג, וואָס מיר זענען געווען צעשיידט. איבערלעבענישן אפשר נאָך מער טראַגישע פון מײַנע. אָבער ס'ווערט שפעט און מע דאַרף גיין שלאָפן. איינגעשלאָפן, דערפיל איך באַלד אַ טרייסלען און עפן די אויגן. איבער מיר שטייט מײַן פרוי:

— אַלע אַנטלויפן. די באַלעבאַטים פאַרשליסן די שטוב. מיר מוזן אויך אַוועק!

דער גערודער אין שטוב, לויפנדיקע פײַערן פאַרבײַ די פענצטער, דעטאָנאַציעס פון אויפרײַסנדיקע באָמבעס מאַכן מיך באַלד וואַכעדיק. איך כאַפּ עטלעכע נייטיקע זאַכן פון אונדזער וועש און קליידונג, פאַרפּאַק זיי מיט אַ ביסל שפייז, און אין משך פון עטלעכע מינוט זענען מיר אין דרויסן און לאָזן זיך אין ווײַטערן נע־ונד צוזאַמען מיט עטלעכע יידישע משפחות. אַ טרויעריקע און רעזיגנירטע גייט לעבן אונדז די עלנטע פאַרצווייילטע פרוי און זיפצט:

— וואָלט איך כאָטש געהאַט מיט זיך מײַן מאַן און קינד...

נאָך עטלעכע שעה שפּאַנען האָבן מיר דערגרייכט צו אַ שמאָלינקן וואַסערשטראָם, וואָס יאָגט זיך שנעל־שנעל אָנצוקומען „אַהיים" צום גרויסן טייך בוג. דאָ האָבן מיר זיך געזעצט אָפּרוען. עס טאָגט שוין.

די פייגעלעך האָבן זיך שוין אויפגעכאַפּט, שפּרינגען פון צווײַגל אויף צווײַגל און זינגען שירה צום באַשעפער. די הויכע נאָדלביימער שאָקלען מיט זייערע קעפּ, ווי זיי וואָלטן דאַוונען קעגן דער אויפגייענדיקער זון. אַך, ווי ס׳וואָלט זיך ווען אַריינכאַפּן דאָ אַ שלאָף אויפן ווייכן גראָז און מאָך! אָבער די דעטאָנאַציעס און אַ ריזיקער פײַערזײַל צום הימל רעכטס פון אונדז, פון פּולטוסקער זייט, באַפעלן צו לאָזן זיך ווײַטער אין וועג אַרײַן. מיט פאַרבאָרגענע כוחות, רעזערווירטע אינעם מענטשן אויף אַן עת־צרה, וואַנדערן מיר ווײַטער, ביז מיר זענען ענדלעך אָנגעקומען קיין פּאָפּאָווע, אַ דאָרף, וואָס איז באַקאַנט אין דער גאַנצער סביבה מיט די יאַרידן, וועלכע קומען דאָרט פאָר עטלעכע מאָל אין יאָר. ס׳ווינען דאָ עטלעכע ייִדישע משפּחות.

האָט זיך געפונען אַ פײַנע ייִדישע משפּחה, וועלכע האָט אונדז אָפּגעגעבן דאָס אייבערשטע שלאָפצימער ביי זיי אין הויז. זיי אַליין זענען געשלאָפן אונטן, גלייבנדיק, אַז אונטן איז זיכערער. אין משך פון דאָנערשטיקן טאָג האָבן מיר זיך אויסגערוט אויף ווייכע געלעגערס. פרײַטיק אין דער פרי האָבן מיר צוגעגרייט עסן אויף שבת און — מיטאָגצײַט וועלן מיר שוין קאָנען פאַרברענגען מיטן קינד ביים טײַכל, וואָס פליסט נעבן דער שטוב.

מיר זענען טאַקע שפּעטער דאָ געזעסן. די רויִקייט פונעם טײַכל און דעם אַרום, די פּרעכטיקע לאָנקעס, וואָס ציִען זיך צום בוג, אַ קוים אָנגעזעענעם פון ווײַטנס, די בהמות, ציגן און שעפּסן, וואָס פּאַשען זיך רויִק אויף די לאָנקעס, האָבן אונדז ענדלעך געגעבן גייסטיקע רו. דאָס קינד האָט זיך געפרייט מיט די געבנדזעלעך און קאַטשקעלעך, וואָס שווימען אין טײַכל און מיט די פישעלעך דאָרטן, און איך אַליין בין, ווי אַ ייִנגל, אַרײַנגעצויגן געוואָרן אין קינדערישע שפּילערײַען און האָב באַוויזן דעם קינד, ווי אַזוי אויך שטיינדעלעך, ווען מע וואַרפט זיי קונציק, קאָנען „שווימען אויפן וואַסער”. אָבער מיט אַ מאָל איז דאָס קינד געוואָרן אומרויִק און זיך צעוויינט:

— איך וויל אין בעטעלע!... דאָ ניין!...

אַ ברירה האָבן מיר געהאַט? זענען מיר אַרויף אויבן אין שטוב,

לייגן זי שלאָפן. נישט באַוויזן נאָך זי אויסצוטאָן, האָבן מיר דערהערט אַ שטאַרק זשומען פון צוקומענדיקע עראָפּלאַנען, וועלכע זענען מיט אַ שנײַדיקן פײַף און בליציקער שנעלקייט אַריבער איבער אונדז — — —

— טראַ־אַ־אַך — און מיר ווערן באַשאָטן מיטן גלאָז פון די צעבראַזגעטע שויבן. אַ געדיכטער שטויב פונעם סופיט און די ווענט באַדעקט אונדז, ווי אַ נעפּל. איך כאַפּ דאָס קינד און מיר לויפן אַראָפּ מיט די שטיגן. אונטן איז אויך דאָס זעלבע. טירן־פענצטער זענען אַרויס־געריסן צוזאַמען מיט די וויטרינעס. ווי נאָר ס׳ווערט שטיל דער גערויש פון די עראָפּלאַנען, דערהערן מיר האַרצרײַסנדיקע קולות פון דרויסן... אויפן אָרט, ווו מיר זענען נאָר וואָס געזעסן, ליגט אַ ייִנגל, פון זײַן שטערן ריזלט אַ דין שנירעלע בלוט, זײַנע אויגן — אָפן, פאַרגלייזט. די מוטער טרייסלט אים, איר בן־יחיד, דעם בר־מצוה, און טרייסלט אונדז אַלע אויף מיט איר יאָמער.

מיר האָבן נאָך באַוויזן דורכצופירן זײַן לוויה פאַרן אָנקומען פון שבת. ס׳האָט געבלאָזן אַן אלולדיקער ווינט. דער הימל האָט זיך אָנגע־וואָלקנט און ווי מיטגעוויינט מיט שיטערע רעגן־טראָפּנס.

## קאַפּיטל פינף

איך משך פונעם שבתדיקן טאָג זענען אָנגעקומען ידיעות, אַז אַלע אַרומיקע שטעטלעך זענען שוין פאַרנומען פון די דײַטשישע חיילות. זונטיק מיטאָגצײַט האָט זיך דערהערט אַ גערויש פון אַן אָנפאָרנ־דיקער מאָטאָריזירטער קאָלאָנע. ס׳איז אַרײַן דאָס דײַטשישע מיליטער.

צענדליקער היטלעריסטן־זעלנער, באַוואָפנט מיט מאַשין־געווער, לויפן ווי ווילדע משוגעים איבערן דאָרף פון הויז צו הויז מיט געשרייען:

„אַלע מענער ראַ־א־ו־ס! שנעלער! דאָנערוועטער!״

מיר ווערן אַלע, פון זיבניעריקן עלטער ביז גאָר אַלטע לײַט, אַרײַנגעטריבן אין קאָשציאָל און רעווידירט. מע זוכט געווער. מע באַפעלט אויסזעצן זיך אויף די בענק.

— יודען בעזונדער! — שרײַט אַ זעלנער. — דאַ היער!

אַ צוויי צענדליק ייִדן זיצן מיר באַזונדער אויף זײַטיקע בענק. אַ דרײַסטער פויער, וועלכער איז בעתן ערשטן וועלטקריג געווען אין דײַטשישער געפאַנגענשאַפט, פרעגט דעם דעזשורירנדיקן זעלנער, נאָך וואָס מע האָט אונדז אַהער געבראַכט.

— באַלד וועט קומען דער הויפט־אָפיציר, — ענטפערט ער, — וועט ער אײַך געבן אינסטרוקציעס, ווי זיך אויפצופירן און וועט רעפערירן וועגן די צילן פון דײַטשלאַנד אין איצטיקן קריג.

זיצן מיר און וואַרטן, ביז — ס'עפנט זיך די טיר און ס'קומען אַרײַן צענדליקער פרויען מיט עסנוואַרג, וואַרעמע קליידונג און קאָלדרעס פאַר די מענער און זין. אויך מײַן פרוי איז צווישן זיי. די פרויען צערעדן זיך וועגן דעם וואָס מע האַלט אונדז דאָ פאַרשפאַרט. מע זאָל אונדז אַוועקשיקן קיין דײַטשלאַנד אויף אַרבעט... מע זאָל... מע זאָל די ייִדן... — און פונעם גערייד ווערט אַ רעש, פון מינוט צו מינוט שטאַרקער.

— אַכטונג! — שטילט זיי אײַן דאָס געשריי פונעם דעזשורירנדיקן זעלנער — אַלע פרויען ראַוס!

די פרויען באַווײַזן קוים זיך צו געזעגענען מיט די אייגענע און פאַרלאָזן דעם קאָשציאָל.

— אַכטונג! — קומט אַ ווײַטערדיקער באַפעל, — ווער עס וויל דערליידיקן זײַנע באַדערפענישן, מוז גלײַך גיין...

אויף דעם שטיינערנעם פאַרקאַן, וואָס צוימט אַרום דעם קאָשציאָל־הויף, זענען אָנגעשטעלט פאַרשידענע מינים מאַשין־געווער, דערבײַ זעלנער, גרייטע צו שיסן אויף דעם עולם, וואָס האָט זיך אויסגעזעצט הינטערן פאַרקאַן אויסצופירן דעם באַפעל... אויך פונעם גלאָקן־טורעם זעען זיך לופעס פון זעניט־האַרמאַטן און מאַשין־געווער... צו וואָס דאַרפן זיי דאָס אַלץ קעגן אונדז, אומבאַוואָפנטע מענטשן? קיין גוטס זאָגט עס אונדז נישט אָן.

מיר זענען שוין אַלע ווידער אין קאָשציאָל אויף די פלעצער.

— אַכטונג! אויפשטיין!

דאָס קול צעטראָגט זיך איבערן קאָשציאָל און זײַן עכאָ קומט צו

אונדז צוריק, ווי פון אַן אַנדער וועלט. ס׳קומט אַרײַן אַ דיקער, אויסגע־פּאַשעטער אָפיציר. אַלע שטייען אויף אַכטונג.

— פון זעקס אַ זייגער אָן זאָל קיינער נישט וואַגן אַריבערצוטרעטן אָט די ליניע, — ווייזט ער אָן אויף דער געמוסטערטער פּאָדלאָגע נאָענט פון דער אַרויסגאַנגטיר. — דאָ איז די גרענעץ. ווער ס׳טרעט אַריבער, ווערט גלײַך דערשאָסן. — און ער פאַרלאָזט דעם קאָשציאָל.

בערך אין אַ שעה אַרום שטעלט זיך איינער אויף פון זיין פּלאַץ, גייט צו צום וואַכזעלנער און בעט אַ דערלויבעניש אַרויסצוגיין אויף אַ באַדערפעניש. דער זעלנער שטעלט שטום אָן אויף אים דעם אויטאָמאַט. ס׳טוט אַ בליץ־אויף אין דער טונקלקייט, און אַ שאָס צעטרייסלט די שטילקייט. דער פויער שטייט אַ טויטבלאַסער, ווי געליימט.

— צוריק אויפן פּלאַץ! — שרײַט אויף אים דער זעלנער, און מיט וואַקלענדיקע טריט, זיך טרייסלענדיק, דערגייט ער צו זײַן פּלאַץ.

ס׳ווערט ווידער שטיל. ס׳פאַלט צו די נאַכט. דער עולם הייבט אָן אײַנדרימלען, זיצנדיק אויף די ערטער, אָדער זיך אַראָפּלאָזנדיק אויף דער פּאָדלאָגע. איך טו אויך דאָס אייגענע. אָבער אײַנשלאָפן בין איך נישט אין שטאַנד. די בײַנאַכטיקע קעלט אויף דער שטיינערנער פּאָדלאָגע דרינגט וואָס ווײַטער אַלץ מער אַרײַן אין די ביינער, און די געדאַנקען, איינער מוראדיקער פונעם צווייטן גיבן נישט קיין רו... ווידער בין איך צעשיידט געוואָרן מיט מײַן פרוי און מײַן קינד. אויך דאָס כראָפּען פון די אַרומיקע שטערט אײַנצושלאָפן. ס׳פאַרגייען אין דער נאָז עיפּושדיקע ריחות פון אונטער די קאָשציאָל־בענק, ווו מענטשן האָבן זיך אויס צוואַנג פאַרוואַנדלט אין בהמות...

אָבער די נאַכט שטייט פאָרט נישט. דאָס טאָגליכט דרינגט ענדלעך אַרײַן דורך די קאָלירטע שויבן מיט די קאָלירן פון אַ רעגנבויגן... דער רעגנבויגן איז אַ צייכן, אַז גאָט האָט געשווירן נישט צו ברענגען מער קיין מבול אויף דער וועלט... און אַ מבול פון פײַער מעג ער יאָ ברענגען?... די פויערים, עלטערע ווי ייִנגערע, צלמען זיך איבער אויפן אויסזען פון די מענטשן און דער פאַרשוועכטער הייליקער לופט פון דעם קאָשציאָל.

— נישט רירן זיך פון די ערטער! — קאָמאַנדעוועט דער וואַכזעל־יער, גייט אַרויס און פאַרשליסט די טיר פון דרויסן.

זיצט מען שטיל, מיט די אויערן אײַנגעהאָרכטע אין דרויסן און מע וואַרט. נאָר עס דויערט נישט לאַנג און די טיר ווערט אויפגעשלאָסן. ס׳פאַלט אַרײַן מיט געפילדער אַ כאַפּטע פרויען:

— די דײַטשן זענען אַוועק!

זיי האָבן אונדז, הייסט עס, פאַרשפאַרט בלויז איבער נאַכט, ווי ערוּבניקעס, כדי זיי זאָלן רויִק שלאָפן. דער קאָשציאָל האָט זיך גלײַך אויסגעליידיקט. אַלע זענען אַוועק אין זייערע היימען. מיר האָבן זיך געזעגנט מיט דער גאַסטפרײַנטלעכער ייִדישער משפחה, צוזאַמען מיט דער גרופּע ייִדן פאַרלאָזט פּאָפּאָווע און זענען צוריק געקומען קיין זאַטאָר. און דאָ האָבן מיר באַשלאָסן: אַזוי ווי מיר זענען שוין אונטער דער דײַטשישער הערשאַפט, האָט שוין מער קיין זין נישט צו בלײַבן אין דער פרעמד — מאָרגן אין דער פרי לאָזן מיר זיך צו פוס צוריק קיין פּולטוסק.

אָבער איידער מיר זענען אַוועק, איז אַהער געקומען צו אירע קינדער ביי די מחותנים אַ פּולטוסקער פרוי מיט נײַעס:

— קינדערלעך, — האָט זי געזאָגט מיט אַ וויינענדיקער שטים, — איך בין ספּעציעל געקומען אײַך וואָרענען: איר דאַרפט דאָ בלײַבן כאָטש נאָך עטלעכע טעג, אפשר...

טרערן גיסן זיך פון אירע אויגן, און זי ברענגט קוים אַרויס די ווערטער:

— נעכטן האָט מען דערשאָסן דרײַצן ייִדן, — און רעכנט אויס עטלעכע נעמען.

— דאָס זענען דאָך אונדזערע שכנים. — זאָג איך מיט ציטער.

— אויך נתן גורמאַן ליגט אַ דערשאָסענער נאָענט פון דעם נאַרעוו.

— נתן גורמאַן?! — ער איז דאָך נאָך נעכטן געווען דאָ. האָט זיך מיט אונדז צעזעגנט און זיך פונאַנדערגעוויינט... ווי ער וואָלט פאָרגעפילט דעם אומגליק.

— די ספרי־תורות פון שול און בית־מדרש — דערציילט זי

וויטער, — האָבן זיי אַרויסגעוואָרפן פון די אָרן־קודשס, צעריסן און געשענדעט... דעם רב האָט מען אַרעסטירט, געפאָדערט פון אים, ער זאָל אַרויסגעבן די פּאָליטישע טוער פון שטאָט... אַ סך יידן האָט מען אַוועקגעפירט קיין דײַטשלאַנד אויף צוואַנגסאַרבעט... אין שטאָט איז אַ חורבן... מע שלאָגט, מע שיסט.

פון דעסטוועגן האָבן מיר באַשלאָסן צו לאָזן זיך קיין פּולטוסק. די זאַכן האָבן מיר איבערגעלאָזט. די פרוי האָט געטראָגן אַ קיישעלע מיט קלייניקייטן און אַ ביסל שפּייז, איך — דאָס קינד. מיר זענען געגאַנגען מיט זייטיקע וועגן.

ס'איז אונדז אַנטקעגנגעקומען אַ קריסטלעכע פרוי, האָט אונדז אָפּגעשטעלט און גענומען אויספרעגן:

— וווהין גייט איר?

— קיין פּולטוסק. אַהיים.

זי כאַפּט זיך פאַרן קאָפּ:

— באָזשע מוי! אויף אַ זיכערן טויט? איך קום נאָר וואָס פון דאָרט. מע האַלט אין איין שיסן יידן... אין פּאָפּלאַוועס, אויפן שיספּלאַץ, האָט מען נעכטן דערשאָסן עטלעכע הונדערט יידן... אַלע יידן, וואָס קומען פון ווישקעווער וועג ווערן בײַ דעם נאַרעוו דערשאָסן... גייט נישט, אויב דאָס לעבן איז אײַך טײַער.

מיט טרויעריקע געדאַנקען זענען מיר צוגעקומען צום לעצטן דאָרף. גראַבאָווצע. ס'איז שוין געווען פאַר נאַכט. מיר זענען אַרײַנגעגאַנגען צו אַ באַקאַנטן שוסטער, אַן אַלטער פײַנער מאַן, וועלכער פלעגט אָפט קומען צו אונדז מיט אַרבעט. אויך זײַן הויזגעזינט איז נאָר וואָס צוריקגעקומען אַהיים. זיי האָבן אונדז פײַן אויפגענומען.

בײַ נאַכט האָבן די פּאַטרולן כסדר געשאָסן אין דאָרף אַרײַן. אונדז האָט זיך געדאַכט, אַז די קוילן פאַלן אין אונדזער הײַזל. זענען מיר די גאַנצע נאַכט געלעגן אויף דער פּאָדלאָגע, טוליענדיק די קעפּ צו דער ערד. אין דער פרי האָבן מיר געבעטן דעם אַלטן, ער זאָל צוגיין צו דעם נאַרעוו געוואָר ווערן, וואָס דאָרט הערט זיך. אים, אַ פּאָליאַק, וועט מען דאָך קיין שום בייז נישט טאָן. מיר האָבן אים צוגעזאָגט צו

באַלוינען. און ער איז גרייט געווען צו גיין. אָבער דער באַלעבאָס פונעם הייזל האָט אים אַרויסגערופן, עפּעס איבערגערעדט מיט אים און ווען ער איז צוריק אַרײַנגעקומען האָט ער מיט אַ געדריקטער שטימע קוים אַרויסגערעדט:

— ס׳איז איצט אַזאַ לאַגע, אַז איר מוזט גלײַך פאַרלאָזן דאָס הויז... נאָר וואָס זענען פאַרעפּנטלעכט געוואָרן מעלדונגען, אַז אַלע פּליטים מוזן תיכף פאַרלאָזן די דערפער... מעלדן וועגן אויסבאַהאַלטענע ייִדן... יעדער, בײַ וועמען מע וועט כאַפּן אַ ייִדן, וועט צוזאַמען מיט אים דערשאָסן ווערן... איר טאָרט דאָ קיין איבעריקע מינוט נישט פאַרבלייבן!

האָבן מיר זיך געלאָזט אין וועג. מיר זענען געגאַנגען מיט אַ זײַטיקער, נאָך פון מיינע יונגע יאָרן מיר באַקאַנטער סטעזשקע, וואָס פירט צום טאַרטאַק דורכן וואַלד. איך מיטן קינד אויף דער האַנט, די פרוי נעבן מיר. און איך האָב שטיל געמורמלט: „בידך אפקיר רוחי״ — אין דײַן האַנט גיב איך איבער מיין נשמה... דאָס איז דער איינציקער וועג פאַר אונדז, זיך צו דערנעענטערן צום געפערלעכסטן אָרט פון אונדזער וואַנדערוועג.

## קאַפּיטל זעקס

מיר זענען אָנגעקומען קיין פּאָפּלאַווע, אַ פאָרשטאָט פון פּולטוסק אויף דער צווייטער זייט נאַרעוו. דאָ האָבן מיר באַגעגנט אַ באַקאַנטע ייִדישע פרוי. קוים וואָס זי האָט זיך געקאָנט באַהערשן און אונדז דערציילן, אַז איר מאַן און צוויי ברידער האָט מען אייערנעכטן דאָ דערשאָסן צוזאַמען מיט די ווישקעווער ייִדן; ס׳זענען געווען צווישן זיי אַ סך פּולטוסקער... אויפן שיספּלאַץ פונעם דרײַצנטן פוסגייער־פּאָלק, וואָס האָט סטאַציאָנירט אין פּולטוסק, האָט מען אויסגעשטעלט בערך אַ פיר הונדערט ייִדן אין פיר רייען; זיי האָבן אַליין געמוזט אויסגראָבן פאַר זיך גריבער... זי האָט דערהערט אַ געשריי: „שמע ישראל!״ און דאַן אַ סאַלווע; פיר מאָל דאָס זעלבע... ווען די דייטשן האָבן זיך דערווײַטערט, איז זי אַרויפגעגאַנגען

אויף דעם פּלאַץ: פּריש פאַרשאָטענע ראָוועס... צעריסענע טליתים און פאַרבלוטיקטע תפילין וואַלגערן זיך דערנעבן... זי האָט דאָס אַלץ צונויפ־גענומען און קובר געווען נעבן די מאַסן־קברים...

אָבער קיין אַנדער אויסוועג איז נישט געווען. מיר זענען געגאַנגען ווײַטער, ביז מיר זענען געקומען צו דעם נאַרעוו. פון ביידע בריקן זענען אַרויסגעריסן די איינגעווײדן און קיין פאַראייניקונג צווישן ביידע זײַטן נאַרעוו איז נישטאָ.

אַ שגצל דערפרייט זיך און ווײַזט אָן אויף אונדז:

— זשידי! יודע! יודע!

ס׳קומט צו אַ דײַטשישער זעלנער, אַ רעווידירער:

— יודע?

— יאָוואָל. — ענטפער איך.

— פון וואַנען קומט איר?

— פון אַ נאָענטן דאָרף. איבערגעוואָרט די שלאַכט. מיר קערן זיך אַהיים.

— ביטע, פּאַס.

גיב איך אים מײַן פּאַספּאָרט.

— מיליטער־פּליכטיק?

— ניין. — איך ווײַז אים מײַן מיליטער־ביכל.

— האָסטו געווער?

— ניין. קאָן איך נישט אומגיין מיט געווער.

— דײַן פרוי?

— יאָ.

— גיב איר דאָס קינד.

ער רעווידירט מיך, טאַפּט מיך אַרום. דערווײַל קומט אָן אַ גרעסערע גרופּע פּליטים, לאָזט ער אונדז איבער און גייט אַוועק צו זיי. צי האָט מיר געקאָנט אײַנפאַלן, אַז איך האָב אים ליגן געזאָגט? אַז דאָס טאַשן־מעסערל אין מײַן זײַטיקן הויזנטעשל איז אויך געווער, פאַר וועלכן אַ סך זענען דאָ דערשאָסן געוואָרן?

ערשט האָבן אונדז שקצים פאַר באַצאָלט אַריבערגעפירט מיט

לאָדקעס אויף דער צווייטער זייט נאַרעוו. אַן ס.ס.־אָפיציר האָט געגעבן אַ באַפעל:

— אַרײַנלאָזן — אַלעמען, אַרויסלאָזן — קיינעם נישט.

שקצימלעך, וואָס זאָלן אָנווײַזן אויף אונדז: „יודע... יודע", זענען דאָ נישט געווען. מיר זענען שנעל געגאַנגען מיט די געסלעך און — מיר זענען אין דער היים! די אַלטע באַלעבאָסטע (אַ קריסטין) האָט זיך דערפרייט מיט אונדז:

— אייערנעכטן איז געקומען אַהער אַ גרופּע דײַטשן. האָבן געקלאַפּט אין דער טיר... האָב איך זיי געזאָגט, אַז מ׳האָט אײַך גענומען אויף אַרבעט... אַוועקגייענדיק האָבן זיי דאָ בײַ דער שטוב אָנגעטראָפן בערל וואַסער־טרעגער מיט די עמערס וואַסער. האָבן זיי אים באַפוילן אַוועק־שטעלן די עמערס און אַוועקגעפירט אים צו יצחק באָרנשטיין אויפן הויף... באַלד האָב איך געהערט פון דאָרט אַ שיסערײַ און געוואַלדן...

...בערל וואַסער־טרעגער — ער האָט זײַן אָרעמקייט און נויט מיטגעטראָגן מיט די שווערע עמערס וואַסער, אָנגעהאָנגענע אויף די פּידעס. ביסלעכווייז האָבן זיי אײַנגעבויגן זײַנע שמאָלע אַקסלען. אָבער פון זײַן פּנים מיטן געלבלעכן בערדל, וואָס איז אים געוואָקסן אַ ביסל ווילד, איז קיין מאָל נישט אַראָפּ זײַן תמעוואַטער שמייכל. אַ שטילער. האָט זיך קיין מאָל נישט געבייזערט, אַפילו נישט אָפּגעטריבן פון זיך די קונדסים, וואָס פלעגן אים נאָכשרײַען: „בערל! קעץ לייגן אייער?". אָט די דאָזיקע פראַגע האָט זיך אים, שוין אָן אַ פראַגעטאָן, ווי אַן אויסטערלישער צונאָמען צוגעקלעפּט אויף אייביק. ער וואָלט זיכער אַזוי נאָך לאַנגע יאָרן געטראָגן זײַן נויט מיט די עמערס וואַסער (פולטוסק האָט נאָך נישט געהאַלטן בײַ דורכפירן וואַסער־לייטונג אין די הײַזער) און אויך זײַן אויסטערלישן נאָמען, ווען ס׳וואָלטן אים נישט באַגעגנט די דײַטשן — —

...הייסט עס, אַז אַלע אונדזערע טראַגישע איבערלעבענישן זענען געווען דער פּרײַז פאַר אונדזער בלײַבן לעבן... מיר ווייסן נישט, וועלכער וועג ס׳פירט צו רעטונג און וועלכער צו אומקום... אָט זענען מיר אין גיכן געוואָר געוואָרן, אַז די פּלאַטפאָרמע מיט מענטשן, מיין פרויס קרובֿים, אויף וועלכן מיר האָבן פאַריבל געהאַט פאַר זײַן נישט וועלן מיטנעמען

זי מיטן קינד בײַ דער אויטאָבוסן־סטאַציע, איז אין ווישקעוו געטראָפן געוואָרן פון אַ באָמבע און כמעט אַלע זענען אומגעקומען.

— פאַרן טויט קאָן מען נישט אַנטלויפן, — האָב איך געזאָגט צו מײַן פרוי, — אָבער איינס באַדאַרפן מיר געדענקען: האַלטן זיך צוזאַמען פאַר יעדן פּרײַז, ווײַל דאָס צעשיידט ווערן איז דאָס ערגסטע. צוזאַמען איז יעדע צרה לײַכטער אַריבערצוטראָגן.

די קיין פּולטוסק צוריקגעקומענע האָבן געבראַכט ידיעות פון דער פּרעמד. אויסער נײַס „פון מויל צו מויל" האָבן מיר קיין אַנדערע נישט באַקומען. די פּרעסע, נייעס־אַגענטורן און ראַדיאָ האָבן אויפגעהערט צו עקזיסטירן. אויך קיין פּאָסט איז נאָך נישט געווען. מיר האָבן זיך דערוווּסט, אַז צום בעסטן האָבן אָפּגעשניטן יענע, וועלכע האָבן זיך דערשלאָגן קיין ווענגראָוו, ווו דער קרייזשעף איז געווען „אַ גוטער" און קיינעם איז דאָרט דערווייל קיין שלעכטס נישט געשען. נישט אין אַלע שטעטלעך האָבן די זאָנדערקאָמאַנדאָס גלייך באַוויזן וואָס זיי קענען. אין פּולטוסק זענען געוואָרן דערמאָרדעט עטלעכע צענדליק יידן און אַ סך אַוועקגעפירט אויף צוואַנג־אַרבעט קיין דייטשלאַנד; אין קראַסנאָשילץ זענען אַ סך יידן געוואָרן אַרײַנגעטריבן אין שול און אין בית־מדרש, מ'האָט זיי דערשאָסן און אונטער־געצונדן; אַמערגסטן איז פּאָרגעקומען אין ווישקעוו. צוליב אַ פּראָוואָקאַציע, אַז די יידן האָבן געשאָסן אויף די דײַטשן, בעת זייער אַרײַנקום, פון... קאַשציאָל. מען האָט אַלע יידן אַרויסגעטריבן פון זייערע וווינונגען, נישט דערלויבנדיק גאָרנישט פון דאָרט אַרויסצונעמען, און אַרײַנגעוואָרפן אַהין האַנטגראַנאַטן. פרומע יידן האָבן פון דעסטוועגן באַוויזן אַרויסצוכאַפּן זייערע טלית־און־תפילין. די פרויען און קינדער האָט מען באַפוילן צו פאַרלאָזן דאָס שטעטל און די מענער ליקווידירט אויף פאַרשיידענע אופנים: עטלעכע הונדערט יידן זענען דערשאָסן געוואָרן אויפן שיספּלאַץ אין פּאָפּלאַוועס, גענוי ווי ס'האָט אונדז נאָך אין וועג דערציילט די יידישע פרוי; אַ קלענערע גרופּע האָט מען אַוועקגעפירט אויף אַ פעלד נאָענט פון שטעטל, באַפוילן זיי אויסצוזעצן זיך אין אַן ענגן קרײַז, באַוואָרפן מיט האַנטגראַנאַטן און צעשאָסן מיט האַנט־געווער. צווישן זיי האָט זיך געפונען אַ פּולטוסקער שוסטער, משה באָרנשטיין אָדער, ווי מען האָט

אים גערופן — משה זשאַבע*, מיט זײַנס אַ ייִנגל. ער איז אין פּולטוסק באַקאַנט געווען ווי איינער פון די גרעסטע בית־מדרש־פּאָליטיקער. די גאַנצע וועלט־פּאָליטיק, און שוין אַוודאי די גאַנצע לאַנד־פּאָליטיק האָט ער געקאָנט פון אויסנווייניק, און אַוודאי און אַוודאי זענען אים באַקאַנט געווען די ייִדישע פּראָבלעמען אין דער גאַנצער וועלט. אויף זײַן שוסטע־רישער דלאָניע פּלעגט ער, ווי אויף דער וועלטמאַפּע, אָנווײַזן ווי די וועלט־געשעענישן אַנטוויקלען זיך. ביי יעדער געשעעניש פּלעגט ער פּרוּוון פאָרויסצוזאָגן, צי זי וועט זײַן גוט פאַר ייִדן. ווען מע וואָלט נאָך בײַ אים פרעגן און זיך ביי אים שואל־עצה זיין, וואָלט ער גרייט געווען צו ווײַזן, ווי מע דאַרף אָנפירן מיט דער ייִדישער וועלט־פּאָליטיק... איצט האָט ער אויפגעוויזן, אַז מע מוז אַנטלויפן פון פּולטוסק, און — האָט זיך געפונען צווישן די צעשאָסענע יידן. אָבער מיט זײַן קערפּער האָט ער צוגעדעקט זײַן ייִנגל. בײַ נאַכט האָט זיך דאָס ייִנגל אויפגעכאַפּט פון חלשות מחמת אַ באַקומענער קויל אין אַקסל, זיך קוים אַרויסגעקריגן פון אונטערן פאָטערס גוף און איז שפּעטער מיטן פאַרבאַנדאַזשירטן אַקסל צוריקגעקומען קיין פּולטוסק. ער האָט איבערגעלעבט דעם חורבן און עולה געווען קיין ישראל.

אויף דער צווייטער וואָך נאָך מײַן צוריקקומען איז צו מיר אָנגעקומען אויף אַרבעט אַ וועגנגראָווער חבר פון ווישקעוו. אַ ווישקעווער איידעם, האָט ער מיר פאַרציילט, אַז זײַן שווער האָט מען אָפּגעפונען צווישן אַ גרופּע ייִדן — אָן קעפּ. שפּעטער האָט מען געזוכט ווישקעווער אַנטלאָפענע ייִדן איבער די דערפער. ס׳זענען געווען עטלעכע פאַלן פון דערשיסן פּויערים צוזאַמען מיט די ייִדן, וואָס האָבן זיך בײַ זיי אויס־באַהאַלטן.

אין פּולטוסק גופא האָט יעדער טאָג געבראַכט נייעס: דאָ האָט מען דערמאָרדעט אַ ייִדן, דאָרט געכאַפּט אַ גרופּע ייִדן דאַווענען במנין (ראש־השנה, יום־כיפור), אַרויסגעטריבן אויפן מאַרקפּלאַץ מיט בעזעמער

---

* פאַרקירצט פון זשאַבאָטינסקי.

אין די הענט און באַפּוילן רוימען און קערן, נישט אויסטוענדיק די טליתים.

אַלע יידישע מענער זענען יעדן טאָג געטריבן געוואָרן אויף צוואַנגאַרבעט. מיר האָט צוגעדינט דאָס מזל: דעם ערשטן טאָג פון מיין צוריקקומען האָבן מיך די שוסטערס גלייך פאַרוואָרפן מיט אַרבעט און איך האָב באַקומען אַ באַשיייניקונג פונעם קרייזשעף און פונעם זשאַנדאַר־מעריע־שטאַב, אַז איך בין באַשעפטיקט ביי מיליטערישער אַרבעט. די דייטשישע אָפיצירן זענען געפעלן געוואָרן די שטיוול פון די פוילישע, און איך האָב זיך גערעכנט פאַר איינעם פון די בעסטע פאַכמענער אין שטאָט. איך האָב גוט פאַרדינט. אָבער געמוזט אַרבעטן פון פאַר טאָג ביז אין די גאָר שפּעטע נאַכט־שעהען. מיט די ס.ס.־אָפיצירן פלעגן טייל מאָל מיטקומען סאָלדאַטן — עלטערע שוסטערס. שוין זייער באַגריסונג מיט דער אויפגעהויבענער פויסט: „הייל היטלער!" פלעגט אָנוואַרפן אַ פחד. דער טויטנקאָפּ אויפן עמבלעם פונעם היטל האָט זיך זייער געפּאַסט צום מערדערישן פרצוף אונטער אים. אַז איך האָב אַראָפּגענומען די מאָס און צוגעזאָגט אַ טערמין, ווען די שטיוול וועלן זיין פאַרטיק, פלעגט קומען די געזעגענונג:

— פאַר מיר קיין טערמין. ווען ביז מאָרגן פרי וועט נישט זיין געמאַכט, טאָ זע! — אָנצילנדיק אויף מיר דעם רעוואָלווער — ווערסט דערשאָסן... הייל היטלער!

דאָס רוב פון די „אַלטע, גוטע" דייטשישע שוסטערס, וועלנדיק פאַרגלעטן דעם רושם, פלעגן איבערבלייבן אָדער צוריקקומען און רעדן מיט מיר „גוטע" רייד, ברענגען ציגאַרעטן, טאַבאַק און אַנדערע גוטע זאַכן, רימענדיק זיך דערביי, אַז זיי זענען סאָציאַליסטן אָדער קאָמוניסטן און אַז אויך זיי ליידן פון די יונגע היצקעפּ, די ס.ס.־לייט. זיי פלעגן מיר אויפקלערן, אַז פאַר יידן וועט זיין שלעכט נאָכן זיג פון דריטן רייך, אָבער נאָך ערגער, ווען דאָס דייטשישע מיליטער זאָל פאַרשפּילן און אָפּטרעטן פון אַ פאַרנומענעם געביט: דאַן וועט קיין איין ייד נישט לעבן בלייבן.

עס זענען אַריבער צוויי וואָכן. ס'דערנעענטערט זיך דער יום־טוב

סוכות. אַ באַקאַנטער דאָרפּפויער ברענגט מיר אַ גאַנדז. זיצט די פרוי און רייניקט זי נאָך דער שחיטה. אָבער אין גאַס איז עפּעס אומרויִק. מע פאַרציילט, אַז מע פאַרנעמט יידן מיט פעקלעך און מע פירט זיי אַוועק פון שטאָט. אָבער איך האָב נישט קיין צײַט פאַר די נײַעס: איך מוז אַרויסענדיקן אַ פאָר שטיוול פאַר אַ גענעראַל. ס׳קומט ווער אַריין און פאַרציילט, אַז מע פאַרנעמט אויך פאַמיליעס מיט קליינע קינדער און אַלטע לייט... מיך מיינט עס נישט... כ׳האָב דאָך אַ באַשײַניקונג, אַז איך אַרבעט פאַרן מיליטער־שטאַב און דאַרף אויספאַרטיקן אַ גענע־ראַלס שטיוול...

מיט אַ מאָל טוט זיך אַ פּראַל אויף די טיר. ס׳רײַסן זיך אַרײַן צוויי ס.ס.־לײַט:

— יודע?

— יאַוואָל.

— ראַאוס!

איך באַווײַז זיי די באַשײַניקונג, די שטיוול פאַרן גענעראַל, וועלכן כ׳רוף אָן ביים נאָמען. זיי באַראַטן זיך קורץ.

— אַלעס היער לאַסן און ראַאוס. מיר קומען גלײַך צוריק. — און גייען צו די שכנים.

איך כאַפּ אויף שנעל אַ זעקל, עטלעכע נייטיקע זאַכן. מע טוט אָן דאָס שלאָפנדיקע קינד.

— שנעלער! ראַאוס! — שרײַען די צוויי ס.ס.־לײַט אין עטלעכע מינוט אַרום.

איך וויל אַרײַנלייגן אין זעקל אַ קישן, אַ קאָלדערע.

— נישט נייטיק! — זאָגט איינער — דאָס וויכטיקסטע איז געלט און דאָקומענטן.

און ווען איך נעם דאָס, טוט ער מיך אַ כאַפּ פאַרן האַלדז מיטן רונדן הענטל פון זיין שטעקן און מיט כוח אַ שלעפּ צו דער טיר. די פרוי, נישט באַוויזן נאָך אָנצוטאָן דאָס קינד, לייגט אַרײַן דאָס אָנטועכץ אין דער קאָלדערקע און וויקלט אין איר אײַן דאָס קינד. זי בלײַבט שטיין בײַ דער טיר מיט אַ געבעט:

— דערלויבט נעמען אַ ביסל צוקער פאַרן קינד.

— גיי און נעם. — ווערט איינער מילדער, נאָר ווען זי לייגט אַוועק איר מאַנטל, נעמט אַ זעקעלע צוקער און וויל צוריק נעמען דעם מאַנטל, טוט ער איר מיטן פוס אַ שטויס אין פלייצע פונעם צימער אַרויס.

זיי פאַרשליסן זאָרגפעלטיק די טיר, פאַרחתמענען זי און בינדן אָן אויפן שליסל אַ צעטעלע מיטן אַדרעס. מײַן לעצטער געזעגענונגס־בליק מיט אונדזער היים כאַפּט אויף דעם ברוטאַלן פּרצוף פון דעם זון פון דער דײַטשישער קולטור, וועלכער האָט געקאָפּעט מיט אַ פוס אין דער פלייצע פון אַ שוואַנגערער פרוי, און פאַרקריצט אים אויף אייביק אין זכרון.

## קאַפּיטל זיבן

מ׳האָט די ייִדן געטריבן נישט נאָר פון די שטיבער אַרויס, נאָר פון יעדן אָרט, ווו עמעץ האָט זיך אין דעם מאָמענט געפונען. פון אייגענעם קאָרידאָר האָט מען שוין נישט געלאָזט אַרײַנגיין אין שטוב עפּעס מיטצונעמען. קינדער, וואָס האָבן זיך געשפּילט אויף דער גאַס, אַ פרוי וואָס שטייט אין דער ריי נאָך ברויט, — אַלע זענען געכאַפּט און געטריבן געוואָרן. אַנדערע, „גוטע" ס.ס.־לײַט, האָבן יאָ דערלויבט מיטצונעמען, וואָס מ׳האָט געקאָנט טראָגן. פון די אַרומיקע געסלעך האָבן זיך געצויגן געטריבענע גרופּעס ייִדן, פאַמיליעסווײַז און איינצלנע, באַהאָנגענע מיט פּעק און פּעקלעך, אַנדערע אין ווינטערדיקע מאַנטלען און אַנדערע כמעט נאַקעטע. מ׳האָט אויך געזען אין פערד געשפּאַנטע וועגעלעך, באַלייגטע מיט קלומיקעס און פּעקלעך, און אַ גרופּע שכנים גייען נאָך זיי, ווי נאָך אַ לוויה... אַלץ האָט זיך פאַראייניקט אין איין גרויסער מחנה, אין וועלכער אויך מיר זענען אײַנגעשלונגען געוואָרן. און מיר זענען ענדלעך אָנגעקומען אין שלאָספּאַרק.

דער שלאָספּאַרק, וועלכער איז פאַר די לעצטע יאָרן געוואָרן

אויפגעריכט, וואָס זײַנע אַלייען זענען פאַרפּלאָנצט געוואָרן מיט בלומען־קוסטעס און בעזביימלעך, וואָס האָבן פאַרשיכורט מיט זייערע ריחות די אויף די בענק זיצנדיקע און אַרומשפּאַצירנדיקע יונגע פּאָרלעך, און געווען אַן אָפּרופלאַץ פאַר דער גאַנצער באַפעלקערונג — איז איצט פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַן עמק־הבכא. געשרייען פון געשלאָגענע מיט גומע־נאַהײַקעס און שפּיצרוטן מישן זיך אויס מיט רופן פון עלטערן, וואָס זוכן זייערע קינדער, מיט רופן פון קינדער, וואָס זוכן זייערע עלטערן; מענער זוכן זייערע פרויען און פרויען זייערע מענער; עס זוכן זיך אַרום משפּחה־מיטגלידער. יללות פון צעשלאָגענע מיט שפּיצרוטן; ביי דעם רינט בלוט פון אַ צעשפּאָלטענער באַק, ביי אַ צווייטן פון דער פּלייצע. און די יללות פאַרמישן זיך מיט די ווילדע געלעכטערס פון די ס.ס.־לײַט. אויפן באַרג פון דער שלאָס־געבײַדע שטייען די פּאָלקסדײַטשן מיט זייערע פרויען, אויסגעפּוצטע, ווי אויף אַ גאַלאַ־פאָרשטעלונג, און קוקן אַראָפּ אויף אונדז דורך די בינאָקלען. זייערע אויגן זוכן וואָס גרויליקערע סצענעס. ווײַזן אָן אויף זיי איינער דעם צווייטן און ברעכן אויס מיט טײַוולאָנישע געלעכטערס. מ׳האָט די סצענעס גענומען פילמירן. אַשמדאַיס און ליליתן זענען אַרומגעלאָפן מיט פאָטאָ־ און פילם־אַפּאַראַטן צווישן דעם עולם, זוכנדיק וואָס „אינטערעסאַנטערע" סצענעס, און ס.ס.־לײַט מיט גומי־און לעדער־נאַהײַקעס, פאַרענדיקטע מיט בלײַקײַלעכלעך, האָבן שוין באַזאָרגט סײַ די פילמירער און סײַ די פּאָלקסדײַטשישע צושויער מיט אַלע מאָל שוידערלעכערע און גרויליקערע סצענעס, וועלכע זיי האָבן באַגלייט מיט בראַוואָ־פּאַטשערײַען.

און אָט האָבן זיך די יללות פאַרשטאַרקט, ווען מ׳האָט דערהערט:

— מענער באַזונדער!

צווישן אונדז האָבן זיך געפונען אַ סך פון די ווישקעווער אַלמנות און יתומים, וועלכע האָבן שוין פאַרזוכט דעם טעם פון אַזאַ קאָמאַנדע. אויב עס זאָל אמת זײַן, לויט ווי טייל דײַטשן האָבן דערקלערט, אַז מע טרײַבט אונדז צו די רוסן, וועלכע מאַרשירן פון מזרח ביז צו דעם נאַרעוו, צו וואָס טיילט מען אָפּ די מענער באַזונדער?... אָבער באַלד איז קלאָר געוואָרן, אַז מע גייט אונדז רעווידירן. מע האָט דעם עולם

אַרײַנגעפירט אין דעם געמויערטן הײַזל בײַ דעם הויפּטשטעגל פון פּאַרק, באַפוילן זיך אויסטאָן נאַקעט און בודק געווען, צי מע האָט נישט פאַרשטעקט ערגעץ אַ ביסל פאַרמעגן. די זאַך האָט זיך פאַרצויגן ביז אין שפּעטן נאָכמיטאָג. דעמאָלט האָט אַן ס.ס.־קאָמאַנדיר געבראַכט אַ נײַע פאַראָרדענונג: „ביז דער שפּער־שטונדע דאַרף אַלעס ערליידיקט ווערן". ס'זענען אויסגעשטעלט געוואָרן שפּאַלערן פון צוויי רייען ס.ס.־לײַט; בײַם אָנהייב פון יעדן שפּאַלער — עטלעכע קוישן.

— אַלע גייען דורך. אָפּגעבן געלט, צירונג און דאָקומענטן. בײַ וועמען מע וועט שפּעטער עפּעס געפינען, יענער וועט דערשאָסן ווערן!

גאָלדוואַרג, זילבערוואַרג, צירונג און גאָלדענע און זילבערנע מטבעות איז געוואָרפן געוואָרן אין אַ באַזונדער קויש, ניקלנע און קופּערנע מטבעות באַזונדער, באַנקנאָטן באַזונדער, דאָקומענטן זענען צעריסן געוואָרן און אַרײַן אין שמוצקויש, — אָרדענונג מוז זיין. ווען עמעץ האָט זיי אויסגעזען פאַרדעכטיק, האָט מען אים אַוועקגענומען אין אַ זײַט און רעווידירט. ווען מיר זענען בשלום אַדורך, האָט אונדז אַ ספּעציעלע וואַך געוויזן וווהין צו גיין און באַגלייט מיט קנאַלן און שמיץ פון נאַהײַקעס און שיסעריי איבער די קעפּ. ווען מיר האָבן זיך דערנענטערט צו דער בריק, איז געגעבן געוואָרן אַ קאָמענדע:

— שנעל לויפן! — דערבײַ האָבן זיי נאָכלויפנדיק נאָכגעשאָסן און געשלאָגן מיט די בײַטשן די שוואַכע אַלטע לײַט, וועלכע האָבן נישט געקאָנט נאָכהאַלטן דעם לויפטעמפּאָ.

די צווייטע אויפגעריסענע האַלבע בריק איז שוין פאַרריכט געווען מיט אַ שיפּוע ביז צום ברעג. אויך דאָ זענען געשטאַנען ס.ס.־לײַט און זיי האָבן די שוואַך־לויפנדיקע אַראָפּגעוואָרפן אין די זומפּן, וואָס זענען דאָ שטענדיק געשטאַנען. און פון דאַנען זענען מיר אַוועק ווײַטער.

וואָס פאַר אַ גרוילִיקע זאַכן מיר האָבן דאָס אַלץ נישט אָנגעזען אויפן דאָזיקן וועג: אַ משפּחה פירט אויף אַ קינדער־וועגעלע אַ פּאַראַ־ליזירטן קראַנקן; עטלעכע עלטערע לײַט פירן אונטער די הענט אַן אַלטן טאַטן פון אַ יאָר הונדערט און זענען סוף־כל־סוף געצוווּנגען אים איבער־

צולאָזן בײַ אַ פויער אין שטאַל, באַצאָלנדיק פאַרן אויסהאַלטן אים ביז יציאת־נשמה...

ערשט שפּעט אין אָוונט זענען מיר אָנגעקומען אין דאָרף באַר־טאָדזשע, זיבן קילאָמעטער פון פּולטוסק. איך מיט מײַן פאַמיליע האָבן אין דער פינצטערניש פאַרנומען אַ ווינקל אין אַ סטאָדאָלע.

אויפגעשטאַנען אין דער פרי, האָב איך מיט מײַן חבר שיע אָנגעהויבן זאָרגן פאַר אונדזערע משפחות, מיט דער גאַנצער האַרבקייט איז פאַר אונדז געשטאַנען די פראַגע, ווו באַקומט מען אַ ביסל פּראָוויאַנט, איבערהויפּט פאַר די פּיצלעך קינדער. און פאַר וואָס צו קויפן איז אויך נישט געווען. דאָס ערשטע האָבן מיר אויסגעפונען אַ פּלאַץ אין דער דאָרפשול, אין וועלכער ס׳האָבן זיך צוליב דער מלחמה נישט באַנײַט די לימודים נאָך די פעריען, און אײַנגעאָרדנט אונדזערע פאַמיליעס. אויף אונדז קוקנדיק האָבן אויך אַנדערע צענדליקער פאַמיליעס באַלד אויסגעפילט די איבעריקע צימערן און דעם קאָרידאָר.

## קאַפּיטל אַכט

מײַן חבר שיע האָט געשטאַמט פון וואָלין, פון שטעטעלע דאָמבראָוויץ. אין דער צײַט פון זײַן מיליטער־דינסט אין פּולטוסק האָט ער דאָ געפונען זיין לעבנס־באַגלייטערין און איז געבליבן אַ היגער און אונדזערס אַ נאָענטער חבר. בײַם גירוש האָבן מיר באַשלאָסן צו האַלטן זיך צוזאַמען אויפן ווייטערדיקן וואַנדערוועג, גענומען אויף זיך אײַנצו־שאַפן פּראָוויאַנט, בעת מײַן שוועסטער און צוויי ייִנגערע ברידער זענען פאַרנומען מיט זוכן אונדזער מוטער, וועלכע מיר האָבן נישט געקאָנט געפינען אין פאַרק.

ערשט אויפן דריטן טאָג האָבן זיי זי דערזען אָנקומען פון פּולטוס־קער וועג. זי איז אין דער צײַט פונעם גירוש געווען אין שטוב אײנע אַליין. דער ייִנגסטער ברודער האָט געאַרבעט בײַ מיר און איז אַרויס־געטריבן געוואָרן צוזאַמען מיט אונדז; דער צווייטער ברודער איז

געוואָרן פּאַרנומען אויף צוואַנגאַרבעט און פון דאָרט געטריבן אין פּאַרק אַריין. זי האָט געהערט, ווי עס ווערן אַוועקגעפירט די שכנים, און ווען די ס.ס.־לײַט האָבן אָנגעקלאַפּט אין טיר, האָט זי זיך נישט אָפּגערופן און זיי זענען אַוועק. שפּעטער האָט זי געהערט, ווי די פּוילישע שכנים רײַסן זיך אַרײַן אין די נאָר וואָס פֿאַרחתמעטע שטיבער און שלעפּן אַרויס וואָס נאָר זיי קאָנען. אויפן צווייטן טאָג, אַז קיינער פון די אייגענע איז נישט געקומען אַהיים, איז זי אַוועק צו אונדזער שוועסטער און האָט געטראָפן די טיר געשלאָסן. דאָס זעלבע — אויך בײַ מיר. געוואָר געוואָרן, אַז אין שטאָט זענען שוין מער קיין ייִדן נישטאָ, האָט זי זיך געלאָזט, ווי מ׳האָט איר אָנגעוויזן, איבער דער בריק מיטן וועג, אויף וועלכן די ייִדן זענען אַוועק.

מיר האָבן באַשלאָסן לאָזן זי, ווי אויך די אַלטע עלטערן פון מײַן חברס פרוי, זיך געהעריק אויסרוען און דערווײַל שאַפן אַ ביסל מעל אויף אָפּצובאַקן עטלעכע ברויטן. דאָס איז גאָרנישט לײַכט אָנגעקומען. ענדלעך, ווען מיר האָבן עס שוין באַקומען און גליקלעכע זיך געלאָזט דערמיט צו די אייגענע, האָבן מיר דערהערט אַ שיסערײַ פון דער זײַט פון דער שול. צוויי דײַטשן, רײַטנדיק אויף פערד, דערווײַטערן זיך פון דאָרף. צוגעקומען, האָבן מיר געטראָפן די שול אַ פאַרמאַכטע. אויפן פלאַץ דערנעבן זענען געשטאַנען מיט זייערע וועגענער פּוילישע פּליטים און געוואַרט אַהיים צו פאָרן דורך פּולטוסק.

— העי, זשידקעס, אַנטלויפט שנעלער פון דאַנען! נישטאָ דאָ מער קיינער פון אײַערע. — האָבן זיי אונדז באַגעגנט מיט אַ חוזק־טאָן און גענומען נאָכשפּאָטן די געוויינען און העוויות פון די ייִדן, ווען די צוויי דײַטשן האָבן זיי אַרויסגעטריבן פון שול.

באַלד האָבן מיר זיך דערוווּסט, אַז זיי האָבן שוין באַוויזן צוצורויבן די פּעקלעך פון די ייִדן, וועלכע זענען דאָ נישט געווען בעתן אַרויס־טרײַבן. זיי האָבן שוין דערפילט, אַז: „די מלחמה קעגן פּוילן איז נישט קעגן די פּאָליאַקן, נאָר קעגן די ייִדן, וואָס האָבן געהאַט באַהערשט פּוילן", און האָבן מיטן ביסל „אַרויסגעראַטעוועטן" פאַרמעגן פון די

אַרויסגעטריבענע פּאַרגיטיקט זייער שאָדן, וואָס זיי האָבן געליטן זײַענדיק עטלעכע וואָכן אונטערוועגנס.

ס'איז געווען די ערשטע טעג סוכות. מיר האָבן בײַ נאַכט אָפּגעבאַקן אונדזער „לחם־עוני" און אין דער פרי אָנגעהויבן אונדזער וואַנדערוועג. ס'איז אונדז געווען אומפאַרשטענדלעך, פאַר וואָס מע טרײַבט אונדז ווידער, אויב אַהער, אויף דער צווייטער זײַט נאַרעוו, דאַרפן קומען די רוסן? האָבן מיר גענומען צווייפלען אין די אַלע קלאַנגען, אַז די רויטע אַרמיי דערנענטערט זיך אַהער. מײַן שוואָגער איז געווען דערפאַר, מיר זאָלן זיך דערשלאָגן קיין יאַדאָוו: ער האָט דאָרטן ווינען אַ ברודער, אפשר וועט ער קאָנען אונדז מיט עפּעס באַהילפיק זײַן. דער נאָנטסטער וועג קיין יאַדאָוו פירט דורךווישקעוו. דער עולם אונדזערער איז שטאַרק איבערגעשראָקן: „דורך ווישקעוו?!". דער נאָמען איז געוואָרן פאַר יעדן ייִדן אַ שרעק־געשפּענסט נאָך דער גרויזאַמער שחיטה, וואָס די זאָנדער־קאָמאַנדאָס האָבן דאָרט אויסגעפירט איבער דער מאַנצבילישער באַפעלקערונג. מיר האָבן פון דעסטוועגן באַשלאָסן: דורך ווישקעוו.

די נאַכט־פינצטערניש האָט שוין געהאַט צוגעדעקט דאָס נאָענטס־טע דאָרף צו ווישקעוו, ווען מיר זענען אַהין אָנגעקומען, דורכגענעצטע פון אַ שלאַקסרעגן. די פּיצלעך קינדער און זקנים האָבן געציטערט פון נאַסקייט און קעלט. אָבער קיין שום פּויער האָט אונדז נישט דערלויבט בײַ אים איבערצונעכטיקן.

— די דײַטשן האָבן דערשאָסן איינעם פון אונדזערע פאַר אויס־באַהאַלטן אַ ייִדן. ווילט איר, אַז מיר זאָלן צוליב אײַך אײַנשטעלן אונדזער לעבן?

ענדלעך, בײַם לעצטן הײַזל, האָט מען די מוטערס מיט די צוויי פּיצלעך קינדער אַרײַנגעלאָזט אינעווייניק און אונדז אין אַ תבואה־שײַער אויף איבערצונעכטיקן. פאַר טאָג, ס'איז נאָך פינצטער געווען, האָבן מיר זיך געלאָזט ווײַטער אין וועג.

בײַם איבערגיין די ווישקעווער בריק האָט אונדז די וואַך באַגלייט מיט נאָכגעשרייען:

— צו די שמוציגע רוסן, פערפלוכטע יודען, לאָס, וועג...

מיר זענען שנעל אַריבער די בריק. ווו זענען זיי, די „שמוציקע רוסן"? וועלן מיר זוכה זײַן צו דערגיין צו זיי? אין יאַדאָוו האָבן מיר קיין סך נישט אויפגעטאָן; אָפּגערוט זיך אַ טאָג און אײַנגעקויפט אַ ביסל שפּייז. איצט וואַנדערן מיר אין דער שפּעטער נאַכט. אַ שטיקל לבנה, ווי אַ סערפּ, גייט אויף אין מזרח־זײַט און באַלײַכט אונדז דעם וועג... ווען וועלן מיר שוין זוכה זײַן צו דערזען דעם סערפּ געקרייצט מיט אַ האַמער?... מיר וואַנדערן שוין עטלעכע נעכט, כמעט אָן אָפּרו. מ'האָט אונדז דערציילט די סיבה פונעם טרײַבן אונדז ווייטער: ס'איז געשלאָסן געוואָרן אַ נײַער אָפּמאַך צווישן מאָלאָטאָוון און ריבענטראָפּן; די גרענעצן זענען געענדערט געוואָרן: אָנשטאָט אויף נאַרעוו־ווײַסל, ווי ס'איז געווען לויטן ערשטן אָפּמאַך, אויף — נאַרעוו־בוג־סאַן. דער וועג איז איצט נישט קיין זיכערער. וואָס נעענטער צו דער סאָוויעטישער זײַט, גראַסירן אַרום כוליגאַנעס, רויבער, באַפאַלן די פּליטים און באַראַבעווען דאָס לעצטע ביסל אָרעמקייט. דער עולם איז שטאַרק מיד. אין סטאָק זענען מיר געוואָר געוואָרן, אַז מע דאַרף וואָס שנעלער זיך דערשלאָגן קיין קאָסעוו. די כוליגאַנעס און רויבער שלאָפן דאָ ביי נאַכט. די נאַכט איז פאַר אונדז אַ שוץ, אָבער אויך פול מיט געפאַרן. גייט מען. אָבער די כוחות גייען אויס. זעצט זיך איינער פון דער גרופּע און דערקלערט:

— איך גיי נישט ווײַטער. צו וואָס די אָנשטרענגונג? לאָזט מיך שוין בעסער דאָ שטאַרבן. כ'האָב מער קיין כוח נישט צו גיין.

מײַן פרוי פרעגט מיך:

— קאָן מען דען אַזעלכעס איבערלעבן? וויפל כוחות פאַרמאָגט דען אַ מענטש, ער זאָל אימשטאַנד זײַן איבערצוטראָגן אין געציילטע וואָכן אַזוי פיל צרות און לײַדן?

— מיר שעפּן כוחות פון דעם וואָס מיר זענען צוזאַמען. — ענטפער איך איר.

מיין פרוי טראָגט דעם חבר שיִעס זעקסוואָכיק יינגעלע, און ער אונדזער גיטעלען. דערפאַר זאָגט זי ווײַטער:

— פאַרגעס נישט, אַז אַחוץ דעם פּיצעלע אויף די הענט, טראָג איך נאָך אין זיך אַ קינד. כ׳פיל, אַז כ׳קאָן נישט מער. כ׳וועל דאָס נישט איבערהאַלטן.

— וועסט נאָך, מײַן טײַערע, — מונטער איך זי, — פאַרציילן עס אין נחת, ווען גיטעלע וועט שוין זײַן אַ גרויסע. וועסט עס נאָך פאַרציילן דעם נאָך נישט געבוירענעם אויך... מיר גייען דאָך נישט אין גלות אַרײַן. מיר גייען דאָך צו דער רויטער אַרמיי. דאָרט וועלן מיר ווערן מיט מענטשן גלײַך, לעבן בעסער ווי אינעם קאַפּיטאַליסטישן פּוילן.

אָבער דער אַלטער נפתלי, מײַן חברס שווער, איז שוין אַזוי אויסגעמוטשעט, און מיר האָבן שוין אין אונדזער זאַפּאַס נישט מער ווי צוויי ציגאַרעטן, — ווי וועט ער אָן אָט דעם „ברענשטאָף״ דערגיין? דאָס איז פאַר אים וויכטיקער ווי עסן.

איינער פון אונדז פלעגט בלײַבן פון הינטן, צו היטן ס׳זאָל ווער פון דער גרופּע נישט שטרויכלען איבער די ליגנדיקע צווײַגן אויפן וועג און בלײַבן הינטערשטעליק, ווי ס׳האָט אָפט געטראָפן.

די לבנה איז שוין אַריבער אירע העכסטע הייכן און אַוועק אין איר אייביקן וואַנדערוועג נעענטער צו מערב־זײַט. ענדלעך האָט זיך באַוויזן דער מאָרגן־שטערן. דער הימל הייבט אָן העלער ווערן. ס׳פאַר־שווינדן פון האָריזאָנט די שטערן. דאָס ליכטיקייט אין הימל ברייטערט זיך אויס. דער האָריזאָנט ווערט וואָס אַ מאָל העלער, בלויער. רויטלעכע שטראַלן פאַרפלייצן אַלע מאָל מער דעם האָריזאָנט אויף מזרח. די ערשטע זונשטראַלן שטעכן אין די אויגן, שפּיזלען און דרינגען אונדז אַדורך. און מיט אַ מאָל כאַפּט אונדז אַרום אַ שרעק: אַ גרופּע סאָלדאַטן! ...הייסט עס, אַז מיר דאַרפן אַדורכגיין אַ דייטשישע גרענעצוואַך?... אָבער פאַרפאַלן... מיר מאַכן זיך האַרץ. צוגעקומען נעענטער, באַגריסן מיר זיי מיט אַ שאָקל מיטן קאָפּ און דערהערן אַן ענטפער:

— זדראַווסטווויטיע!

אין דעם מאָמענט האָבן מיר דערזען דעם רויטן שטערן אויף זייערע היטלען...

אַלץ אין מיר האָט אָנגעהויבן צו ברויזן פון פרייד, און אַ קוואַל

פון טרערן האָט זיך אין מיר געעפנט און געפּלייצט איבער מײַן פּנים — טרערן פון גליק, טרערן פון געראַטעוועטע מענטשן... און פּונקט איז הײַנט שמחת־תּורה...

אָבער די פרייד איז אונדז גיך פאַרשטערט געוואָרן: אַריינגעקומען אין שטעטל, האָבן מיר דערהערט, אַז הײַנט נאָך מיטאָג פאַרלאָזן די רויטאַרמייער קאָסעוו, וואָס גייט איבער צוריק צום דײַטש. מיר מוזן דעריבער וואָס גיכער פון דאַנען אַוועק. אַז אַ רויטאַרמייִשע לאָסטמאַשין זאָל אויפנעמען כאָטש די גאָר אַלטע דרײַ לײַט, קאָנען מיר נישט אויספועלן. האָבן מיר נישט קיין ברירה — וויל מען זיך ראַטעווען, מוז מען ווײַטער גיין צו פוס. ווו נעמט מען די כוחות דערצו? בײַ דער גאַנצער גרופּע צאַנקען די כוחות, ווי אַ פלעמל פון אַן אויסגייענדיק ליכט. מע מוז! מע מוז! די אַחריות, וואָס מיר, די ייִנגערע, האָבן אָפּגעפילט, האָט אונדז צוגעגעבן כוחות אויף צו העלפן און מונטערן די עלטערע, און מ׳איז געגאַנגען. דעם אַלטן נפתּלין האָבן מיר געגעבן אַ ציגאַרעט נאָך אַ ציגאַרעט, אויסגעבעטלטע פריִער בײַ די רויט־אַרמייער.

נאָענט צו פאַרנאַכט האָבן מיר דערזען דאָס זילבערן זיך פונעם טײַך בוג. מיר האָבן פריִער אָפּגעאָטעמט. אַריבערגעשיפט זיך מיט לאָדקעס, האָבן מיר זיך באַלד געפונען אין זיכערע הענט אויף דער סאָוויעטישער זײַט.

— — — — — — — — — — — — — —

אין שטעטעלע ניר, אָדער דאַניר, ווי ייִדן האָבן עס גערופן, האָבן מיר דאָס ערשטע מאָל, פאַר דער גאַנצער צייט פון אונדזער וואָגל דערפילט, אַז מיר זענען צווישן ייִדן רחמנים בני רחמנים. די גאַנצע דאָרטיקע קליינע ייִדישע באַפעלקערונג, מיטן רב בראש, האָט זיך מיט אונדז פאַרנומען, צו לינדערן אונדזערע ליידן.

זונטיק אין דער פרי האָט דער רב, מיט אַ פאַרשולדיקטער מינע, אונדז איבערגעבעטן, פאַר וואָס זיי האָבן ווינציק וועגענער, און נאָר פרויען, קינדער און אַלטע וועלן קאָנען פאָרן צו דער באַנסטאַציע. אָבער וואָס פאַר אַ באַדײַטונג האָבן שוין פאַר אונדז געהאַט די אַכצן

קילאָמעטער, ווען די פעקלעך זענען געלעגן אויפן וואָגן, די פלייצע איז געווען פרײַ און דער עול פון זאָרגן פאַר די אַלטע און קינדער איז פון אונדז אַראָפּגענומען געוואָרן! זענען מיר, ווי אויסגע־רוטע, אָנגעקומען צוזאַמען מיט די וועגענער צו דער באַנסטאַציע טשיזשעוו.

פון וואָקזאַל אין ביאַליסטאָק האָט אונדז אַ יונגער מאַן פאַרנומען אויף אַ גרויסן וואָגן מיט אַ פלאַכער פלאַטפאָרמע. ער האָט זיך עטלעכע מאָל אָפּגעשטעלט און אַרויפגעשריגן צו די פענצטער פון די ייִדישע הייזער:

— ווידער אָנגעקומען אַ גרופּע בעזשענצעס מיט פרויען און קליינע קינדער. זיי וועלן זיך געפינען אין שול אויף דער־און־דער גאַס. טראָגט זיי אַרײַן עפּעס עסן.

איך האָב זיך פאַרשעמט, אַ צעקלעמטער פון וויטיק: דאָס איז די אויפנאַמע פון דעם גרויסן ייִדישן ישוב ביאַליסטאָק? שעמט איר זיך נישט, ביאַליסטאָקער, איר, נישט געליטענע ייִדן, פאַר די געציילטע ייִדישע משפחות פון קליינעם שטעטעלע ניר?...

ווען איך האָב אויף צו מאָרגנס אָנגעקוקט דאָס בילד בײַ דער אַלגעמיינער קיך פאַר די פליטים, איז עס פאַר מיר געווען אַזוי אָפּשטויסנדיק, אַז כ׳בין ווי אַ געיאָגטער פון דאָרט אַנטלאָפן און האָב זיך אַפילו נישט באַמיט זיך צו דערוויסן, ווי אַזוי צו באַקומען אַ טאַלאָן אויפן עסן. געוואָר געוואָרן, אַז מײַנע אַ ייִנגערע שוועסטער געפינט זיך שוין פון פריִער אין פינסק, בין איך בעסער אַוועק צו דער באַנ־סטאַציע זיך צו אינפאָרמירן וועגן די טערמינען פון די אַהין פאָרנדיקע צוגן. גייענדיק צוריק האָב איך געזען, ווי ייִדן שטראָמען צום טעאַטער־זאַל.

— וואָס קומט דאָ פאָר? — האָב איך אַ פרעג געטאָן און באַקומען אַן ענטפער:

— אַ פאָלקסמיטינג.

דער זאַל איז שוין געווען פאַרפולט ביזן לעצטן שטייפּלאַץ. האָב איך זיך אַרויפבאַקומען אויף דער גאַלעריע. שוין בײַ די ערשטע

ווערטער פונעם פּאַרזיצער האָב איך דערפילט, אַז איך געפין זיך אין אַן אַנדער וועלט, אין אַ וועלט פון „פּריוואַטקייט", פון „באַפרײַטע". איך האָב געטראַכט, אַז אויב אַ פאָלקסמיטינג, איז עס זיכער וועגן אָרגאַניזירן הילף פאַר די פאַרוואָגלטע פּליטים. לסוף ווער איך גאָר געוואָר, אַז:

„ביז איצט זענען מיר געווען פאַרשקלאַפט צום פּריצישן פּוילן, און אַ דאַנק דער רויטער אַרמיי מיט חבר סטאַלין בראָש, באַפרײַט געוואָרן — — מיר, מערב־ווײַסרוסן און מערב־אוקראַיִנער, באַפרײַטע פון די פּויליש־פאַשיסטישע אָקופּאַנטן, דאַרפן שיקן אַ פּעטיציע צום העכסטן סאָוויעט און צום חבר סטאַלין, מע זאָל אונדז איינגלידערן אין דער גרויסער משפחה פון די סאָוויעטישע פעלקער" — —

איך קוק זיך גוט אײַן אין די פּנימער פון די רעדנער — ייִדן. ייִדן רעדן צו ייִדן וועגן... מערב־ווײַסרוסלאַנד און מערב־אוקראַיִנע... פאַר וואָס אינטערעסירט איר זיך נישט צו לינדערן די נויט פון די על־פּי־נס געראַטעוועטע?... פאַר וואָס נישט שיקן אַ פּעטיציע צום חבר סטאַלין, ער זאָל אינטערווענירן בײַ זײַן שותּף, בײַ היטלערן, מע זאָל דאָרט, אין די דורך די דײַטשן פאַרנומענע געביטן, נישט פּײַניקן און מאָרדן קיין ייִדן?... מען דאַרף דאָך פּראָטעסטירן קעגן די מערדערײַען! פּאָדערן! שרײַען! דאָס איז איצט די הויפּטפליכט פונעם גרויסן ייִדישן אַרבעטער־צענטער — ביאַליסטאָק.

איך האָב אָנגעשריבן עטלעכע ווערטער אויף אַ שטיקל פּאַפּיר און געפרעגט ביי אַ יונגן־מאַן לעבן זיך:

— ווי אַזוי קאָן איך דאָס פּאַפּירל באַזאָרגן צום פּרעזידיום? און ווען קאָן איך באַקומען אַ וואָרט?

— ווען וואָס? — פרעגט ער.

— ווען דעם ייִדישן חורבן אויף יענער זײַט גרענעץ און די אויפגאַבן פון דער היגער באַפעלקערונג.

— פון וואַנען זענט איר אין ביאַליסטאָק?

— פון נעכטן.

— אַליין?

— מיט אַ פאַמיליע.

— ווילט איר נאָכן ראַטעווען זיך אַהער איבערלאָזן די פאַמיליע און אַליין אַוועק אויף סיביר? — רוימט ער מיר אײַן אין אויער... — — —

אויף מאָרגן אין דער פרי, בעתן אָפּפאָרן פון ביאַליסטאָק, האָבן מיר געהאַט די געלעגנהייט צו זען מיט די אייגענע אויגן וואַגאָנען מיט פּראָוויאַנטן אויפן וועג קיין דײַטשלאַנד.

## קאַפּיטל ניין

מיר זענען אין פינסק. מײַן יינגערע שוועסטער, וואָס איר מאַן איז אַ פינסקער, האָט זיך פאַרנומען מיט איינאָרדענען די איבעריקע משפחה־מיטגלידער. מיין חבר שיִע איז אַוועק אין זיין געבורטשטעטל, דאָמבראָוויץ, און אונדז אײַנגעאָרדנט דאָרטן ביי זײַנער אַ מומען. אָבער געוונג זאָרגן זענען נאָך פאַרבליבן: די פרוי טראָגט נאָך אַלץ דעם שוואַרצן קיך־פאַרטעך, איז אָן אַ קליידל, אָן אַ מאַנטל צום אָנקומענדיקן ווינטער; אויך דאָס שוכוואַרג האָבן מיר אויפן לאַנגן וועג געמאַכט „צו לײַט"; און אין גיכן דאַרף אונדז צוקומען נאָך אַ משפחה־מיטגליד.

מײַן חבר שיִעס מומע איז געווען אַן אַלמנה, און אַ לײַדנדיקער מענטש פילט מיט. פלעגט זי טרייסטן מײַן פרוי:

— זאָרגט נישט, מלכה. איך האָב נאָר דרײַ זין, וועל איך דיך אָפּהיטן ווי מײַנע אַן איינציקע טאָכטער. וועסט איבערקומען די קימפּעט, אם־ירצה־השם...

אויך אַ מאַנטל פאַר דער פרוי איז דורך אַ נס געשאַפן געוואָרן: אין אַ קעשענע פונעם קיך־פאַרטעך האָט זיך געהאַט פאַרשטעקט אַ בריוו פון אויסלאַנד מיט פינף דאָלאַר און איצט האָט ער זיך אָפּגעפונען. האָב איך עס פאַרטרויט דעם חבר קאָפּל בוסעל, געוועזענער פועלי־ציון־ראַטמאַן אין שטאָטראַט, ביי וועלכן איך פלעג זיין אַן אָפטער גאַסט, ער זאָל מיר באַהילפיק זײַן דעריין. האָט ער געפועלט ביי אַ באַקאַנטן קרעמער, ער זאָל מיר פאַרקויפן אַ מאַנטל לויט דעם אַלטן פרייז, און איך האָב עס באַקומען פאַר דרײַ דאָלאַר.

אָבער אַ וויכטיק געשעעניש האָט מיט אַ מאָל געענדערט אַלע אונדזערע פּלענער. מעלדונגען האָבן צו וויסן געגעבן, אַז אַלע פּליטים האָבן אַ מעגלעכקייט צו פאָרן קיין ראַטנפאַרבאַנד. האָבן מיר מיט דער גרעסטער פרייד אויפגענומען די בשורה.

— אָט אַזוי זאָרגט דער ראַטנפאַרבאַנד פאַר די פּליטים! דאָס הייסט אַ ריכטיקע לייזונג! — בין איך געווען אין התפּעלות — פּטור פון די אַלע יידישע פאַרזאָרגער־נאָכשלעפּער. ווער דאַרף זייער פאַר־זאָרגונג!

אונדזער גאַנצע משפּחה האָט זיך פאַרשריבן פון די ערשטע. ווי באַגליקט געוואָרענע האָבן מיר געמאַכט אונדזערע צוקונפט־פּלענער: איך בין אַ גוטער פאַכמאַן, די פרוי אַ גוטע שניידערין; פאַר זייגקינדער זענען דאָך דאָרטן דאָ ספּעציעלע היימען, פאַר עלטערע קינדער — גערטנער... דאָרט וועט אונדז אויך לייכטער זיין צו באַקומען שוכוואַרג, דער יקרות דאָ אויף דעם אַרטיקל איז דאָך שוין געווען אַ פאַנטאַסטישער...

ס׳האָט זיך באַוויזן די ערשטע רשימה פון די באַשטעטיקטע צום פאָרן. אויף איר האָבן זיך געפונען: מיין מוטער, שוועסטער און שוואָגער און צוויי ברידער; איך מיט מיין פרוי זענען אויף איר נישט געווען. אויפגערעגטע זענען מיר אַוועק צום קאָמיסאַר פאַר אָט די ענינים:

— חבר, פאַר וואָס זענען מיר נישט באַשטעטיקט געוואָרן?

— ווייל איר האָט נישט קיין דאָקומענטן. ווענדט זיך אין דער שטאָט־פאַרוואַלטונג, באַקומט אַזעלכע, און איר וועט פאָרן מיטן צווייטן עשאַלאָן.

אָבער דאָקומענטן מאַכן זיך נישט אַזוי שנעל... ביז מיר האָבן באַקומען דעם דאָקומענט איז שוין אַוועק דער צווייטער עשאַלאָן, אָבער אויך אויף דער דריטער רשימה זענען מיר נישט געווען. אויסגעהערט אונדזערע טענות, האָט דער קאָמיסאַר געענטפערט:

— אויב ס׳וועט זיין אַ גענוגנדיקע צאָל קאַנדידאַטן, וועט איר פאָרן מיטן נאָענטסטן עשאַלאָן.

אין אַ וואָך אַרום דערקלערט אונדז דער קאָמיסאַר:

— נישטאָ קיין קאַנדידאַטן. די געבליבענע האָבן זיך איינגעאָרדנט

אין וווינונגען און אויף אַרבעט. און וואָס רײַסט איר זיך אַזוי צום פאָרן? דאָ איז דען נישט ראַטנפאַרבאַנד? מיר וועלן אויך דאָ זאָרגן פאַר אײַך.

— אָבער, — טענהן מיר, — בײַ אײַך זענען דאָ ספּעציעלע היימען פאַר זייגקינדער, קינדער־גערטנער.

אַ שמייכעלע האָט זיך באַוויזן אויף זײַנע ליפּן:

— לאַדנאָ, — פײַן, הייסט עס, — לויט מײַן מיינונג איז פאַר אײַך בעסער, איר זאָלט בלײַבן דאָ איבערן ווינטער, אָבער אַז איר זענט אַזוי אײַנגעשפּאַרט אַוועקצופאָרן, פאָרט אַרויס אין אַ צווייטער שטאָט, פון וואַנען מע שיקט נאָך עשאַלאָנען.

דעם זעלבן טאָג האָבן מיר באַקומען אַ בריוו פון מײַן חבר שיִע, אַז ער קאָן זיך נישט אײַנאָרדענען אין זײַן געבורטשטעטל דאָמבראָוויץ און פאָרט קיין ראַטנפאַרבאַנד. אויך פון דער פרויס משפּחה זענען שוין אַלע געוועזן אַוועקגעפאָרן פון ביאַליסטאָק קיין ראַטנפאַרבאַנד. האָבן מיר באַשלאָסן: מיר אויך! זיך געזעגנט מיט דער טײַערער אַלמנה רבקה בינדער און זיך ווידער געלאָזט אויף וועגן אומבאַקאַנטע. מיר פאָרן קיין בריסק.

בריסק האָט אונדז באַגעגנט מיט הורא־אויסגעשרייען און געזאַנג, מיט לאָזונגען און טראַנספּאַראַנטן אויף די וואַגאָנען פון אַן אָפּפאָרנדיקן עשאַלאָן. פון די פענצטער און טירן קוקן אַרויס די פינצטערע פּנימער פון ייִדישע פּליטים־וואָגלער מיט צעשמייכלטע אויגן, שרײַען אויס די לעצטע געזעגענונג־ווערטער און פאָכען מיט טיכלעך אין די הענט. ס׳באַגלייטן זיי קנאה־בליקן פון הונדערטער מענטשן, וועלכע מאַכן זיך האַרץ און שרײַען־מיט די לאָזונגען, געוואָרפענע פון די גליקלעכע פאָרער, — אפשר וועט דאָס זײַן אַ סגולה, אַז מאָרגן־איבערמאָרגן זאָלן אויך זיי זײַן צווישן די גליקלעכע פאָרער... דער וואָקזאַל און אַלץ אַרום איז געוועזן אונטערן צייכן פונעם אָנקומענדיקן אָקטאָבער־יום־טוב.

— אויב ס׳וועט אונדז געלונגען, — האָב איך אײַנגערוימט דער פרוי אין אויער — וועלן מיר נאָך דעם 7טן נאָוועמבער זײַן אין ראַטנ־פאַרבאַנד. אָבער... זע נאָר די גרויסע ריי צום רעגיסטרירן זיך.

אַ ביסל ווײַטער איז געשטאַנען אַ ריזנריי פון הונדערטער מענטשן

נישט אויסגעשלאָפענע: זיי האָבן די גאַנצע נאַכט געהיט זייער ריי צום רעגיסטריר־צימער, אַרום וועלכן ס׳האָט זיך שוין גענומען טומלען. אַ מיליציאָנער האָט געהיט די אָרדענונג.

— וואָס טוען מיר איצטער? — בין איך זיך מיישב מיט מײַן פרוי, — אפשר צו ערשט גיין לויטן אַדרעס, וואָס כ׳האָב באַקומען פון חבר קאָפּל בוסעל, צום פּועלי־ציון־ראַטמאַן חבר גיטעלמאַן און דאָרט איבערלאָזן דאָס פּעקל מיטן קינד? זע, ווי מיד זי איז, די קליינע.

— וואַרט צו. איך וועל פּרובירן בעטן דעם מיליציאָנער.

פירנדיק גיטעלען פאַרן הענטל איז זי צו אים צוגעגאַנגען:

— חבר מיליציאָנער, איך קאָן נישט שטיין אין דער ריי מיטן קינד... און...

— זיכער דאַרפט איר נישט שטיין אין דער ריי. ביי אונדז אין ראַטנפאַרבאַנד שטייען נישט קיין שוואַנגערע פרויען אין דער ריי, ווי ביי אײַך אין פאַשיסטישן פוילן...

אַ צעשײַנטע איז זי באַלד אַרויסגעקומען מיט די רעגיסטריר־נומערן.

## קאַפּיטל צען

דרײַ און אַ האַלבע וואָך זענען שוין אַריבער, זינט מיר זענען אָנגעקומען קיין בריסק. וויפל פרישע פּײַן און לײַדן ס׳איז אונדז דאָ באַשערט געווען, אין דעם גרויסן שיינעם בריסק! אין דער צײַט, ווען די אָרטיקע באַפעלקערונג האָט זיך באַמיט, יעדער ווי ער האָט געקאָנט, זיך אײַנצואָרדענען און אַרײַנפּאַסן זיך אין די ראַמען פון דער נײַער אָרדע־נונג, פײַערנדיק צום ערשטן מאָל דעם 7טן נאָוועמבער, — איז בריסק פאַרפלייצט געוואָרן מיט נײַע פּליטים, וואָס האָבן, ווי פון גרעסערע און קלענערע ריטשקעלעך אַרײַנגעשטראָמט פון יענער זײַט גרענעצפּאַס און פון אַרום. אַ קלענערער טייל האָט אַוועקגעשטראָמט ווײַטער, אָבער דער גרעסטער טייל איז — נאָכן רעגיסטרירן זיך — געבליבן וואַרטן

אויפן גליקלעכן אָפּפאָר. אָבער אין יענע טעג זענען קיין עשאַלאָנען נישט אָפּגעפאָרן. מ׳האָט עס געפּרוּווט דערקלערן מיט דעם גרייטן זיך פון די אָנפירער צו דער אָקטאָבער־פייערונג. אָבער דאָס האָט זיך ווייטער אַזוי געצויגן, און דער עולם האָט גענומען פאַרלירן דאָס געדולד. האָבן זיך אין משך פון דער צייט אָנגעקליבן טויזנטער פּליטים, וואָס זייער גרעסטער טייל האָט נישט געהאַט קיין אַנדער פּלאַץ ווי אויפן וואָקזאַל.

די אָסיענדיקע נעץ האָט אָנגעהויבן אַרייַנדרינגען דורך די שיך און דורכנעמען מיט דער פייכטער קעלט אַלע גלידער. דער גרעסטער טייל פּליטים האָט אויך נישט געהאַט קיין וואַרעמע מלבושים. איז מען געלעגן אויף דער באַנסטאַציע און אין אַלע מעגלעכע ערטער אַרום איר. מ׳האָט פול געמאַכט אַלע טישן און בענק און די פּאָדלאָגעס: מיט זיך, מיט די פּעקלעך און קלומיקלעך און נישט געוואָלט זיך רירן פון פּלאַץ. אין דער ביליקער פּליטים־קיך האָט מען פאַר אַ קליינעם אָפּצאָל אָדער אומזיסט אויסגעטיילט אַ מיטיק־מאָלצייט פון אַ ביסל שיטערער זופּ. די קעלטן פון אָנקומענדיקן ווינטער האָבן וואָס ווייטער אַלץ מער אויסגעמאַטערט, און דער גרעסטער טייל האָט אָנגעהויבן אונטערצוהוסטן, אַ סך זיך פאַרקיַלט פון אַ שאַרקן הוסט, אייניקע, קראַנק געוואָרענע אויף לונגען־אָנצינדונג, האָט מען געמוזט אַוועקנעמען אין שפּיטאָל. די לאַגע איז געוואָרן וואָס ווייטער אַלץ ערנסטער. אין דרויסן האָט שוין גענומען גיין „אַ רעגן מיט אַ קליין ביסעלע שניי". האָבן די באַאַמטע פון דער באַנסטאַציע זיך אַן עצה געגעבן אויף אַ פּשוטן אופן: אין אַ געוויסן פרימאָרגן, ווען אַלע מוזן פאַרלאָזן דעם וואָקזאַל אויף אַ קורצער צייט, כדי אים אויפצורוימען, זענען זיי מער צוריק נישט אַריינגעלאָזט געוואָרן. האָבן די פּליטים זיי איבערגעקליגט און ווי עס איז ווידער אָנגעפילט דעם וואָקזאַל. זענען זיי שוין מיט כוח באַזײַטיקט געוואָרן: ס׳דראָט דאָך צוליב זיי אַ טיפוס־עפּידעמיע, און די באַאַמטע מוזן זאָרגן פאַרן געזונט פון די דורכרייַזנדיקע פּאַסאַזשירן. און ס׳האָבן מער נישט געהאָלפן די געבעטן און פּראָטעסטן. אַ טייל האָט זיך איינגעאָרדנט אין די זײַטיקע ליידיק־שטייענדיקע וואַגאָנעס.

איך מיט מײַן פרוי און אונדזער קינד זענען אויך דאָס מאָל געווען פון די גליקלעכע: לויט דער רעקאָמענדאַציע פון חבר גיטעלמאַן האָבן מיר באַקומען אַ צימערל מיט אַ בעט בײַ אַ חבר. בײַ טאָג פלעגן מיר פאַרברענגען אויסער דער וווינונג, וואָס איז דעמאָלט פאַרנומען געווען מיט דער באַלעבאָסטעס שניידער־וואַרשטאַט און אירע קליענטן. טייל צייט פלעגן מיר פאַרברענגען ביים חבר גיטעלמאַן, וואָס זײַן אָנגענעמע וווינונג איז דעמאָלט פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ טרעפפונקט פאַר אַלע חברים פון דער לינקער פועלי־ציון־פאַרטיי, צווישן וועלכע ס'זענען געווען די חברים יצחק לעוו, יעקב קענער, חיים בראַנד (מיטעק), געניע לעווי, קאַגאַן און אַנדערע. איך האָב אויך נישט פאַרפעלט קיין איין טאָג צו טאָפּטשען מיט די צעריסענע שיך אין די בלאָטעס צום וואָקזאַל, צו די פּליטים, וואָס ווינען אין די וואַגאָנעס: אפשר וועל איך זיך דערוויסן עפּעס גוטע נײַעס. איך טרעף דאָ אויך באַקאַנטע, איינער פון זיי איז אַפילו אַ פּולטוסקער. ער האָט געהאַט אַ גרויס שפּייזגעשעפט מיט אַ גליקלעכער היים, איצט זיצט ער אין וואַגאָן, אַ הוסטנדיקער, און נעבן אים זײַן טאָכטער און איידעם. אַזוי זעען אויס אונדזערע אָנגעזעענסטע באַלעבאַטים.

איז אָט וואָס פאַר אַ „גוטע" נײַעס איך האָב געהערט: נאָכן גירוש פון די אָסטראָוו־מאַזאָוויעצקער ייִדן איז אין איינעם אַ פאַרנאַכט, נאָענט צו דער שפּערשטונדע, אָנגעקומען אַהין אַ גרעסערע גרופּע פּליטים, דערונטער אַ סך אַרויסגעטריבענע פון פּולטוסק און אַרומיקע שטעטלעך, און האָבן באַשלאָסן איבערצונעכטיקן דאָרט אין די אויסגעליידיקטע וווינונגען פון די אויסגעזידלטע. האָט, צו זייער אומגליק, געטראָפן, צוליב דער אומפאָרזיכטיקייט פון אַ דײַטש, אַז אַן אויטאָציסטערנע מיט בענזין האָט זיך אָנגעצונדן. מיטן אויסרייד, אַז דאָס איז אַ סאַבאָטאַזש־אַקט פון עמעצן פון די וואַנדערנדיקע ייִדן, האָבן די דײַטשן אַריינגעטריבן די ייִדן אין אַן אײַזקעלער, זיי אָפּגעהאַלטן דאָרט דריי מעת־לעת אָן שפּייז, דערנאָך האַלב־געפרוירענע אַרויסגעשלעפּט, אַרײַנגעוואָרפן אין אַ ראָוו, צעשאָסן, צעקלאַפּט מיט ביקסן־קאָלבעס און פאַרשאָטן מיט אַ דינעם שיכט ערד. אויפן צווייטן טאָג האָבן גוייִם

געוויזן פֿאַרבײַגייענדיקע פּליטים דעם פֿאַרשאָטענעם ברודער־קבר, וועלכער האָט זיך נאָך באַוועגט פֿון די האַלב לעבעדיק באַגראָבענע. אויב אין ווישקעוו, קראַסנאָשילץ און אַנדערע שטעטלעך איז די שחיטה געווען נאָר אויף מאַנצבילן, זענען דאָ געמאָרדעט געוואָרן אויך פֿרויען און קינדער...

די בילדער פֿון די פּליטים ביים וואָקזאַל פֿאַרפֿאָלגן מיך, עס דערדריקן מיך אויף די אייגענע צרות. די עטלעכע גילדן, וואָס מיר האָבן באַוויזן אָפּצושפּאָרן פֿון די פֿיר אַרבעט־וואָכן אין פּינסק, לאָזן זיך שוין אויס. געבליבן איז אונדז נאָר אויף רייזע־הוצאות צוריק קיין פּינסק. אויב ביז מאָרגן פֿרי וועט נישט זײַן קיין נײַעס, באַשליסן מיר, פֿאָרן מיר צוריק קיין פּינסק. און מיר האָבן ווידער פֿאַרפֿאַקט אונדזער קלומיק. אַז קענגן גורל קאָן מען נישט גיין, האָבן מיר שוין אַ סך מאָל געקאָנט זיך איבערצײַגן. אָבער אין דער פֿרי זאָגט אונדז אַ שכן, אַז בײַ דער באַנסטאַציע גרייט מען אַן עשאַלאָן, ער קומט נאָר וואָס פֿון דאָרטן. בין איך אַוועק אַהין און געזען, אַז ס׳איז אמת. דער עולם האָט אַרײַנגעשטראָמט אין די וואַגאָנען פֿון אַ ריזיק־צעצויגענעם עשאַלאָן, און יעדער האָט זיך אײַנגעאָרדנט מיט זײַן פֿאַמיליע. מען דאַרף נישט קיין שום רעגיסטריר־נומער און ס׳איז נישטאָ קיין שום ריי. אַזאַ פֿאַראָרדענונג איז דאָ. אַפֿילו בריסקער תושבים האָבן איצט אויסגענוצט די געלעגנהייט. קרוב הונדערט וואַגאָנעס זענען צוגעשטעלט געוואָרן. און אַז מע וועט באַדאַרפֿן, וועלן זיין נאָך.

דער איצטיקער עשאַלאָן איז נישט געווען אַזוי שיין אויסגעפּוצט, ווי יענער. מיר האָבן מיט קרײַד און פֿאַרשיידענע פֿאַרבן געמאַכט לאָזונגען אויף די ווענט, אײַנגעשאַפּן בילדער פֿון די גרויסע פֿירער מיטן חבר סטאַלין בראש און זיי צעהאַנגען, מיט גרינע צווײַגלעך באַצירטע, און פֿאַרשטעלט דאָס אָרעמקייט און די טרויעריקע סצענעס פֿון די איצטיקע פֿאָרער. ענדלעך האָבן זיך די רעדער אַ ריר געטאָן איבער די רעלסן. דער לאָקאָמאָטיוו, אָנשטרענגנדיק זיך און סאַפּענדיק, האָט אונדז אַוועקגעפֿירט פֿונעם וואָקזאַל. אַ הורא־געשריי האָט זיך געטאָן אַ רײַס אַרויס פֿון פֿאַרקילטע, הייזעריקע העלדזער:

— זאָל לעבן!... זאָל לעבן!...

איך בין אין אַ געהויבענער שטימונג: מיר פאָרן קיין ראַטנ־פאַרבאַנד, ווו מיר וועלן לעבן אַ פרײַ לעבן, ווי אַלע אירע בירגער אונטערן סאָציאַליסטישן רעזשים; מיר וועלן דאָרט אויפבויען אונדזער פאַמיליע־היים, וואָס די דײַטשישע באַנדיטן האָבן צעשטערט.

דאָ טוט זיך דאָס קינד אַ כאַפּ אויף מיט אַ צעשראָקן געוויין. האָט זיך אים עפּעס שלעכטס געחלומט? די מוטער באַרויִקט עס, גלעט עס, און עס שלאָפט ווידער אײַן.

די באַנרעדער טיק־טאַקן:

— מיר — פאָ — רן — צו — מזרח! טיק־טאַק! טיק־טאַק!

ס׳גלייבט זיך נישט, אַז דאָס איז אַ ווירקלעכקייט. אָבער ס׳איז דאָך פאָרט נישט קיין חלום — מע פאָרט! מע פאָרט!

— זענען מיר שוין עפּעס ווײַט אָפּגעפאָרן? — פרעגט מיך די פרוי.

— דערווײַל זענען מיר נאָך אַלץ אויף דער פּוילישער טערי־טאָריע, אויפן וועג קיין באַראַנאָוויטש.

דער איינטאָניקער טיק־טאַק פון די באַנרעדער האָט אַלעמען פאַרוויגט. נאָר אין מיטן דער נאַכט האָבן מיר דערפילט אַ שטויס. אַ שטויס פאָרויס און אַ שטויס צוריק. מיר הערן ווי מע פאַראייניקט וואַגאָנען און מע צעשיידט זיי ווידער. און ענדלעך איז דער צוג שטיין געבליבן. ביז פאַר טאָג זענען מיר געשטאַנען אויפן זעלבן אָרט. ווו זענען מיר? ערשט ביי דעם ערשטן שײַן האָבן מיר איבערגעלייענט אויף אונדזער וואַגאָנען־גרופּע: „לידאַ", און אויף אַ צווייטער, פאַר־אייניקט מיט אונדזערער: „מאָלאָדעטשנאָ". צוזאַמען — צוואַנציק וואַגאָנען. דער איבעריקער טייל פונעם עשאַלאָן איז אויף דער באַנסטאַציע נישט געווען. איז ער אַוועק קיין ראַטנפאַרבאַנד דורך סטאָלפּצי, אָדער פאַרקירעוועט ערגעץ אַנדערש ווו? ווער ווייסט?

אָנגעקומען קיין לידע, האָט מען אונדז באַפוילן אויסשטײַגן. דער עולם האָט אָנגעהויבן זיך בונטעווען קעגן די פאָרשטייער פון דער באַנ־סטאַציע:

— וואָס הייסט אויסשטײַגן?

— מיר פֿאָרן דאָך קיין ראַטנפֿאַרבאַנד?

— קיינער וועט נישט אויסשטייגן!

— טאָ ווו זענען אײַערע רשימות פֿון די פֿאָרער? ווער איז אײַער פֿאָרשטייער, וואָס פֿירט אײַך?

דאָס ווייסט אָבער קיינער נישט. ס׳געפֿינען זיך צווישן אונדז אַ סך, וואָס קאָנען גוט רוסיש, און פֿון זיי שאַפֿט זיך אַ קאָמיטעט — פֿאָרשטייער, וואָס רעדן אין אונדזער אַלעמענס נאָמען. האָבן מיר אויסגעפֿירט דערווײַל, אַז מיר זענען געבליבן אין די וואַגאָנעס אויף אַ זײַטיקער ליניע און באַקומען אין דער פּליטים־קיך אַ מיטיק. איז אַוועק נאָך אַ טאָג. מיר וואַרטן אויף דעם פֿירער, וואָס דאַרף נאָכקומען מיט די רשימות. דעם סטאַציע־אויפֿזעער איז נמאס געוואָרן דער ענין, האָט ער אונדז אָפּגעשיקט אין די וואַגאָנען קיין מאָלאָדעטשנע.

ווידער דאָס זעלבע וואַרטן, די זעלבע טענות און אַמפּערנישן. אין לידע האָבן מיר כאָטש באַקומען אַ מיטיק, דאָ — גאָרנישט. נישטאָ ווער ס׳זאָל זיך מיט אונדז פֿאַרנעמען. ס׳איז געווען פֿרייטיק, זענען עטלעכע פֿרומע יידן אַוועק אין שטעטל מקבל־שבת זײַן. פֿון דאָרט האָבן זיי געבראַכט אַ „בשורה": נעכטן איז אויסגעבראָכן מלחמה צווישן ראַטנפֿאַרבאַנד און פֿינלאַנד.

אַ טאָג שלעפּט זיך נאָך אַ טאָג. און די לאַגע אין די וואַגאָנען ווערט וואָס ווײַטער אַלץ אומדערטרעגלעכער. מיר, אַרויסגעפֿאָרענע פֿון בריסק רײנע, אין פֿרישן וועש, פֿילן זיך באַזונדערס געטראָפֿן פֿון דעם אומפּלייט, וואָס האַלט זיך אין איין פֿאַרמערן. ענדלעך האָבן אונדזערע פֿאָרשטייער אויסגעפּועלט, אַז מ׳האָט אונדז געשיקט צו אַ ווייטערער באַנסטאַציע — קיין קרולעווטשיזנע. מיר דערנענטערן זיך צו ראַטנ־פֿאַרבאַנד מיט דער פּאָלאָצקער ליניע. מיר זענען אָנגעקומען צום גרענעץ־שטעטל זאַהאַטשע.

# קאַפּיטל עלף

ס'איז שוין געווען דער אַכטער טאָג פון אונדזער וואָגלען אָן עסן, אָן סאַניטאַרער און מעדיצינישער אויפזיכט. מײַן פרוי האָט אָפּט געהאַט חלשות־פאַלן צוליב איר שוואַנגערשאַפט אין אַכטן חודש, און ס'איז נישטאָ אַפילו קיין וואַלעריאַן־טראָפּנס זי צו מינטערן. ענדלעך זענען מיר צוגעפאָרן צו דער אַלטער פּוילישער גרענעץ, וועלכע איז נאָך, ווי פריער, געווען געשלאָסן דורך דער גרענעצוואַך. די גרענעץ־היטער האָבן אויסגעפרעגט פּרטים און זענען אַוועק אין זייער געבײַדע. דער עולם איז געוואָרן האַפערדיקער: מ'האָט, הייסט עס, איבערגעכיטרעוועט די סאָוויעטן־מאַכט, באַלד וועט מען אונדז איבערזעצן אין די ברייט־רעלסיקע סאָוויעטישע וואַגאָנען! אָבער דער באַלד פאַרציט זיך. אַלע מאָל קומען צו אַנדערע גרענעצלער און פרעגן זיך אויס בײַ אונדזער קאָמיטעט גענויערע פּרטים: ווער זענט איר? וווהין פאָרט איר? ווער האָט אײַך געשיקט? פון וועלכער שטאָט? ווו זענען אײַערע רשימות?

— האָט איר אַן אַדרעס פון אַ שטאָט, וווהין צו פאָרן? — האָבן זיי זיך געוויצלט, — דער ראַטנפאַרבאַנד איז גרויס, איר קאָנט דאָרט פאַרבלאָנדזשען...

אויפן דריטן טאָג האָט זיך באַוויזן אַ לאָקאָמאָטיוו פון דער הינטערשטער זײַט וואַגאָנען. די באַן־אַרבעטער האָבן אים צוגעטשעפּעט. מ'האָט געהייסן אַרײַנגיין אין די וואַגאָנען.

— זאָל מען שוין וואָס שנעלער ערגעץ ווו אָנקומען — איז מײַן פרוי אומגעדולדיק. ווײַל אונדזער לאַגע איז שוין געווען גאָר אומ־דערטרעגלעך. דאָס געלט איז אונדז אויסגעגאַנגען ביז אַ פּרוטה, און מיר האָבן שוין פּשוט געהונגערט.

דערהערט אַ טומל אין דרויסן, בין איך אַרויס און האָב דערזען אַ שווידערלעכע סצענע: אויף די רעלסן, פאַרן סאָפּענדיקן לאָקאָמאָטיוו, אַ גרייטער זיך אַ ריר צו טאָן, ליגן אויסגעלייגט צענדליקער פאַמיליעס, פרויען און קינדערלעך. טייל פון זיי לאָזן אַרויס פון צײַט צו צײַט קוויטשיקע געשרייען:

— נאָר איבער אונדזערע קערפּערס וועט איר פאָרן צוריק! — פאַר וואָס האָט מען אונדז אָפּגענאַרט אין בריסק?

— מיר ווילן קיין ראַטנפאַרבאַנד! — האָט אַ גרעסערע גרופּע געשריגן אין כאָר.

די געשרייען האָט פאַרטויבט דער לאָקאָמאָטיוו מיט זײַן רעווען, ווי עמעץ וואָלט אים געקוילעט. דאָ האָט זיך אַרויסגעטיילט איינער פון צווישן דער גרופּע גרענעץ־וועכטער, מסתּם אַ געקומענער פאָרשטייער פון מינסק, און אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט צום מאַשיניסט. דאָס רעוועץ פונעם לאָקאָמאָטיוו האָט זיך איבערגעריסן. אויך דער עולם האָט זיך צו ביסלעך אײַנגעשטילט. דעמאָלט האָט ער אָנגעהויבן מיט אַ רויִקן טאָן, אַרומקוקנדיק זיך אויף די ליגנדיקע און שטייענדיקע אַרום:

— טײַערע חברים, ס'איז קריג מיט פינלאַנד. איר זאָגט, אַז פון בריסק האָט מען אײַך געשיקט קיין ראַטנפאַרבאַנד. אָבער אין באַראַ־נאָוויטש האָט מען דאָך אויף אײַערע וואַגאָנען אויפגעשריבן „לידאַ", — ווייסט איר פאַר וואָס? ווײַל די מערהייט פון אײַך האָט נישט קיין דאָקומענטן. ס'איז נישט געווען קיין מעגלעכקייט צו קאָנטראָלירן, ווער איר זענט. און אײַך, חברים, — ווענדעט ער זיך צו אונדזערע פאָר־שטייער, מיט וועלכע ער האָט שוין אַפּנים געהאַט פריער גערעדט, — קענט איר דאָ אַלעמען פערזענלעך? זענט איר גרייט צו זײַן פאַראַנט־וואָרטלעך, אַז צווישן אַלע דאָ זענען נישטאָ קיין דיווערסאַנטן און שפּיאָנען?... איך שווער ביי סטאַלינס נאָמען: אַלע וואָס ווילן פאָרן קיין ראַטנפאַרבאַנד, וועלן פאָרן. אָבער ס'מוז בײַ אונדז זײַן אָרדענונג, נישט ווי אין אײַער פּוילן... צו ערשט וועט מען אײַך אַריינפירן דאָ נאָענט, אין איינעם פון די שטעטלעך. יעדער וועט האָבן אַ מעגלעכקייט צײַט־ווײַליק זיך אײַנצואָרדענען און באַווײַזן מיט דאָקומענטן, אָדער מיט באַגלייבטע עדות, ווער ער איז... ווי נאָר די מלחמה מיט פינלאַנד וועט זיך ענדיקן — און דאָס זיכער אין געציילטע טעג — וועט איר זיך רעגיסטרירן צום פאָרן... אדרבה, מיר נייטיקן זיך אין גוטע אַרבעטער. קיין אַרבעטסלאָזיקייט, ווי ביי אײַך אין פּוילן, איז בײַ אונדז נישטאָ...

ער וויל נאָך רעדן ווײַטער, אָבער פֿון עולם רײַסט מען אים איבער מיט אויסרופֿן:

— פּראַווילנאָ! — דער חבר איז גערעכט!

— זאָל לעבן חבר סטאַלין!

— זאָל לעבן דער ראַטנפֿאַרבאַנד!

און מאָמענטאַל זענען די רעלסן אָפּגעליידיקט געוואָרן, און אַלע זענען בליצשנעל אַרײַן אין די וואַגאָנען. די לאָקאָמאָטיוו־סירענע האָט אַרויסגעלאָזט פֿריילעכע און דערמונטערנדיקע סיגנאַלן, באַגלייט מיט הוראַ־געשרייען, און די באַגרעדער האָבן צוגעפּײַקלט, ווי בײַ אַ גוטן דזשאַז־אָרקעסטער.

פֿרײַטיק פֿרי, דעם אַכטן דעצעמבער 1939, נאָך עלף מעת־לעת פּלאָגעניש, זענען מיר אָנגעקומען אין שטעטל גלובאָק, ווילנער געגנט. יידן האָבן פֿאַר נאַכט אָנגעצונדן צוזאַמען מיט די שבת־ליכט אויך צוויי חנוכה־ליכטלעך לזכר אַלטע נסים.

אויף צו מאָרגנס איז אַראָפּגעפֿאַלן אַ גרויסער שניי. ס'האָט זיך אָנגעהויבן דער שווערער ווינטער פֿון יאָר 1939—40, אַ ביסל אַ פּאַר־שפּעטיקטער, אפֿשר צוליב אַ קאַפּיטשקע רחמנות אויף די וואָגלענדיקע פּליטים.

גלובאָק — אַ טיפּיש ווײַסרוסיש שטעטעלע, מיט ס'רוב הילצערנע הײַזקעס, מיט שטאַרק משופּעדיקע שינדל־דעכער — האָט אין דער גאַנצער סביבה געשמט פֿאַר אַ רייך ייִדיש שטעטל. ייִדן האָבן דאָ געפֿירט מסחרים מיט די אָרומיקע פּריצים און פּויערים. ייִדישע האַנט־ווערקער האָבן פֿאַר זיי געניית שיך און מלבושים און געהאַט פֿײַן פּרנסה, כאָטש די מערסטע טייל פֿונעם אָרעמען פּויערנטום האָט זיך באַנוגנט מיט לאַפּטשעס און אַליין־געניײטע מלבושים פֿון גראָב־געוועבטן לײַוונט. און אַזוי ווי דאָס שטעטל, איז אויך די שטאָט־פֿאַרוואַלטונג באַשטאַנען פֿון בלויז ייִדישע פֿאָרשטייער. בעתן אויפֿנעמען אונדזער עשאַלאָן האָבן זיי אַלעמען פֿונאַנדערגעשיקט אין די אָרומיקע שטעטלעך, ווייל גלובאָק איז דעמאָלט פֿול געווען מיט ווילנער פּליטים. בלויז געציילטע משפּחות, צווישן זיי מײַנע, זענען אײַנגעאָרדנט געוואָרן

אויפן אָרט. מיר האָבן באַקומען אומזיסטע מיטיקן און אַ ווינקל אין אַ שטוב פון אַ פּיַינער פאַמיליע. אמת, זיי האָבן זיך אָנהייב אַנטקעגנגעשטעלט, ביז די שטאָט־פּאַרוואַלטונג האָט זיי געדראָט, אַז מע וועט זיי מיט כוח אַרויסזעצן פון זייער וווינונג. מיר האָבן געהאַט דאָרט אַ קליין קעמערל פון איין מעטער די ברייט הינטערן אויוון; דאָס בעטל, וואָס איז דאָרט געשטאַנען, האָט געמוזט סטיַיען פאַר דער פרוי מיטן קינד, און איך בין געשלאָפן אויף דער אָנגעהייצטער הרובע.

ווען די ראַטנמאַכט האָט פאַרנומען מערב־אוקראַיִנע און וויַיס־רוסלאַנד און אָנגעשלאָסן זיי צו ראַטנפאַרבאַנד, האָבן זיי ווילנע און אַ טייל פון איר געגנט אָפּגעגעבן די ליטווינער. האָט אַ גרויסער טייל פון דער ייִדישער יוגנט פאַרלאָזט זייערע היימען און איז אַוועק מיט דער רויטער אַרמיי, און זייער מערהייט האָט זיך דעמאָלט געפונען אין גלובאָק. זיי האָבן דאָ געלעבט מיט דער האָפענונג, אַז די רויטע אַרמיי וועט אין אַ צײַט אַרום פאַרנעמען גאַנץ ליטע, און זיי וועלן זיך אומקערן אַהיים. מיר אָבער האָבן אַזעלכע האָפענונגען נישט געהאַט און דעריבער זיך באַמיט איַינצואָרדענען אין גלובאָק. האָב איך דאָס ערשטע געזוכט, און טאַקע אויך געפונען, אַרבעט בײַ מײַן פאַך — שטעפּערײַ. דערנאָך האָב איך גענומען אינטערווענירן אין דער שטאָט־פאַרוואַלטונג וועגן באַקומען אַ דירה. עס דערנענטערט זיך דאָך דער טאָג, ווען מײַן פרוי וועט גיין צו קינד. אויסער אין אַ וווינונג, האָבן מיר זיך גענייטיקט אין אַלץ, וואָס הייבט זיך אָן מיט אַן אַלף... לסוף האָבן מיר פון צוויי צימערלעך, רעקוויזירטע בײַ אַ קריסטלעכן רעסטאָראַטאָר, באַקומען איינס, און דאָס צווייטע — אַן אָרטיקע פרוי מיט צוויי קינדער, וואָס איר מאַן האָט זי געהאַט פאַרלאָזט.

מיר האָבן אָנגעהויבן זוכן מעגלעכקייטן צו באַקומען דאָס גאָר נייטיקסטע פאַר אונדזער ווירטשאַפט. אָבער דאָס איז געווען פון די נישט לײַכטע זאַכן. די געשעפטן זענען נאָך פאַר אונדזער קומען אויסגעליידיקט געוואָרן דורך די רויטאַרמייער, וועלכע האָבן געקויפט „מתנות" פאַר זייערע פאַמיליעס אַלץ, וואָס איז נאָר געווען פאַר די אויגן. דאָס איבעריקע האָבן די קרעמער אויסבאַהאַלטן אויף בעסערע

צײַטן... מילא, צום שלאָפן האָט געקאָנט גענוג זײַן אַ בינטל שטרוי אונטערצושפּרייטן און די מאַנטלען זיך צוצודעקן, אָבער דאָס וויכטיקסטע, וואָס אונדז האָט געפעלט, איז געווען שטוב־כלים. זענען מיר אַוועק איבער די קראָמען. זיי זענען טאַקע געשטאַנען אָפן, אָבער מער ווי שטיקער אײַזן און טשוועקעס איז אין זיי נישט געווען. זענען מיר אַרײַנגעגאַנגען צום גרעסטן קרעמער און ממש זיך געבעטן בײַ אים:

— פאַרקויפט אונדז אַן עמער אויף וואַסער, אַ צוויי טעפּלעך צום קאָכן און אַ שיסל אויף אַרומוואַשן זיך.

— כ׳האָב נישט. אַלץ אויספאַרקויפט.

— אפשר וועט איר נאָך פאָרט אַ זוך טאָן פאַר אונדז, — טרעטן מיר נישט אָפּ. — מיר ווען זיך נישט דינגען וועגן דעם פּרײַז.

— אַז איך האָב נישט.

— מיר ווייסן אָבער פון מענטשן, אַז בײַ אײַך קאָן מען עס נאָך באַקומען.

ער לאָזט אונדז שטיין און גייט צו צו אַנדערע קונים. מיר גייען אָבער נישט אַוועק און וואַרטן. מיר נוצן אויס אַ געלעגנהייט און פּרוּוון רעדן צו זײַן געוויסן:

— רב ייִד, מיט געציילטע חדשים צוריק זענען מיר געווען באַלעבאַטים פון אַן אײַנגעאָרדנטער היים און אין געציילטע מינוטן האָט מען אונדז נאַקעט־בלויז פון דאָרט פאַרטריבן... מיר נייטיקן זיך אין די עטלעכע זאַכן, וואָס אָן זיי קאָן מען דאָך נישט לעבן... די פרוי דאַרף אָט־אָט געבוירן, און מיר מוזן האָבן אַ שיסל פאַרן נײַ־געבוירענעם צום באָדן און צום וואַשן די ווינדעלעך...

— אָבער אַז איך האָב נישט. זאָל איך אײַך געבן די נשמה מײַנע?

— האָט ער זיך צעבייזערט.

דער ייִד האָט זיך אין שטעטל גערעכנט פאַר איינעם פון די שענסטע חסידישע ייִדן און גבירים. האָבן מיר נישט געוואָלט און נישט געקאָנט רעזיגנירן און זענען אַוועק אין זײַן פּריוואַטער וווינונג צו פּרוּוון ווירקן אויף זײַן פרוי. זי האָט אונדז געהייסן קומען מאָרגן. און אויף מאָרגן:

— איך קאָן אײַך שענקען — זאָגט זי — אַ טעפּל און אַ שיסל פון מײַנע שטובזאַכן. צו פאַרקויפן האָבן מיר גאָרנישט...

אין אַ פּאָר וואָכן אַרום האָב איך באַמערקט אַן אָנגעלויף לעבן זייער קראָם. טרעגער האָבן אַרויסגעטראָגן: טעפּ, שיסלען פון פאַרשיידענע גרייסן און סאָרטן, עמערס. מע טראָגט אַזוי פיל, אַז סע שווינדלט מיר אַזש אין קאָפּ. ס'ווערן אָנגעלאָדעוועט וועגענער מיט די פאַרשיידנסטע שטוב־כלים און אונטער אַ שמירה פון מיליציאָנערן אָפּגעטראַנספּאָרטירט.

...אַזוי שנעל צאָלסטו אָפּ, גאָטעניו טײַערער?... אפשר וואָלסטו בעסער מיט אַזאַ שנעלקייט אָפּגעצאָלט די גאָר גרויסע... די היטלער־מערדער... פאַר אַזעלכע, ווי אָט די ייִדן, האָב איך דאָך אַפילו נישט קיין געפילן פון נקמה, גיכער — אַן עקל... און זיי זענען אויך נישט אַזוי שטאַרק שולדיק אין זייערע אוממענטשלעכע האַנדלונגען, ווײַל זיי האָבן נישט געוווּסט, וואָס מיט די ייִדן דאָרטן קומט פאָר. דער גרויל פונעם אָנהייב חורבן פונעם פּוילישן ייִדנטום איז צו זיי אין די שטעטלעך נישט דערגאַנגען. דער סאָוויעטישער ראַדיאָ און די פּרעסע האָבן וועגן דעם נישט מיטגעטיילט. האָט ווער יאָ עפּעס געהערט וועגן דעם, האָט ער נישט געגלייבט:

— פאַרציילט נישט קיין באָבע־מעשיות וועגן דײַטשישע מער־דערײַען, כדי צו באַרעכטיקן אײַער קומען אַהער. זאָגט דעם אמת: ס'האָט זיך אײַך פאַרגלוסט צו די באָלשעוויקעס... וואָלט איר עס כאָטש געטאָן אַליין. אָבער ווי האָט איר זיך אײַנגעשטעלט צו לאָזן זיך פון וואַרשע אַהער, אין אַזאַ שווערן וועג, מיט אַ שוואַנגערער פרוי און פּיצל קינד?!

ווען איך האָב געפּרוווט דערווידערן, האָבן זיי פאַרגעזעצט:

— מיר קענען די דײַטשן נאָך פון פופצנטן יאָר. זיי האָבן דאָך אונדז געראַטעוועט פון די קאָזאַקישע פּאָגראָמשטשיקעס...

דאָס פּוילישע ווערטל „זשיד ניעדאָוויאַרעק" האָט זיך דאָ אין זיין גאַנצן גרויל באַשטעטיקט. בלויז יחידים זענען זיי געווען אין יעדער שטאָט און שטעטל, וואָס האָבן אויסגעהערט, געגלייבט, מיטגעפילט און אָפּט געלאָזט פאַלן אַ טרייסטוואָרט. דאָס זענען געווען די ל"ו אין יענער

צײַט. מיט אײנעם פֿון זײ האָב איך געהאַט די געלעגנהײט זיך צו באַקענען נאָענט און װערן מיט אים געקנופּט און געבונדן מיטן... ברית של אברהם אָבינו.

## קאַפּיטל צװעלף

דוד באַרנשטײן, װעלכער האָט מיך אײנגעאָרדנט אויף אַרבעט די ערשטע טעג פֿון אונדזער אָנקומען קײן גלובאָק אין זײַן שותּפֿותדיקן שטעפּערײ־װאַרשטאַט, איז געװען אַ נישט פֿאַנאַטישער ייִד, מיט אַן אונטערגעשוירן בערדל, אָבער אַ פֿרום־אָפּגעהיטער. אַ פּעדאַנט אין זײַן באַנעמונג, װי אין זײַן קלײדונג. געשטאַמט האָט ער פֿון ראָדעם און געװוינט אין גלובאָק פֿון נאָך זײַן חתונה. ער פֿלעגט גערן אויסהערן מײַן דערצײלן, בעת דער אַרבעט, און לאָזן רינען טרערן. איך פֿלעג אים שעהענװײַז שילדערן בילדער פֿון גרויל און אומקום, דײַטשישע רציחות, װאָס כ׳האָב אַלײן בײַגעװוינט און װאָס כ׳האָב זיך אָנגעהערט. אויך װעגן אונדזער אײגענעם װאַנדערװעג ביז גלובאָק. אויך ער פֿלעגט מיר דערצײלן פֿון זײַנע איבערלעבונגען אין דער ערשטער װעלט־מלחמה, װען ער איז געװען אַ פּליט אין צאַרישן רוסלאַנד. װאָס פֿאַר אַ גרויסע רעטונגס־אַרבעט ס׳האָט דעמאָלט אונטערגענומען דאָס גוטהאַרציקע רוסישע ייִדנטום פֿאַר די מלחמה־פּליטים! ייִדישע גבֿירים האָבן געשענקט ריזן־סומעס, געשאַפֿן הילפֿס־קאָמיטעטן און פֿאַרלײַכטערט דאָס לעבן פֿון די פּליטים. איך האָב עס אויך אַלײן געדענקט. בעת דער ערשטער װעלט־מלחמה איז אונדזער משפּחה אויסגעקומען צו טײלן דעם גורל פֿון די פּליטים. אין משך פֿון געצײלטע טעג איז פֿון מײַן פֿאָטערס פֿאַרמעגן גאָרנישט געבליבן — די רוסישע סאָלדאַטן האָבן עס צעראַבירט. און װען דאָי שטעטעלע קראַסנאָשילץ איז איבערגעגאַנגען פֿון האַנט צו האַנט איז געקומען דער באַפֿעל, אַז אַלע ייִדן זאָלן אַװעק, װײַל זײ זענען אַלע דײַטשישע שפּיאָנען. געקומען דעמאָלט קײן פּולטוסק, האָבן

מיר אַ געוויסע צײַט געגאָסן פון דער גרויסער הילף פונעם רוסישן ייִדנטום, וועלכע האָט דערגרייכט אויך צו אונדז קיין פּוילן.

ווי אַנדערש איז דער גורל פון די הײַנטיקע פּליטים, געראַטע־וועטע פונעם סאַמע היטלער־גיהנום, וועלכע געפינען זיך צווישן ייִדן, וואָס האָבן נאָך די מלחמה נישט דערפילט, פאַרקערט, טייל זענען נאָך רײַכער געוואָרן... פאַר וואָס זענען הײַנט נישטאָ אַזעלכע רעטונגס־קאָמיטעטן און מע לאָזט עס בלויז פאַר דער שטאַט־פאַרוואַלטונג? אויב ס׳זענען דאָ אַזעלכע, וואָס האָבן מורא פאַר אַ "גוט אויג", מע זאָל נישט דערזען זייער פאַרמעגן, איז דאָך בײַ ייִדן תמיד געווען דער מנהג פון מתן־בסתר... ווו זענען זיי הײַנט, די ייִדן בני־רחמנים? — אַזוי האָב איך געטענהט. האָט מיר באָרנשטיין געענטפערט:

— די בני־רחמנים זענען דאָ, נאָר די רחמנים אַליין — נישט...

דער יונגער יידישער דור האָט זיך אין די אַלע שטעט און שטעטלעך צוגעכאַפּט צום „עמעס", וועלכער האָט אויסגעשפּרייט זײַנע פליגל איבער די „באַפרייטע" געביטן און אויפגעקלערט די, „וועלכע האָבן אָפּגעפינצטערט בײַ די פּוילישע פּאַנעס און אָקופּאַנטן אין משך פון צוואַנציק יאָר". אָט דער יונגער דור האָט, פאַרשטענדלעך, נישט געוואָלט גלייבן אין די דערציילונגען וועגן די דײַטשישע מערדערײַען איבער דער יידישער באַפעלקערונג אין די אָקופּירטע געביטן.

— דאָס איז קאָנטררעוואָלוציאָנערע פּראָפּאַגאַנדע מיטן ציל צו באַשמוצן די סאָוויעטישע רעגירונג מיטן חבר סטאַלין בראש, — האָבן זיי געפּסקנט.

פלעג איך מוזן מײַנע דערציילונגען פאַרגלעטן.

די יוגנטלעכע, וועלכע האָבן געאַרבעט ביי דוד באָרנשטיינען אין וואַרשטאַט, האָבן געהאַלטן, אַז זייער ברויטגעבער איז ביז איצט געווען איינער פון די גרעסטע אויסנוצערס. איז איצט געקומען די צײַט אַרויפּ־צוציען דעם אַרבעטלוין ביז גאָר. זיי פלעגן זייערע לוין־פאָדערונגען באַלד געווינען. קיין דרך־ארץ האָבן זיי פאַר אים אַוודאי נישט געהאַט און פלעגן האָבן מיט אים אָפטע סכסוכים. איך, פאַרקערט, הגם איך בין ווײַט געווען פון פרומער יידישקייט, האָב דאָך געפונען מיט אים נישט

נאָר אַ געמיינזאַמע שפּראַך, נאָר געפּילט צו אים דעם גרעסטן דרך־ארץ. האָב דערקאָנט אין אים אַן ערלעכן יידן, וואָס זײַן פרומקייט איז לשמה, נישט צו פאַרדעקן חטאים.

ווען ער האָט געהערט, אַז איך האָב שוין מיט מזל אַהיים געבראַכט פון שפּיטאָל מײַן פרוי מיטן נײַ־געבוירענעם יינגעלע, זאָגט ער צו מיר:

— הער אויס, אַלע מײַנע יאָרן באַמי איך זיך צו באַקומען סנדקאות. כ׳האַלט עס פאַר דער גרעסטער מצווה. וויל איך אויך בײַ דײַן זונעלע זײַן סנדק. מאָרגן איז דאָך דער אַכטער טאָג, יאָ?

— יאָ. אָבער איך האָב איצט נישט קיין שום מעגלעכקייט צו מאַכן דעם ברית. ס׳איז כמעט אוממעגלעך אַפילו צו טראַכטן וועגן דעם. אפשר אין אַ צוויי־דריי חדשים אַרום, ווען דער שווערער ווינטער וועט אַריבער.

— שטערונגען באַזײַטיקט מען. האָלץ צום הייצן, זאָגסטו, האָסטו געגוג, איז נעם און הייץ גוט אויס. דו דאַרפסט דאַנקען גאָט, וואָס אין אַזעלכע איבערלעבענישן איז די געבורט דורך נאָרמאַל און ס׳איז געבוירן געוואָרן אַ געזונט יינגעלע. איז דאָס נישט קיין נס ממש?... די אָנפאַלן פון גאַלשטיינער בײַ אײַער פרוי, קעגן וועלכע די וואַרשעווער דאָקטוירים־ספּעציאַליסטן האָבן געאָרנישט געקאָנט אויפטאָן, זענען אַוועק מיטן אויסבראָך פון דער מלחמה, ווען איר האָט זיך פאַרלוירן אין וועג. זעסטו, אַז דער אייבערשטער שטראָפט נישט מיטביידע הענט! אַזעלכע, מיט נסים לעבן־געבליבענע, טאָרן נישט איצט אָפּלייגן דאָס פראַוועון דעם ברית.

— כ׳האָב אָבער נישט קיין האַרץ אָנצוטאָן ווייטיק דעם קינד.

— וואָס, ווייטיק, זאָגסטו? קעגן די טײַכן יידיש בלוט, וואָס גיסן זיך איצטער, וואָס פאַר אַ באַדײַטונג האָבן די פּאָר טראָפּנס בלוט פון דײַן קינד? פאָלג מיך, גיי אַהיים, רעד איבער מיט דײַן פרוי, צי... אויך זי איז מסכים, איך זאָל זײַן דער סנדק און גיב מיר באַלד צו וויסן.

— אַז די פרוי וועט מסכים זײַן, דערין צווייפל איך נישט. מיט וואָס קאָן איך אײַך דען אָפּדינען, אַחוץ מיט... אַ מצווה?

אויף מאָרגן, פריִטיק אין דער פרי, זענען אַריינגעקומען אַ מנין ייִדן מיט דוד באָרנשטיינען בראש. מ׳האָט אַוועקגעשטעלט אַ פלאַש משקה און פאַרבייסן. דער מוהל האָט שנעל צוגעגרייט דאָס קינד צום ברית של אברהם אבינו, און ס׳האָט באַקומען דעם נאָמען גרשון, נאָך דער פרויס פאָטער.

— געדענקט מיינע רייד: פון מיינע סנדקאות וואַקסן אויס אַזעלכע יונגען! — האָט אַ זאָג געטאָן רב דוד באָרנשטיין, אָנווייזנדיק מיט דער האַנט אַ קאָפּ העכער ווי מיר זענען.

מ׳האָט טועם געווען די משקה, געטרונקען לחיים, און אַ מנין ייִדן האָבן צוגעווונטשן, זיינע נביאותדיקע רייד זאָלן מקויים ווערן; היטלערס אַרמיי זאָל האָבן אַ גיכע מפּלה; ס׳זאָל קומען אַ גיכער שלום אויף דער וועלט און בעסערע צייטן פאַרן ייִדישן פאָלק.

נאָך זייער אַוועקגיין, בעת מיין פרוי האָט זיך באַגאָסן מיט טרערן, איינשטילנדיק דאָס קינד, האָב איך זי געטרייסט:

— ווער ווייסט, צי מיר וואָלטן געהאַט אַן אַנדער מעגלעכקייט אים אַ ברית צו מאַכן... אַז דאָס קינד וועט אויסוואַקסן, וועט עס זיכער נישט האָבן צו אונדז קיין טענה, פאַר וואָס ער איז גלייך מיט אַלע ייִדן... וואָלטן מיר עס נישט געטאָן, וואָלט ער אפשר יאָ געהאַט טענות... ווער ווייסט, וואָס אונדז שטייט נאָך פאָר... אָט האָט ראַטנפאַרבאַנד אָנגעהויבן אַ מלחמה אויף אַ קאַטאָווּעס מיטן קליינעם פינלאַנד, איז שוין אַריבער העכער צוויי חדשים און די מלחמה איז נאָך אין פולן ברען.

אויך אויף אונדזער פריוואַטן פראָנט איז געווען גאָרנישט פויגלדיק. דער קאַמף, וואָס איך האָב געפירט פאַר אונדזער טאָג־טעגלעכער עקזיס־טענץ, איז געווען גאָרנישט פון די לייכטע זאַכן. די פרעסט זענען דער־גאַנגען צו 38—40. די איינציקע טרייסט איז געווען, וואָס ברויט צו קויפן איז געווען גענוג. שווער איז געווען מיט אַנדערע פּראָדוקטן, חוץ מיט איבערגעפּראָרענע עפּל, וועלכע דער פאַרקויפער, רייבנדיק די הענט, זיך צו דערוואַרעמען, פלעגט זייער אויסלויבן:

— זענען דאָס געווען גוטע עפּל! גוטע עפּל! כאַפּט זיי אַוועק! זיי האָבן זיך טאַקע אַרויסגעוויזן פאַר אַ גוטע נערונג... אָבער

אַ סך שווערער איז אָנגעקומען מיט אַנדערע נייטיקע זאַכן, איבערהויפּט פאַרן קינד, פאַר וועלכן מיר האָבן נישט געקאָנט באַקומען די מינימאַלע צאָל ווינדעלעך און העמדעלעך. דאָס שטיקל לײַוונט, וואָס איך האָב באַקומען פון אַ באַאַמטן אין דער שטאָט־פאַרוואַלטונג, — באַשטימט פאַר טראַנספּאָראַנטן און לאָזונגען, — איז נישט גענוג געווען, און אין די געשעפטן האָט מען קיין לײַוונט נישט געקענט באַקומען; אפשר איז דאָרט יאָ געווען, אָבער פאַרקויפן האָט קיינער נישט געוואָלט.

מיר פלעגן זיך נישט איין מאָל פרעגן, פאַר וואָס זענען מיר אַן אויסנאָם פון דער גאַנצער משפּחה אונדזערער, סײַ פון מײַן, סײַ פון דער פרויס צד, וואָס זיי אַלעמען איז געלונגען צו קומען קיין ראַטנפאַר־באַנד, ווי אויך אַלע אונדזערע חברים און פרײַנד, און נאָר מיר מוזן דאָ ווינטערן אין איינזאַמקייט צווישן פרעמדע ייִדן? מײַן פרוי פלעגט אויסגיסן איר צער און ווייטיק אין די לידער, וואָס זי פלעגט זינגען ביים איינוויגן דאָס קינד:

כ׳האָב געהאַט אַ היים, ווו כ׳בין געבוירן,
שוועסטער, ברידער אויך געהאַט,
הײַנט בין איך עלנט, ווי פאַרלוירן,
ווי כ׳וואָלט קיינעם נישט געהאַט...

אַ סענטימענטאַל לידל איז בײַ איר מגולגל געוואָרן אין אַ וויגליד. אַ מאָל פלעגט זי אויסנוצן לידער פון דיכטער, ווי מאָריס ראָזנפעלדס סטראָפן, ווי פאַר אונדז געשאַפענע:

מיר ווערן פון לאַנד צו לאַנד געיאָגט,
ווו געגעכטיקט, נישט געטאָגט...

און אָט האָט אַ צווייטער דיכטער געזען אין זײַן וויזיע:

אויפן בוידעם שלאָפט דער דאַך,
צוגעדעקט מיט שינדעלעך;
אינעם וויגל ליגט דאָס קינד
נאַקעט־בלויז, אָן ווינדעלעך...

ממש טאַקע, ווי ביי אונדז: דער דאַך פון אונדזער שטיבל איז פון שינדעלעך, אַ וויגעלע, כאָטש אַ געבאָרגטס, אָבער אַ וויגעלע, נאָר אָן ווינדעלעך. ווי ס׳איז שווער זיי צו באַקומען! אוי, ווי שווער!

איין מאָל, פאַר נאַכט, ווען איך בין געקומען פון דער אַרבעט אַהיים, האָב איך געטראָפן די טיר פאַרשלאָסן. אָנגעקלאַפּט, הער איך דער שכנהס קינדער שרייען אַרויס צו מיר:

— מיר לאָזן דיך מער נישט אַריין דורך אונדזער צימער.

— איז ווי אַרום זאָלן מיר גיין?

— אונדז גייט דאָס נישט אָן!

קוים געפּועלט ביי זיי. עטלעכע טעג האָט מען זיך אַזוי אויס־געטענהט.

— איך וועל דאָך ווינטער נישט עפענען דאָס איינציקע פענצטער, צו גיין דורך דעם אין שטוב אַריין, — האָב איך געטענהט, — אָדער לאָמיר זיך טוישן מיט די צימערן, און איר וועט גיין דורך אונדז.

ניין. דאָס ווילן זיי אויך נישט.

— איז וואָס זאָלן מיר טאָן?

— ווער האָט געשיקט נאָך אייך?...

די אומגליקלעכע פאַמיליע, וואָס דער מאַן און פאָטער האָט פאַרלאָזט, האָט איר פאַרביטערונג אויסגעלאָזט צו אונדז.

„טאָ וווהין זאָל איך גיין?" —

האָט מיין פרוי פאַרביטערט געזונגען. משה אושר, וועלכער האָט דאָס געזונגען, האָט זיך זיכער נישט פאַרגעשטעלט, וויפל טרערן ס׳רופט ביי אונדז אַרויס זיין:

„עס בענקט זיך מיר אַהיים,
אין שטעטעלע אין דעם..."

— מאַמע, — בעט זיך אונדזער טעכטערל, — זינג יענץ לידעלע, וואָס מאַכט לאַכעדיק...

— איך קאָן נישט היינט... איך וועל זינגען פונעם ציגעלע:
אונטער גערשעלעס וויגעלע
שטייט אַ גאָלדן ציגעלע...

— נײן, — װײנט זיך דאָס טעכטערל פֿונאַנדער, — שטײט שױן נישט... אַ גאָלדן ציגעלע... היטלער צוגענומען...

איך האָב זי קוים אײַנגעשטילט:

— היטלער האָט דאָס ציגעלע נישט צוגענומען... דעם ציגעלע איז אָנגעװאָקסן פֿליגעלעך... ס'איז געװאָרן אַ מלאכל... פֿליט אַרום און היט אָפּ ייִדישע קינדער... אין דער פֿרעמד...

פּאַרהיטן עופּעלעך פֿון קראַנקהײטן איז שװער אַפֿילו בײַ גוטע באַדינגונגען, בפֿרט אין אַזעלכע, װי מיר האָבן געלעבט. אין זעקסװאָכיקן עלטער האָט אונדזער עופּעלע באַקומען אַ הױכע טעמפּעראַטור, פֿיבער. מיר האָבן עס אײַנגעטוליעט און אַװעקגעטראָגן אין שפּיטאָל. נאָך אַ רענטגען־דורכלײַכטונג האָט דער דאָקטאָר פֿעסטגעשטעלט:

— לונגען־אָנצינדונג, — און צוגעגעבן, — נישט פֿאַר זײַנע כוחות אױסצוהאַלטן.

די פֿרױ ברעכט אױס אין אַ געװײן:

— אױסגעטראָגן אין אַזעלכע שװערע באַדינגונגען... אָבער געבױרן געװאָרן אַזאַ געזונטס...

דער דאָקטאָר נעמט עס באַטראַכטן נאָך אַ מאָל. פּלוצעם טוט ער זיך אַ װאָרף אױף צוריק, װי אַן איבערגעשראָקענער, און נעמט זיך װישן דאָס פּנים מיט אַ טיכל...

— אַזאַ שגץ!...

אָבער דאָס מײַלעכל פֿונעם קינד — װי ס'װאָלט געשמײכלט: איך בין נישט קײן שגץ... זע, מ'האָט מיר אַ ברית געפּראַװעט...

אין קורצן איז דאָס קינד געזונט געװאָרן... ציגעלעך־מלאכימלעך האָבן עס געהיט.

## קאַפּיטל דרײַצן

— װאָס איז אַן אַרטעל? — די פֿראַגע האָט אונדז געשטעלט די „קולטראָבאָטניצע" און גלײַך אַלײן געענטפֿערט — אַרטעל איז אַ פֿאַר־

איינינקונג פון באַלמעלאָכעס אויף שותפותדיקע קאָאָפּעראַטיווע יסודות, אָן עקספּלאָאַטאַציע און אונטערדריקונג... אַ שטייגער, נישט ווי אין די קאַפּיטאַליסטישע לענדער און ווי ס׳איז געווען בײַ אײַך אין פאַשיסטישן פּוילן... דער אַרטעל־סטאַטוט איז פאָלגנדער...

זי האָט פאָרגעלייענט פּאַראַגראַף נאָך פּאַראַגראַף און נאָך יעדן פּונקט געפרעגט:

— פאַרשטאַנען? זענען דאָ פראַגן? זענען דאָ קעגנער? זענען אַלע אײַנשטימיק?

מיר ענטפערן, צוגעפּאַסט צו דער פראַגע: „ניין", „יאָ".

עטלעכע שבתים אַזוי, נאָך דער אַרבעט, האָט זי מיט אונדז געלערנט. מיר זענען דאָך עפּעס געוואָרן, מיטן צושטיין צום ערשט־געגרינדעטן אַרטעל, אַקטיווע סאָוויעטישע בירגער.

דער אַרטעל איז באַשטאַנען פון צוויי צעכן — שטעפּער און שוסטער, אונטער איין אָנפירונג, וועלכע איז פאַקטיש געווען פון די שוסטער. מיר, די שטעפּער, האָבן אויסגעפּאַרטיקט די אויבערטיילן לויט די מאָסן און דעם לעדער, וואָס זיי האָבן צוגעשטעלט. דוד באָרנ־שטיין איז געווען דער הויפּטמײַסטער פון די שטעפּער. ער איז געווען פון די ערשטע גרינדער פונעם אַרטעל, פאַרשטייענדיק, אַז זײַן פּריוואַ־טער וואַרשטאַט האָט נישט קיין עקזיסטענץ־באַרעכטיקונג — אויף לעדער איז געוואָרן אַ יקרות און קיין באַשטעלונגען זענען כמעט נישטאָ. פאַר מיר איז די גרינדונג פונעם אַרטעל געקומען צו דער ריכטיקער צײַט. איך האָב שוין אַ צײַט געאַרבעט נישט סטאַביל, סך־הכל געציילטע טעג אין דער וואָך, אַ מאָל דאָ, אַ מאָל דאָרט. האָב איך זיך טאַקע פון די ערשטע רעגיסטרירט. פאַר די געזעלן און לערנייינגלעך, וועלכע האָבן פריִער געאַרבעט ביי דוד באָרנשטיין אין וואַרשטאַט, איז דאָס אַוודאי געווען „אַ געווינס" — זיי וועלן מער נישט עקספּלאָאַטירט ווערן...

האָט מען שבת נאָך דער אַרבעט געלערנט דעם סטאַטוט פון אַרטעל.

— אויף הײַנט וועט זיין גענוג מיטן סטאַטוט. די צווייטע טייל וועלן מיר באַהאַנדלען דעם צווייטן שבת. גוט?

— גוט. — זענען מיר מסכּים.

— איצט וועל איך אייך פאָרלייענען אַן אַרטיקל פון אַ צײַטונג. די צײַטונג — אַ ווײַסרוסישע, די מינסקער „פּראַוודאַ״. זי האָט געלייענט דאָס לייט־אַרטיקל „וועגן די סקאַנדינאַווישע לענדער״. זעלטן האָט מען פאַרשטאַנען אַ וואָרט. זי האָט אַלע מאָל אַ פרעג געטאָן:

— פאַרשטאַנען? — און אַלע האָבן געשאָקלט מיטן קאָפּ אויף יאָ... דער עולם האָט שוין געוואָלט איבערקומען און אַהיים גיין. איך, ווי כ׳האָב נישט פאַרשטאַנען די שפּראַך, האָב זיך אָבער אָנגעשטויסן, אַז זי אַליין פאַרשטייט נישט דאָס אַרטיקל, ווײַל זי ווייסט נישט, וואָס איז דאָס אַזוינס... סקאַנדינאַווישע לענדער.

איך האָב אַ בעט געטאָן איינעם, ער זאָל זי אַ פרעג טאָן, וואָס איז דאָס סקאַנדינאַווישע לענדער? ווו געפינען זיי זיך? הייבט זי אָן פּלאָנטערן מיט דער צונג:

— סקאַנדינאַווישע לענדער... דאָס זענען... קאַפּיטאַליסטישע... — און אַז קיינער פרעגט שוין נישט מער, דערקלערט זי, — איצטער וועלן מיר זינגען.

— ס׳הייבט זיך אָן דער צווייטער טייל פון קאָנצערט. — טוט עמעץ אַ מורמל.

כּדי אַרײַנצוברענגען אין אונדז התלהבות און פּאַטריאָטיזם צום גרויסן נײַעם פאָטערלאַנד, ווערן אויך אײַנגעזונגען מיט אונדז לידער. די שוסטער זענען מיינסטן טייל עלטערע ייִדן. זיי חזרן אײַן צוזאַמען מיט אַלע דאָס ליד „קאַטיושאַ״...

— פאַר וואָס זינגט איר דאָס ליד קרעכצנדיק? — זאָגט זי צו אַ ייִדן, וועלכער דערמאָנט מיר אין יונהלע שמש פון אַ שטעטל ערגעץ אין פּוילן, — מע דאַרף עס זינגען פריילעך, מוטיק.

ער פאַרלירט זיך נישט און ענטפערט גלײַך:

— די שטימע האָט זיך בײַ מיר געענדערט. אין די יונגע יאָרן פלעג איך זינגען שיין... און קרעכצן קרעכץ איך, פאַר וואָס איר האָט אונדז נישט באַפרײַט מיט צוואַנציק יאָר צוריק און געלאָזט אונדז זיך

מאַטערן אַלע יאָרן ביי די פּאָליאַקן... זע, ווי איך בין ביי זיי גראָ געוואָרן...

דער עולם האַלט זיך איין, נישט אויסצושיסן מיט אַ געלעכטער, און מע זינגט ווייטער. נאָכן פאַרענדיקן דאָס געזאַנג, ווען ס׳בלייבן איבער נאָר עטלעכע, זאָגט ער:

— ענדלעך פּטור געוואָרן! וואָלט דען נישט גלייכער געווען, מע זאָל מיך לאָזן גיין אין בית־מדרש זאָגן אַ פּאָר קאַפּיטלעך תהלים, לערנען אַ פּרק משניות? אַנשטאָט זמירות דאַרף איך זינגען „קאַטיושאַ״?

— זעט איר, — רופט זיך אָפּ אַ צווייטער שוסטער, — און דוד באָרנשטיין גייט גלייך נאָך דער אַרבעט אַוועק.

— ער איז דער איינציקער ביי אונדז אין אַרטעל, וואָס ביי אים איז דער שבת הייליק. — וואַרפט צו אַ דריטער.

און ס׳גייט אַוועק אַ שמועס וועגן דוד באָרנשטיינס אויפפירונג. שבת דאַוונט ער מיטן ערשטן מנין און באַוויזט אָפּצועסן די שבת־דיקע סעודה. דערנאָך טוט ער זיך איבער אין די אַרבעט־בגדים און קומט צו דער אַרבעט. אָפּגעאַרבעט, גייט ער שנעל אַהיים, טוט אָן צוריק די שבתדיקע מלבושים און ס׳איז ביי אים ווייטער שבת ביז נאָך הבדלה.

— דעם צווייטן שבת וועל איך אויך אַזוי טון. — רופט זיך אָפּ „יונגהלע שמש״.

ווען כ׳דערצייל שפּעטער דוד באָרנשטיינען וועגן דעם שמועס, שמייכלט ער:

— זאָלן זיי נאָכטאָן. אָבער אַ סך פון זיי שעמען זיך דאָך מיט יידישקייט און פאַרוויקלען עס אין... שמאַטעס. — און דערביי דערציילט ער מיר אַן אַנעקדאָט. — צוויי בטלנים אין בית־מדרש האָבן געשמועסט וועגן ראָטשילדס רייכטום:

— זאָג מיר, אויב ער איז טאַקע אַזוי רייך, איז וואָס פאַר אַ שיך טראָגט ער?

— זיבער גאָלדענע.

— און אַז סע רעגנט אין דרויסן, ווערן זיי דאָך שמוציק פון דער בלאָטע?

— וויקלט ער זיי אַרום מיט שמאַטעס.

— זעט מען זיי דאָך נישט אַרויס?

— מאַכט ער לעכער אין די שמאַטעס, מע זאָל זיי אַרויסזען.

— רינט דאָך די בלאָטע אַרײַן דורך די לעכער?

— פאַרשטאָפּט ער די לעכער מיט וויעכעטשעס שטרוי. — און באָרנשטיין גיט צו:

— נאָר בטלנישע קעפּ האַלטן, אַז גאָלדענע שיך דאַרף מען וויקלען אין שמאַטעס... מיט ייִדישקייט דאַרף מען זיך נישט שעמען. און ווײַל דו ביסט נישט קיין פרומער ייִד, חזר איך דיר איבער: מיט ייִדישקייט דאַרף מען זיך נישט שעמען. זאָלסט עס שטענדיק געדענקען.

— כ'האָב עס שטענדיק געדענקט. אומעטום, וווהין דער גורל האָט אונדז נישט פאַריאָגט, האָב איך דערקלערט קלאָר און אָפן, אַז כ'בין אַ ייִד.

אָבער אין וואָס באַשטייט מײַן ייִדישקייט, קאָן איך זיך אין דעם מאָמענט נישט פונאַנדערפלאָנטערן — דער קאָפּ איז מיר פאַרנומען מיט די חשבונות פונעם אַרטעל...

— — — — — — — — — — — — — — —

ס'איז שוין געווען העכער אַ חודש ווי מע האָט געאַרבעט, און קיין געלט קוקט מען נישט אָן. אמת, מיר האָבן באַקומען אַקאָנטאָ, אָבער דאָס איז דאָך אַ קלײנער פּראָצענט פון דעם, וואָס מע דאַרף באַקומען. ס'האָבן זיך אָנגעהויבן זוכענישן און קאָנטראָלן — ס'זענען נישט פאַרשריבן די אַלע איבערטיילן, וואָס מיר האָבן געמאַכט, בלויז אַ קלײנער טייל פון זיי. די בוכהאַלטעריע האָט אָנגעהויבן אַרבעטן מיט אַ פאַרשפּעטיקונג און נישט ווי געהעריק. ווײַזט אויס, אַז מע האָט פאַרשיידענע פּערזאָנען געטיילט „מתנות", און גלאַט נישט אַרײַנגע־שריבן. פאַר אַ סך איז דאָס נישט געווען וויכטיק, ווײַל דער אַרטעל איז פאַר זיי געווען בלויז אַ פאָרהאַנג, צו פאַרשטעלן זייערע פּריוואַטע

פאַרדינסטן. אָבער פאַר מיר איז ער געווען דער איינציקער מקור פאַר אונדזער חיונה. איך האָב אָנגעהויבן דערפילן „גלײַכהייט“ פון אַלע מיטגלידער אין אַרטעל, ווו ס׳זענען נישטאָ קיין אונטערדריקער און אונטערדריקטע... דערווײַל האָב איך געבאָרגט עטלעכע גילדן בײַ דוד באָרנשטיין אויף האָבן איבערצוקומען.

## קאַפּיטל פערצן

ס׳האָט זיך דערנענטערט דער פרילינג. ס׳איז מיטן מערץ. די פרעסט, וואָס האָבן אָנגעהאַלטן כמעט אָן איבעררײַס העכער דרײַ חדשים זענען פאַרשווונדן. ס׳האָבן אָנגעהויבן בלאָזן די ערשטע וואַרעמע ווינטלעך. דער שניי האָט זיך ביסלעכווײַז צעשמאָלצן. די זונשטראַלן האָבן גענומען וואַרעמען, און דער עולם האָט אָנגעהויבן אַראָפּוואַרפן פון זיך די גראָבע פוטערס און וואַטאָוועקעס. נאָר איך מיט מײַן פרוי האָבן נישט נייטיק געהאַט צו טוישן די מלבושים — אונדזערע מאַנטלען זענען גוט געווען אויך אין אַ וואַרעמען וועטער. די דרויסנדיקע פרייד האָט פאַר־לײַכטערט די אינערלעכע צרות.

ס׳איז פאָרגעקומען אַן אַלגעמיינע רעגיסטראַציע אויף צו באַקומען פּאַספּאָרטן. זענען מיר געווען פון די ערשטע צו גיין זיך רעגיסטרירן. זינט די דײַטשן האָבן אונדז פון אַלץ באַרויבט און די דאָקומענטן צעריסן, האָב איך זיך געפילט ווי אַ לעבעדיקער מת. ס׳האָט אונדז דערנידעריקט און באַליידיקט, וואָס יעדער קאָן קוקן אויף אונדז מיט חשד. איצט, אַז מיר וועלן באַקומען די פּאַספּאָרטן, וועלן מיר זומער נאָך אַ מאָל פּרוּוון פאָרן קיין ראַטנפאַרבאַנד, ווו מיר וועלן זײַן גלײַכע בירגער מיט אַלע, — מ׳האָט דאָך אונדז בײַ דער גרענעץ צוגעזאָגט...

— — — — — — — — — — — — — —

די קולטור־אַרבעט, וואָס איז יענעם ווינטער געפירט געוואָרן אין גלובאָק, ווי אין אַנדערע שטעט און שטעטלעך, האָט אָנגענומען וואָס ווײַטער אַלץ אַ גרעסערן פאַרנעם. אינעם קולטור־הויז זענען

פאַרגעקומען ליטעראַרישע אָוונטן, אַרויסטרעטונגען פון קינסטלער. ס׳זענען געשאַפן געוואָרן ספּאָרט־און קולטור־קרייזן, קורסן פאַר אַנאַלפאַבעטן און אַזוי ווײַטער. די יוגנט האָט זיך געריסן צו דער קולטור־אַרבעט. זי האָט געגלייבט, אַז זי וועט איצט אַ סך מער געניסן אין דער ייִדישער שפּראַך, איידער פריִער דאָרט אין פּוילן. און ס׳איז ווירקלעך אַזוי געווען.

איך מיט מײַן פרוי זענען אָבער געווען אַזוי צוגעבונדן צו די שטוב־צרות, אַז ס׳איז אונדז נישט געלעגן אין זינען צו גיין אויף ליטעראַרישע אָוונטן, אַוודאי נישט אויף פאַרווײַלונגס־אָוונטן, אָדער אין טעאַטער. מיר האָבן אָבער נישט געקאָנט בײַשטיין דעם נסיון אַדורכצו־לאָזן דעם קאָנצערט־ און רעציטאַציע־אָוונט פון דעם קינסטלער־פּאָרל יוסף קאַמיען מיט זײַן פרוי נאַדיע קאַרעני. קאַמיענס רעפּערטואַר איז באַשטאַנען ס׳רוב פון דער הומאָריסטישער ייִדישער ליטעראַטור: שלום עליכם, משה נאַדיר, דער טונקעלער און אַנדערע. קאַרעני האָט געזונגען אַ ריי פון די שענסטע ייִדישע פאָלקסלידער. די באַגײַסטערונג פונעם עולם איז געווען אין־לשער. דער עולם האָט געשטורעמט מיט געלעכטער און אָוואַציעס. און מיר זענען מיטגעריסן געוואָרן און האָבן מיטגעלאַכט מיטן פריידיקן עולם. מיר זענען אויף אַ משך פון עטלעכע שעה אַרײַנגעפירט געוואָרן אין אַן אַנדער וועלט, וואָס מיר האָבן שוין געהאַט פאַרגעסן, אַז אַזאַ האָט עקזיסטירט... ווי לאַנג האָבן מיר שוין קיין שמייכל נישט געגעבן?... דאַכט זיך, אַז אַ סך יאָרן זענען שוין אַריבער זינט מיר האָבן געזען אַ ייִדישע פאָרשטעלונג, געהערט אַ ייִדישן קאָנצערט. ס׳גלייבט זיך קוים, אַז נישט מער ווי מיט זיבן חדשים צוריק... ווי איז דאָס מעגלעך? — פרעגן מיר זיך — אַז אין אַזאַ קורצער צײַט האָבן מיר דורכגעמאַכט אַזוי פיל צרות און פּײַן און פיל מאָל ניצול געוואָרן פון טויט?... אָבער אַזוי איז עס, און מיר פרייען זיך מיט מיטן פריידיק־צעשטורעמטן עולם, יונגנטלעכע און עלטערע. (אַ ליכטיקן גן־עדן זאָלט איר האָבן, יוסף קאַמיען און נאַדיע קאַרעני, פאַר דער גרויסער פרייד, וואָס איר האָט אונדז דעמאָלט פאַר־שאַפט!).

אויף מאָרגן, בײַ דער אַרבעט, רוימט מיר אײַן אין אויער איינער פון די שוסטער:

— ער האָט עס גוט געמאַכט, דער אַרטיסט.

— זיכער, — ענטפער איך אים, — ער איז דאָך אַ גרויסער קינסטלער בײַ יידן.

— ניין, נישט דאָס מיין איך, — שמייכלט ער, — איך מיין, ווי קונציק ער האָט אַרײַנגענומען אין פּראָגראַם טונקעלערס הומאָרעסקעס...

— פאַר וואָס האַלטסטו, אַז ער האָט עס מיט אַ „קונץ" אַרײַנגענאַרט?

— כ'זע, אַז דו האָסט נישט פאַרשטאַנען, — לאַכט ער זיך פונאַנדער, — פאַרן רעציטירן טונקעלערס „גנבה" האָסטו געהערט, ווי ער האָט געמאָלדן, אַז דאָס איז אַ בילדל פון די פּוילישע מלוכה־באַאַמטע... און ווי טרעפלעך דאָס איז צוגעפּאַסט פאַר אונדזערע... „גנבעט יאַנעק, גנבעט פראַנעק", — אוי, ווי טרעפלעך!

— האַלטסטו, אַז אויך אין ראַטנפאַרבאַנד איז דאָ גנבה? — פרעג איך.

ער קוקט מיך אָן, ווי כ'וואָלט געקומען פון אַן אַנדער וועלט:

— וואָס? זעסט נישט, וואָס עס טוט זיך בײַ אונדז אין אַרטעל? דווקא מצד די סאָוויעטישע פאַרשטייער? און אומעטום אין די פאַרנומענע געביטן?

— ניין, — ענטפער איך. — פאַר די עטלעכע מאָנאַטן, וואָס איך בין אויף דער סאָוויעטישער זײַט, האָב איך נאָך רעכט נישט גערעדט מיט קיין סאָוויעטישן מענטשן.

אָבער אין האַרץ האָט מיר געפּיקט זײַן דערמאָנען אונדזער אַרטעל: ווער ווייסט, צי ס'זענען נישט פאַרפאַלן מײַנע פאַר רובל, די שווער אויסגעהאָרעוועטע.

— און האָסט געהערט, ווי ער האָט דעקלאַמירט וועגן די געסט?

— שמייכלט ער, — איז עס נישט צוגעפּאַסט פאַר „אונדזערע"?... „גייען געסט, קומען געסט, געסט! געסט! אַז קומען זאָל אויף זיי

אַ פּעסט!״... קוק אָן אונדזער קולטראַבאָטניצע. געקומען אַ שיקסל אַן אויסגעדאַרטס, אַ באָרוועס, מיט אויסגעריבענע וואַילעקעס, און זע נאָר, ווי זי האָט זיך עס אויסגעפּאַשעט פאַר די עטלעכע וואָכן — ווי אַ חזיר! מיט אונדז לערנט זי דעם סטאַטוט פון אַרטעל, און זיך האָט זי שוין פאַרזאָרגט מיט אַ האַלב טוץ פאַרשיידענע שכוואַרג, און אין שנײַדער־אַרטעל — מיט אַ טוץ קליידלעך. „גייען געסט...״

— הער, — זאָג איך אים צום סוף, — ווער ס׳האָט צוגעזען די דײַטשישע מערדערײַען, טאָר נישט זוכן קיין חסרונות אין דער ראַטנמאַכט. און אויב ס׳זענען דאָ גנבים צווישן פאָלק, איז די ראַטנמאַכט שולדיק?

— שתי כפרות ביום אחד... — טוט ער אַ זאָג.

איך האָב אים געלאָזט שטיין און מער נישט געוואָלט רעדן מיט אים וועגן דעם. מאַלע וואָס איינער פּלאַפּלט דאָרט! אַז הינטער די אויגן פון דער מאַכט ווערן אָפּגעטאָן מיאוסע זאַכן, האָב איך אַליין צוגעזען, אָבער וואָס איז די מאַכט דערין שולדיק? דער רעסטאָראַן פון אונדזער באַלעבאָס, בײַ וועלכן מיר האָבן געוווינט, איז שטענדיק געפּאַקט געווען מיט רויטאַרמייער. איך פלעג זען, ווי אין אַ זײַטיק צימערל גיסט ער אָן דעם רויטאַרמייער אַ גלאָז בראָנפן — פון אייגענער אויסאַרבעטונג מסתּם — יענער קערט זי מיט איין מאָל אַרײַן אין האַלדז, קיין קרים זיך נישט געטאָן, גייט אַרײַן אין עסצימער און זעצט זיך צו צום טיש פאַרבײַסן. אַזוי כמעט אַלע געסט־רויטאַרמייער... פלעג איך טראַכטן: ער מאַכט זיי דאָך פאַר שיכורים, כאָטש די סאָוויעטנמאַכט האָט זיי שוין זיכער פון לאַנג אָפּגעווינט פון שיכרות... איין מאָל איז מיר אַפילו אַרויף אויפן זינען, אַז ס׳איז כדאי צו מעלדן וועגן דעם אין דער מיליץ. כ׳האָב אָבער נישט געהאַט קיין האַרץ דאָס צו טאָן, ווײַל סײַ דער באַלעבאָס און סײַ זײַן פרוי האָבן נישט איין מאָל אונדז אַ סך געהאָלפן. דאָס האָלץ, וואָס מיר האָבן באַקומען צוגעטיילט פון דער שטאָט־פאַרוואַלטונג, איז געווען נאָר וואָס פון וואַלד אויסגעהאַקט און נישט טויגלעך צום באַלדיקן הייצן דערמיט, האָבן זיי מיר געגעבן דעם שליסל פון זייער האָלצקאַמער און דערלויבט צו נעמען פון דאָרט טרוקן האָלץ,

וויפל מיר דאַרפן; אַ דאַנק דעם האָבן מיר קיין קעלט נישט געליטן. פיינע מענטשן, — ווי זשע טוט מען זיי אָפּ אַ רעה? פון דעסטוועגן האָב איך דערפילט אַ דערלייכטערונג, ווען מיליציאַנטן זענען געקומען און געמאַכט אַ רעוויזיע. ווײַזט אויס, אַז די טרינקערס אַליין האָבן געמסרט. פון דעמאָלט אָן האָב איך מער שוין נישט געזען, מע זאָל דאָרט געבן צו שיכורן רויטאַרמייער, און כ׳האָב זיך באַרויִקט...

## קאַפּיטל פופצן

ס׳איז געקומען דער טערמין פון אָפּנעמען די פּאַספּאָרטן.

— דאָ באַקומט איר אַ פּאַספּאָרט אויף פינף יאָר, — דערקלערט אונדז דער באַאַמטער.

עס נעמט מיך דורך אַ פרייד: ענדלעך דערלעבט! אָבער דער באַאַמטער ציט ווײַטער:

— אין משך פון צען טעג מוזט איר פאַרלאָזן גלובאָק. דאָ איז זעכציק קילאָמעטער פון דער גרענעץ, און איר טאָרט נישט וווינען ביז הונדערט קילאָמעטער פון דער גרענעץ, אויך נישט אין די אָבלאַסטניע שטעט... אויב איר וועט אַליין נישט אַרויספאָרן, — גיט ער צו שטיל, — קאָנט איר אַ מאָל פאָרן אין אַ צווייטער ריכטונג...

אונדזערע פּאַספּאָרטן זענען געווען מיטן פּאַראַגראַף 11 (נישט זיכערער עלעמענט), און מיין טרוים צו ווערן אַ בירגער מיט אַלע גלײַך איז אויסגערונען. און דאָס מוזן ווײַטער נע־ונד זײַן מיט די קינדער איז געווען פאַר אונדז אַ קאַטאַסטראָפע.

איך האָב געמאָלדן אין אַרטעל, אַז איך מוז זיך באַפרײַען פון דער אַרבעט, געבעטן מאַכן מײַן חשבון און מיר באַצאָלן. אָבער אין דער בוכהאַלטעריע איז אַ פּלאָנטער און מע זאָגט מיר צו... נאָכצוקאָנטראָלירן. דוד באָרנשטיין, דער פאַראַנטוואָרטלעכער פאַרן שטעפּער־וואַרשטאַט האָט געפילט די עוולה, וואָס די אַרטעל־אָנפירונג איז קעגן אונדז

באַגאַנגען און ווי דאָס וועט זיך אויסווירקן אויף מיר. האָט ער מיך פאַרבעטן צו זיך אין שטוב.

— אין משך פון יאָרן זענען ביי מיר געבליבן אַ סך שטיקלעך לעדער, גיב איך זיי דיר אַוועק. דו וועסט שוין עפּעס מאַכן פון זיי. אויב דו ווילסט, נוץ אויס די עטלעכע טעג, וואָס דו קאָנסט נאָך דאָ פאַרבלייבן. קאָנסט עפּעס אויספאַרטיקן אויף מיין ניימאַשין ביי מיר אין דער היים, דאָס וועט דיר צו נוץ קומען.

איך האָב אים באַדאַנקט און טאַקע אויסגענוצט די געלעגנהייט — מיט מיין גאַנצן טאַלאַנט אויסגעקאָמבינירט פון די שטיקעלעך לעדער עפּעס אויסצופאַרטיקן, וואָס וועט מיר זיין אַ וויכטיקע שטיצע אויף מיין נייעם וואַנדערוועג. אַ שאָד, וואָס די צייט איז קורץ. געציילטע טעג.

פרייטיק אין דער פרי, איך זיץ ביי באָרנשטיינען און ניי אויף דער מאַשין, דערהער איך פלוצעם דעם באַלעבאָס דערשראָקן קול:

— קום שנעלער אין אַרטעל. ס'איז דאָרט אַ גאַנצער טומל צוליב דיר. זיי דראָען מיט מיליץ... פרעג איצט נישט קיין שאלות און קום גלייך!

מ'האָט מיך דאָרט באַגעגנט מיט חוזק־שמייכעלעך:

— מ'האָט דיך געפּאַקט, ברודערקע!

— וווּ ביסטו דאָס פאַרפאַלן געוואָרן? — פרעגט מיך דער פּרעזעס, און סע שיטן זיך פראַגן:

— פאַר וואָס האָסטו פאַרלאָזט די אַרבעט?

— וואָס פאַר אַ פאַבריקל האָסטו דאָרט געעפנט?

— פון וואָס פאַר אַ לעדער?

— וואָס פאַר אַ שותפות האָסטו געמאַכט מיט דוד באָרנשטיינען?

— איך האָב דאָך געמאָלדן, אַז איך באַפריי זיך פון דער אַרבעט, ווייל איך דאַרף זיך צוגרייטן אַוועקצופאָרן...

— אַזוי?... צוגרייטן זיך?...

און אַלע מיינע פאַרענטפערונגען זענען געווען אַרויסגעוואָרפן. שבת פאַר נאַכט האָט מען מיר געמאָלדן, אַז מאָרגן (אָפּרוטאָג) וועט אין אַרטעל פאָרקומען אַ געריכט־אויספאָרשונג. ס'וועלן בייזיין פאָרשטייער

פון דער אַרטעלן־צענטראַלע. די נאַכט האָט מיך דער שלאָף געמיטן. מײַנע געדאַנקען האָבן זיך געפּלאָנטערט צווישן דרימל און וואַך־זײַן. ס׳האָבן מיך געפּײַניקט חלומות. ערשט צוזאַמען מיט דער פינצטערניש זענען זיי פאַרשוווּנדן.

דער משפּט האָט נישט לאַנג געדויערט. איך האָב געבראַכט פאַרן געריכט דעם „מאַטעריאַל", אויף וועלכן איך האָב געאַרבעט.

— אָבער פאַר וואָס האָסטו פאַרלאָזט דעם אַרטעל און גענומען זיך צו פּריוואַטער אַרבעט? — האָט מיך געפרעגט דער פּאָרזיצער.

— ווײַל כ׳מוז שוין היינט אַוועקפאָרן און האָב נישט אויף הוצאות. דאָ האָט מען מיר פאַר מײַן אַרבעט נישט באַצאָלט...

איך בין באַפרײַט געוואָרן פון יעדן חשד. האָב בלויז באַקומען אַ פאָרוווּרף פאַר פאַרלאָזן די אַרבעט מיט דרײַ טעג פריִער.

— דו דאַרפסט גומל בענטשן, — האָט מיר שפּעטער געזאָגט מײַן באַקאַנטער שוסטער, — ווײַל וואָס וואָלסטו געטאָן, ווען זיי גיבן דאָס איבער אויף אויספאָרשונג דער מיליץ?

— וואָלט איך דאָרט פעסטגעשטעלט די גנבות, וואָס זיי באַגייען אַליין.

— האָסט אַ טעות, נישט די אַרטעל־פירער האָבן געגנבעט, נאָר אונדזערע „געסט" האָבן באַקומען „מתנות"... דערווײַל וואָלט מען דיך געפּאָרשט עטלעכע חדשים, און ווו וואָלטן אַהינגעקומען דײַן פרוי און קינדער?

נישט געקוקט אויף אונדזערע צרות, האָבן מיר נישט געהאַט קיין האַרץ צו האָבן טענות צום שטעטעלע גלובאָק, ווו אונדזער זונעלע איז געבוירן געוואָרן.

— וווּהין זשע פאָרן מיר? — פרעגט מיך מײַן פרוי.

— פון צרות זאָלן מיר אַזוי וויסן. דערווײַל פאָרן מיר צו דער ערשטער סטאַציע, קיין באַראַנאָוויטש.

פאָרט מען. נאָר שוין מיט אַ פּאַסאַזשיר־צוג. ווער ס׳איז נאָך נישט געפאָרן אין די ענגע לאַסטוואַגאָנעס, קאָן זיכער נישט פילן, ווי לייכט ס׳איז אונדז אַדורך דער וועג.

— וואָס טוט איר דאָ? — פרעגן אונדז פולטוסקער באַקאַנטע פרויען, באַגעגענענדיק אונדז אויף דער סטאַציע באַראַנאָוויטש.

— מיר זוכן אַ מקום־מקלט.

— מיר וווינען אין לאַכאָוויטש, — זאָגט איינע, — ס'איז נישט ווײַט פון דאַנען. ס'זענען דאָרט דאָ אַ סך פולטוסקער. נאָר מיט אַרבעט און פרנסה איז שווער.

— און מיט אַ דירה? — פרעג איך.

— פאַר געלט קאָן מען באַקומען. — ענטפערט זי, און מיר זענען שוין גרייט געווען דאָ זיך אָפּצושטעלן, אָבער מיר איז אײַנגעפאַלן אַ זאָג צו טאָן, אַז נעבן סאַרנע געפינט זיך דאָס געבורטשטעטל פון מײַנעם אַ חבר.

— סאַרנע איז אַ פײַן שטעטל, — האָט איינע אַ זאָג געטאָן, — ווען איר וואָלט געקאָנט דאָרט זיך אײַנאָרדענען, איז סאַרנע בעסער פאַר לאַכאָוויטש.

אויפן צווייטן טאָג זענען מיר שוין געווען אין סאַרנע. איך האָב געשפּאַצירט איבער די ריינע געסלעך, באַטראַכט דאָס שטעטל. די סוף אַפּריל־ריחות פון בעז־ און אַקאַציע־ביימער האָבן מיך פאַרשיכורט. פון זייערע בלעטער האָבן אַראָפּגעגלאַנצט טוי־טראָפּנס, און די זונשטראַלן האָבן זיך געשפּיגלט אין זיי און אויסגעשמעקט זייערע כישופדיקע ריחות. דאָס שטעטל איז געווען אײַנגעהילט אין גרינס און שמעקנדיקע בלומען. איך האָב זיך דערזען בײַם שטאָטפּאַרק. אַרבעטער האָבן דאָ געגרייט גרויסע פּלאַקאַטן און טראַנספּאַראַנטן. בילדער פון דער סאָוויעטישער רעגירונג מיט חבר סטאַלין בראש האָבן פאַרנומען די גאַנצע ווענט פון הײַזער. מ'האָט זיך געגרייט צו די מאַי־פייערונגען, די ערשטע דאָ אונטער דער סאָוויעטישער הערשאַפט.

— קאָן מען קריגן דאָ אין שטעטל אַן אָרט, ווו צײַטווײַליק אײַנצואָרדענען אַ פאַמיליע? — האָב איך זיך אַ ווענד געטאָן צו איינעם פון די אַרבעטער.

— אין בית־מדרש געפינען זיך בעזשענצעס. — האָט מען מיר אָנגעוויזן דעם וועג אהין צו.

אין קריגסצײַט איז דער בית־מדרש געווען דער אַדרעס פון אַ סך ייִדישע פּליטים. דאָ איז געווען די הויפּטקוואַרטיר פון די פּליטים אין די מערב־געביטן, דאָ האָט מען געקאָנט זיך צעשפּרייטן מיט די קלומיקעס און דעם גאַנצן „פּאַרמעגן", אויסרוען זיך אויף די האַרטע בענק און טישן און זיך באַגעגענען צופעליק מיט באַקאַנטע. די מענטשן האָבן זיך אײַנגעשפּאַרט דירה־געלט און צו יעדער צײַט זיך דערוווּסט נײַעס פון די גרענעץ־שטעטלעך. האָב אויך איך, צום ערשטן מאָל פאַר דער גאַנצער צייט, זיך אײַנגעאָרדנט דאָ מיט דער פאַמיליע.

ערשט דאָ האָב איך זיך דערוווּסט וועגן דעם גיהנום אין „קיינעמס לאַנד" — דעם ליידיקן שטח פונעם גרענעץ־פּאַס, ווו ס'האָבן זיך געפונען די פאַרשפּעטיקטע פּליטים, די סאָוויעטישע וואַך לאָזט זיי נישט אַדורך און צום דײַטש האָבן זיי מורא זיך צוריקצוקערן; וועגן ייִדן, וואָס שמוגלען די גרענעץ קיין ווילנע, מיט דער האָפענונג צו עמיגרירן פון דאָרט מעבר־לים. נײַעסן. נײַעסן.

## קאַפּיטל זעכצן

די צײַט שטייט נישט. גוטע צײַטן לויפן שנעל אַריבער. ס'זענען שוין פאַרבײַ דרײַ חדשים זינט מיר זענען געוואָרן סאַרנער תושבים. — איך האָב זיך דערין דערמאָנט בײַם באַקומען אַ בריוו פון אונדזער פרײַנט דוד באָרנשטיין. איך און מײַן פרוי האָבן אים געלייענט אין איין אָטעם.

— זע, — האָב איך געזאָגט צו מײַן פרוי, — אַ פרעמדער, און איז געוואָרן אַ טייל פון אונדזער משפּחה, — און נאָך אַ מאָל גענומען לייענען דעם בריוו:

„טײַערער פרײַנד... דער בריוו זאָל אײַך טרעפן אי"ה בײַם געזונט. ס'איז שוין באַלד צוויי חדשים, ווי כ'האָב דערהאַלטן דײַן ענטפער אויפן בריוו מיטן אַרטעל־טשעק, וואָס כ'האָב פאַר דיר באַקומען. מ'איז דאָ אָבער אַזוי פאַריאָגט, אַז כ'האָב דיר ביז איצט נישט געקאָנט

שרײַבן. כ׳בין זייער נײַגעריק צו וויסן, וואָס ס׳הערט זיך בײַ אײַך מיטן געזונט און מיט פּרנסה? באַזונדערס, וואָס מאַכט „מײַן״ זונעלע גרשון. ער מוז שוין זײַן אַ גרויסער בחור, קיין עין־הרע. בײַ אונדז איז פאָרגעקומען אַן ענדערונג צום גוטן. די ווילנער זענען צוריק אַהיים געפאָרן. די איבעריקע קליינע צאָל פּליטים האָבן זיך אײַנגעאָרדנט. זיי זענען נישט אַוועקגעפאָרן און מע האָט זיי נישט געטאָן קיין שלעכטס. איצט, נאָכן אײַנגלידערן ליטע, לאַטוויע און עסטאָניע אין ראַטנפאַרבאַנד, מעגן שוין אַלע פּליטים וווינען בײַ אונדז. וואָלט איך גערן אײַך געזען, ווען איר קומט צוריק און אָרדנט זיך אײַן דאָ. קומט און באַזעצט אײַך צוריק אין גלובאָק. די בעסטע גרוסן פאַר דײַן פרוי און קינדער. געזונט און פּרנסה ווינטשט אײַך אײַער פרײַנד דוד באָרנשטיין״.

איך האָב זיך גלײַך אַוועקגעזעצט און אָנגעשריבן אַן ענטפער:

„טייערער פריינד דוד באָרנשטיין און פאַמיליע, אײַער בריוו, וואָס איז געשריבן מיט אַזוי פיל פרײַנדשאַפט און געטרײַשאַפט, האָט מיך און מײַן פרוי גערירט ביז טרערן. קיין שום נאָענטער קרוב וואָלט נישט געדאַרפט זיך מער פאַראינטערעסירן און אַרויסווײַזן אַזוי פיל איבערגעגעבנקייט, ווי איר טוט דאָס. דאַנקען מיר אײַך מיטן גאַנצן האַרצן און ווינטשן אייך לאַנגע געזונטע יאָרן מיט אײַער פאַמיליע.

„מיר דאָ זענען אַלע, ב״ה, געזונט און גליקלעך מיט אונדזער איינאָרדענען זיך אין סאַרנע, הגם אויך דאָ קוקט מען אויף אונדז, בעזשענצעס, ווי אויף מענטשן פון צווייטער מדרגה. אָבער מיר נעמען זיך נישט איבער פון דעם. מיר זענען דאָ מיט לײַטן גלײַך.

„נאָכן באַקומען דורך אײַך דעם חוב פונעם אַרטעל און אויך אַ קאָמפּענסאַציע פאַרן מוזן פאַרלאָזן אים, האָבן מיר געהאַט צו שטײַער אויף אַ וווינונג. מיר האָבן געדונגען בײַ אַן אַלטער פרוי איינס פון אירע צוויי צימערלעך, אין וועלכע זי האָט געוווינט אַן איינזאַמע. אויך איר איז פריילעכער געוואָרן מיט אונדז און זי העלפט אונדז אַפילו צו מיטן פאַרוויגן גרשונען.

„ס׳איז דאָ אויספאַרקויפט געוואָרן פאַרשיידן מעבל פון די אַרויס־געשיקטע פוילישע „אָסאַדניקעס״, האָבן מיר פאַר קליינעם געלט

אײַנגעקויפט אַלעס נייטיקע, וואָס ס׳פאָדערט זיך אין אַ שטוב: בעטן מיט מאַטראַצן, צוויי קישנס, צוויי וואַטענע קאָלדרעס, אַ טיש מיט געבעטע פאָטעלן, און מיר וווינען איצט, ווי די „פּריצים״. פּרנסה, ב״ה, איז דאָ, הלוואי, סע זאָל אונדז נאָר נישט פאַרשטערט ווערן.

„דעם ערשטן אָנהייב האָב איך געמאַכט מיט אײַערע שטיקלעך לעדער־אָפּפאַל. אַזוי ווי קיין שום שוסטער האָט נישט געוואָלט קויפן די געמאַכטע אויבערטיילן אויף די זומערדיקע סאַנדאַלעטן, וועלכע איך האָב געמאַכט נאָך בײַ אײַך אין שטוב, האָב איך זיך פאַרשאַפט אַלט ווייך לעדער פון שטיוול־כאָליעוועס און אויף אַ געבאָרגטער ניימאַשין צוגענייט פון זיי זוילן. ס׳איז אַוועק אַ גאַנג. אין משך פון דער ערשטער וואָך האָב איך אַלץ „אַוועקגעפטרט״. דעמאָלט בין איך אַוועק אינעם איינציקן שטעפּער־אַרטעל, זיי זאָלן מיך צונעמען צו דער אַרבעט. האָבן זיי געטענהט, אַז זיי האָבן נישט גענוג אַרבעט פאַר זיך אַליין. דאָ האָב איך באַמערקט ליגן אין אַ צווייט צימער אַ באַרג מיסט פון אָפּפאַל־שטיקלעך, טו איך זיי אַ פרעג, צו וואָס זיי דאַרפן דאָס האַלטן?

— מיר האָבן ביז היינט נישט געהאַט קיין מעגלעכקייט עס אַרויסצופירן. מיר מוזן אויסגראָבן אַ גרוב אויפן הויף און עס באַגראָבן.

— גיט עס מיר, וועל איך האָבן מיט וואָס צו קאָכן.

— סע שטינקט דאָך בײַם ברענען.

— נישקשה. בײַ מיר איז אַ גוטער אויוון, וועלכער רייכערט נישט.

— טאָ נעמט עס נאָך הײַנט צו פון דאַנען.

האָב איך עס צוגענומען. זיי האָבן נאָך אויסגעליידיקט די שופלאָדן פון פאַרשיידענע אָפּפאַל־שטיקלעך און מיר צוגעגעבן. פון די פינף אָנגעפילטע זעק, וואָס איך האָב באַקומען, האָב איך געהאַט דרײַ מיט שטיקלעך לעדער צום נוצן. און ביז היינטיקן טאָג האָב איך נאָך פון דעם פּרנסה. איך באַקלייד מיט אַזעלכע זומער־סאַנדאַלן נישט נאָר די סאַרנער תושבים, נאָר אויך געקומענע דאַמען פון יענער זײַט...

„אמת, קיין גרויסע אָפּשפּאָרונגען קאָן איך נאָך פון דעם נישט

מאַכן. אָבער, דער עיקר, ס׳איז דאָ אויף אַלעם נייטיקסטן אויך פאַר די קינדער. פון דעם קאָנט איר פאַרשטיין, אַז כ׳קאָן נישט האָבן קיין „צײַט" צו קומען זיך באַזעצן אין גלובאָק. איך גלייב, אַז ביז צום אָסיען בין איך מיט פרנסה באַזאָרגט. דאַרף מען נאָר בעטן אויף געזונט און אויף אַ שנעלן זיג איבער אונדזער גרעסטן שונא... בעט איך גלײַכצײַטיק אויך פאַר אײַך מיט אײַערע בני־בית געזונטע און גליקלעכע יאָרן. אַ ספּעציעלן גרוס פאַר אײַער טאָכטער און איידעם. איך געדענק אים שטענדיק צום גוטן, ווי ער האָט זיך פאַר מיר אײַנגעשטעלט ביי דעם „פּראָצעס" ערב מײַן אַרויספאָרן פון גלובאָק. גיט אים איבער אַ גרוס פון מיר און פון מײַן פרוי,

„אײַער פריינד אויף שטענדיק..."

## קאַפּיטל זיבעצן

די זומער־חדשים זענען שנעל געלאָפן. מיט קאָפּשווינדלערישער שנעלקייט זענען אָנגעלאָפן די געשעענישן. הגם איבערגעגעבן „געליי־טערטע" דורך דער סאָוויעטישער נייעס־אַגענטור און פּרעסע, האָבן זיי צעטרייסלט אונדזערע געדאַנקען און געמיטער.

אַ ווייטער עכאָ פון האַרמאַטן־דונערן האָט אָפּגעקלונגען אין אונדזערע אויערן, איז געקומען דורך לענדער און גרענעצן, פון האָלאַנד, לוקסעמבורג און בעלגיע און פון יענער זײַט מאַזשינאָ־ליניע, פון פראַנקרײַך. אייראָפּע איז אונטערן ברוטאַלן שטיוול פונעם היטלע־ריזם. ווי ווײַט וועט ער נאָך דערגיין, דער מכלומרשט „משוגענער"? נישט קיין משוגעת איז אין אים אַרײַן, — חבר מאַלאָטאָוו האָט אונדז געלערנט, אַז דער היטלעריזם איז אַן אידעע. אָבער... וואָס פאַר אַן אידעע איז עס, חרוב צו מאַכן די מענטשהייט און פריער פאַר אַלעמען ס׳יידישע פאָלק? נאָר ווײַזט אויס, אַז פאַרן ראַטנפאַרבאַנד איז עס גוט. אויך ראַטנפאַרבאַנד האָט געוואָסן פון דער איצטיקער מלחמה: מערב־אוקראַינע און מערב־ווײַסרוסלאַנד, בעסאַראַביע און בוקאָווינע און די באַלטישע

לענדער זענען אַרונטער אונטער זיין הערשאַפט. מן־הסתם ווייסן דאָך דער חבר סטאַלין און די סאָוויעטן־רעגירונג, וואָס זיי טוען. ס׳איז נאָר אַ וויטיק, וואָס די ייִדן אין די פאַרנומענע לענדער וועלן אַרונטערפאַלן אונטערן ברוטאַלן היטלער־רעזשים; גליקלעכער זענען די ייִדן, וועלכע דער גורל האָט באַשערט צו זײַן אונטער דער ראַטן־הערשאַפט. אָבער אָט דעם געדאַנקענגאַנג צעמישן מיר די ייִדן, וועלכע האָבן גענומען לויפן פון ראַטנפאַרבאַנד צוריק צו די מערב־געביטן. דאָס איז געווען פאַר מיר ווי אַ שאָק. אַ וועלט איז משוגע געוואָרן! און ווער זענען די נאַרמאַלע? איך און אַזעלכע ווי איך, וואָס שטרעבן נאָך ערשט צו פאָרן קיין ראַטנפאַרבאַנד, אָדער יענע, וואָס זענען פון דאָרט צוריקגעקומען?

מ׳האָט מיר דערציילט, אַז מיט דער באַן פון קיִעוו קומען אָן אַ סך פּליטים, פון יענע וועלכע זענען אין די חדשים אָקטאָבער־נאָוועמבער 1939 אַוועקגעפאָרן גליקלעכע קיין ראַטנפאַרבאַנד, און פון אונדזער קנופּסטאַציע פאָרן זיי ווײַטער. האָב איך זיך איין מאָל געלאָזט אַהין, דווקא מיטן געדאַנק צו באַמיִען זיך צו פאָרן אין גיכן קיין ראַטנפאַרבאַנד. איך האָב דאָך שוין אויך אַ מיליטער־ביכל. אויף דער פראַגע פונעם מיליטער־דאָקטאָר, בעת איך בין געשטאַנען אויף אַ קאָמיסיע, האָב איך אַ צופרידענער געענטפערט, אַז איך בין געזונט, און ער האָט מיך גלײַך פאַרשריבן: „גאָדיען”, צו מײַן פרייד, וואָס כ׳וועל האָבן די זכיה צו דינען אין דער רויטער אַרמיי. איך האָב מיט פאַרווונדערונג אָנגעקוקט די מאַסע ייִדן, וואָס זענען אַרויס פונעם נאָר וואָס פון קיִעוו אָנגעקומענעם צוג. משפּחותווײַז און איינצלנע, בלויז מיט אַ רענצל אויף די אַקסלען. איך האָב גענומען זוכן צווישן דעם עולם עמעצן, מיט וועמען אָנצוקניפּן אַ שמועס. דאָ האָט מיך איינער אַ פרעג געטאָן, צי איך בין אַ סאַרנער, צי ס׳וווינען דאָ אַ סך ייִדן.

— יאָ, — האָב איך אים געענטפערט, — סאַרנע איז כמעט אַ ייִדיש שטעטל. אָבער זאָגט מיר... המם... וואָס האָט אײַך באַוויגן צו פאָרן צוריק? צי איז נישט גלייכער צו זײַן וואָס ווײַטער פונעם דײַטש?

— פאַרקערט, — זאָגט ער, — ס׳איז אָנגעקומען אַ דײַטשישע

קאָמיסיע, און מיר וועלן זיך פאַרשרײַבן צו פאָרן צוריק צום דײַטש.

— צוריק צום דײַטש?!

— יאָ, צוריק צום דײַטש, — ענטפערט ער מיר שאַרף, — אײדער אַזאַ לעבן, ווי ס׳איז דאָרט (ווײַזנדיק מיט אַ פינגער אויף מזרח), איז שוין בעסער אומצוקומען בײַם דײַטש.

...אַ משוגענער! — טו איך אַ טראַכט און לאָז אים שטיין. און אײדער איך באַווײַז נאָך זיך אַרומצוקוקן, טוט אַ לויף צו צו מיר אַ יונגער בחור אין ברילן און כאַפּט מיך אַרום קושן. איך קוק זיך אײַן אין אים, — ס׳איז דאָך העניך — מײן ייִנגערן ברודערס אַ חבר, אַ קאָמוניסט, וועלכער איז אין פּוילן געוואָרן אַרעסטירט און פאַרמשפּט פאַר פירן אַגיטאַציע אין מיליטער בעת זײַן אַקטיוון דינסט.

— דו קומסט אויך פון יענער זײט? — טוט ער מיך אַ פרעג.

— נײן. איך בין געבליבן אין די מערב־געביטן...

— גליקלעך דאַרפסטו זיך פילן...

— אַ?! באַפרײַ איך זיך פון זײַנע אָרעמס, קוק זיך שטאַרק אײַן אין זײַנע באַברילטע אויגן, צי האָב איך זיך נישט טועה געווען.

— דו... דו אויך? — שטאַמל איך.

— יאָ... — קווענקלט ער זיך, — דאָ... דאָ אין די מערב־געביטן איז... דאָס לעבן אַ סך לײַכטער...

איך האָב געפילט, אַז ער האָט געוואָלט זאָגן עפּעס אַנדערש, און אים פאַרבעטן צו זיך.

— כ׳ווייס נישט... — האָט ער זיך ווײַטער געקווענקלט, — כ׳וויל פאָרן ווײַטער... ווויהין, האָב איך נאָך קײן באַשלוס נישט אָנגענומען.

— דערווײַל קום מיט מיר. וועסט זיך אויסרוען, וועסטו מיט אַ קלאָרן קאָפּ אָננעמען אַ באַשלוס... און וואָס ביסטו אַזוי אויפגערעגט?

געקומען צו מיר אין שטוב, האָט ער זיך אַ ביסל באַרויִקט. איך האָב אים דערציילט וועגן אונדזערע איבערלעבענישן, ביז מיר האָבן זיך באַזעצט דאָ אין סאַרנע. נו, און מע האָט זיך ווי עס איז אײַנגעאָרדנט. איך האָב באַקומען אַ בריוו פון מײַנע צוויי ייִנגערע ברידער (דער עלטערער איז זײַן חבר), שוועסטער און מוטער. זײ געפינען זיך אין

אַ שטעטעלע אין פּאָלעסיער קרײַז, אַרבעטן, פאַרדינען און זענען צופרידן.

— וואָס האָסטו געוואָלט, אַז אין אַ בריוו זאָלן זיי דיר שרײַבן דעם אמת?...

— אָבער מע קאָן דאָך שרײַבן אַזוי, מע זאָל פאַרשטיין פון צווישן די שורות...

— דאַרפסט פאַרשטיין, אַז ווען מ׳איז אַ גאַנצע משפּחה צוזאַמען, און עטלעכע אין משפּחה האָבן גוטע פאַכן, קאָן מען מאַכן אַ לעבן. אָבער אַן איינציקער, וואָס וווינט אין אַ באַראַק, אין אַ צוזאַמענוווינונג, און טוט אַ שוואַרצע אַרבעט, פאַר אים מוז דאָס לעבן זײַן זייער אַ שווערס. זײַן פאַרדינסט סטאַיעט אים נישט אויפן עסן אין דער סטאָלאָווע. ער מוז זיך באַגנוגענען צום מיטיק מיט אַ בלויזער זופּ.

— אויך אין פּוילן האָט אַ יוגנטלעכער פון דער פּראָווינץ, וואָס האָט געאַרבעט אין וואַרשע, נישט געלעבט אין קיין בעסערע באַדינגונגען, אויב... ער האָט געוואָלט אַהיים קומען אויף יום־טוב מיט אַ קאַפּעליוש...

— יאָ, אָבער שטעל זיך פאָר, אַז אַזאַ בחור אָדער יונגער מאַן, וועלכער האָט איבערגעלאָזט אין דער היים אַ פרוי מיט קינדער, אַ כלה, אָדער עלטערן, באַקומט אַ בריוו פון דאָרטן וועגן דעם ביטערן לעבן בײַ זיי, און אים איז ביטער דאָ, טראַכט ער: איז שוין בעסער אויס־צוטראָגן דעם גורל צוזאַמען... פונעם דײַטש אַהער איז אוממעגלעך, איז שוין גלייכער אַהיים צו פאָרן.

— און אַז דער דײַטש וועט אַרעסטירן?

— לאָז צו רו. די דײַטשן שאַנעווען איצט די מענער. זיי נייטיקן זיך אין אַרבעטער.

— אָבער צו וואָס פאָרן די פולטוסקער? זיי האָבן דאָך נישט קיין היים.

— זיי קומען אַהער, ווײַל דאָרט איז אַ מאַנגל אין עסן... אין דער צײַט ווען צום דײַטש שיקט מען אַרויס הונדערטער וואַגאָנען מיט שפּײַזפּראָדוקטן...

— נו, דאָס איז שוין הויך־פּאָליטיק. די סאָוויעטישע רעגירונג האַנדלט אַזוי, ווי ס׳איז גוט פאַרן ראַטנפאַרבאַנד, הגם פאַר אונדז איז עס

אַ טויטקלאַפּ. און די פּאָליאַקן האָבן אונדז בעסער באַהאַנדלט ?... מיר זענען שטענדיק געווען צווישן צוויי פֿײַערן.

— נישט צווישן צוויי — צווישן פיר פֿײַערן, פֿון אַלע פיר זײַטן... יעדער זאָרגט פאַר זיך. אויך דער ראַטנפאַרבאַנד. און מיר זענען דאָס כּפּרה־הינדל.

— פֿון דעסטוועגן וואָלט איך נישט געפאָרן צוריק. דער פאַר־גלײַך צווישן דײַטש און ראַטנפאַרבאַנד, איז ווי צווישן אַ שפּענדל און אַ קלאָץ.

— אויב דו מיינסט עס וועגן מײַן צוריקפאָרן, איז עס בײַ מיר אַנדערש ווי ביי אַנדערע... שולדיק איז מײַן נאַיִוויטעט, אַז... איך האָב אין פוילן געהאָלפן בויען דעם ראַטנפאַרבאַנד, דעם קאָמוניזם...

— איך פאַרשטיי נישט.

— אויך איך האָב ביז הײַנט נישט פאַרשטאַנען. כ׳האָב אויס־געמיטן וועגן דעם צו רעדן. דײַן פראַגע בײַ דער באַנסטאַציע: „אויך דו?״ האָט בײַ מיר אַרויסגערופן אומצוטרוי אַפילו צו דיר. אָבער איצט זע איך, אַז דיר מעג איך געטרויען... ס׳איז מיר נישט נאָר אַ שאַנדע, נאָר אויך אַ ווייטיק. צוליב וואָס האָב איך אָפּגעפינצטערט מײַנע יונגע יאָרן...

— רעד קלאָרער. — בעט איך ביי אים.

— איך מוז אָנהייבן דערציילן פון אָנהייב. געדענקסט דאָך דעם פראָצעס פון די זיבן און דרײַסיק, אַרעסטירטע פאַר פּראָפּאַגאַנדע אין מיליטער. איך בין געווען איינער פון זיי. מ׳האָט מיך געכאַפּט בײַם אַרײַנלייגן אויפרופן אין די טאַשן פון די זעלנער. ...כ׳בין שטאָלץ געווען לסוף, וואָס איך האָב אויסגעהאַלטן אַלע אויספאָרשונגס־„מעטאָדן״ און קיינעם נישט פאַרשאָטן. האָב באַקומען זיבן יאָר תּפיסה און בין זיי אָפּגעקומען אין ראַוויטש, אין פויזן... און אָט איז געקומען דער ערשטער סעפּטעמבער, ווען די דײַטשן האָבן באָמבאַרדירט אונדזער תּפיסה. די אַרעסטאַנטן האָבן אויפגעבראָכן די טיר און זיך צעלאָפן... פּלוצעם האָב איך זיך געפונען גאָר צווישן אַרעסטירטע פאָלקסדײַטשן, געטריבענע פון אַ פוילישער מיליטער־וואַך אויפן וועג קיין וואַרשע. אַלע מאָל איז

פון אונדז אָפּגעפּירט געוואָרן אַ גרופּע טיפער אין וואַלד אַרײַן און ס׳האָבן זיך געהערט שאָסן; די וואַכזעלנער האָבן זיך אומגעקערט אַליין. ס׳זענען געוואָרן אַלץ ווייניקער אַרעסטירטע, און אויך זעלנער. ביז מיר זענען פאַרבליבן אַ גרופּע פון צען מאַן מיט פיר היטערס. האָב איך איין מאָל דערהערט, ווי איינער פון זיי זאָגט צו די איבעריקע שטילערהייט: „מע דאַרף פאַרענדיקן...״ לויף איך צו צו איינעם מיט אַ געשריי און געוויין: „פּאַניע, איך בין דאָך אַ ייִד...״ שטעלט ער מיר עטלעכע פראַגן און איבערצייגט זיך, אַז ס׳איז טאַקע אַזוי, טוט ער אַ זאָג: „שנעלער, טראָג זיך אָפּ!...״ האָב איך גענומען לויפן, זײַענדיק זיכער, אַז ער וועט מיר נאָכשיקן אַ קויל...

— ענדלעך בין איך אָנגעקומען קיין וואַרשע. נאָך צוויי שווערע אָקופּאַציע־וואָכן בין איך אַוועק מיטן וועג קיין פּולטוסק און דערוויסנדיק זיך, אַז פון דאָרט האָט מען די ייִדן אַרויסגעטריבן — בין איך אַוועק קיין ביאַליסטאָק. געוואָרן דאָ אַ פרײַער סאָוויעטישער בירגער. האָב דערגרייכט דעם טרוים פון מײַנע יוּנגל־יאָרן... כ׳האָב שטאָלצירט: נישט אומזיסט איז געווען מײַן קאָמוניסטישע אַרבעט אין פּוילן! כ׳האָב זיך אײַנגעאָרדנט אויף אַרבעט. ס׳איז נישט געווען אַזוי אײַ־אײַ, אָבער כ׳האָב זיך נישט באַקלאָגט. דאָס אָרעמקייט פון דער באַפעלקערונג און איר נידעריקן לעבנס־ניוואָ האָב איך פאַר זיך פאַרענטפערט מיט דער אַרומרינגלונג פון די שונאים. דאָס פאָדערט אַ ריזיקן בודזשעט אויף פאַרטיידיקונגצוועקן. ס׳האָט מיך אָבער געמאַטערט דאָס לוקסוס־לעבן פון דער נאַטשאַלסטווע. ס׳האָט מיך פאַרשעמט די אוממעכטיקייט פון דער רויטער אַרמיי אין דער פינלענדישער מלחמה. ס׳האָט מיך אויפגערעגט די ברוטאַלע האַנדלונג פון דער מיליץ, אפילו בנוגע זקנים, ביי די ברויטרייען. אָבער... איך בין נאָך אַלץ בלינד געווען, ביז — מ׳האָט זיך פאַררעגיסטרירט אויף פּאַספּאָרטן. אין דער דעקלאַראַציע האָב איך, פאַרשטענדלעך, אָנגעגעבן מײַן פּאַרטיי־אָנגעהעריקייט. ווען כ׳בין געקומען אָפּנעמען דעם פּאַספּאָרט, האָט מען מיך אַוועקגערופן אין אַ וויַיטערדיקן צימער. הינטער אַ טיש איז געזעסן אַ דיקלעכער מיליציאָנער, אַ מאַן אין די מיטעלע יאָרן.

— ביטע, חבר, זיצט. — האָט ער מיך העפלעך פאַרבעטן און דערלאַנגט צום פאַררייכערן און גענומען שטעלן פראַגן: פון וועלכער שטאָט? פון וועלכער געגנט? מיט וואָס האָבן זיך באַשעפטיקט די עלטערן?

איך האָב אים גערן געענטפערט אויף זײַנע פראַגן.

— איר זענט אַ פאַרטייער? אין וואָס איז באַשטאַנען אײַער טעטיקייט?

איך האָב אים דערציילט וועגן קלעפּן פּלאַקאַטן, אויפהענגען רויטע פענדלעך אויף די טעלעגראַף־דראָטן, וועגן דער אויפקלערונג, וואָס מיר האָבן געפירט צווישן די עלטערע און יונגטלעכע אַרבעטער, וועגן מײַן פאַרשפרייטן אויפרופן אין פוילישן מיליטער בעת מײַן אַקטיוון דינסט, פאַר וואָס כ׳האָב באַקומען זיבן יאָר תפיסה.

— זיבן יאָר?! נישט מער?!

— אין פוילן איז דאָס געווען פאַררעכנט פאַר אַ גרויסער שטראָף.

— ווי לאַנג זענט איר געווען אַ פאַרטייער?

— צען יאָר.

דאָ האָט ער זיך פּלוצעם געטאָן אַ שטעל אויף און מיר אַראָפּ־געלאָזט אַ פּאַטש אין פּנים, אַז ס׳איז מיר פינצטער געוואָרן פאַר די אויגן...

— סוואָלאָטש אײנער; און וויפל יאָר ביסטו געווען אַ פּראָוואָ־קאַטאָר? אַ שפּיאָן? מיט צוויי יאָר צוריק האָבן מיר אײַך אויסגעראָטן, ווי די שטשורעס, און איר זענט נאָך דאָ!... ביסט אַ פאַרטייער, שרײַבסטו אין דער דעקלאַראַציע, — וואָס פאַר אַ פּאָסטן האָסטו געוואָלט זאָל מען דיר בײַ אונדז געבן?... וועסט באַקומען! וועסט באַקומען!

ער האָט מיר באַפוילן אונטערשרײַבן אַ פאַרפליכטונג נישט צו דערציילן קײנעם וועגן דעם פאָרגעקומענעם דאָ און פאַרענדיקט שוין אַ ביסל רויִקער:

— דערווײַל גיי אַהײם. ווען מע וועט דיך דאַרפן, וועט מען דיך רופן.

כ׳האָב פאַרשטאַנען, מיט וואָס דאָס שמעקט, און די זעלבע נאַכט

געמאַכט פּליטה. דורך קיִעוו בין איך צוריק מיט אַנדערע צוריקוואַנדערער געקומען אַהער, כדי צו פאָרן קיין ביאַליסטאָק.

— פאָר נישט ווײַטער! — האָב איך אים אַ זאָג געטאָן קאַטע־גאָריש, — סאַרנע איז אַ ווויל שטעטל. דאָ איז נישט ווײַסרוסלאַנד, נאָר מערב־אוקראַיִנע.

ער האָט מיך געפאָלגט, זיך אײַנגעאָרדנט אויף אַרבעט אין אַ טאַר־טאַק און איז געוואָרן מײַנער אַ טאָג־טעגלעכער גאַסט. פון אים האָב איך זיך דערוווּסט, אַז אין יאָר 1938, נאָך די מאָסקווער פּראָצעסן, בעת ס'זענען ליקווידירט געוואָרן די צ.ק.־מיטגלידער פון דער פּוילישער קאָמפּאַרטיי: זשאַרסקי, וואַרסקי, קאָסטשעוואַ און אַנדערע, זענען אויך פאַרשווּנדן געוואָרן אַלע פּוילישע קאָמוניסטן, וועלכע זענען פאַר די לעצטע קנאַפּע צוואָנציק יאָר אַוועק אין ראַטנפאַרבאַנד — ווער צוליב פאַרשטייענדיקע פּאָליטישע פּראָצעסן, און ווער כדי צו געניסן פונעם פרײַען גליקלעכן לעבן דאָ... ס'זענען אויך פאַרשווּנדן די דרײַ ברידער אַלטמאַן פון אונדזער פּולטוסק, וואָס צוויי פון זיי זענען אַוועק פון פּוילן מיט דער אָפּטרעטנדיקער רויטער אַרמיי אין יאָר 1920. אויך נפתלי צינאַמאָן איז פאַרשווּנדן...

איך פלעג ווערן אויפגעטרייסלט פון זײַנע דערציילונגען: ווי איז דאָס מעגלעך? אָבער הענעך איז אַ צו אויפריכטיקער און צו ערלעכער מענטש, ער זאָל דערציילן נישט ריכטיקע זאַכן.

— יאָ, — האָט ער אויסגעלאָזט, — אַזוי איז עס געשען אין ראַטנפאַרבאַנד. איך האָב דיר אָנגערופן די פיר מענטשן, וואָס דו האָסט זיי געקאָנט מסתמא. איך האָב די דרײַ ברידער נישט געקאָנט, אָבער זייער שוועסטער, יורע, דײַן חברטע, פלעגט זיך דאָך רימען מיט אירע דרײַ ברידער, וועלכע פאַרנעמען דאָרט וויכטיקע אַמטן... דאָס וואָס זי דערהאַלט נישט פון זיי די לעצטע צוויי יאָר קיין בריוו, דערין איז שולדיק די פּוילישע מאַכט... ווי נאָר זי איז געקומען קיין ביאַליסטאָק, האָט זי גענומען שרײַבן צו זיי בריוו, אָבער ווידער קיין ענטפער נישט באַקומען. געקומען מיט אַן עשאַלאָן קיין ראַטנפאַרבאַנד, איז זי אַוועק

צו זיי לויט די אַדרעסן. די שכנים האָבן איר דערקלערט, אַז זיי זענען אַוועקגענומען געוואָרן מיט זייערע פאַמיליעס...

— און וואָס איז דיר באַוווּסט וועגן נפתלין? — פרעג איך אויפגערעגט.

— איך האָב געהערט, אַז זײַן פרוי איז געפאָרן לויטן אַדרעס קיין אוראַל און האָט פון אים קיין זכר נישט געפונען... פאַרשיקט, אָדער דערשאָסן, ווי צענדליקער טויזנטער אַנדערע אַזעלכע, מסתמא... ווער ווייסט?...

נפתלי צינאַמאָן איז געווען איינער פון די באַגאַבטסטע יוגנטלעכע אין פּולטוסק, וועלכער האָט זײַן בילדונג און ליטעראַטור־קענטעניש זיך דערוואָרבן אויטאָדידאַקטיש. צוזאַמען מיט נאָך עטלעכע יוגנטלעכע האָבן מיר אין יאָר 1923 געשאַפן אַ „יוגנטקרייז" בײַ די לינקע פּועלי־ציון. אָבער נפתלי צינאַמאָן האָט אונדז אין גיכן פאַרלאָזט און איז אַריבער צו די קאָמוניסטן.

ווען מיר, אַ גרופּע פּועלי־ציוניסטן, האָבן אין יאָר 1925—26 געגרינדעט די געזעלשאַפט „אָוונט־קורסן פאַר אַרבעטער", האָט ער, נפתלי, צוזאַמען מיט אַנדערע, פון פאַרשיידענע פּאָליטישע ריכטונגען, געגרינדעט אַ צווייטע קולטור־געזעלשאַפט — די י. ל. פּרץ־ביבליאָטעק — און אַרײַנגעצויגן די גאַנצע יוגנט און עלטערע אַרבעטער אין אַ קולטור־פאַרמעסט.

אין אַ ליטעראַרישן משפט איבער ראַסקאָלניקאָוון, דעם הויפּט־העלד פון דאָסטאָיעווסקיס „פאַרברעכן און שטראָף", איז נפתלי צינאַמאָן געווען דער אָנקלאָגער. אין זײַן באַשולדיקונגס־רעדע האָט ער פאָרגע־וואָרפן דעם באַשולדיקטן נישט זײַן מאָרד איבער דער אַלטער פּראָ־צענטניצע, נאָר... זײַן צעקראָכנקייט, זײַן לײַדן פון געוויסנפּיין. ער האָט אים קעגנגעשטעלט דעם העלד פון אַנדרייעווס „זיבן געהאָנגענע" מישקע ציגאַנאָק, וועלכער איז געגאַנגען שטאָלץ צו דער תליה, אויס־רופנדיק: „מיר, אָריאָלער, שרעקן זיך נישט... הענגען, איז הענגען!"

אין דער דאָזיקער דיסקוסיע בין איך דעמאָלט אַרויסגעטרעטן צום ערשטן מאָל אין דער עפנטלעכקייט און האָב געפרעגט:

— מיט וואָס דערקלערט זיך עס, וואָס דער באַשולדיקער, אַנשטאָט צו באַשולדיקן דעם פאַרברעכער פאַר זײַן מאָרדטאַט, ווי ס׳פירט זיך, באַשולדיקט אים גאָר פאַר זײַנע גײַסטיקע לײַדן, וועלכע דערפירן אים לסוף, ער זאָל זיך פרײַוויליק איבערגעבן אין די הענט פון דער גערעכטיקייט ?... ווען ראַסקאָלניקאָוו וואָלט געווען זײַן אַ פּערפעקטער מערדער, אַ געוויסנלאָזער, וואָלט ער דערמיט געווען אַ בעסערער העלד, אַ פּאָזיטיווערער ?...

איך האָב דאָס דערציילט העניכן, און אונדזער שמועס איז אַרויף אויף דער טעמע : רעוואָלוציאָנערן, אידעיִשע טעראָריסטן, גרויסמערדער אין נאָמען פון מלוכה־צילן, ווי היטלער.

— און ווי איז מיט אונדזער פּראָלעטאַרישער מלוכה ? — האָט מיר העניך איבערגעריסן די רייד. — איז באַרעכטיקט דאָס ברענגען אַזוי פיל קרבנות, אפילו פאַר די צילן פון סאָציאַליזם און קאָמוניזם ? קרבנות פון די בעסטע זין פונעם רוסישן פאָלק... אפשר, אַז מע וועט לעבן, וועט מען זיך אַ מאָל דערוויסן וועגן דעם, וואָס ס׳האָט זיך אָפּגעטאָן הינטער די קוליסן אינעם קרעמל... אָבער סטאַלין איז דער איינציקער, וואָס ווערט פאַרהייליקט, אַפילו נאָכן שליסן דעם אָפּמאַך מיט היטלער־דײַטשלאַנד...

—יאָ, — זאָג איך, — ביי אַלע זײַנע פעלערן איז דער ראַטנפאַר־באַנד די איינציקע פּראָלעטאַרישע מלוכה. אַרומגערינגלט מיט שונאים, מוז זי פירן אַזאַ פּאָליטיק, וואָס מיר, קליינע מענטשעלעך, קאָנען זי, צום באַדויערן, נישט פאַרשטיין.

## קאַפּיטל אַכצן

די צאָל פון די פּולטוסקער אין סאַרנע האָט זיך פאַרגרעסערט. צוריקגעקומען פון ראַטנפאַרבאַנד, האָבן זיי אײַנגעזען, אַז מע קאָן אויך דאָ זיך נישט שלעכט אײַנאָרדענען. צוליב די פריש צוגעקומענע איז

אויף אונדז היימלעכער געוואָרן. ס׳האָט דערצו נאָך צוגעהאָלפן די קאָרעספּאָנדענץ מיט קרובים און חברים.

מיין חבר יוסף — העניכס עלטערער ברודער — האָט מיר געשריבן: „ליידער בין איך אַנטוישט, קומענדיק אין באַרירונג מיט דער ווירקלעכקייט. און דאָס וואָס דו שרייבסט, אַז ס׳איז דאָך מלחמה־צייט און מע דאַרף זיך צופּאַסן אויך צו שלעכטע באַדינגונגען, — ווען וואָלסט דאַרפן זוכן פאַר אַ קראַנק קינד אַ ביסעלע מאַנע־קאַשע אָדער אַ זשמענקעלע רייז און עס נישט באַקומען, און צוקוקן, ווי דאָס קינד גייט פּשוט אויס, וואָלסטו אַנדערש געטראַכט. בפרט, אַז מיר ווייסן און זעען אַפילו מיט די אויגן, וואָס פאַר אַ טייערע שפּייז ס׳ווערן געשיקט אין די מערדערישע מקומות. דו קאָנסט אַזוי טראַכטן און שרייבן, ווייל דיר איז געלונגען צו בלייבן אין די מערב־געביטן".

מיין חבר שיע, וועלכער איז געוועזן פון די „גליקלעכע", ווייל זייער עשאַלאָן האָט זיי אַוועקגעפירט קיין קאַווקאַז, האָט געשריבן:

„הלוואי וואָלט איך זיך קענען אָנשיכורן און פאַרנעפּלען מיינע געדאַנקען, וואָלט מיר דאָס לעבן אַ ביסל גרינגער געווען..."

די בריוו, וואָס מיר האָבן באַקומען פון דער פרויס קרובים, זענען אויך נישט געווען קיין געהויבענע; מ׳האָט זיי פאַרגיטיקט מיט שיקן אַ פּעקל שפּייז. אָבער די בריוו פון מיינע קרובים אין וואַרשע זענען געווען נאָך ערגערע, הגם געשריבן מיט געציילטע ווערטער. כ׳ווער געוואָר וועגן דעם ערשטן קרבן ביי זיי — די טייערע קוזינקע עלקעלע איז געפאַלן אין די ערשטע מלחמה־טעג, שטייענדיק אין דער ריי נאָך ברויט, פון אַ באָמבע־שפּליטער. נישט דרייסט בעט מען אין בריוו אַ ביסל שפּייז. מע קאָן פון דאַנען שיקן דורך פּאָסט קיין וואַרשע אַ פּעקל שפּייז, אָבער דעם נייטיקן פאָרמולאַר אויף דעם קאָן מען באַקומער נאָר... אויפן שוואַרצן מאַרק פאַר עטלעכע רובל. די בריוו פון וואַרשע האָבן באַפעסטיקט מיין איבערצייגונג, אַז שלעכטס האָט קיין גרונט נישט. דאָרט איז ביי די יידן אַ טרוים צו קאָנען זיך דערשלאָגן אַהער.

— זיי וואָלטן זיך אויפן סאָוויעטישן רעזשים נישט באַקלאָגט. — וויל איך איבערצייגן די קריטיקער. אָבער די סאָוויעטישע ווירקלעכקייט

גיט מיר אַלע מאָל אַ פרישע לעקציע. אָט האָט זיך אין קיִעווער „שטערן״ באַוויזן אַן אַרטיקל פון אַ ייִדישן פּראָפעסאָר, אין וועלכן ער קלערט אויף, אַז די ייִדן האָבן קיין מאָל נישט אָפּגעשאַצט די גרויסקייט פון... דעם גרויסן אוקראַיִנישן פּאַטריאָט און העלד באָגדאַן כמעלניצקי... דער צוגאַנג פון די ייִדישע היסטאָריקער איז געווען אַ שאָוויניסטישער... און אַזוי ווײַטער און ווײַטער...

אַלץ אין מיר האָט זיך צעבונטעוועט: וועמען וויל ער דאָס, דער סאָוויעטיש־ייִדישער פּראָפעסאָר, איבערצײַגן? אונדז, די ייִדן?... איך האָב אויסגעבאָרגט ביי אַ שכן דובנאָווס ייִדישע געשיכטע און פון דאָרט פאָרגעלייענט פאַר מײַן פרוי:

— — — די הריגות זענען באַגלייט געוואָרן מיט באַרבאַרישע פּײַניקונגען: מע פלעגט אַראָפּציִען פון לעבעדיקע די הויט, צעזעגן אויף דער העלפט, דערשלאָגן צום טויט מיט שטעקנס, בראָטן אויף קוילן, אָפּפּאַרען מיט זודיק וואַסער; ס׳איז קיין רחמנות נישט געווען אַפילו אויף זייגקינדער. די שרעקלעכסטע רציחות זענען באַגאַנגען געוואָרן קעגן די ייִדן. זיי זענען פאַרמשפט געוואָרן צו פולשטענדיקער אויס־ראָטונג, און יעדע רחמנות האָט זיך גערעכנט פאַר פאַרראַט. די ספר־תורות פלעגט מען אַרויסנעמען פון די שולן, די קאָזאַקן פלעגן טאַנצן און שיכורן אויף זיי, דערנאָך פלעגט מען אויף זיי אויסלייגן ייִדן און זיי קוילענען אָן רחמנות. טויזנטער קליינע ייִדישע קינדער זענען אַרײַנגע־וואָרפן געוואָרן אין ברונעמער און פאַרשאָטן געוואָרן לעבעדיקע אין גריבער״.

— גענוג שוין... — זאָגט צו מיר מײַן פרוי, — די דײַטשן האָבן געהאַט פון וועמען צו לערנען...

ס׳איז געווען אַ סוף זומער־אָוונט. אַן אָוונט, ווי אַלע אָוונטן. אָבער עפּעס האָט גענומען זיך רודערן אין די גאַסן. מ׳האָט געקלאַפּט בײַ שכנים אין די טירן. בײַ דער באַנסטאַציע האָבן לאָקאָמאָטיוון געגעבן אָפּט סיגנאַלן. די נאַכט איז אַריבער ווי אַ קאָשמאַר. אין דער פרי האָט מען זיך דערוווּסט: אַלע „בעזשענצעס״, וועלכע האָבן נישט געוואָלט נעמען קיין סאָוויעטישע פּאַספּאָרטן און זיך פאַרשריבן צו פאָרן צוריק צום

דײַטש, זענען בײַ נאַכט אַרעסטירט געוואָרן. דער בית־מדרש און די ווײַבערשול האָבן זיך אויסגעליידיקט. לויט די אַדרעסן אין דער מיליץ האָט די נ.ק.וו.ד. אַרויסגענומען פון די הײַזער די אַלע, וועמען מ׳האָט געטראָפן.

נישט איינעם פון די אַרעסטירטע האָב איך געהאַט צוגערעדט, מיט געבעט ממש: „נעמט אַרויס אַ פּאַספּאָרט, אָרדנט זיך אײַן. וועט זיך ענדיקן די מלחמה, וועט איר אַ טראַכט טאָן וועגן פאָרן אַהיים“. פלעגט דער ענטפער זײַן: „אָט לויף איך זיך פאַרבינדן מיט זיי אויף גאַנצע פינף יאָר! און וואָס וועט זײַן אַז זיי וועלן נישט דערלויבן אַרויסצופאָרן?“ האָב איך געטענהט: „טאָ וואָס, איר וועט זײַן אומגליקלעך?“ — איצט איז די דיסקוסיע געוועזן פאַרענדיקט.

אַ סך איז פון דעסטוועגן געלונגען זיך אויסצובאַהאַלטן און באַקומען שפּעטער דורך „פּראָטעקציע“ סאָוויעטישע פּאַספּאָרטן. האָבן אויסגעזוכט פאַר זיך אַן אַרבעט און געדאַנקט גאָט פאַרן ניצול ווערן פון סיביר.

ס׳האָבן זיך אָנגעהויבן די האַרבסטטעג — טריבע, רעגנדיקע. און ווי אין דרויסן, אַזוי איז געווען אויף דער נשמה. די דײַטשישע נצחונות אין אייראָפּע אין משך פונעם זומער האָבן מיך וואָס ווײַטער אַלץ שטאַרקער גײַסטיק דערדריקט. הגם די עקאָנאָמישע לאַגע האָט זיך פאַרבעסערט מיט יעדן טאָג: אין די מלוכה־קלייטן האָבן זיך באַוויזן מלבושים, וואַרעמע און זומערדיקע; די רייען ביי די מאַנופאַקטור־געשעפטן זענען אַלץ לענגער געוואָרן און... מענטשן האָבן דערבײַ געפונען פּרנסה. איך אָבער האָב זיך באַנוגנט מיט מײַן פאַכאַרבעט און מיט גײַסטיקע קריזיסן. טאַקע אין דער דאָזיקער צײַט איז מיר באַשערט געווען אײַנצונעמען נאָך אַ ביטערע פּיל:

— ענדלעך געפונען אײַך! — רופט אויס מיט פרייד מײַנער אַ חבר, עזריאל, אַרײַנקומענדיק צו אונדז. — איך פאָר קיין קיִעוו צום ברודער. קומענדיק קיין סאַרנע פון שטעטעלע איקס נעבן באַראַנאָוויטש, ווײַזט זיך אַרויס אַז די באַן וועל איך האָבן ערשט אין עטלעכע שעה

אַרום. דערוויַיל ווער איך געוואָר, אַז איר געפינט זיך דאָ, — טאָ ווי גייט מען נישט אַריַין זען ווי איר לעבט דאָ?

— באמת אַ טיַיערער גאַסט!

זיצט מען ביי אַ גלאָז טיי, און מע הייבט אָן דערציילן וועגן אונדזערע נסים.

עזריאל איז אין דער „יוגנט" געווען אַ שם־דבר מיט זיַינע גלייכוועַרטלעך און טיפזיניקע, טרעפלעכע אַריַינזאָגוּנגען. אַ שטענדיק אויפגעלייגטער, פריילעכער, וועלכער שטעקט אָן מיט זיַין אָפּטימיזם. די לעצטע ערב־מלחמה־יאָרן איז ער אַוועק אַרבעטן קיין וואַרשע און דאָרט געוואָרן אַן איבערצײַגטער „מאַרקסיסט".

דערציילט ער איצט, ווי אַזוי ס׳איז אים געלונגען צו באַקומען אַ דערלויבעניש צו פאָרן קיין קיִעוו אויף אַ חודש, זיך צו זען מיט זיַין ברודער, וועלכער געפינט זיך דאָרט פון יאָר 1914. נאָכן אַרויסבאַקומען אין פרילינג אַ סאָוויעטישן פּאַספּאָרט האָט ער זיך געוואָנדן אין דער מיליץ וועגן אַזאַ דערלויבעניש. באַקומען אַן אָפּזאָג. דער פּאַראַגראַף עלף האָט פאַרשלאָסן פאַר אים די טויערן פון קיִעוו. מער ווי אַ לאַקאָניש בריוול פלעגט ער פונעם ברודער נישט באַקומען. דאָס איינציקע וואָס ער האָט פאַר זיי געטאָן אין משך פון דער גאַנצער ציַיט איז, וואָס ער האָט אין די שפּעטע צוואָנציקער יאָרן אַריבערגענומען די ייִנגסטע שוועסטער. האָט ער געגלייבט, עזריאל, אַז נאָכן באַקומען אַ סאָוויעטישן פּאַס וועט ער קאָנען זיַין צוזאַמען מיט זיי. אָבער אַז מיליץ זאָגט „לא", איז „לא פידלתי", און ער האָט רעזיגנירט. האָט ער אָבער אַ חבר, וואָס קאָן פּערפעקט רוסיש, האָט אים יענער כסדר צוגערעדט, ער זאָל זיך ווענדן מיט אַ בריוו צום חבר סטאַלין. ער האָט זיך, פאַרשטענדלעך, פון דער עצה אויסגעלאַכט: „מער פעלן אים שוין נישט קיין דאגות, דעם חבר סטאַלין, ווי זאָרגן פאַר דעם, איך זאָל זיך צונויפטרעפן מיט מיַין ברודער און שוועסטער! בעסער נישט צו האָבן מיט זיי קיין געשעפטן...". אָבער אין איינעם אַ שיינעם טאָג ברענגט אים דער חבר אַריַין דעם בריוו, געשריבן מיט אַ שיינער קאַליגראַפישער האַנטשריפט און נאָך שענערן סטיל. אין בריוו שרייבט „ער": „ווען כ׳בין נאָך גאָר

יונג געווען, האָט אונדז — קליינע יתומים מיט דער מוטער — פאַרלאָזט אונדזער עלטסטער ברודער און זיך באַזעצט אין קיִעוו. דער אויסבראָך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה און שפּעטער די רעוואָלוציע האָט אונדז צעשיידט. ווען אין יאָר 1920 האָט די רויטע אַרמיי נישט געקענט איינהאַלטן די פאַרנומענע געביטן, האָב איך כסדר געבעטן פאַר איר נצחון. אין די אַלע יאָרן פון דער פּוילישער אָקופּאַציע האָב איך געטרוימט, אַז די רויטע אַרמיי מיטן גרויסן אַלמעכטיקן סטאַלין זאָלן אונדז באַפרייען. און אָט זענען מײַנע טרוימען פאַרווירקלעכט געוואָרן! שוין העכער אַ פערטל יאָרהונדערט וואָס איך האָב מײַן ברודער נישט געזען. איז מײַן האַרציקע ווענדונג צו דיר, טײַערער חבר סטאַלין: דערמעגלעך מיר איצטער זיך צו זען מיט מײַן ברודער און משפּחה". ער האָט דעם בריוו אַוועקגעשיקט און... פאַרגעסן אין אים. און אָט באַקומט ער אַ מעלדונג פון ראַיאָן־נ.ק.וו.ד. ער זאָל קומען צו פאָרן. ס'איז אים אַפילו נישט געקומען אויפן זינען, אַז דאָס האָט אַ שייכות צו זײַן בריוו. דער נאַטשאַלניק האָט אים אויסגעפרעגט וועגן זײַן ברודער, מיט וואָס ער באַשעפטיקט זיך, ווי לאַנג זיי האָבן זיך נישט געזען. פון זײַנע פראַגן האָט ער געזען, אַז ער האָט שוין פון פריִער אַלע אינפאָרמאַציעס וועגן אים. בקיצור, ער האָט באַקומען די דערלויבעניש צו פאָרן קיין קיִעוו אויף אַ חודש.

— איז אָט בין איך אויפן וועג קיין קיִעוו.

און — מיר האָבן זיך געזעגנט. דויערט נישט לאַנג, קומט אַ צען טעג, — עזריאל איז ווידער דאָ בײַ אונדז. קוים וואָס מיר האָבן אים דערקענט. אַ פאַרקילטער, אַ הייזעריקער, אַן אַנטוישטער. נאָכן דער־וואַרעמען זיך מיט אַ הייסער גלאָז מילך דערציילט ער אונדז מיט אַ קוים־הערבאַרער שטים:

— בײַ מײַן ברודער אין שטוב איז געווען אַ דיסקוסיע, צי מע דאַרף מיך אײַנמעלדן, אָדער נישט. זענען די איידעמס גרויסע „שיש־קעס", האַלטן די טעכטער, אַז סע פּאַסט נישט צו גיין „קעגן געזעץ". בין איך אַוועק אין דער מיליץ. אין אַ ריזן־צימער זיצן צענטליקער באַאַמטע. מע ווײַזט מיר צו וועלכן טיש איך באַדאַרף. דער מיליציאָנער

נעמט פון מיר די דאָקומענטן, כאַפּט אַ בליק אין פּאַספּאָרט און... שרייַט זיך פונאַנדער: „וואָס?! דיך איינמעלדן? מיט וואָס פאַר אַ רעכט ביסטו געקומען קיין קיִעוו?" — „מיטן רעכט פונעם פּראָפּוסק, וואָס דער נ.ק.וו.ד.־נאַטשאַלניק פון אונדזער ראַיאָן האָט מיר געגעבן. פרעג עס אים, דעם נאַטשאַלניק, נישט מיר. כ׳בין געקומען זיך זען מיט מייַן ברודער און משפּחה אויף אַ חודש צייַט. כ׳בין נישט געקומען אַהער וווינען". „אָבער דו טאָרסט נישט זייַן דאָ אַפילו קיין איין טאָג. ער האָט דיר אַזאַ דערלויבעניש נישט געטאָרט געבן" — קען ער נישט דאָס געזעץ? „ניין!" — ענטפערט ער מיט אַ בייזן טאָן. — „טאָ מאַכט מיך פון הייַנט אָן דאָרט פאַר אַ נאַטשאַלניק"... — ער קוקט מיך אָן פאַר־וווּנדערט. — „יאָ, מאַכט מיך פאַר אַ נאַטשאַלניק", — קוק איך אים גלייך אין די אויגן אַרייַן, — „ווייל איך קען אויך נישט אייַערע געזעצן".
...ער גיט אַ שמייכל, נעמט צו פון מיר דעם פּאַספּאָרט און פּראָפּוסק און הייסט מיך קומען מאָרגן. איך קום מאָרגן. בייַם זעלבן טיש זיצט שוין גאָר אַ צווייטער, וועלכער... ווייסט נישט פון קיין שום זאַך. ער נעמט נישטערן צווישן די פּאַפּירן און אין די שופלאָדן, — נישטאָ, נישט דער פּראָפּוסק, נישט דער פּאַספּאָרט. „אפשר האָסטו געגעבן עס אַ צווייטן בייַ אַן אַנדער טיש?" — „ניין, נאָר דאָ. איך אָריענטיר זיך גאַנץ גוט." — ער זוכט נאָך אַ מאָל — נישטאָ. איך רעג זיך אויף: — „וואָס פאַר אַן אָרדענונג איז עס בייַ אייַך? אין פּוילן האָט דאָך איין באַאַמטער געפירט מער אָרדענונג ווי דאָ אַ פּאָר צענדליק. ווייסט כאָטש דער חבר סטאַלין וועגן דער אָרדענונג דאָ בייַ אייַך? ווי אַזוי די שטייַערן פון די בירגער ווערן פאַרשווענדט פון אַזוי פיל אומזיסטע פּרעסער?" — — דער עולם באַאַמטע הערט זיך צו צו מייַנע רייד. אַזוינס האָט מען נאָך מן־הסתם נישט געהערט פון אַ סאָוויעטישן בירגער אויסשרייַען עפנטלעך אין דער מיליץ. דער באַאַמטער, אַ בלאָסער, זוכט ווייַטער און געפינט דעם פּראָפּוסק אין... פּאַפּירקויש, אַ צעקנייטשטן, דעם פּאַספּאָרט — בייַ אַ צווייטן טיש...

— זעט איר דאָך!! אַ פאַרקילטער, אַ קראַנקער, מן־הסתם מיט אַ ביסל געהעכערטער טעמפּעראַטור, האָב איך געמוזט פאַרלאָזן קיִעוו.

נאָר נאָך אין די ערשטע טעג פון מײַן זײַן דאָרט האָב איך זיך אײַנפּאָר־מירט וועגן דעם לעבן פון מײַן משפּחה דאָרט. כ'מיין, אַז ס'איז גענוג...

— איז נישט געווען ווער ס'זאָל גיין אינטערוועני׳רן פאַר דיר?

— ניין. דאָרט האָט יעדער מורא וועגן זיך אַליין. קיינער וויל זיך נישט פאַרפלאָנטערן מיט אַ צווייטנס צרות...

— און וואָס הערט זיך בײַם ברודער? בײַ דער שוועסטער?

— הלוואי וואָלט איך נישט געווען געפאָרן. — טוט ער אַ מאַך אַוועק מיט דער האַנט. — וואָלט איך געלעבט מיט דער אילוזיע, אַז זיי לעבן דאָרט גליקלעכע. שטעלט אײַך פאָר, מײַן ברודער איז דער בעסטער שנײַדער פון דאַמען־מאַנטלען אין קיִעוו. ער האָט שטענדיק גוט פאַר־דינט. אָבער קיין מאָל איז עס אים נישט באַקומען. האָט געאַרבעט פאַר זיך אין שטוב, אין קיין אַרטעל נישט געוואָלט גיין, האָט ער געצאָלט ריזן־שטײַערן. ווען זײַנע טעכטער זענען עלטער געוואָרן, זענען זיי צו אים צוגעשטאַנען, אַז ער טאָר לענגער נישט זײַן קיין קוסטאַר (זעלב־שטענדיקער באַלמעלאָכע) — דאָס וועט זיי שטערן אין זייער ווײַטערדיקן שטודיום. האָט ער ענדלעך געמוזט נאָכגעבן און איז געוואָרן דער קאָסטיומען־נייער פון דער קיִעווער אָפּערע. אָבער דאָס איז נישט אַזוי וויכטיק. פאַר מיר איז געווען וויכטיקער, וואָס איך בין געוואָר געוואָרן, אַז כאָטש ער לעבט אין קיִעוו פון פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה, איז ער נאָך אַלץ אַ פּאָליאַק, ווײַל ער שטאַמט פון פּולטוסק, אַ שטאָט וואָס האָט געהערט צו רוסיש פּוילן, און ווי אַזעלכן האָט מען אים אַלע יאָרן צוגעטיילט פּאָרציעס... צרות. אין די יאָרן נאָכן „נעפּ" איז געווען אַ מעשה מיט גאָלד־זוכענישן, האָט ער פאַרזוכט דעם טעם דערפון. אויך גענוג אַנדערע ענינים זענען געווען. אין די יאָרן 1937—1938 האָט מען אים באַשולדיקט אין... פירן קאָרעספּאָנדענץ מיט אויסלאַנד. דאָס איז געווען מײַנס אַ בריוול פון פּוילן אָדער פון עלטערן ברודער פון אַמעריקע, וועלכע זענען גוט געבדקט געוואָרן דורך דער צענזור. מע האָט בײַ אים דורכגעפירט אַ רעוויזיע, אַראָפּגעריסן די טאַפּעטן פון די ווענט, אויפגעריסן די פּאָדלאָגעס. פּשוט, געמאַכט אַ פּאָגראָם, ווי אין

די אַלטע גוטע צײַטן. ס׳האָט נישט קיין סך געפעלט, ער זאָל פאַרפאַלן ווערן אין סיביר.

— און וואָס הערט זיך בײַ דער שוועסטער?

— אויך פון איר האָב איך קיין סך נחת נישט געהאַט. זי אַרבעט שווער, צו דערנערן זיך און דעם קינד. זי איז זיך פונאַנדערגעגאַנגען מיטן מאַן. דער עיקר — כ׳האָב זיך גאָרנישט געפייטיקט אין אַ גאַנצן חודש, כדי זיך אָנצונעמען מיט דער „פרייד" און דעם „נחת" פון מײַן משפחה, וועלכע לעבט אין גליקלעכן גן־עדן. איצט ווייס איך שוין, ווי מע דאַרף זיך אויפפירן דאָ אין ראַטנפאַרבאַנד: טראָגן מיט זיך שטענדיק אַן אויטאָביאָגראַפיע און אַ... זעקעלע; די אויטאָביאָגראַפיע אין אַ סך קאָפּיעס, ווײַל ווו דו קערסט זיך און ווענדעסט זיך דאַרפסטו זי האָבן, און דאַרפסט אויך וויסן ווי זי צו שרײַבן, אַז דײַן טאַטע איז געווען אַ... קאָנסט שרײַבן: אַן אָרעמאַן, אַ שלעפּער, אַ בעטלער, אַן אַנאַלפאַבעט, נאָר, חס־ושלום נישט, אַז ער איז געווען אַ געבילדעטער, אַ פײַנער מענטש, אָדער ענלעכס.

— און צו וואָס באַדאַרף מען דאָס זעקעלע?

— אַ טאָרבעלע, פרעגסטו? טאָמער וועסטו, גייענדיק אין גאַס, אָנטרעפן אַ רײַ בײַ אַ געוועלב, ווו מע „גיט" אַ האַלבן קילאָ גרויפּן, אָדער הירזש, וועסטו דאָך עס נישט נעמען אין קעשענע. אָדער אין היטל אַרײַן, ווי די היגע.

— יאָ, — פאַרענדיקט ער — זיי האָבן פאַרוואַנדלט אַזאַ ריזנלאַנד אין אַ לאַנד פון בעטלערס, „פאַרברעכערס" און נאַטשאַלניקעס. האַלט איך אין איין שעלטן דעם צאַר ניקאָלאַי, אויך קערענסקין — אַז די ערד זאָל זיי אַרויסשמיצן! פאַר וואָס זיי האָבן דערלאָזט צוצונעמען בײַ זיי די מאַכט.

— אָבער... וויל איך פון דעסטוועגן זיך אַ דינג טאָן מיט אים — קיין אַנטיסעמיטיזם איז דערפאַר דאָ נישטאָ. אַ ייִד לעבט דאָך דאָ אין זיכערקייט, נישט ווי אַ מאָל אין פּוילן און אַוודאי נישט ווי הײַנט בײַ די דײַטשן. דאָ וועט זיך קיינער נישט דערוועגן אים צו באַפאַלן פיזיש, אַפילו נישט קיין שיכור. פאַר אַזאַ כוליגאַנערײַ וועט ער אַרײַנכאַפּן

אַ „פינפערל״ (פינף יאָר טורמע). אויך האָט דאָ יעדער דאָס רעכט צו באַקומען אַרבעט. האָבן דאָך אַפילו אינעם דעמאָקראַטישן פראַנקרײַך די עמיגראַנטן נישט געהאַט דאָס רעכט אויף אַרבעט, דאָס רעכט אויף צו פאַרדינען אַ שטיקל ברויט; אַזוי ביזן יאָר 1939.

אָבער אונדזער פריינד האָט עס גאָרנישט איבערצײַגט.

## קאַפּיטל ניינצן

איך האָב דעמאָלט געאַרבעט אין אַן אינוואַלידן־אַרטעל מיט אַ שותף אַן אינוואַליד, וועלכער האָט געהאַט אַן אייגענע ניימאַשין. מיר האָבן נישט שלעכט פאַרדינט און כ׳האָב געהאַט אַ מעגלעכקייט ווי געהעריק זיך צוצוגרייטן צום אָנקומענדיקן ווינטער. ס׳האָט זיך אונדז געדאַכט, אַז דאָס לעבן וועט אַוועק ווײַטער אַ ביסל רויִק. אָבער די גאַלשטײַ־נער, וועלכע האָבן מײַן פרוי אַ לענגערע צײַט צו רו געלאָזן — אפשר גראָד צוליב די איבערגעלעבטע צרות — האָבן זי איצט, אין די טעג נאָכן אַנטווייגען דאָס קינד, גענומען שטורעמען. מ׳האָט זי אַוועקגענומען אין שפּיטאָל אויף „פּאָליעסקע״, אויף דער צווייטער זײַט פון דער באַנ־סטאַציע, ווו זי האָט באַקומען די בעסטע באַהאַנדלונג. נאָך אַ מאָנאַט זײַן דאָרטן האָט זי באַוויזן צו זײַן אין דער היים קוים עטלעכע טעג און געמוזט זיך אַהין צוריקקערן. געבליבן אַליין מיט די קינדער אין שטוב, האָב איך נישט געקאָנט פאָרזעצן צו אַרבעטן, און אונדזער פינאַנסיעלע לאַגע איז צעטרייסלט געוואָרן. אָבער מער זענען מיר דערגאַנגען די יאָרן די קאָשמאַר־חלומות, וועלכע האָבן מיך געפּײַניקט אין די נעכט. חלומות אין פאָרזעצונגען. אויפגעכאַפּט זיך פון שרעק, צוריק אײַנ־געשלאָפן, און זיי האָבן זיך ווײַטער געקייטלט. די פאָרזעצונגען האָבן זיך געצויגן פון איין נאַכט צו דער צווייטער... דײַטשן מיט שרעקלעכע פּנימער — ענלעכע צו די טויטנקעפּ, דעם עמבלעם אויף די היטלען פון די ס.ס.־לײַט — יאָגן אונדז נאָך, און מיר, איך און מײַן פרוי, אַנטלויפן. „מיר מוזן זיך ראַטעווען״ — שרײַ איך צו מײַן פרוי, —

„מיר טאָרן צו זיי נישט אַרײַנפּאַלן!" און איך כאַפּ זיך אויף אַ באַגאַ־סענער מיט שוויס און צעווייטיקטן קאָפּ. און ווען כ'שלאָף ווידער אײַן, יאָגן אונדז שוין נאָך מאַטאַריזירטע אָפּטיילן, יאָגן נאָך די באַן, אין וועלכער מיר פאָרן; פרישע מענטשן, נײַע שטעט, אומבאַקאַנטע געגנטן...

ווען איך דערצייל עס בײַ טאָג מײַן פרוי, זאָגט זי מיר: „אויך מיך פאַרפאָלגן ענלעכע חלומות, אָבער, ווייסט דאָך: אַ חלום איז אַ נאַר. דער דײַטש פאַרפלאָנטערט זיך איצט אין אַ קריג מיט ענגלאַנד, — וועלן זיי אָנהייבן זיך טשעפּען צו רוסלאַנד, פון וואַנען זיי באַקומען אַזוי פיל פּראָוויאַנט און ברענשטאָף?"

דער פרילינג פון יאָר 1941 איז אָנגעקומען נאָך אַ שענערער ווי פאַר אַ יאָרן. די אַקאַציע־ און בעזביימער האָבן זיך צעבליט. פרילינג וועקט שטענדיק האָפענונגען אויף פרײַהייט — זמן חרותנו! אָבער דער הײַנטיקער פרילינג איז, דאַכט זיך, אַנדערש ווי דער פאַראַיאָריקער, מער יום־טובדיק. די צוגרייטונגען צו די מאַי־פײַערונגען זענען מיט מער פאַרנעם. די געשעפטן זענען פאַרפולט מיט פּראָדוקטן און זיסוואַרג, וועלכע מע קאָן שוין קויפן פרײַ, אָן אָטשערעדן. לכבוד יום־טוב האָט זיך באַוויזן וואָדקאַ און ספּירט, קאָניאַק און ליקערן, וואָס רייצן דעם אַפּעטיט. דער עולם לאָזט זיך טאַקע ווילגיין. אויך אין אונדז וועקן זיך גוטע האָפענונגען.

מיר פאַרשטייען, אַז מיטן פּראַווען דעם יום־טוב וויל די ראַטנמאַכט געווינען די הערצער פון דער אוקראַאינישער באַפעלקערונג, וועלכע בונטעוועט זיך און איז אומצופרידן, צוליב די קלאַנגען, אַז מע גייט דאָ אײַנפירן קאָלכאָזן. דער איבערפלוס פון פּראָדוקטן און אַנדערע גוטע זאַכן דאַרף באַווײַזן, אַז נאָר די ראַטנמאַכט קען אײַנשטעלן אַ גוטע אָרדענונג, אַז אויך די אָרעמע מאַסן און פּויערים זאָלן זיך קאָנען פאַרגינען אַל דאָס בעסטע, נישט ווי בײַ די פּאָליאַקן, ביי וועלכע די פּויערים אויף די קרעסן האָבן געלעבט אין נויט און אָרעמקייט אויף די מאָגערע ערדטיילן, ווײַל די גוטע באָדנס זענען אַוועקגעגעבן געוואָרן די אָסאַדניקעס.

אין משך פונעם פאַרגאַנגענעם ווינטער זענען דאָ געעפנט געוואָרן אַ סך וואַרשטאַטן און פאַבריקלעך פון לײַכטער אינדוסטרי. אין אַזאַ וואַרשטאַט האָב איך איצטער געאַרבעט; „לעכפּראָם" (לײַכטע אינדוסטרי) האָט ער געהייסן. ס'האָבן זיך אין אים געפונען דרײַ צעכן: פון שניידער, שטעפּער און שוסטער. זיי האָבן פאַרנומען דעם אייבערשטן שטאָק פון דער „אָרט"־געבײַדע, וועלכע האָט זיך מיט אירע רויטע ציגל און בלעכענעם דאַך אויסגעטיילט פון די אַרומיקע קליינע הײַזקעס.

איך האָב דאָ אָנגעהויבן אַרבעטן אין מיטן ווינטער, ווען דער וואַרשטאַט איז שוין געווען באַזעצט מיט גענוג שטעפּערס, לויט דער צאָל שוסטערס, וואָס האָבן דאָ געאַרבעט. האָב איך אויסגענוצט מײַן „דער־פינדונג" פון פאַר אַ יאָרן און באַוויזן, אַז איך קאָן זײַן אַן „אַלכעמיקער" און מאַכן פון „מיסט" — „גאָלד". קליינער אָפּפאַל איז שוין דאָ געווען אַ סך, און אויך קיין זוילן, וואָס מע קאָן נייען אויף דער מאַשין, האָט דאָ נישט געפעלט, און — ס'איז אַוועק אַ גאַנג. ס'וואָלט שוין גאָרנישט שלעכט געווען. אָבער אָט מוז מען מײַן פרוי שוין צום דריטן מאָל אַוועקנעמען אין שפּיטאָל אַרײַן.

אין „לעכפּראָם" פאַרזאָרגט מען אונדז נישט נאָר מיט אַרבעט, נאָר אויך מיט קורסן פון רוסיש, קורסן פון רויטן קרייץ און מיט לעקציעס־רעפעראַטן פון פּאָליטרוקן, וועלכע קלערן אונדז אויף די אַקטועלע פּאָליטישע געשעענישן. דעם פּאָליטרוק שטעלט מען פראַגן, און ער ענטפערט:

— ווי קומט עס, וואָס דער דײַטש איז אַרײַן קיין פינלאַנד? איז דאָס טאַקע געווענדעט קעגן ראַטנפאַרבאַנד?

— זיכער ניין!

— טאָ צוליב וואָס איז ח' סטאַלין געוואָרן פּרעמיער? איז ער דען ביז הײַנט נישט געווען דער הויפּט־דעה־זאָגער ביי אונדז אין לאַנד?

— יאָ. ער איז געווען דער הויפּט־דעה־זאָגער וואָס אַנדערע זאָלן טאָן. אָבער איצט איז אַ שטורעם אויפן ים, האָט דער קאַפּיטאַן אַליין גענומען דעם רודער אין האַנט.

— זענען אמת די מעלדונגען פון אויסלאַנד, אַז דער דײַטש גרייט זיך אָנצופאַלן אויפן ראַטנפאַרבאַנד?

— ווען ס׳וואָלט אמת זײַן, וואָלט מען עס דאָך געוווּסט אין אונדזער גענעראַל־שטאַב, און ער וואָלט עס נישט אויסבאַהאַלטן.

— אָבער איר האָט דאָך געזאָגט, אַז ס׳איז אַ שטורעם אויפן ים, און דער ח׳ סטאַלין האָט גענומען דעם רודער אין האַנט?

— מיר האָבן אויך אַ שונא אויפן ווײַטן מזרח. נישט אַלץ דערציילט מען אונדז. אָבער איינס קאָן איך אײַך זאָגן, וואָס אונדזער גענעראַל־שטאַב האָט שוין געמאָלדן, אַז מיר זענען פעיִק אָנצוטאָן „אַ שטאָלן היטל״ אויף יעדן גרעסטן לאַנד, וואָס זאָל אונדז באַפאַלן. אָבער ווען אויף דער וועלט גייט אָן אַזאַ מלחמה, דאַרף מען גוט היטן אונדזערע גרענעצן, דאָס פײַער זאָל זיך נישט אַריבערכאַפּן אויך צו אונדז.

— אָבער די מאָביליזאַציע פון מיליטער־פליכטיקע גיט דאָך צו פילן, אַז עפּעס גרייט זיך?

איר ווייסט דאָך ווי מע זינגט ביי אונדז: „אויב מאָרגן אַ מלחמה — שוין הײַנט זיי גרייט צום שלאַכט!״.

אין גאַס שמועסט מען און מע גיט איבער פון זיכערע קוועלן, אַז צוליב דעם וואָס דער דײַטש האָט פאַרנומען פינלאַנד, וועלן אונדזערע פאַרנעמען... פוילן ביז דער ווײַסל. דערצו גרייט מען זיך עס.

— נו, און דער דײַטש וועט דערויף גאָרנישט זאָגן?

— זיכער. היטלערס מיליטער גרייט זיך דאָך אָנצוגרײַפן ענגלאַנד, וועט ער דאָך נישט פירן קיין מלחמה אויף צוויי פראָנטן, — וועט ער עס מוזן אַראָפּשלינגען.

פעסעמיסטן פרעגן: ווי אַזוי האָט עס דער דײַטש באַוויזן צו פאַרנעמען פינלאַנד אין איין טאָג, ווען אונדזערע האָבן דאָרט געמוזט קעמפן אַ גאַנצן ווינטער? — ענטפערן דערויף די אָפּטימיסטן: דאָס האָבן די פינלענדער זיי אַליין אַריינגעלאָזט.

דעם 22סטן יוני, זונטיק, איז בײַ אונדז דער זעלבער אַרבעטסטאָג ווי אַלע זונטיק. בײַ אונדז איז מאָנטיק — שבת. דאָס איז געמאַכט אַזוי, כדי די קונדן, וועלכע האָבן אומעטום פרײַ אין דעם טאָג, זאָלן האָבן

די מעגלעכקייט צו מאַכן דאָ זייערע באַשטעלונגען. דער ראַדיאָ־הילכער גיט זײַן אוידיציע פונעם סאַרנער „ראַדיאָ־קנופּ”. ס׳איז 11 אַ זייגער. כ׳באַמערק אַ געזעמל לעבן דעם ראַדיאָ־הילכער, אַ גרעסערס ווי געוויינ־לעך. איידער כ׳קום צו איז שוין געענדיקט. דער עולם צעגייט זיך אָבער נישט, ווי ער וואָלט זײַן צוגעשמידט. די פּנימער — בלאַסע.

— מלחמה! — טוט איינער אַ זאָג מיט אַן איבערגעשראָקענער קוים־הערבאַרער שטים.

באַלד ווער איך געוואָר, אַז מאָלאָטאָוו האָט נאָר וואָס איבערגע־געבן: דער דײַטש איז פאַר טאָג אָנגעפאַלן אויפן ראַטנפאַרבאַנד. האָט באָמבאַרדיר׳ט באַפעסטיקונגען, באַנסטאַציעס, אַ ריי שטעט און דרינגט אַרײַן אויף אונדזער טעריטאָריע.

זאָגן אָפּטימיסטן אויף זיכער, אַז איצט וועט ער כאַפּן אַ מפּלה פאַר דער גאַנצער צײַט. אָבער ווי איז דאָס בכלל געשען? האָבן דען אונדזערע נישט געוווּסט, אַז דער דײַטש גרייט זיך? און צו וואָס האָט מען עס נאָך אָפּגעלייקנט?

— זיכער האָט מען אין גענעראַל־שטאַב געוווּסט. מ׳האָב טאַקע דאָרט אויסגעקוקט די דײַטשן זאָלן נעמען אָנגרײַפן. דאָס איז דער אָנהייב פון היטלערס סוף.

אָבער דערווײַל איז דער סוף, אַז מע ווייסט גאָרנישט. ס׳קומען געשעענישן, אויף וועלכע מע ריכט זיך גאָרנישט. ברענג איך דערווײַל די פּרוי פון שפּיטאָל אַהיים: ווי ס׳זאָל זיך נישט מאַכן, לאָמיר זײַן צוזאַמען.

— ווערן אונדזערע שרעקלעכע חלומות מקוים? — זאָג איך צו דער פּרוי. — וועלן טאַקע די דײַטשן נעמען יאָגן ווײַטער? עפּעס גלייבט זיך נישט, אַז די רויטע אַרמיי זאָל אָפּטרעטן פאַר דער דײַטשישער. דאָס איז דאָך נישט די פּוילישע אַרמיי. המם, און די פראַנצייזישע?

ס׳ווערט אומהיימלעך צו טראַכטן וועגן דעם, וואָס אונדז שטייט פאָר. זוער ווייסט, וואָס פאַר אַ סורפּריזן ס׳זענען נאָך פאַר אונדז אָנגעגרייט. ס׳ווערט שוין דורכגעפירט אַ מאָביליזאַציע פון אַלע „צוגענו־מענע” דורך דער מיליטערישער קאָמיסיע. מע נעמט נאָר יענע, וועלכע

האָבן גוטע פּאַספּאָרטן, דאָס הייסט אָרטיק־געבוירענע. פון דער באַנ־סטאַציע פאָרן אָפּ אַ סך פאַמיליעס פון די „וואָסטאָטשניקעס” צוריק אַהיים.

דינסטיק. דער דריטער מלחמה־טאָג. מיר קומען פון מיטיק צוריק צו דער אַרבעט (מיר האָבן אַ שעה־זיבן מיטיק־איבעררײַס). ס׳קומט אָן דער הויפּטמײַסטער מיט די שליסלען, נעמט אויפשליסן די טיר פון אונטערשטן שטאָק. ס׳דערהערט זיך אַ זשומען פון עראָפּלאַנען. דאָס ברומען דער־נענטערט זיך, ווי דער געזשום פון אַ מחנה בינען. און מיט אַ מאָל ווערט דאָס גאַנצע שטעטל אויפגעטרייסלט פון עקספּלאָזיעס. איבער דער באַנ־סטאַציע טוט זיך אַ הייב, ווי אַ טומאַן, אַ טונקל־גרויער שטויב, אַ רויך מיט פײַערפלאַמען. אין דעם מאָמענט טוט דער הויפּטמײַסטער אָן עפן די טיר און מיר אײַלן שנעל אַרײַן. נישט באַוויזן נאָך צו די טרעפּ, דער־הערן מיר איבער אונדזערע קעפּ אַ שנײַדיקן פייף: פיו־ו־ו! דאָס הויז טוט זיך אַ טרייסל. פון אייבערשטן שטאָק שיט זיך אויף אונדז טינק, ציגל און שטיקער ליים. מיר טוען אַ לויף אַרויס אין דרויסן. די עראָ־פּלאַנען האָבן זיך שוין דערווײַטערט. ס׳הערן זיך געשרייען. מיר לויפן צעמישטע אַרײַן צוריק. מיר קומען אַרײַן אין וואַרשטאַט — ס׳איז נישט צו דערקענען דאָס אָרט. אין סופיט — אַ לאָך פון דער באָמבע, די פּאָדלאָגע דורכגעלעכערט אויף דעם אָרט, וווּ ס׳איז געשטאַנען מײַן ניימאַשין, טירן־פענצטער אַרויסגעריסן צוזאַמען מיט די וויטרינעס. איך גיי אַראָפּ אונטן אין קעלער. ווײַזט אויס, אַז די באָמבע האָט זיך בלויז אײַנגעגראָבן טיף אין דער ערד, אָבער נישט אויפגעריסן. ווען אַנדערש, וואָלט עס אויפגעריסן דאָס גאַנצע הויז מיט אונדז צוזאַמען. אַרום דער געבײַדע זאַמלען זיך געזעמלען. פון אַ דערבײַיק הייזל ראַטעוועט מען אַרויס אַ קינד — דאָס הײַזל איז צעטרייסלט. איין וואַנט פעלט. נסים — דאָס קינד, אַרויסגעצויגן פון אונטער דער חורבה, איז בלויז לײַכט פאַרוווּנדעט.

פּופּצן גריבער האָט דער „באַגאַזש” פון די אויסגעלאָדנטע עראָ־פּלאַנען געלאָזן אין אונדזער געגנט. קיין קרבנות זענען בדרך־נס נישט געווען. דערווײַל קומען שוין גרוסן פון דער באַנסטאַציע: דאָרט איז געווען אַ בלוטיקער שניט. די באָמבעס האָבן געטראָפן אין וואַגאָנעס

מיט מאָביליזירטע רעקרוטן, גרייטע אָפּצופאָרן.

איך לויף אַהיים. די פענצטער זענען אַרויסגעריסן מיט די ראַמען. מײַן טעכטערל ווײַזט מיר אַ פאַרבלוטיקט פינגערל פון אַ גלאָז־שפּליטער און קלאָגט זיך פאַר מיר:

— זע, טאַטע, וואָס היטלער האָט מיר געמאַכט.

— יאָ, מיין טײַערינקע, ס'האָט געקאָנט געשען עפּעס ערגערס...

אויף מאָרגן גיי איך אין דער מיליץ בעטן אַ דערלויבעניש זיך צו עוואַקויִרן, בײַלייגנדיק אַ באַשטעטיקונג פון שפּיטאָל, אַז מײַן פרוי איז די טעג אַרויס פון דאָרטן נאָך אַ קראַנקע.

— מיר עוואַקויִרן קיינעם נישט. — דערקלערט דער נאַטשאַלניק.

„אָבער פון לויצק, פון קאָוולע זענען דאָך אַדורכגעפאָרן עשאַלאָנען מיט עוואַקויִרטע?"

— ווו אַרבעטסטו?

„אין לעכפּראָם", — ענטפער איך.

— גיי צוריק צו דער אַרבעט! — טוט ער אַ געשריי.

„חבר נאַטשאַלניק, די געבײַדע מיטן וואַרשטאַט זענען נעכטן צעשטערט געוואָרן".

— פאַרריכט מען און מען אַרבעט ווײַטער. וואָס מיינסטו, מיר וועלן זיך מיט דיר שפּילן? מיר וועלן דיר שטעלן פאַר אַ מיליטער־געריכט פאַר אייגנוויליק פאַרלאָזן דעם אַרבעט־פּלאַץ!

איך וויל אים נאָך עפּעס זאָגן, טוט ער אַ געשריי:

— שנעלער צו דער אַרבעט! אָדער איך אַרעסטיר דיך גלײַך!

## קאַפּיטל צוואַנציק

אין לעכפּראָם אַרבעט מען מער נישט. דעם לוין פאַר געוויינע צוויי חדשים קאָן איך אויך נישט באַקומען. דורך אַ טעות איז מײַן אַרבעט פון פאַריקן חודש נישט אַרײַן אין דער רשימה, און ס'איז אויך נישטאָ קיין האָפענונג צו באַקומען דעם לוין פאַרן איצטיקן חודש. איך

הייב אָן צונויפצושלעפּן אַ ביסל געלט. כ׳וויל עפּעס פּאַרקויפן, אָבער אויף מײַן „פּאַרמעגן״ זענען קיין קונים נישטאָ. די זומערדיקע אָפּשפּאַ־רונגען זענען אַוועק אין ווינטער. אָבער נישט דאָס איז אונדזער הויפּט־זאָרג. די פּרוי פּילט זיך נישט אַמבעסטן. די אַטאַקעס פון די גאַל־שטיינער האָבן זיך טאַקע אָפּגעשטעלט, אָבער זי איז שטאַרק אָפּגע־שוואַכט פון דער שטרענגער דיעטע אין שפּיטאָל.

ווידער באַווײַזן זיך עשאַלאָנען מיט וואָקזאַלן פון לויצק און קאָוולע — דער איינציקער פראָנט, ווו די רויטע אַרמיי האַלט אָפּ נצחונות. איך טרעף אָן אויף אַ גרופּע וואַנדערער מיט רענצלעך אויף די פּלייצעס. האָרך זיך צו צו זייער שמועס. זיי קומען צו פוס פון בריסק. זונטיק פאַר טאָג האָט זיי אויפגעוועקט אַ שטאַרק דונערן און בליצן. אַרויסגעקוקט אין דרויסן, האָבן זיי געזען, דער הימל איז לויטער קלאָר. קומט, הייסט עס, פאַר ערגעץ אַ שיסערײַ. זאָלן עס, נאָך די נעכטיקע בעלער, אין וועלכע ס׳האָבן זיך באַטייליקט אַ סך קאָמאַנ־דירן, איצטער פאָרקומען מאַנעווורעס? ס׳הערט זיך אַ זשומערײַ פון שווערע באָמבאַרדירער, וואָס פליִען געגנוג נידעריק. זיכער — אונדזערע! אָבער אָט טוט זיך אַ צעטרייסל די לופט פון עקספּלאָזיעס, און ס׳פאַלן אַרויס די שויבן. זיי לויפן אַרויס אין גאַס: וואָס איז געשען? באַלד ווערט קלאָר. ס׳לויפן אָן מאַשינען מיט פאַרווונדעטע, און אָט קומט ווער צו לויפן מיט אַ געשריי: „אויף יענער גאַס, וואָס פירט פון פעסטונג, פאָרן דײַטשן!״ זענען זיי שנעל אַרײַן אין שטוב, האָבן געכאַפּט עטלעכע נייטיקע זאַכן און גענומען לויפן. ווי אַזוי ס׳איז זיי געלונגען אַרויס פון שטאָט, ווייסן זיי נישט. זיי גייען שוין דעם פינפטן טאָג.

— פון דאַנען וועט איר אפשר פאָרן מיט דער באַן?

— ניין. מיר גייען נאָר צו פוס. די באַנען ווערן באָמבאַרדירט. מיר זענען נישט אַנטלאָפן כדי געטראָפן צו ווערן אונטערוועגנס פון באָמבאַרדירונגען.

זיי האָבן זיך געלאָזט צו פוס קיין קיִעוו.

איך האָב גענומען אײַנפּאַקן אַלע נייטיקע זאַכן. ס׳האָבן זיך

אָנגעזאַמלט עטלעכע פּעק. איינעם מיט די סאַמע נייטיקסטע זאַכן גרייט איך צו אַזוי, סע זאָל באַקוועם זײַן אים צו טראָגן אויף דער פּלייצע, אויב ס׳וועט נישט מעגלעך זײַן זיך צו עוואַקויִרן מיט דער באַן. מיר זענען דעצידירט דערויף.

די וועלכע קומען זיך סטאַרען וועגן עוואַקואַציע ענטפערט מען, אַז פון סאַרנע דאַרף מען זיך נישט עוואַקויִרן. דאָ איז דער פראָנט פעסט, מיר וועלן דעם דײַטש צוריקיאָגן. אָבער דאָס איז געזאָגט געוואָרן נאָר לפנים. אַלע מיליטערישע פאַמיליעס האָבן זיי שוין געהאַט עוואַקויִרט. ס׳האָט זיך געהאַנדלט נאָר וועגן די ייִדן. אוקראַיִנער האָבן זיך דאָך נישט עוואַקויִרט. אַפילו די ייִדן, די אָרטיקע, האָבן נישט קיין חשק געהאַט זיך צו עוואַקויִרן, אויסער געציילטע; אויך די סאַרנער האָבן געקענט די דײַטשן פון פופצנטן יאָר...

מײַן געוועזענער שותף פון אינוואַלידן־אַרטעל, מיט וועלכן כ׳האָב געאַרבעט עטלעכע חדשים, האָט זיך פאַר דער צײַט צו מיר צוגעבונדן, און מיר זענען געווען די בעסטע פרײַנד. ער האָט געגלייבט מיינע דערציילונגען וועגן די דײַטשן. זעענדיק, אַז מיר גרייטן זיך צו עוואַ־קואַציע, האָט ער מיך געבעטן, מיר זאָלן זיך האַלטן און עוואַקויִרן צוזאַמען. אַליין איז ער דאָך אַן אינוואַליד, מוז שטענדיק זיך אָנלענען אויף אַ שטעקן. ווען ער האָט דערזען מײַן באַזונדער צוגעגרייט פעקל, האָט ער מיך געפרעגט, צוליב וואָס דאָס איז. אַז כ׳האָב אים דער־קלערט, אַז דאָס איז אויפן פאַל, ווען מיר וועלן מוזן אַוועק צו פוס, איז ער געבליבן שטיין אַ דערשטוינטער און האָט אויסגערופן:

— אויך אין דעם פאַל וועל איך גיין מיט אײַך!

אויך שבתדיקן טאָג האָט מען קיין עוואַקואַציע־באַשטעטיקונגען נישט אַרויסגעגעבן. בײַ נאַכט — מיר שלאָפן און שלאָפן נישט. אָן אויפהער רוישן די רעדער פון האַרמאַטן, טאַנקען און אַנדערע שווערע כלי־זין. דאָס הויז טרייסלט זיך, די שויבן ציטערן און צוזאַמען מיט זיי — אונדזערע קערפּערס און געמיטער. לויט דער ריכטונג פון דעם פאָרן טרעט מען אָפּ. זענען אונדזערע קאָשמאַרן געוואָרן, הייסט עס, ווירקלעכקייט.

פאַר טאָג גיי איך אַרויס אין גאַס און דערזע אַן אַנגעלויף בײַ דער שטאָט־פאַרוואַלטונג. די מאַכטאָרגאַנען, אַלע אָן אויסנאַם, אויך די מיליץ, נקוו״ד, „גאָסבאַנק״, אַלע „וואָסטאָטשניקעס״ האָבן פאַר טאָג עוקר געווען. אין דער שטאָט־פאַרוואַלטונג וועט שוין אפשר קיינער נישט קומען. מע דערציילט, אַז אַ דײַטשישע טאַנקען־קאָלאָנע האָט אַדורכגעריסן דעם פראָנט ביי לונינעץ און מאַרשירט אַהער לויטן שטראָם פון טײַך; זיי וועלן אונדז אַרומרינגלען צוזאַמען מיטן לויצקער פראָנט, וועלכער האַלט זיך אַזוי פעסט. מענטשן קערן זיך אום פון דער באַנסטאַציע: מע לאָזט קיינעם נישט אַרײַן אין וואָקזאַל, ס׳היט אים אַ שטאַרקע וואַך.

ס׳איז נישטאָ מער, זע איך, קיין צײַט צו טראַכטן. אויף נסים וועל איך זיך נישט פאַרלאָזן, און לאָז זיך גיין אַהיים. אויפן וועג טרעט איך אָפּ בײַ מײַן געוועזענעם שותף:

— שלמה, מיר גייען באַלד אַוועק צו פוס. נישטאָ קיין האָפענונג אויף פאָרן. איר גייט?

ער שטייט לעבן זײַן איינגעפּאַקטן באַגאַזש און בעט זיך בײַ זײַן פרוי: „קום, לאָמיר גיין״. אָבער זי זיצט אַ פאַרשטאַרטע לעבן איר מיידעלע, אַ קינד פון אַ יאָר פינף. זי טוליעט זיך צו דער מוטער, וועלכע ברעכט אויס מיט אַ געוויין: „ניין! איך גיי נישט!״ — צעשרײַט זי זיך היסטעריש — „ווי וועל איך זיך פּלאָגן מיטן קינד די נעכט אונטערוועגנס? איך וועל זיך מיטן בעט נישט שיידן!״

געזעגן איך זיך מיט זיי און ווינטש זיי אַל דאָס בעסטע.

אין דער היים האָב איך געטראָפן די פרוי און קינדער שוין צוגעגרייטע. מיר געזעגענען זיך מיט אַלע שטוביקע און גיבן איבער דעם שליסל דער שכנה. די פרוי טראָגט אַ ביסל שפּײַז אין אַ קיישל און פירט אונדזער מיידעלע פאַר דער האַנט. איך טראָג אונדזער ייִנגעלע; דער פּאַק אויף דער פּלייצע איז פעסט אַרומגענומען מיט רימענס און איך דאַרף אים נישט אונטערהאַלטן. מיר גייען שנעל, מיט האַרצ־קלאַפּעניש, וואָס פריִער צו דערגרייכן די בריק און אַריבער אויף יענער זייט טײַך, ווײַל ס׳איז אַ געפאַר צו ווערן אָפּגעשניטן. אַריבער

די בריק, אָטעמען מיר אָפּ פרײַער און — װײַטער געגאַנגען. מיר זענען צווישן אַ סך אַנטלויפנדיקע. דער וועג פירט קיין קלאָסעווו. וואָס ווײַטער, אַלץ מער מענטשן דערפילן, אַז זייערע פּעק זענען נישט פאַר זייערע כוחות. און באַפרײַען זיך צו ביסלעך פון זײַער לאַדונג.

ס׳פאָרן אָן אויף ראָווערן יונגע־לײַט פון סאַרנע, וועלכע האָבן דאָרט איבערגעלאָזן זייערע פאַמיליעס. איינער שטעלט זיך אָפּ און שרײַט צו אונדז:

— העי, דו דאָרטן! וואָס האָסטו מיטגעשלעפּט די פרוי און קינדער? האָסט מורא געהאַט, אַז דער דײַטש וועט זיי אויפעסן?

וואָס קענען מיר זיי ענטפערן? אַז מיר גלייבן שוין מער נישט, די דײַטשן זאָלן מאָרדן נאָר די מענער און שאַנעווען פרויען און קינדער? זיי וועלן דען באַנעמען די געפאַר? לאָזן מיר אַראָפּ די קעפּ און גייען ווײַטער, די איינציקע פאַמיליע מיט קליינע קינדער.

גיטעלע האָט מער קיין כוח נישט, זי קאָן נישט גיין מער. נעמט די פרוי פון מיר דאָס ייִנגעלע און איך נעם גיטעלען אויף דער האַנט. ס׳גייט זיך אונדזביידן גאַנץ שווער. די פרוי איז געגוג שוואַך. מי׳ר גייען טריט בײַ טריט. ס׳פאָרן אונדז אָן אַנטקעגן צוויי יונגע־לײַט אויף ראָווערן און שטעלן זיך אָפּ לעבן אונדז.

— מיר פאָרן אויף צוריק, — צעבייזערט זיך אויף אונדז איינער פון זיי — דאָס האָט איר און נאָך אַזעלכע ווי איר געמאַכט די פּאַניק! און שלעפּט נאָך מיט די פרוי און קינדער!

— פאָלגט מיך, ווענדעט זיך צו אונדז דער צווייטער, — קערט זיך אום צוריק. וווהין וועט איר עס דערגרייכן, גייענדיק צו פוס? איר וועט פטרן די פרוי און קינדער און זיך אַליין.

— בעסער צו פאַלן אין וועג, איידער אַרײַנצופאַלן צו די דײַטשן.
— ענטפער איך.

זיי קוקן זיך איבער, און דער ערשטער, ווײַזנדיק אויפן קאָפּ מיט אַ פינגער, טוט אַ וואָרטשע:

— זעסט נישט? שוין דער אָנהייב מלחמה האָט אים אַראָפּ־

געפירט פון זינען. — און זיי פאָרן ווײַטער, צוריק צו זייערע פאַמי־
ליעס, וואָס זענען געבליבן היטן זייערע פאַרמעגנס. און מיר גייען
ווײַטער, צו ראַטעווען אונדזערע לעבנס.

## קאַפּיטל איין און צוואַנציק

דער טאָג איז אַ הייסער, עס גליט. די זונשטראַלן שטעכן אַדורך
דעם פּאַק אויף די פּלייצעס. דאָס העמד אויף מיר איז צעווייקט. די
פיס ווערן וואָס אַ מאָל מידער. אַלץ אָפטער לאָז איך אַראָפּ דעם
פּאַק אויף דער ערד. די פרוי — קוים וואָס זי גייט. אירע ווייטיקן פון
די גאַלשטיינער פאַרשטאַרקן זיך, און זי זעצט זיך אַלע מאָל צו אויפן
פּאַק. דאָס מיידעלע ווערט אַלץ מער קאַפּריזנער, גייט אַ פּאָר טריט,
און באַלד מוז איך זי נעמען אויף דער האַנט, און דעמאָלט מוז די פרוי
טראָגן דאָס יינגעלע. מיר שלעפּן זיך מיט די לעצטע כוחות. סוף־סוף
דערפיל איך: ווײַטער אַזוי קאָן איך נישט. אָט ליגן דאָך אויפן וועג
די פּעקלעך, וואָס די אַנטלויפנדיקע האָבן אַוועקגעוואָרפן, כאָטש זיי
האָבן מיט זיך קיין קינדער צו טראָגן נישט געהאַט. איך דערשלעפּ
זיך אפשר נאָך אַ הונדערט טריט. ניין, ס׳גייט נישט מער. כ׳פּאַל כמעט
מיטן פּאַק. לאָז איך אַראָפּ דאָס מיידעלע, וואַרף אַראָפּ דעם פּאַק און
שיט אויס פון אים די זאַכן: אפשר וועלן מיר איבערלאָזן וואָס „נישט
נייטיק איז". דער פרויס מאַנטל און דעם מיידעלעס פּאַלטעלע, וואָס
מיר האָבן געקויפט ענדע ווינטער, לייג איך צוריק אַרײַן. אויך דאָס
קינדערשע קאָלדרעלע און קישעלע, אין וועלכע מיר האָבן בעתן
גירוש־פּולטוסק אײַנגעוויקלט דאָס קינד. נו, און דאָס ביסעלע וועש,
אַ ביסל צוקער און ברויט־סוכאַרעס מוז מען דאָך אַרײַנלייגן. בלײַבט
איבער נאָר דאָס טאָרבעלע מיט אַ פינף קילאָ מאַנע־קאַשע. דאָס ברענגען
מיר פּאָר אַ „קרבן" אויפן „מזבח" פון דער מלחמה. זאָלן די פייגעלעך
פּיקן און זינגען אונדז טרייסטלידער... אפשר וועלן דאָס גאָר אויפפרעסן

מײַז, שטשורעס אָדער אַנדערע שרצים? שוין פון אָנהייב מלחמה אָן פרעסן אונדז נישט נאָר מײַז, נאָר אויך אַנדערע פּאַראַזיטן — צוויפיסיקע היִענעס. אָבער דאָס אויסגעליידיקטע טאָרבעלע לייג איך אַריין צוריק: די טאָרבע איז פון תמיד אָן געווען דער סימבאָל פון ייִדישן וואָגל און אָרעמקייט. דאָ, אין ראַטנפאַרבאַנד, איז עס נישט נאָר אַ סימבאָל — ס'וועט זיכער צו נוץ קומען.

זיך לײַכטער געמאַכט אויף די פּלייצעס, נעם איך ווידער דאָס עלטערע קינד אויף דער האַנט, די פרוי — דאָס ייִנגעלע און מיר גייען מיט אַ ביסל שנעלערע טריט פאָרויס. קומט אונדז אָן אַן אוקראַיִנער פויער. ער שטעלט אונדז אָפּ און באַטראַכט מיט אַ חוזק־שמייכל:

— אַזעלכער ווי דו נעמט אַ ביקס, — מאַכט ער נאָך מיט די הענט, — און שיסט פּיף־פּאַף! קוקט נאָר אָן די העלדן, וואָס אַנטלויפן פאַרן דײַטש! ייִדישע העלדן!

זיין חוזק־טאָן רופט אַרויס בײַ אונדז אַן עקל און נאָך אַ גרעסערן פּחד: טאָמער פאַלט מען, חלילה, אַרײַן צום דײַטש אין אַ געגנט פון אַזעלכע אַנטיסעמיטן. און שטאַרקנדיק זיך, גייען מיר שנעלער ווײַטער.

אין גאָר שפּעטן אָוונט זענען מיר אָנגעקומען קיין קלאָסעוו. דאָס דאָרף, אָדער שטעטעלע, איז געווען אײַנגעהילט אין פינצטערניש. מיר האָבן זיך פאַרקליבן ערגעץ אין אַ קאָרידאָר און זענען איבערגעזעסן די נאַכט אויפן פּאַק, האַלטנדיק די שלאָפנדיקע קינדער צוגעטוליעט צו זיך.

קלאָסעוו, וואָס איז באַקאַנט געווען בײַ דער ייִדישער יוגנט פון גאַנץ פּוילן ווי אַ חלוצישער הכשרה־פּונקט פאַר שטיינהאַקערײַ, איז איצט פול געווען מיט ייִדישע פּליטים. אויך מיר האָבן דאָ דורכגעמאַכט אַ גײַסטיקע הכשרה — צו עוואַקואַציע. דאָס איז געווען גאָרנישט פון די לײַכטע זאַכן. די סאָוויעטישע מאַכטאָרגאַנען האָבן נישט אָנערקענט אונדזער רעכט דערויף. דער מיליץ־נאַטשאַלניק פון דער באַנסטאַנציע, צו וועלכן מיר האָבן זיך ווענגן דעם געוואָנדן, האָט זיך צעשריגן:

— נישטאָ דערוויַל פון דאַנען קיין שום עוואַקואַציע? פאַר וואָס זענט איר געלאָפן פון סאַרנע?

— וואָס הייסט, מיר זענען געלאָפן? טאָ וואָס האָבן מיר געזאָלט טאָן, דאָרט בלייבן?

— יאָ. וואַרטן אויף עוואַקואַציע.

— ווער זשע האָט אונדז געזאָלט עוואַקויִרן, ווען אַלע אָנפירנדיקע אינסטאַנצן זענען אַנטלאָפן?

— אַלע סאָרנער מאַכטאָרגאַנען האָבן זיך צוריקגעקערט. זיי האָבן נישט געטאָרט אַנטלויפן.

— טאָ מאַכט זיי אַ פאָרוואורף, אָדער באַשטראָפט זיי. מיר וועלן קיין סאָרנע נישט צוריקפאָרן.

— וועל איך אײַך צוריקשיקן מיט כוח. און לערן אונדז נישט וואָס מיר דאַרפן טאָן!

מיר פאַרלאָזן אים. מיר געפינען צײַטווײַליק אַן אָרט בײַ אַ גוטן און איידעלן ייִדן. איך גיי אָפט צו דער באַנסטאַציע געוואָר ווערן וועגן דער לאַגע. אַ סך פאָרן צוריק קיין סאָרנע מיט אַן אויטאָ, וועלכער פאָרט אַהין נאָך פּראָדוקטן.

— אפשר פאָרסטו מיט? — נעמט מיך צוריידן די פרוי. — וועסט מיטברענגען אַ טייל פון די אײַנגעפּאַקטע זאַכן. ס׳איז אַ שאָד — דאָרט געפינט זיך דאָס נײַגעקויפטע בעטגעוואַנט, מלבושים, שיך און וועש, פּראָדוקטן און קאָכגעשיר. אפשר וועסטו אויך קענען דאָרט באַקומען אַן עוואַקואַציע־פּאַפּיר.

— ניין. — ענטפער איך. — מיר שיידן זיך נישט פרײַוויליק אונטערוועגנס.

— טאָ וואָס וועלן מיר דאָ אויסזיצן? לאָמיר ווידער זיך לאָזן צו פוס.

— מער צו פוס לויפן מיר נישט, אָבער שיידן זיך מיט אײַך וועל איך אויך נישט.

ס׳זענען אַדורך צוויי טעג. מיטוואָך פרי האָבן מיר באַשלאָסן: מיר נעמען אונדזער „באַגאַזש״ און קינדער און גייען צו דער באַנסטאַציע — פּרוּוון, אפשר וועט זיך אײַנגעבן. קיין פּאָרפלאַן איז נישטאָ.

קיין פּאַסאַזשיר־צוגן גייען נישט. ווען יאָ, איז עס מיט פאַרווונדעטע פונעם פראָנט.

און אָט — ס׳פאָרט אָן אַ פראַכטצוג. קיין סעקונדע נישט געטראַכט, טוען מיר זיך אַ כאַפּ אַרײַן אין ערשטן בעסטן וואַגאָן. ער איז אָנגעפילט מיט פאַרשיידן אייזנוואַרג. און איידער מיר באַוויזן זיך צו אָריענטירן, רירט דער צוג. מיר זוכן אַ פּלאַץ, ווו זיך אײַנצואָרדענען. איך רייניק קוים אָפּ בײַ אַ וואַנט אַ שטיקל אָרט, לייג אַנידער דאָס זעקל און באַזעץ די בני־בית. ערשט נעמען מיר באַטראַכטן דאָס „האָב־און־גוטס", וואָס חערט אַרויסגעראַטעוועט און ס׳ווערט אונדז קאַלעמוטנע אויפן האַרצן. דער וואַגאָן איז בערך אַ מעטער אין דער הייך פאַרנומען מיט פאַר־זשאַווערטע ברוכשטיקער פון פאַרשיידענע מינים אײַזן. איז שוין נישט געווען קיין וויכטיקערע זאַכן אַרויסצוראַטעווען?

— וואָס האָסטו זיך אַזוי פאַרטראַכט? — פרעגט מיך די פרוי.

— איך רעד צו דיר און דו, ווי דו וואָלסט אַפילו נישט געהערט.

— כ׳האָב זיך דערמאָנט אין עפּעס. בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה בין איך איין מאָל אַנטלאָפן מיט אונדזערע בני־בית. די מוטער איז געווען צוויי וואָכן נאָך אַ קימפּעט און האָט באַקומען היץ, בעת דאָס שטעטל איז געשטאַנען צווישן פײַערן פונעם רוסישן און דײַטשישן מיליטער. די האַרמאַטן־קוילן זענען געפאַלן אין שטעטעלע גופא, האָבן געטראָפן אין הײַזער. אַ גאַנצע נאַכט זענען מיר געלעגן בײַם זיידן אין קעלער. איבערגעקומען די שרעקלעכע נאַכט, האָט מײַן פאָטער באַקומען אַ פּלאַץ אויף אַ וואָגן פאַר מײַן מוטער און דעם פּיצעלע, די צוויי יינגערע אויך באַזאָרגט ערגעץ אויף אַ וואָגן און איך מיט דער שוועסטער, אַכט־צען־יעריקע, דאָס הייסט די גרויסע, זענען געגאַנגען צו פוס. סך־הכל זענען מיר אַוועק אין אַ דאָרף בײַ אַ צען־צוועלף קילאָמעטער פון שטעטל. האָט מען מיר געגעבן צו טראָגן אַ קריגעלע אײַנגעמאַכטס און אַ שאַכטעלע מיט אַלטע קנעפּלעך און ראָלקעלעך פאָדעם. מילא, דאָס ביסל אײַנגעמאַכטס וואָלט איך נאָך פאַרשטאַנען: צו דערכאַפּן זיך דערמיט דאָס האַרץ, אָבער דאָס שאַכטעלע מיט די קנעפּלעך, צו וואָס? איך האָב זיך מיט דעם געמוטשעט דעם גאַנצן

וועג. און וויפל לײַדן דאָס האָט מיך פאַרשאַפט, ווען כ׳האָב עס שיר נישט פאַרלוירן! איך בין מיט דער שוועסטער צוליב דעם צוריק־געגאַנגען אפשר אַ האַלבן קילאָמעטער וועג. אַזוי געשעט עס אויך בעת אַ שריפה: צעמישטערהייט כאַפט מען זיך ראַטעווען אַ קאָטשערע, אַ לאָפּעטע אָנשטאָט אַ וויכטיקע זאַך... אָט זע, וואָס מע פירט דאָ איצט אַרויס, און מענטשן, ייִדן מאַכט מען אַזעלכע שוועריקייטן!

פאַרשמועסט זיך, האָב איך נישט געפילט, ווי מיר האָבן זיך אָפּגעשטעלט אויף אַ סטאַציע. און מיט אַ מאָל טוט זיך אַ שטעק אַרײַן אַ באַברילטער קאָפּ פון אַ יונגען־מאַן: — „האַ? העבעך?! איר זענט גאָר דאָ?!" — יאָ. מיר. איר פאָרט אויך דאָ! „יאָ, מיר האָבן זיך אין סאַרנע קוים אַריינגעכאַפּט אין אַ וואַגאָן. איז נישט מעגלעך דאָרט צו זײַן צוליב די שטיקער אײַזן, מ׳איז שיר געהרגעט געוואָרן, ווען פון אַ שטויס פון דעם וואַגאָן איז אַ שטיק אַראָפּגעפאַלן". — איך גיי זוכן אַ צווייטן וואַגאָן. — „אַ שאָד די טרחא. לויט מיר איז דער דער בעסטער. איך לויף שוין רופן מײַן פרוי, און מיר וועלן זיצן צוזאַמען". אָפּגעזאָגט און פאַרשוווּנדן.

ער פלעגט מיט זײַן יונגער פרוי פון קאָרעץ (אַ שטעטל נישט ווײַט פון סאַרנע), מיט וועלכער ער האָט חתונה געהאַט ערשט מיט אַ צוויי חדשים צוריק, אָפּט אַרײַנקומען צו אונדז. נו, איז אָט פאָרן מיר צוזאַמען. די שטימונג איז איצט בײַ אונדז צוליב דעם אַ בעסערע. מיר וויצלען זיך אַפילו מיט גאַל:

— זיי פירן אַרויס דאָס אַלטע אײַזן, כדי דער דײַטש זאָל נישט האָבן פון וואָס צו מאַכן קיין נײַ געווער.

## קאַפּיטל צוויי און צוואַנציק

און אָט זענען מיר דערפאָרן צו דער אַלטער גרענעץ. דאָ קומט פאָר אַ שטרענגע קאָנטראָל:

— ווער זענט איר? ווו זענען אײַערע עוואַקואַציע־פּאַפּירן?

— ס׳איז נישט געווען אין סאַרגע ביי וועמען זיי צו באַקומען; די נאַטשאַלסטווע איז אין מיטן נאַכט אַנטלאָפן.

נאָך לאַנגע פאָרשונגען און עטלעכע מאָל קאָנטראָלירן אונדזערע פּאַספּאָרטן האָבן זיי זיך איבערצייגט, אַז מיר זענען איין משפחה, באַפרייט אונדז פונעם חשד אין שפּיאָנאַזש און דערלויבט אַריבער די גרענעץ. הענעכן מיט דער פרוי האָט די גרענעץ־וואַך פאַרהאַלטן. זייער גורל איז מיר געבליבן אומבאַוווּסט.

מיר זענען איינגעשטיגן אין אַ פּאַסאַזשיר־צוג, וואָס האָט קורסירט קיין קיעוו. די רייזע איז פאַר אונדז געווען אַ באַקוועמע. די באָמבאַר־דירונגען אין דער סביבה האָט אויף אונדז קיין רושם נישט געמאַכט. בעת אַנדערע פּאַסאַזשירן זענען אָפּט מאָל ביי די סטאַציעס געלאָפן אין שרעק פון די וואַגאָנען אַרויס, זענען מיר רויִק געזעסן און געקייט סוכאַרעס פון אונדזער שפּייזרעזערוו. אָבער די גוטע שטימונג איז אונדז אין גיכן פאַרשטערט געוואָרן.

מיט אונדז אין קופּע זענען געזעסן דריי גרוזינישע סאָלדאַטן. זיי האָבן אָנגעקניפּט מיט אונדז אַ שמועס. הערנדיק, אַז מיר זענען ייִדן, האָבן זיי געוואָלט וויסן פאַר וואָס „היטלער" האָט אונדז אַזוי פיינט און מאָרדעט אויס די גאַנצע ייִדישע באַפעלקערונג. מיט מיין שוואַכן רוסיש רעדן האָב איך זיי ווינציק געקאָנט אויפקלערן. ס׳האָט אויף מיר געמאַכט אַ שטאַרקן רושם דער פאַקט, וואָס זיי ווייסן דערפון; אין דער סאָוויעטישער פּרעסע איז דאָך ביז היינט נישט דערמאָנט געוואָרן וועגן אַזעלכע פאַקטן. דאָס איז מיר קלאָר געוואָרן פון זייערע ווייטערדיקע דערציילונגען. נאָך אַ געלונגענער קאָנטר־אַטאַקע אויפן לויצקער פראָנט איז זייער אָפּטיילונג געלונגען צוריק צו פאַרנעמען אַ שטעטל (דעם נאָמען געדענקען זיי נישט) נאָך אַ וואָך דייטשישער אָקופּאַציע. עטלעכע אויף טויט דערשראָקענע ייִדן זענען אַרויס פון באַהעלטענישן, דער־פרייטע מיט דער באַפרייערישער רויטער אַרמיי, און האָבן דערציילט וועגן דעם חורבן, וואָס די דייטשישע זאָנדער־באַנדעס מיט אוקראַיִנישע צוהעלפער האָבן געמאַכט פון דער ייִדישער באַפעלקערונג — אויסגע־מאָרדעט אַלע ייִדן, אויך פרויען און קינדער.

מיר זענען דערשיטערט. פאַרטיפט אין די שמועסן, האָבן מיר נישט באַמערקט, אַז מיר שטייען שוין אַ לענגערע צײַט אויף אַ סטאַציע, ווו מען זעט ווייניק מענטשן. אויך אין אונדזער וואַגאָן איז שוין אַחוץ אונדז קיינער נישטאָ. איינער פון די סאָלדאַטן איז אַוועק זיך אינפאָרמירן, ווו מיר געפינען זיך. ער ווײַזט זיך אַרויס, אַז מיר שטייען אויף אַ זײַטיקער ליניע פון קיִעווער הויפּטוואָקזאַל. פאַרלאָזן מיר דעם וואַגאָן און לאָזן זיך אַהין.

פאַר אונדזערע אויגן באַווײַזט זיך אַ מוראדיק בילד. טויזנטער פאַמיליעס מיט באַגאַזשן פאַרפילן דעם וואָקזאַל און דעם אַרום. מען עצהט מיך צו גיין אין עוואַקואַציע־ביוראָ זיך רעגיסטרירן און באַקומען אַ ריי אויף עוואַקואַציע. לאָז איך איבער די פרוי מיט די קינדער אויפן פעראָן און גיי צום טונעל. דער לאַנגער טונעל איז פול באַזעצט: אַ סך האַלטן אַז אין טונעל איז זיכערער. די באַנסטאַציע ווערט אָפט באָמבאַרדירט פון דער דײַטשישער אַוויאַציע. אויך די צווייטע זײַט פון טונעל איז פול באַזעצט מיט יידן, וועלכע וואַרטן מן־הסתם אויף אַ ריי זיך צו עוואַקויִרן. קער איך זיך אום צוריק צו מײַן פאַמיליע: ס׳איז דאָך נישט קיין פּלאַן, זיי זאָלן זיצן נאָענט פון די באַנרעלסן; כ׳וועל זיי אַוועקנעמען ערגעץ אין אַ זײַטיק ווינקל. מיט אַ מאָל ווערט אַ בהלה און די פּליטים־מאַסע טוט זיך, ווי אַ הוראַגאַן, אַ לאָז צו אונדז. און איידער מיר באַווייזן זיך צו אָריִענטירן וואָס דאָ קומט פאָר, טוט אַ קום אָן מיט גערויש און געקלימפּעריי אַן עשאַלאָן מיט ליידיקע לאַסטוואַגאָנען.

וואָס רעגיסטראַציע!? ווען רעגיסטראַציע!? אַ שטורמישע מאַסע, באַלאָדנט מיט טשעמאָדאַנען און פּעק, מיט זעק און פאַרשיידענע באַגאַזשן, שפּאַרט צו די וואַגאָנען. מיר ווערן אַרײַנגעשטויסן אין אַ וואַגאָן. איך כאַפּ קוים דעם אָטעם פון אָנשטרענגונג צו שיצן די פרוי מיט די קינדער. מיר בלײַבן שטיין צוגעדריקט צו דער אַנטקעגנ־איבערדיקער פאַרשפּאַרטער טיר פונעם וואַגאָן. די „פּאָליצעס" זענען שוין פאַרפולט מיט די, וועלכע האָבן באַוויזן מיט כוח און „נסים" אַריינצוקריגן זיך די ערשטע. דער וואַגאָן איז שוין געפּאַקט, אָבער נאָך

און נאָך רײַסן זיך, זיך אַריינצובאַקומען, און די מיליץ מאַכט דאָרט אָרדענונג.

דער צוג רירט. מיר דערוווּטערן זיך פון קיִעוו, וואָס ווערט פאַרזונקען אין דער אָנקומענדיקער נאַכט־פינצטערניש. מיר זיצן אויף אונדזער איינציק פּעקל, די קינדער בײַ אונדז אויף דער שויס. דאָס קלאַפּן פון די באַנרעדער צום טאַקט פאַרוויגט און שלעפּערט זיי שנעל אײַן. אויך בײַ אונדז, נאָך עטלעכע שעה פאָרן, לאָזן זיך די קעפּ אַראָפּ פון אָנשטרענגונג. ס'ווילט זיך אַנידערלייגן כאָטש אויפן הוילן דיל, דאָס זעקל זאָל אונדז דינען פאַר אַ קישן. אָבער מיר זעען גאָרנישט אין דער פינצטערניש און מוזן זיך אַזוי איבערמוטשען די גאַנצע נאַכט. מאַ, דער עיקר — מען אַנטלויפט פון דער געפאַר צו פאַרבלײַבן בײַם דײַטש.

אין דער פרי בעטן מיר דעם „שכן" ער זאָל עטוואָס לויזער מאַכן, אַוועקנעמען אַ פּעקל זײַנס. האָבן מיר דאָך אויך רעכט אויף אַ שטיקל פּלאַץ. ער וואָרטשעט עפּעס אונטער דער נאָז און רירט זיך נישט פון אָרט. פרעג איך אים:

— ווי קאָנט איר דערלאָזן, אַז אַ קראַנקע פרוי און קינדער זאָלן אַ גאַנצע נאַכט זיצן אין אַזאַ צושטאַנד און נישט האָבן ווו זיך אַנידערצולייגן? איר קאָנט דאָך לײַכט געפינען אַ פּלאַץ פאַר אײַערס אַ פּעקל.

— בײַ די פּאָליאַקן האָט איר געהאַט בעסערע פּלעצער? — טוט ער אַ וואָרטשע.

— וואָס מישט איר דאָ די פּאָליאַקן? מיר זענען דאָך דאָ בלויז צווישן ייִדן.

— טאָ איז וואָס? געפעלט אײַך נישט די באַקוועמלעכקייט פון דער סאָוויעטישער באַן? וועט איר אויף דער נאָענטסטער סטאַציע אויסשטייגן און צוריקפאָרן. — פאַרגייט ער זיך אין אַ מענה־לשון.

— וואָס פאַר אַ רייד זענען דאָס? געפינען מיר זיך דען נישט אין דער זעלבער לאַגע פון פּליטים?

— ניין! — שרײַט ער אויס. — וואָס פאַר אַ רעכט האָט איר, פוילישע, אויף אונדזערע סאָוויעטישע באַנען?

— די זעלבע וואָס איר!

נעמט ער נאָך העכער שרײַען און הייבט אויף אַ פויסט קעגן מיר. מישן זיך אַרײַן עטלעכע „פּאַסאַזשירן״, נעמען אים אַוועק מיט כוח און ליידיקן אָפּ אַ שטיקל פּלאַץ פאַר אונדז.

פון דעם סקאַנדאַל, וואָס דער קיעווער ייִד האָט אונדז געמאַכט, האָבן מיר זיך געפילט באַליידיקט און דערנידעריקט. די ווײַטערע רײַזע איז אונדז שוין אַוועק אין דערשלאָגנקייט. ווער ווייסט, וואָס אונדז שטייט נאָך פאַר איבערצולעבן אין דער ווײַטער פרעמד, צווישן נײַע מענטשן, וואָס מיר קענען נישט זײַער שפּראַך און געוווינהייטן. דער חלום, אַז אַריבערקומענדיק קיין ראַטנפאַרבאַנד וועט אונדז לײַכטער זײַן אַריבערצוטראָגן דאָס לעבן פון פּליטים, איז ווי אויסגערונען.

פון יענער רײַזע, נאָכן סקאַנדאַל, איז מיר ווייניק געבליבן אין זכרון. ס׳האָט מיך נישט אינטערעסירט אָנצוקוקן, פאַרבײַפאָרנדיק, די שיינע טײַכן, בריקן, פאַבריקן, געביידעס פונעם סאָציאַליסטישן אויפבוי. ס׳געדענקט זיך מיר נאָר דער זאָג פון איינעם אַ מיטפאָרער, בעתן דורכפאָרן די צוויי טונעלן נאָענט פון וואָראָשילאָווגראַד אין משך פון לאַנגע מינוטן:

— איך בין אַ לערער פון געאָגראַפיע. ביז הײַנט האָב איך געמיינט, אַז כ׳קען גוט די מאַפּע פון ראַטנפאַרבאַנד. ווײַזט זיך אַרויס — פון אַזאַ טונעל האָב איך נישט געוווּסט!

איך האָב דערבײַ אַ טראַכט געטאָן: מעגלעך, אַז נאָך אַ סך זאַכן ווייסן מיר נישט אין אונדזער גרויסן פאָטערלאַנד.

מיטן טונעל זענען מיר אַריבער די גרענעצן פון אוקראַיִנע, אַרײַן אין די רחבותדיקע ראָסטאָווער סטעפּעס און אַוועק אין דער ריכטונג פון סטאַלינגראַד.

## קאַפּיטל דריי און צוואַנציק

דער סטאַלינגראַדער סטאַדיאָן־פּלאַץ איז פול באַזעצט אין אַלע ווינקעלעך מיט פאַמיליעס, קלענערע און גרעסערע, מיט גרויסע פּעק און טשעמאָדאַנעס. ס׳איז פול געפּאַקט דער גרויסער איבונגסזאַל, ווי אויך די צימערן פון די באַזונדערע ספּאָרט־אָפּטיילונגען. אין אַ ווינקל זיצט מײַן פרוי מיט די קינדערלעך אויפן זעקל מיט אונדזער גאַנצן „פאַרמעגן". איך דריי זיך אַרום אַ דערשלאָגענער: דער אַרום און אַלע דאָ זענען מיר אַזוי פרעמד. דער שווערער וועג ביז אַהער האָט אָפּגעטעמפּט מײַנע חושים, אָפּגעשוואַכט דאָס טראַכטן. אַלץ אַרום איז ווי אַ חלום. און כאָטש דאָ, ווו מ׳האָט אונדז אײַנגעאָרדנט און רעגיסטרירט, איז די באַציִונג געווען אַ מענטשלעכע און הערלעכע, האָט עס דאָך נישט געגעבן דעם געמיט קיין גלײַכגעוויכט.

ס׳קומען אָן לאַסטאויטאָס. מע פאַרנעמט אונדז. מיר פאָרן שנעל איבער גאַסן, וועלכע פאַרבלייבן נישט אין זכרון, און אין גיכן געפינען מיר זיך בײַם ברעג פון דער גרויסער וואָלגע. דאָ „אָרדנט" מען אונדז אײַן אויף אַ פּאַראַכאָד. ענדלעך דערהערן מיר פון דער שיף־סירענע אַ לאַנגן סיגנאַל, וועלכער דערמאָנט דאָס אָפּרופן אַ לופט־אַלאַרעם. די מאַטראָסן וויקלען צוזאַמען די שטריק, מיט וועלכע דער פּאַראַכאָד איז צוגעבונדן צום פּאָרט, און מיר דערווײַטערן זיך פון אים. דער געררויש פון די שיפסרעדער, וואָס צעשומען, צעמאָלן, צעשטויבן דאָס וואַסער, צעזינגט זיך אין אונדזערע געמיטער, ווי די שענסטע מוזיק. צוויי שטראָמלעך, ווײַסע ווי מילך, ציִען זיך הינטערן פּאַראַכאָד, ווערן וואָס אַ מאָל ברייטער און גראָער, מישן זיך צוזאַמען מיטן אַלגעמיינעם וואַסערשטראָם און פאַרשווינדן. די זונשטראַלן פינקלען אַרויס פון די זיך וויגנדיקע כוואַליעס,

וועלכע וויגן, ווי אונטערטאַנצנדיק, דעם פּאַראַכאַד. און דער ברייטער וואַסערשטראָם, וואָס פליסט זיך רויִק פאָרויס, ווי ער וואָלט גערעדט צו אונדז: „ביי מיר ברענט נישט. איך אַנטלויף נישט. איך גיי מיר פּאַמעלעך מיין דורותדיקן וועג". ווי מיט מאַמע־הענט גלעט אַ ווינטל אונדזער הויט, באַרויִקנדיק אונדזערע צערודערטע נערוון, צעווייטיקטע גלידער און געמיטער.

אויך דער טאָג שטראָמט פּאַמעלעך אַוועק. ס׳לאָזט זיך אַראָפּ די זון. די לעצטע זונשטראַלן שיקן אונדז דורך די ביימערצווייגן אויפן ברעג זייער געזעגענונג און ווינטשן אונדז אַ גוטע נאַכט און רויִקע חלומות. אויפן אַלץ מער טונקל ווערנדיקן הימל, וועלכער הילט אונדז איין ווי מיט אַ שלייער, באַווייזן זיך פינקלענדיקע שטערן, ווי זיי וואָלטן צווינקען צו אונדז: „מיר וואַכן איבער אייך, מיר היטן אייך פון אומקום, כאָטש מיר קאָנען נישט איינהיטן אייך פון פּיין און וואָגלעניש". און ביסלעכווייז לאָזט זיך אַראָפּ דער שלאָף אויף די רייזנדע און אויך אויף מיר בתוכם. — — —

...טויזנטער יידן זענען מיר פאַרזאַמלט אין פּאַרק פון פּולטוסקער שלאָסבאַרג. ס׳טוט זיך אַ רייס אַרויס פון אים, ווי פון אַ פייערשפייענדיקן ווולקאַן, אַ לאַווינע. זי צעפּלייצט און גיסט זיך אַרויס פון קראַנגען, ביי וועלכע סע שטייען ס.ס.־לייט פון די טויט־באַטאַליאָנען. אַלץ מערער דרייען זיי אויף די קראַנען — דער קאָכיקער שטראָם זאָל אונדז שטאַרקער נאָכיאָגן און דערגרייכן. אויפן באַרג שטייען דיקע, ביינקיקע פּאָלקסדייטשן, און זייערע דאַמען באַטראַכטן אונדז דורך בינאָקלען. אַלע מאָל ברעכן זיי אויס מיט אַ הילכיק טייוולאָניש געלעכטער, ווען דער שטראָם פאַרכאַפּט וועמען... מיר לויפן אין פּאַניק. איך טראָג דאָס מיידעלע, מיין פרוי דאָס יינגעלע, און מיר האַלטן זיך פאַר די הענט. מיר לויפן מיט די לעצטע כוחות, פילן שוין די היץ פונעם קאָכיקן לאַווינע־שטראָם הינטער אונדז. ער רוישט און רעוועט. אָט־אָט דערגרייכט ער אונדז. שוין אויסגעשעפּטע דערלויפן מיר צום טייך, שפּרינגען אַריין אין אַ שיפל. דער רויטאַרמייער דערזין טוט עס אַ שטויס אָפּ פון ברעג — מיר זענען געראַטעוועט! — — —

איך כאַפּ זיך אויף אַ באַגאָסענער מיט שווייס. דאָס האָט מיך אויפגעוועקט דאָס סיגנאַליזירן פון אונדזער פאַראַכאַד. אין קאָפּ בײַ מיר שטייט אַ רויש, ס׳דריקן די שלייפן, דאָס האַרץ קלאַפּט צום טאַקט פונעם פאַראַכאַד־מאָטאָר. איך קאָן זיך נישט באַרויִקן, מײַנע אָפענע אויגן קוקן אויף די שטערן, וואָס ווערן בלאַסער צוליבן גלאַנץ פון דער אויפגעשווומענער לבנה, וועלכע שײַנט איצט איבער אונדזערע קעפּ. די נאַכטשטילקייט אַרום אונדז ווערט פון צײַט צו צײַט געשטערט דורכן פאַרבײַפלי פון אַ נאַכטפויגל.

ס׳איז נאָך פאַרן זונאויפגאַנג. אָבער די וואָלגע באַווײַזט זיך שוין פאַר אונדז מיט איר גאַנצער פּראַכט אין אַ דורכזיכטיקן וואַל פון לײַכטן נעפּל. די ביימער ביי אירע ברעגן, געטובלטע אין ביינאַכטיקן טוי, זענען פריש, גרין, די קעפּ אויסגעצוואָגן. קעגן די ערשטע זונשטראַלן פינקלען זייערע צווײַגן און בלעטער מיט ברילִיאַנטן.

די באַוועגונג אויפן פאַראַכאַד ווערט אַלץ גרעסער. מאַמעס שטילן אײַן מיט זייערע ברוסטן די געוויינען פון זייערע זייגקינדער און מיט עסן און נאַשוואַרג די געוויינען פון די גרעסערע. דאָס פאַרבאָרגענע געוויין אין די הערצער פון אונדז, דערוואַקסענע, שטילט אײַן די וואָלגע, ווי זי הייסט ביי די רוסן — די „מאַמע־וואָלגע".

איך גיי צו צום בופעט, ווו ס׳איז אַ שטאַרקע באַוועגונג. מע פאַרקויפט דאָ אויך דעליקאַטעסן. צוליב דער באַגרענעצטקייט פון אונדזערע געלטמיטלען קויף איך בלויז איין סלאָיִקל „מאַנדאַרינען־קאָנפיטור" צו באַשמירן דאָס ברויט פאַר די קינדער. די קינדער עסן מיט אַפּעטיט און לעקן אָפּ די פינגערלעך. זיי שעפּטשען מיט געבעט:

— אמת, מאַמע, דער טאַטע וועט אונדז אַלע מאָל קויפן אַזאַ גוטן אײַנגעמאַכטס?

— אַוודאי, קינדער. דאָרט, וווהין מיר פאָרן, וועלן מיר אײַך קויפן נאָך בעסערע זאַכן. מיר פאָרן דאָך קיין אַסטראַכאַן!

איך דערמאָן זיך, אַז אַסטראַכאַן איז די הויפּטשטאָט פון דער אַמאָליקער כוזרים־מדינה, וואָס נאָך אין מײַנע יוגנט־יאָרן האָבן מיך געלאָקט די דערציילונגען וועגן איר. אַ מדינה מיט אַ יִדישן מלך, מיט אַ יִדישער

אַרמיי, וואָס האָט אַ לאַנגע צײַט אָנגעוואָרפן אַ שרעק אויף די אַרומיקע שכנהשע מלוכות. און כ׳נעם דערציילן וועגן דעם מײַן פרוי. און איצט, אין מלחמה־צײַט, וועט אַסטראַכאַן זײַן די בעסטע רעטונג פאַר אונדז. דאָ איז דאָך דער וויכטיקסטער פון אַלע פישצענטערס אין לאַנד. אַסטראַכאַנער פיש זענען באַרימט אַפילו אויסער די גרענעצן פון ראַטנפאַרבאַנד, איבערהויפּט דער קאַוויאַר.

די פרוי איז פאַראינטערעסירט אין דעם וואָס איך דערצייל, ווי פּלוצעם:

— אַ שניי! אַ שניי! — שרייט אויס אונדזער גיטעלע, אָנווייזנדיק מיטן הענטל אויפן לינקן ברעג פון דער וואָלגע.

מיר טוען אַ קוק: די ביימער און דאָס גרינס זענען פאַרשוווּנדן. די גאַנצע געגנט, ווי ווײַט דאָס אויג גרייכט, איז ווייס. בערג שניי, ווי אָנגעטראָגענע דורך אַ שטורעמווינט, בליאַסקען אונטער די זונשטראַלן. וואָס פאַר אַ ווונדער איז דאָ געשען?!

— מיר דערנענטערן זיך צו דער סטאַציע פון דער זאַלץ־אָזיערע באַסקונטשאַק.

גיטעלע לויפט אַוועק מיט דעם נײַעס צו אַנדערע קינדערלעך: ס׳איז נישט קיין שניי, נאָר זאַלץ! און מיר דערמאָנט עס אין די רשעות־דיקע שטעט סדום און עמורה, וואָס מלאָכים האָבן זיי חרוב געמאַכט און אויף זייער אָרט איז געוואָרן דער ים־המלח: אַזוי מוז אויך אויסזען יענע געגנט אין ארץ־ישראל.

ביסלעכווײַז פאַרשווינדט די זאַלצגעגנט. ווידער איז דער ברעג באַדעקט מיט גרינס. די וואָלגע באַווײַזט ווידער איר פּראַכט. ווי זי וואָלט פילן אונדזער געמיט־צושטאַנד, אַז מע דאַרף אונדז אָן אויפהער פאַרוויגן אין חלומות, האָלט זי אין איין ענדערן אירע פּאַנאָראַמעס. באַווונדערנדיק אירע רחבותדיקע וואַסערן, וועלכע דערגייען ערטערווייז צו פינף קילאָמעטער די ברייט און ס׳איז קוים צו דערבליקן אירע ברעגן, זוכן מיר גלײַכצײַטיק צו דערבליקן די ברעגן פון אונדזער נע ונד, וואָגלעניש און לײַדן.

גרויסער באַשעפער! — האָט זיך פון די טיפענישן פון האַרץ

אַרויסגעריסן אַ זיפץ. — אפשר איז שוין פון הײַנט געקומען פאַר אונדז די צייט איבערצולעבן די גרויזאַמע מלחמה אין אַ שטיל, רויִק ווינקל? אפשר?..

גלײַכצײַטיק מיט די שרעק־חלומות בײַ נאַכט חלומען מיר ליכטיקע צוקונפט־חלומות בײַ טאָג. האָבן מיר זיך נאָך אַלץ ווייניק אָנגעליטן זינט דעם ערשטן סעפטעמבער 1939? וויפל פּאַרציעס לײַדן זענען פאַר אונדז צוגעגרייט אין דער איצטיקער מלחמה? וויפל קאָנען אַזעלכע ווי מיר אויסהאַלטן?

די באַציִונג צו אונדז דאָ אויפן פּאַראַכאָד איז ביז גאָר אַ פײַנע. די איצטיקע רייזע איז גאָרנישט צו פאַרגלײַכן מיט אַלע פריִערדיקע. דעמאָלט זענען מיר געווען פּליטים, היינט — עוואַקויִרטע. אָרגאַניזירטער־הייט ווערן מיר אַריבערגעפירט אין אַ זיכערער געגנט אין טיף ראַטנ־פאַרבאַנד, ווו די דײַטשישע מערדער וועלן אונדז שוין מער נישט שרעקן. מע וועט אונדז אײַנאָרדענען. מיר ווערן מיט מענטשן גלײַך, גלײַך מיט אַלע סאָוויעטישע בירגער. מיר טרוימען וועגן די אַסטראַכאַ־נער יידן און רוסן, וועלכע וועלן אונדז זיכער העלפן. מע זאָגט דאָך, אַז מײַן פאַך, שטעפּעריי, איז אין ראַטנפאַרבאַנד „מיט גאָלד גלײַך". איז וואָס וועט אונדז דאָרט פעלן!

אונדזער גיטעלע שטיפט אַרום מיט די קינדער און לויפט אַלע ווײַל צו צו מיר. ווען איך זאָג איר, אַז מיר זענען שוין גאָר־גאָר ווײַט פון היטלערן, פון באָמבעס און עראָפּלאַנען, פּאַטשט זי מיט די הענטלעך און פרייט זיך:

— זעסט, טאַטע! דאָ האָט מיר היטלער געמאַכט בלוט. — און ווײַזט מיר דאָס הענטל, ווו ס׳איז געווען די ווונד פונעם גלאָזשפּליטער.

אויך דאָס אַנדערטהאַלבן־יעריק ייִנגעלע לויפט פלינק אַרום מיט אַנדערע פּיצלעך און שאָקלט זיך מיט מיט דער זיך וויגנדיקער שיף. יאָ. סע ווילט זיך לעבן און זען די צוקונפטיקע וועלט, ווען זיי וועלן שוין זײַן דערוואַקסענע. צוליב זיי דאַרפן מיר לעבן בלײַבן. זייער לעבן איז דאָך אָפּהענגיק פון אונדזערן. נו, און מיט אונדז צוזאַמען וועט זיי דען

לײַכט זײַן? — גנבענען זיך באַלד אַרײַן אין זינען שלעכטע געדאַנקען — זיי זענען דאָך כמעט נאַקעט און באָרוועס, און מיר זענען מיט אַזוי ווייניק געלטמיטלען. האָבן מיר דען בעסערע האָפענונגען פון אונדזערע קרובים און באַקאַנטע, וועלכע זענען מיט עשאַלאָנען אַוועקגעפאָרן קיין טיף רוסלאַנד אין יאָר 1939? זיי האָבן דאָך געשריבן דעמאָלט אַזעלכע ביטערע בריוו וועגן זייער לאַגע. אָבער — צוריק געטראַכט: פאָרן מיר דאָך איצט צוזאַמען מיט סאָוויעטישע בירגער פון אוקראַינע, און מיר פילן דאָ אויפן פאַראַכאָד אַזאַ פײַנע באַציִונג צו אונדז. מע שמועסט, אַז אין אַסטראַכאַנער געגנט איז דער ווינטער אַ לײַכטער. מ׳איז דאָך דאָ נעענטער צו די דרומדיקע געביטן פון ראַטנפאַרבאַנד. לויט דער מאַפּע, וואָס איך שטודיר אין דעם „קולטור־ווינקל" פונעם פאַראַכאָד, זענען מיר אויף דער זעלבער ברייט וואָס קרים, וואָס איז באַקאַנט מיט איר וואַרעמען קלימאַט און מילדן ווינטער. און אפשר וועט אין אונדזער זכות דער הײַנטיקער ווינטער זיין גאָר אַ מילדער?

מיט אַזעלכע חלומות און טרוימען וועגן אונדזער צוקונפט האָבן מיר זיך דערנעענטערט צום אַסטראַכאַנער פּאָרט. אַ וואַלד פון קוימענס און זעגלען פון פאַרשיידענע פאַראַכאָדן און קליינע ים־שיפן, בערלינקעס, געשלעפּטע פון מאָטאָרשיפלעך. פישערשיפן פון פאַרשיידענע גרייסן, באַ־האָנגענע מיט פישערנעצן. טייל דערווײַטערן זיך, טייל דערנעענטערן זיך צום פאָרט. טייל קומען אונדז אַנטקעגן. און אַנדערע פאָרן מיט אונדז אין דער זעלבער ריכטונג צו איינע פון די פיל פּאָרטסטאַציעס, ווו ס׳אַנקערן אַ סך שיפן און פאַראַכאָדן. מיט דער הילף פון שטריק, וואָס אַ מאַטראָס וואַרפט אַריבער, ווערן מיר צוגעצויגן צום פאָרט. דער פאַראַכאָד טוט זיך אַ טרייסל, און מיר בלײַבן שטיין. באַלד קומען אַרויף באַאַמטע און פאַרעגיסטרירן אונדז. און נאָך עטלעכע שעה וואַרטן קומען זיי מיט אַ מעלדונג:

— קיין אַסטראַכאַן ווערט קיינער נישט אַרײַנגעלאָזן. די שטאָט איז שוין פאַרפולט מיט עוואַקויִרטע. אײַך שיקט מען אין אַסטראַכאַנער קרײַז, נעענטער צום קאַספּישן ים, אין קאַלכאָזן און אין דערפער אַרײַן.

דער פֿאַראַכאָד פֿירט אונדז פֿון סטאַציע צו סטאַציע, לאָזט אַראָפּ אויף יעדערער אַ געוויסע צאָל עוואַקויִרטע, לויט אַ רשימה, און פֿאָרט ווײַטער. מיר זענען אַראָפּ מיט דער גרופּע, וואָס איז באַשטימט געוואָרן קיין אוואַרי, קאַמיזיאַקער ראַיאָן.

## קאַפּיטל פֿיר און צוואַנציק

דאָ אויף דער סטאַציע וואַרטן שוין אויף אונדז וועגענער, געשפּאַנטע מיט אָקסן, אונדז אָפּצופֿירן צום דאָרף, אַ וועג פֿון אַן ערך דריי־פֿיר קילאָמעטער. מיר פֿאָרן. איך באַטראַכט די געגנט אַרום. דער באָדן — אַ פֿאַרשמאַכטער, אַ פֿאַרקרענקטער, מיט אָפֿענע ווונדן: זומפּנגריבער, מסתּם אָנגעשטעקטע מיט מאַלאַריע־נעסטן. דאָ און דאָרט באַווײַזן זיך עטלעכע דערנערקוסטן, צו מאָל אַן אײַנגעדאַרט ביימל. אַן אומעט איז אויסגעשפּרייט אויף אַלץ און פֿילט אונדז אָן מיט מרה־שחורה. צום ערשטן מאָל זיך צונויפֿגעטראָפֿן מיט דער רוסישער ערד, דאַרף עס גראָד זײַן אַזאַ געגנט. אַ לײַכט ווינטל בלאָזט זײַטיק, ווי ס׳וואָלט אײַנרוימען אַ סוד אין אויער. מיר דאַכט, ווי ס׳וואָלט רעדן צו מיר: „נאַרישע מענטשן וואָס איר זענט. דאָ אַהער זענט איר געקומען זיך ראַטעווען פֿון מלחמה־אומקום?" „נישט מיר זענען געקומען", מורמל איך צו זיך אַליין, „מ׳האָט אונדז אַהער געפֿירט. גורל, גורל אונדזערער! דו, שטערן פֿאַרבאָרגענער, וועלכער פֿירט אונדז כּסדר אין דער איצטיקער מלחמה־צײַט אויף אַזעלכע קרומע און צעדרייטע וועגן, האָט אויך אויפֿן איצטיקן וועג אונדז געפֿירט דײַן האַנט?" אונדזער אומעט פֿאַרשטאַרקט זיך, ווען מיר פֿאָרן פֿאַרבײַ אַ צעבראָכענעם פֿאַרקאַן פֿון ליימענע ציגל. פֿון דעם ליים קוקט אַרויס פֿאַרפֿוילטע שטרוי און בהמות־מיסט, מיט וועלכן ס׳איז געקנעטן געוואָרן. הינטער דעם פֿאַרקאַן איז דאָס דאָרפֿישע בית־הקברות. סע זעען זיך פֿון דאָרטן שטיינערנע און הילצערנע צלמים, פֿאַרוואַקסענע מיט דערנער און ווילדגראָז.

— דאָ, אויף דעם פּלאַץ, — רײַסט זיך אַרויס אַ זיפץ בײַ מײַן פרוי, — דאַרף עס מיר באַשערט זײַן צו ליגן אין מײַן אייביקער רו?

און אָט זענען מיר אָנגעקומען קיין אווואַרי. די אָקסן בלײַבן שטיין. מיר גייען אַראָפּ פון די וועגענער. די דאָרפסלײַט נעמען אונדז אויף זייער העפלעך און פרײַנטלעך און אויך מיט נײַגעריקייט צו די נײַע מענטשן, וואָס זענען געקומען אַהער פון צענטראַל־רוסלאַנד און דעם רײַכן אוקראַיִנע, נישט ווי פאַרשיקטע, נאָר פרײַוויליקע, צו העלפן אַרבעטן, צו פאַרטרעטן די יונגע מענער, וואָס זענען אַוועק אויפן פראָנט.

מײַן פאַמיליע ווערט צוגעטיילט אַ צימער בײַ אַ פאַמיליע, וועלכע נעמט אונדז אויף גאָר פרײַנטלעך. דאָס צימער געפינט זיך אין אַ זעמליאַנקע, אין אַ גרויסן הויף, אַן אַרומגעצוימטער מיט אַ ליימענעם פּלויט פון אַ צוויי מיט אַ האַלבן מעטער די הייך, מיט אַ פאַרמאַכטן טויער, בײַ וועלכן ס׳איז צוגעבונדן אַ גרויסער הונט. די צימערלעך אין דער זעמליאַנקע זענען ציכטיק־ריין. אויף דער ליימענער פּאָדלאָגע ליגן אויסגעשפּרייט פאַרשיידענע, מיט די אייגענע הענט געפלאָכטענע געוואַנטן, וואָס מאַכן דעם אײַנדרוק פון דיוואַנען. דאָס זעלבע — אויף די ווענט. בײַ די באַלעבאַטים אין שלאָפצימער ברענט אונטער אַן איקאָנע אַ נר־תמיד — אַן אייל־לעמפּעלע מיט אַ רויטער אָפּשײַן. אין שטוב גייען דאָ אַלע אין גראָבע, אויסגעשטריקטע וואָלענע שקאַרפּעטן, די שיך שטייען בײַ דער שוועל אין דרויסן.

די באַלעבאַטים שענקען אונדז אַ גרויסן שעניק, אָנגעפילט מיט שמעקעדיקן היי. מיר שפּרייטן אים אויס בײַ זיך אין צימער און רוען זיך אויס אַ ביסל פון וועג. אין אָוונט נעמט מען אונדז אויף אינעם דאָרפס־רעסטאָראַן מיט אַ פּײַערלעכן אָוונט־מאָלצײַט, מיט גרויסע פּאָרציעס פיש און ברויט. אויף מאָרגן האָבן מיר, אַלע פריש־געקומענע, אַן אָפּרוטאָג. גייען מיר, איך מיט דער פרוי, באַקוקן דאָס דאָרף. ברייטע זומפּיקע קאַנאַלן צעטיילן דעם צענטערפּלאַץ פון דאָרף. כדי צוצוקומען אויף דער צווייטער זייט, ווו ס׳געפינען זיך די קיאָסקן מיט פאַרשיידענע פּראָדוקטן, מוזן מיר אַריבערגיין אַ בריקל פון צוויי ברעטער די ברייט. אין די קיאָסקן קאָנען מיר באַקומען פון אַלעם גוטן: ברויט, פאַרשיידענע מינים

מילכפּראָדוקטן, אויך גרינצײַג אַ שלל. נו, טראַכטן מיר, מיט פּראָדוקטן איז נישט שלעכט, און מיר קויפן אײַן דערווײַל דאָס גייטיקסטע.

אין אָוונט איז פאָרגעקומען אַ פאַרזאַמלונג. דער פּרעדסעדאַטיעל האָט אונדז אויפגעקלערט: „דאָ אין דאָרף זענען פאַראַן צוויי קאָלכאָזן. אײנער איז אַ געמישטער: פון דאָרפישער ווירטשאַפט און פישערײַ. אונדזערע דאָ באַשעפטיקן זיך נאָר מיט פישפאַנג. נאָכן הײַנטיקן פרײַען טאָג דאַרפן מאָרגן אַלע אַרויסגיין צו דער אַרבעט״. אויף מײַן פראַגע, צי סע געפינט זיך דאָ אין דאָרף אַ שוסטער־אַרטעל, באַקום איך אַן ענטפער, אַז — ניין. דאָ באַדאַרף מען נאָר פישער.

האָב איך, פאַרשטענדלעך, קיין ברירה נישט געהאַט און בין געוואָרן אַ פישער.

פון פאַר טאָג אָן זענען מיר געשטאַנען ביז דער העלפט אין זומפּיקן גרונט פון טײַך און געשלעפּט אַ דיקן שטריק. דאָס האָבן מיר אַרויסגעצויגן די פאַרלייגטע נעצן, אין וועלכע ס׳האָט זיך איבער נאַכט אָנגעזאַמלט אַ שלל פאַרשיידענע מינים פיש פון פאַרשיידענע גרייסן. ריזיק־גרויסע ווײַסע און רויטע פיש, קלענערע מינים העכט און קאַרפּן און גאָר קליינע פישלעך, אַזוי גערופענע וואָבלעס. די גרעסטע שמחה איז, ווען מע פּאַקט אַ ריז, וועלכן דער אַלטיטשקער הויפּטפישער כאַפּט אָן פאַכמעניש פאַרן קאָפּ, נישט שרעקנדיק זיך פאַר די שמיץ מיטן עק, וואָס ער באַקומט פון אים. ס׳טרעפט אַ פיש פון אַן אַנדערטהאַלבן מעטער די גרייס. ס׳רוב זענען דאָס ווײַסע פיש, אַ זייער געשמאַקער מין. אָבער ווען ס׳פאַלט אַרײַן אַזאַ גרויסער רויטער פיש, איז די שמחה נאָך גרעסער, ווײַל דער איז נאָך טײַערער, נישט בלויז צוליב זײַן פלייש, נאָר דער עיקר צוליב זײַן באַרימטן שוואַרצן קאַוויאָר. די וואָבלעס, ווידער, ווערן געוויקט אין געזאַלצענעם וואַסער און אויפגעהאָנגען צום טריקענען, ווערן אויך גערן געגעסן רויערהייט.

די מי איז אַוודאי כדאַי. אָבער איך, אַ נישט צוגעוווינטער צו אַזאַ שווערער אַרבעט, בין באַלד אַזוי מיד געוואָרן, אַז כ׳האָב באַקומען קאָפּווייטיק. הגם מײַן קאָפּ איז געווען פאַרדעקט, האָבן אָבער די הייסע זונשטראַלן געברענט און געבראָטן דעם אייבערשטן אַנטבלויזטן טייל

קערפּער און מיך אויסגעמאַטערט, אַז כ׳האָב זיך צום געשמאַקן מיטיק, וואָס מ׳האָט לכּבֿוד אונדז צוגעגרייט פון ווײַסע און רויטע פיש, נישט צוגערירט. ס׳האָט מיר אויך נישט געהאָלפן דאָס טוישן דעם אַרבעטפּלאַץ פונעם זומפּיקן וואַסערגרונט אויפן ברעג. פאַרנאַכט, בײַם פאַרענדיקן די אַרבעט, האָב איך זיך דערפילט אַזוי אויסגעשעפּט, אַז גלײַך ווי איך בין געקומען אַהיים, בין איך אַנידערגעפאַלן אויפן געלעגער און נישט געקאָנט זיך רירן. האָב אַפילו נישט באַנומען, וואָס די פרוי דערציילט מיר וועגן די טאָג־געשעענישן. זי איז געשטאַנען לעבן מיר אַן איבערגעשראָקענע און איבערגעפרעגט, וואָס מיט מיר איז געשען. איך האָב זי באַרויִקט מיט אַ שוואַכער שטימע, קוים צו דערהערן, אַז דאָס איז פון דער שווערער אַרבעט, צו וועלכער איך בין נישט צוגעוווינט. ווען כ׳וועל זיך צוגעוווינען, וועט מיר לײַכטער זײַן. זי האָט מיר דערלאַנגט עסן, אָבער כ׳האָב זיך צו דעם נישט צוגערירט.

— נעם, עס עפּעס, — בעט זי זיך, — פון וואַנען וועסטו האָבן כּוח צו אַרבעטן?

נאָר אָנשטאָט צו עסן, בין איך באַלד אײַנגעשלאָפן.

אויף מאָרגן, פאַר טאָג, בין איך ווידער געשטאַנען אויפן זומפּיקן טײַכבאָדן אין געשלעפּט דעם שטריק צוזאַמען מיט אַלע, די נײַגעקומענע ווי די אָרטיקע, וועלכע פירן אָן מיט דעם פאַראַנטוואָרטלעכן טייל פון דער אַרבעט. זיי היטן, אַז די קאָרקעס פון דער נעץ, וואָס שווימען אויף דער אויבערפלאַך, זאָלן רעגלמעסיק צושווימען צום ברעג. ס׳טרעפט: אַ פיש טוט אַ שפּרונג אין דער הייך, פליט אַריבער און פאַרשווינדט. מיר אַרבעטן מיט אימפּעט, איינער מונטערט דעם צווייטן: די זעלנער אויפן פראָנט און דאָס גאַנצע לאַנד וואַרטן אויף אונדזערע פיש. איך דערמאָן זיך אין די דרײַ גרוזינישע סאָלדאַטן, מיט וועלכע מיר זענען צוזאַמען געפאָרן, די איינציק־געבליבענע פון זייער גאַנצער אָפּטיילונג. איך חזר איבער אין געדאַנק זייערע דערציילונגען און זע אין זיי דעם סימבאָל פון דער אויף די פראָנטן בלוטיקנדיקער רויטער אַרמיי. זיי זענען אין שווערערע באַדינגונגען ווי מיר דאָ ביים פישכאַפּן, שוין אָפּגערעדט פון דער לעבנס־געפאַר. אָבער... איך ווער וואָס ווײַטער אַלץ שוואַכער.

קוים וואָס איך שטיי אויף די פיס. שוין מיט די לעצטע כוחות האָב איך פאַרענדיקט דעם אַרבעטסטאָג. און גייענדיק אַהיים האָב איך זיך געפּרעגט: ווו וועל איך נעמען כוחות אויפן מאָרגנדיקן טאָג? סיידן אַ נס וועט געשען.

דער „נס״ איז געשען. געקומען אַהיים אַ דערשלאָגענער, אַ טויט־מידער, האָב איך געטראָפן די פרוי אויפן געלעגער: זי האָט באַקומען שטאַרקע ווייטיקן פון די גאַלשטיינער. ס׳איז געקומען די „דאָקטאָרין״ פון פּאָליקליניק. אַ יונגיטשקע, מסתם נאָר וואָס אַרויס פון אַ סאַניטאַרן־קורס. וואָס פאַר אַ קראַנקהייט ס׳איז גאַלשטיינער וויס זי נישט, זי וויס אויך נישט מיט וואָס אײַנצושטילן די ווייטיקן. מאָרגן אין דער פרי וועט זי געבן אַ צעטל צום ראַיאָן־דאָקטאָר אין קאַמיזיאַק. באין־ברירה בין איך דערוויַל אַליין געוועזן דער דאָקטאָר: צוגעלייגט דער קראַנקער אַ הייסן קאָמפּרעס מיט ספּירט.

אין דער פרי בין איך, אַנשטאָט צו דער אַרבעט, אַוועק צו דער „דאָקטאָרין״. איך פרעג זי:

— און דער ראַיאָן־דאָקטאָר אין קאַמיזיאַק קאָן זיך יאָ אויף אַזאַ קראַנקהייט? איז דאָרט דאָ אַן אַפּטייק?

פאַרטראַכט זי זיך און זאָגט:

— אַוודאי, ווען איר וואָלט קאָנען פאָרן קיין אַסטראַכאַן אין שפּיטאָל, וואָלט בעסער געוועזן. דאָרט זענען דאָ דאָקטוירים־ספּעציאַליסטן.

— וואָס הייסט קאָנען. אָדער נישט קאָנען? — טו איך אַ זאָג — אַז מ׳האָט געמוזט, זענען מיר אַפילו צו פוס געגאַנגען און האָבן זיך אַהער דערשלאָגן!

— טאָ נאָט אײַך אַ צעטל אין אַסטראַכאַנער שפּיטאָל.

אַוועק מיטן צעטל, האָב איך זיך דערפילט ווי איינער פון שלום־עליכמס העלדן — דער „גליקלעכסטער אין קאָדני״. אָבער דאָס פאָרן קיין אַסטראַכאַן איז נישט פון די לײַכטסטע פּראָבלעמען: אויף וועמען לאָזט מען איבער די קינדער? ווער ווייסט, ווי לאַנג מיר וועלן דאַרפן דאָרט זיך זאַמען? איז קיין אַנדער ברירה נישטאָ, ווי נאָר מיטנעמען

די קינדער מיט זיך. און די דרײַ־פיר קילאָמעטער צו דער פּאַראַכאָד־סטאַציע מוז מען גיין צו פוס. איז מען געגאַנגען. פון צײַט צו צײַט האָב איך געמוזט טראָגן ביידע קינדער אויף די הענט. נאָך עטלעכע שעה זייער אָנגעשטרענגטן גאַנג האָבן מיר דערגרייכט די סטאַציע. און דאָ ווערן מיר געוואָר: קיין רעגולערער פּאָרפּלאַן איז נישטאָ. פריִער ווי אין מיטן דער נאַכט וועט זיכער קיין פּאַראַכאָד נישט קומען.

— וועל איך, הייסט עס, — זאָגט מײַן פרוי, — ביי יעדן אַטאַק פון די גאַלשטיינער זײַן אויסגעשטעלט אויף אַזאַ לאַגע ווי איצט. און ס׳קאָן זיך דאָך טרעפן אויך אַן אַנדער קראַנקהייט אָדער, חס־ושלום, אַ קינד ווערט פאַרשלאָפט. איז מען דאָך אײַנגעשטעלט מיטן לעבן! ווער וועט זיך דאָ אומקוקן אין אַזאַ פאַרוואָרפענעם עק אויף מיר מיט די קינדער? ניין, אין קיין שום פאַל וועל איך פון אַסטראַכאַן נישט צוריקפאָרן קיין אוואַרי!

איך גיב אָפּ דער פרוי גערעכט, און ס׳בלייבט, אַז איך גיי צוריק ברענגען דאָס פּעקל מיט אונדזער „פאַרמעגן״, און אין אַסטראַכאַן וועלן מיר זיך סטאַרען דאָרטן צו בלײַבן; אפשר וועט עס אונדז געלונגען. דער הימל, וואָס איז שוין פון אין דער פרי אָן געווען אָנגעברוגזט, פאַרוואָלקנט, האָט איצט, ביי מיין טראָגן דעם פּאַק, זיך שטאַרק פונאַנדערגעוויינט. ס׳האָט געפּלייצט אַ רעגן. דער וועג איז געוואָרן צעווייקט אין אַ ליימיקער מאַסע. איך האָב זיך אַ סך מאָל אויסגעגליטשט, אויך אַרײַנגעפאַלן אין זומפּיקע גריבער ביי די זײַטן וועג. בין טייל מאָל געקראָכן אויף אַלע פיר, אַרויסצובאַקומען זיך פון דער קלעפּיקער בלאָטע־געדיכטעניש. ערשט מיטן צופאַלן פונעם אָוונט בין איך אָנגעקומען צו דער סטאַציע. די פרוי, וואָס האָט מיך שוין אומגעדולדיק אויסגעקוקט און ענדלעך דערזען, איז מיר מיט אומרו אַנטקעגנגעגאַנגען:

— וואָס האָט פּאַסירט? וואָס האָסטו זיך געזאַמט אַזוי לאַנג? שנעלער גיי אַריין.

אַרײַנגעקומען אין וואַרטעזאַל, ווייזט זי מיר אָן אויפן סופיט, וואָס איז באַזעצט מיט שוואַרצע כמאַרעס פון קאָמאַרן:

— מע האָט זיי פריִער אַרויסגעיאָגט מיט האַנטעכער, מיט וואָס

נאָר מ׳האָט געקאָנט. אָבער מיטן אָנקום פון אָוונט רייסן זיי זיך צוריק אַרײַן מיט יעדן נײַ־אַריינגעקומענעם. אויך איצט — מיט אונדזער אַרײַנקום. האָסט נישט באַמערקט?

איך דערצייל איר וועגן דעם וועג וואָס איך האָב געהאַט ביז אַהער. מיר לייגן פונאַנדער די דורכגעווייקטע זאַכן צום טריקענען און מאַכן זיך אָוונטברויט, ווי דאָ הייבן אָן די קאָמאַרן אַ שדים־טאַנץ איבער אונדזערע קעפּ און אויף אונדזערע פּנימער. כמאַרעסווײַז האָבן זיי זיך אַרונטערגעלאָזט מיט אַ זשומערײַ פון עראָפּלאַנען. האָבן זיך פאַרשטעקט אין אונדזערע האָר, הינטער די אויערן, אויפן האַלדז און פּנים און אין יעדן אָרט ווו זיי האָבן די מעגלעכקייט צו זייגן אונדזער בלוט. אין אָנהייב האָבן מיר פּרובירט קעמפן מיט זיי, פאַריאָגן מיט אַ טוך, אָדער אַ שמאַטע, אָבער — אומזיסט. איך בין אַרויס אויף דער פרײַער לופט אין דרויסן, אפשר וועט דאָ לײַכטער זיין. ניין, דאָ איז נאָך ערגער. די געצייילטע פאַמיליעס, וועלכע וווינען און אַרבעטן דאָ ביי דער וואַסער־סטאַציע, טוען אָן צום שלאָפן שוצנעצן. טייל פון זיי זענען שוין טאַקע געשלאָפן אין דרויסן אונטער אַזעלכע וואַלן, ווײַל דער הימל האָט שוין געהאַט זיך אויסגעלײַטערט, און די לופט האָט געשמעקט. אָבער מיר האָבן קעגן די קאָמאַרן קיין שום עצה נישט געהאַט. האָבן מיר געלייגט די קינדער שלאָפן אויף אַ פּריטשע און זיך געזעצט וואַכן איבער זיי, אָפּיאָגנדיק די פּאַראַזיטן. אונדזערע פּנימער האָבן מיר שוין געלאָזט אויף הפקר. מיר זענען פשוט מיד געוואָרן מיט זיי צו קעמפן. פון שלאָפן האָט קיין רייד נישט געקאָנט זײַן. און פון דעסטוועגן — צו אַלץ געוווינט זיך דער מענטש צו. איך נעם איינדרימלען. זייער זשומען פאַרוואַנדלט זיך אין מענטשלעכע רייד:

— — — „...ווי לאַנג ס׳קומט אונדז אויס צו וואַרטן אויף אַזעלכע טײַערע געסט, ווי איר! שוין לאַנג, לאַנג האָבן מיר נישט געטרונקען אַזאַ בלוט פון אַזעלכע פּנימער מיט אַזאַ איידעלער הויט, אַ נישט־פאַרברענטע פון די הייסע זונשטראַלן. אומזיסט — ס׳וועט אײַך נישט העלפן אײַער טרײַבן, אײַער יאָגן אונדז, דאָ זענען מ י ר די באַלעבאַטים: מיר וועלן זיך אָנזעטיקן, וועלן מיר אײַך צו רו לאָזן".

— ווען דאָך קומען אַנדערע אויף אײַער אָרט. — מורמל איך פון שלאָף.

„איז וואָס?״ — זשומען זיי ווײַטער. — „וואָס פאַר אַ באַדײַטונג האָבן דאָס פאַר אײַך די טראָפּנס בלוט, וואָס מיר ציִען פון אײַך אַרויס? אויפן פראָנט גיבן איצט מענטשן אַוועק מער בלוט פאַר אונדזערע גרויסע חברים — וואַמפּירן. און מיר מאַכן דאָס איידל, אַז ס׳טוט בכלל נישט וויי. אַ לײַכטן שטאָך מיט אונדזער נאָדלפּיסקעלע, און אײַער בלוט פליסט שוין אַליין אין אונדז אַרײַן. זש־זש־זש... וואָס פאַר אַ באַטעמט בלוט איר האָט! אַלע מענטשלעכע בלוטן האָבן מיר ליב, אָבער צום ליבסטן — ייִדיש...״. — — —

קיין פּאַראַכאָד איז די נאַכט נישט געווען. דער זיג פון די קאָמאַרן איבער אונדז איז געווען אַ פולער. אין דער פרי זענען די פּנימלעך פון די קינדער געווען געשוואָלן און באַדעקט מיט ווונדן — מיר האָבן נישט געקאָנט פאַרהיטן, זיי זאָלן נישט קראַצן די פּנימלעך.

אין דער פרי זענען די קאָמאַרן, אָנגעזויפּטע נאָך דער בײַנאַכ־טיקער הוליאַנקע, געשלאָפן ערגעץ אין זייערע נעסטן. און מיר האָבן זיך אין משך פון טאָג אַ ביסל אויסגערוט. אָבער מיטן אָנקום פונעם אָוונט האָבן זיי זיך ווידער באַוויזן און אָנגעהויבן זייערע אָרגיעס. מיר האָבן זיי שוין געלאָזט טאַנצן אומגעשטערט זייער שדים־טאַנץ: טרינקט, זויפט אונדזער בלוט, ס׳איז איצט אײַער צײַט. די וועלט איז הײַנט — ווי נאָך קיין מאָל נישט — באַהערשט פון בלוטזייגער און בלוט־פאַרגיסער. דעספּאָטן, טיראַנען און זייערע מיטהעלפער האָט דער ריח פון בלוט שטענדיק פאַרשיכורט. לאָזט זיך ווױלגיין!

קיין פּאַראַכאָד איז אויך די צווייטע נאַכט נישט אָנגעקומען. און צו די צרות האָט זיך אונדז אויסגעלאָזט די מיטגענומענע שפּײַז. ווער זאָל זיך עס ריכטן, אַז דרײַ טעג זאָל קיין פּאַראַכאָד נישט זײַן? האָבן מיר זיך הונגעריקע „געלייגט שלאָפן״.

אין מיטן דער נאַכט האָבן מיר דערהערט דעם לאַנג דערוואַרטן סיגנאַל פון אַן אָנקומענדיקן פּאַראַכאָד. מיר האָבן זיך מיט אים דערפרייט, ווי מיטן שופר־של־משיח.

## קאַפּיטל פינף און צוואַנציק

די רייזנדע אויפן פּאַראַכאָד זענען געווען ס׳רוב קאַלמיקן און אַנדערע באַוווינער פון יענער געגנט. זיי האָבן געפירט פון די קאַלכאָזן און „פּריוואַטע״ ווירטשאַפטן מילך־פּראָדוקטן און אַנדערע אין שטאָט אַרײַן. האָבן מיר גלייך געקענט איינהאַנדלען אַ ביסל שפּײַז און שטילן דעם הונגער. אָנגעקומען אין דער פרי קיין אַסטראַכאַן, זענען מיר תיכף אַוועק מיטן גאַנצן „פּאַרמעגן״ אין שפּיטאָל.

די דאָקטוירים האָבן פעסטגעשטעלט: מע דאַרף די קראַנקע אָפּערירן. אָבער צוליב איר שוואַך האַרץ און אַלגעמיינע אָפּשוואַכונג טאָר מען עס איצטער נישט טאָן. און ווען יאָ — וואָלטן מיר דען דערויף מסכים געווען? דעם עיקר האָבן מיר דערגרייכט: זי האָט באַקומען באַרויִקונגס־מיטלען און אויך מעדיצינען פאַר אַלגעמיינער שטאַרקונג און אַ באַשטעטיקונג, אַז זי נייטיקט זיך אין אַ דיִעטע־דערנערונג.

די שפּיטאָל־דינערשאַפט האָט אונדז נישט דערלויבט בלײַבן אין שפּיטאָל, ווו מיר האָבן געוואָלט זיך אָפּרוען אַ ביסל. זענען מיר אַוועק צוריק צום פּאָרט. ס׳איז אָבער צו שווער געווען איצטער, אין דער גרויסער היץ, זיך צו דערשלאָגן אַהין מיטן פּעקל, און די קינדער האָבן נישט געוואָלט גיין. נאָך אַ לענגערן זוכן האָבן מיר דערזען אויף אַ הויף צוויי נידעריקע ביימלעך מיט מאָדנע פאַרדרייטע און פאַרפּלאָנטערטע צווײַגן, וואָס גיבן אַ ביסל שאָטן. האָבן מיר זיך געזעצט אונטער זיי אַ ביסל אויסצורוען. נאָך די עטלעכע נעכט אָן שלאָף און די וועג־מאַטערנישן איז דאָס אָרט געווען ווי געוווּנטשן פאַר אַ ביסל רויִקן שלאָף. און איינדרימלענדיק, זענען מײַנע געדאַנקען אַוועק אין ווײַטן עבר, ווען איך בין נאָך אַ קינד געווען.

— — — ...מיין מאַמע זיצט נעבן מיר, גלעט מײַן צעביסן פּנים מיט די צאַרטע פינגער און זינגט דערביי אַ ניגון. ווי אָנגענעם איז מיר דאָס גלעטן! ווי אָנגענעם איז דער ניגון! דאָס פּנים טוט מיר אַזוי ווייי פונעם קאָמאַרן־בייסעניש. גלעט מיר נאָך, נאָך, מאַמע... אָבער מיט אַ מאָל ענדערט זיך דער ניגון. נישטאָ מער די מאַמע. עס זשומעט גאָר

נישט קיין קאָמאַר, נאָר אַן עראָפּלאַן. ער לאָזט זיך אַראָפּ גלײַך אויף מיר. ניין, ס׳איז נישט קיין עראָפּלאַן — ס׳איז גאָר אַ מלאך. ער פּאָכעט מיט זיינע גרויסע פליגל איבער מײַן פּנים. איך שפּיר דאָס ווייען. כ׳דערהער אַן אויסגעשריי און — כאַפּ זיך אויף אַ דערשראָקענער. מײַן פרוי שטייט און פּאָכעט איבער מיר און די קינדער מיט אַ טיכל. טויזנטער פליגן, וואָס האָבן זיך ווי היישעריקן געהאַט אָנגעזעצט אויף אונדזערע פּנימער צעפּלױען זיך מיט אַ געזשומעריי. צעמישט און צערודערט פונעם פלוצלינגן איבערוועקן זיך, פונעם חלום און פון די כמאַרעס פליגן אַרום, צעשמייכל איך זיך. ווי אָנגענעם איז מיר געווען, נאָכן פּטור ווערן פון די בלוטזייגנדיקע באַשעפענישן פון אוואַרי און אומגעגנט, צו שפּירן ווי די פליגן גלעטן און לעקן מײַן הויט מיט זייערע אידעלע צינגעלעך!

איך וועל אײַך אייביק געדענקען, טײַערע אַסטראַכאַנער פליגן.

„קאָמאַרן״ און „פליגן״ זענען געווען אונדזערע שטענדיקע באַגלייטער, — אַזוי פלעגן מיר באַצייכענען פאַרשיידענע מענטשלעכע טיפּן, וואָס מיר האָבן באַגעגנט דאָרט אין ראַטנפאַרבאַנד.

דער אַסטראַכאַנער פּאָרט איז ווי אַ לאַנגע גאַס, אַ באַצייכנטע מיט נומערן אויף יעדער סטאַנציע־טויער. ווען מיר זענען אַרײַן אין דער סטאַנציע, פון וועלכער מיר זענען אין דער פרי אַרויסגעגאַנגען, האָבן מיר דערהערט פון אַ צווייטער סטאַנציע האַרצרײַסנדיקע געוויינען און ספּאַזמאַטישע געשרייען. די יללות — אַזעלכע באַקאַנטע, ווי בײַ אַ יידישער לוויה אין אַ קליין פּויליש שטעטל.

— זע, — זאָג איך צו דער פרוי, — „די גאַנצע וועלט — איין שטאָט״. אומעטום די זעלבע געוויינען ביי אַ יידישער לוויה. נישט ווי ביי די גוים. ס׳איז כדאַי צוצוגיין.

— גיי צו, אַז סע גלוסט זיך דיר. — זאָגט די פרוי. — אפשר וועסטו דאָרט אָנטרעפן אויף עמעצן וואָס וועט דיר העלפן געפינען אַרבעט.

גיי איך צו, דערקען אָבער נישט קיין יידישע פּנימער. עלטערע פרויען ווישן זיך מיט די קאָפּטיכלעך אָדער אַרבל די פאַרוויינטע

פנימער. אַנדערע לאָזן נאָך אַרויס ספּאַזמאַטישע קרעכצן, קוקנדיק אין דער ווייט פון דער וואָלגע אויף אַ פּאַראַכאָד, וואָס דערווייטערט זיך. טו איך אַ פרעג איינער אויף דער סיבה פון דעם געוויין. קוקט זי מיך אָן מיט בייזע פאַרטרערטע אויגן און מורמלט אַרויס מיט כעס:

— מע פירט אַוועק אונדזערע מענער און זין אויף דער מלחמה...

איך גיי אַוועק אַ פאַרשעמטער. וויפל מאָל האָב איך עס געלייענט וועגן דער גרויסער פרייד, מיט וועלכער די פרויען און מוטערס באַגלייטן זייערע מענער און זין אויפן פראָנט. און דאָ פּלוצעם — גאָר אַ האַרצ־רייסנדיק געוויין, ווי ביי אַ ייִדישער לוויה אין אַ קליין שטעטל אין פוילן!

אין עוואַקאָפּונקט ביי דער סטאַציע איז טומלדיק — צענדליקער פאַמיליעס, אָנגעקומענע פון פאַרשיידענע געגנטן. אַ טייל געקומען מיט דער באַן. מע זיצט פאַרזאָרגטע און מע שמועסט וועגן דער אוממעג־לעכקייט צו בלייבן אין אַסטראַכאַן. דער פאָרשטייער ביים פענצטער איז באַלאַגערט מיט עוואַקויִרטע, וועלכע טענהן אין מיט אים, זענען איינגעשפּאַרט צו בלייבן אין אַסטראַכאַן. אָבער סע העלפן נישט די רייד.

— מיר האָבן נישט קיין דירות. די מיליץ וועט נישט צושרייַבן.

מיר הערן אָנרופן נייַע נעמען פון ראַיאָנען, אַחוץ קאַמיזיאַק: טשאָרני יאַר, קראַסני יאַר. אויך איך און מייַן פרוי גייען צו. מיר רעדן מיט אונדזער צעקאַליעטשעטע לשון, געמישט מיט פּוילישע ווערטער. ווייַזן אים די באַשטעטיקונג פון שפּיטאָל. קיין אוואַרי וועלן מיר בשום־אופן נישט צוריקפאָרן: נישטאָ דאָרט קיין דאָקטאָר, נישט די מעדיצי־נען, אין וועלכע די פרוי נייטיקט זיך. איך בין אַ גוטער שטעפּער־מייסטער, אפשר איז פאָרט מעגלעך איך זאָל אין אַסטראַכאַן באַקומען אַרבעט ביי מיין פאַך?

— מיר האָבן נישט קיין שום מעגלעכקייטן איינצואָרדענען די ניי־געקומענע. די מיליץ וועט אייַך סײַ ווי נישט צושרייבן. אַזאַ פאַראָרדענונג. איך קאָן אייך אָבער שיקן קיין קאַמיזיאַק.

— אָבער מיר ווילן נישט נאָענט צום קאַספּישן ים.

— וועל איך אייך שיקן קיין קראַסני יאַר. אַ גרויס ראַיאָן־דאָרף. דאָרט איז פאַראַן אַ שפּיטאָל פאַר ציווילע. אַרטעלן, ווו איר וועט מעגלעך קאָנען זיך איינאָרדענען ביי אייער פאַך. איר וועט באַקומען אַ דירה.

ווו איז דאָס קראַסני יאַר? — פרעג איך, אויסהערנדיק וועגן די דאָרטיקע גליקן. אויך אין דער געגנט פון קאַספּישן ים?

— ניין. דאָס איז מזרחדיקער. אַ ביסל צפונדיק פון אַסטראַכאַן. סך־הכל פינף און דרייסיק קילאָמעטער פון דאַנען.

— זאָל זיין קראַסני יאַר. — האָבן מיר, איך און די פרוי, באַשטעטיקט.

אויפן צווייטן טאָג זענען מיר ווידער אויף דער וואָלגע. מיר פאָרן כסדר וואַסער־אַרויף. מיך ווונדערט, וואָס מיר פאָרן שוין אַזוי פיל שעהען. דערקלערט מען מיר, אַז דאָס איז טאַקע דערפאַר, וואָס מיר פאָרן וואַסער־אַרויף ביז אַ געוויס אָרט. פון דאָרט אָבער וועלן מיר שוין פאָרן מיט דער אַכטובאַ וואַסער־אַראָפּ ביז קראַסני יאַר. איך באַקום נאָך אינפאָרמאַציע וועגן אונדזער צוקונפטיקן וווינאָרט. קראַסני יאַר איז פריער געווען אַ שטעטל, שפּעטער איז עס דעגראַדירט געוואָרן צו אַ ראַיאָן־דאָרף. דער פונקט געפינט זיך צווישן די טייכן אַכטובאַ און בוזאַן, נישט ווייט פון דער קאַזאַכישער ווויסטע, וועלכע איז ביי דער גרענעץ באַזעצט מיט געדיכטע פלאַנצונגען צו פאַרהאַלטן די מדבר־זאַמדן, זיי זאָלן נישט פאַרשיטן די געגנט. די קאָמוניקאַציע איז אָדער מיטן וואַסער, מיט פאַראַכאָדן, אָדער מיטן וועג, איבער די טייכן, איבער וועלכע ס׳פירן איבער פאַראָמען. אַזוי איז עס זומער. ווינטער איז די קאָמוניקאַציע נאָר איבער דער יבשה און איבערן אייז.

— זענען דען דאָ גרויסע פרעסט? — פרעג איך.

לאַכט מען: זיי זענען גענוג, אַז דאָס אייז זאָל דערגיין ביז אָנדערטהאַלבן מעטער די גרעב. ס׳איז דעמאָלט געווען אַ זוניקער, גאָר הייסער טאָג, אָבער מיר איז צוליב דער מיטטיילונג אַדורך אַ קאַלטער שטראָם דורך די ביינער.

— מיר האָט מען געזאָגט, אַז דער ווינטער אין דער געגנט איז אַ לייכטער.

— זיכער, — באַקום איך אַן ענטפער, — אַ סך לייכטער ווי אויף סיביר.

און אַט זענען מיר און נאָך עטלעכע פאַמיליעס אָנגעקומען קיין קראַסני יאַר. דער פאָרשטייער פון דאָרפסראַט האָט אונדז אויפגענומען און צוגעטיילט אַ צימער ביי אַ רוסישער פאַמיליע. די פאַמיליע פּאַכאַל־קין איז באַשטאַנען פון אַן עלטערער פרוי און איר זון מיט פינף קינדער אין עלטער פון דריי ביז צוועלף יאָר; זיין ווייב, די מוטער פון די קינדער, איז יונגערהייט געשטאָרבן. דער באַלעבאָס — אַ יונגער מענטש אין די אָנהייב דרייסיקער יאָרן, מיט אַן איידעלן כאַראַקטער. אַ פיינער, אַ שטילער, מיט אַן אינטעליגענטער באַנעמונג. מיט זיין רויקן, שטילן ריידן האָט ער אויף אונדז געמאַכט אַן אויסערגעוויינלעך גוטן איינדרוק. ער האָט געאַרבעט ווי אַ בוכהאַלטער אין אַ געוויסער ביוראָ. זיין מוטער — שוין נישט קיין יונגע, אָבער אַ זעלטן אַרבעטזאַמע. זי האָט זיך לייכט אַן עצה געגעבן מיט דער שטובווירטשאַפט פון אַ זיבנפערזאָניקער משפחה, ביי דער מיטהילף פון דעם צוועלף־יעריקן מיידל. זיי פלעגן אַרבעטן פון גאָר פרי ביז שפּעט אין אָוונט. ווייל חוץ דער שטובווירט־שאַפט האָט מען נאָך געמוזט שטיין אַ סך שעהען אין דער ריי, צו באַקומען אַ קילאָ ברויט. קיין ברויט־צוטיילונג איז נאָך דעמאָלט נישט געווען.

די אַלטע האָט געשאַפן פאַר אונדז עטלעכע זעק, וועלכע מיר האָבן אָנגעפילט מיט טרוקן היי. זי האָט אויך באַקומען פאַר אונדז ביי אַ שכנה אַ וואַטענע קאָלדרע. אמת, דער אייבערשטער שטאָך איז שוין פון לאַנגיעריקן נוצן געווען דורכויס צעלעכערט, ערטערווייז איז שוין אויך קיין וואַטע אין איר נישט געווען, אָבער פאַר אונדז איז דאָס געווען אַ רעטונג.

## קאַפּיטל זעקס און צוואַנציק

אויף מאָרגן איז מיין ערשטע אויפגאַבע געווען: מאַכן אַ שפּאַציר איבערן דאָרף, באַקענען זיך מיט דער סביבה און זוכן אַרבעט. דאָס

ערשטע, וואָס האָט זיך מיר געוואָרפן אין די אויגן איז געווען: די באַפעלקערונג, פון נאָענט און ווײַט, טראָגט וואַסער מיט קאָראָמיסלען פון טײַך. קײַן ברינעמער זענען אין דאָרף נישטאָ: די אונטערגרונט־וואַסער אין דער געגנט איז געזאַלצן. דאָס דאָרף פאַרמאָגט, אַחוץ קיִאָסקן פון צייטונגען און זשורנאַלן, קיִאָסקן, ווו ס׳ווערן פאַרקויפט אוגערקעס, טאָמאַטן און אַנדערע ירקות. מע זעט דאָ אויך ווײַנטרויבן און קאַווענעס. אָבער ביי אָט די פּראָדוקטן זעט מען נישט קײַן גרויסע רייען. ריזיקע רייען שטייען ביי די דרײַ בעקערייען, ווו יעדן איינעם ווערט פאַרקויפט איין קילאָ ברויט. לויט די פּריַזע מאָרגן־שעהען שטעל איך זיך פאָר, אַז די וואַרטנדיקע ריי מוז דאָ שטיין שוין פון נעכטן.

עס ציט אויף זיך אויפמערקזאַמקייט אַ ריזן־פּלאַקאַט, וואָס ווײַזט אַ בילד, ווי מאַמעס און ווײַבער באַגלייטן מיט פרייד זייערע זין און מענער, וועלכע פאָרן אָפּ צום פראָנט. זיי געזעגענען זיי מיט דעם ווונטש און פאַרזאָג צו שלאָגן די דײַטשישע פאַרכאַפּער... יאָ, — טו איך אַ טראַכט, — דאָס האָב איך מיט צוויי־דרײַ טעג צוריק געזען אין אַסטראַכאַן ביים פאָרט... נאָר דאָס איז נאָך נישט אַלץ. דער פּלאַקאַט האָט פאָרגעשטעלט דרײַ רוסישע סאָלדאַטן, דרײַ דורות קעמפער, מיט אַן אונטערשריפט אונטער יעדן דור: דער זיידע האָט געקעמפט קעגן דײַטש אונטער סוואָראָווס אָנפירונג צום סוף פון 18טן יאָרהונדערט; דער פאָטער — אין ערשטן וועלטקריג, און ער, דער רויטאַרמייער — אונטער דער אָנפירונג פון חבר סטאַלין. שטיי איך ווי אַ געפּלעפּטער: דאָס אייניקל, דער רויטאַרמייער, קעמפט איצט קעגן די דײַטשן גאָר?! נישט קעגן דער היטלער־אַרמיי? איז עס נישט אפשר דערפאַר, וואָס קוים מיט געציילטע וואָכן צוריק איז די פרײַנטשאַפט מיט היטלערן געווען אַזוי גרויס, אַז מ׳האָט אַוועקגענומען דאָס ברויט און די שפּײַז פון דער אייגענער באַפעלקערונג, צו פאַשען דערמיט די דײַטשישע חזירים?... און די גרויסע ריי ביי דער בעקערײַ דערגענצט מײַנע אָבסערווירונגען.

אָבער — וואָס שטיי איך דאָ, אַ פּוילישער ייִד, וואָס די סאָוויעט־טישע מאַכט האָט מיר געגעבן די מעגלעכקייט צו אַנטלויפן פונעם

היטלערישן גרויל און פון אומקום, און זוך חסרונות אויף דער זעלבער מאַכט? די סאָוויעטישע רעגירונג מיטן חבר סטאַלין בראש ווייסן וואָס זיי טוען!

מער ווי טרוקענע „סוואָדקעס״ (פראָנטבאַריכטן) האָט מען נישט געקענט הערן פונעם ראַדיאָ אָדער לייענען אין דער פּרעסע. די באַריכטן זענען געווען טרויעריקע און האָבן דערשיטערט: די באַלטישע לענדער זענען שוין פאַרנומען; אויך ווייסרוסלאַנד מיט דער הויפּטשטאָט מינסק, און מערב־אוקראַינע, דער שונא איז שוין אַריַין אין מזרח־אוקראַינע.

איך האָב באַמערקט אַ גרויסן שילד אויף איינער אַ קראָם: „שוסטער־אַרטעל באָלשעוויק״. בין איך אַריַין אַהין:

— איך דאַרף צום פּאָרזיצער.

— איך בין עס.

— כ׳בין אַ זאַגאָטאָווטשיק. איז דאָ ביַי איַיך אַרבעט פאַר מיר?

— ביי אונדז איז אַ רעפּעראַטור־וואַרשטאַט. זעלטן מאַכן מיר אַ נייע פּאָר שיך. האָבן מיר פאַר דעם צוויי שוסטערס, וועלכע מאַכן שוין אויך די אויבערטיילן.

איך זע שטיין אַ ניימאַשין. בעט איך אַ דערלויבעניש זי אויסצו־פּרוּוון. זי אַרבעט אויסגעצייכנט. ווענד איך זיך צו אים נאָך אַ מאָל:

— חבר פּרעדסעדאַטעל, נעמט מיך דאָך צו צו דער אַרבעט.

— ס׳וועט דיר אָבער נישט לוינען. וועסט נישט האָבן גענוג אַרבעט. איז וויפל וועסטו פאַרדינען? ביי אונדז אַרבעט מען אויף אַקאָרד. גאַראַנטירן דיר אַ מינימום־לוין קאָנען מיר אויך נישט. מיר זענען אָרעמע שוסטערס און וועלן נישט האָבן קיין פאָנדן דיך אויס־צוהאַלטן.

— חבר פּרעדסעדאַטעל, לאָמיר מאַכן אַ פּראָבע. כ׳וועל נישט האָבן קיין טענות, ווען איך וועל ווינציק פאַרדינען.

דאָ קומט צו דער הויפּטמיַיסטער, וועלכער האָט זיך צוגעהערט צו אונדזער שמועס, מיט אַ מאָדעלן־זשורנאַל פון שיך אין האַנט. ער מישט אים אויף און טוט אַ זאָג צו מיר:

— זע, — ווײַזט ער מיר אָן אַ מאָדעלירטן מענערשוך, — אַזאַ פּאָר ווִעסטו קענען נאָכמאַכן?

— יאָ, זיכער וועל איך מאַכן.

— איז נאַ דיר לעדער און מאַך אַזאַ פּאָר, — ער טוט דערבײַ אַ ווונק צום פּאָרזיצער.

איך הער אויך דאָס איבערשושקען זיך פון די אַנדערע שוסטערס, וועלכע זענען דערווײַל פון נייגעריקייט צוגעקומען הערן אונדזער שמועס, ס'הייסט: מ'האָט אים געפּאַקט!

דער מאָדעל איז, וואָס אַן אמת, געווען נישט פון די לײַכטע. מײַנע הענט און דאָס אַרבעטס־געצײַג איז אויך דעמאָלט נישט געווען אין אָרדענונג. איך האָב געמוזט זיך אָנשטרענגען. אָבער שוין מײַן אויסצייכענען דעם מאָדעל און אים אויסשנײַדן האָט זיי אַרײַנגעבראַכט אין פאַרוווּנדערונג, און נאָך מער איז זי געשטיגן אין צוויי שעה אַרום, ווען די פּאָר האָט געוואַנדערט צווישן די פינף און צוואַנציק, דרײַסיק שוסטערס פון האַנט צו האַנט.

— און מיר האָבן געמיינט, אַז דאָס ווערט געמאַכט אין אַ פאַבריק!

— האָט צום מיינסטן געשטוינט דער הויפּטמייסטער.

— יאָ, — האָב איך אים געענטפערט, — אין אַ פאַבריק און אויך אין קליינע וואַרשטאַטן. אָבער אומעטום נאָר מיט מענטשלעכע הענט און נישט מיט קיין מאַשינען.

ער האָט מיר געגעבן צו מאַכן נאָך אַ דאַמענפּאָר. די פּאָר האָט נאָך מער אויסגענומען. און איך בין געבליבן אַרבעטן. איך בין פון דאָרט געקומען אַהיים מיט דער בשורה צו דער פרוי, אַז כ'וועל שוין מער נישט דאַרפן גיין כאַפּן פיש.

אינעם אַרטעל האָבן געאַרבעט עלטערע און מיטליעריקע שוסטערס, אויך צוויי יוגנטלעכע לערנייִנגלעך. איך בין גאָר צופרידן געווען: ענדלעך וועל איך אַרבעטן מיט עכטע רוסישע אַרבעטסמענטשן. מיט באַוווּסטזיניקע פּראָלעטאַריער, אָנטיילנעמער אין דער גרויסער רוסישער רעוואָלוציע. מיט אַרבעטער, וועלכע בויען דעם סאָציאַליזם שוין העכער

צוואַנציק יאָר. מילא, קאָנען זיי נישט אויספּערטיקן קיין אויבערטיילן, אָט קאָן איך נישט זײַן קיין פישער...

אָבער שוין אויפן צווייטן טאָג האָב איך זיך אָנגעטראָפן אויף פאַקטן, וואָס האָבן מיך אַ ביסל אַנטוישט. בעתן מיטיק־איבעררייס בין איך אַרויסגעגאַנגען קויפן אַ צייטונג. האָב איך ביים קיאָסק געטראָפן שטיין אַ גרויסע ריי און זיך אומגעקערט מיט ליידיקן צוריק. כ׳האָב דעריבער אַ פרעג געטאָן ביי איינעם אַ שוסטער מיט אַן אינטעליגענטן אויסזען, אפשר האָט ער אַ צייטונג.

— יאַ ניע קוריאַשטשי. — האָט ער מיר קורץ געענטפערט.

פאַרשטאַנען האָב איך בלויז די ערשטע צוויי ווערטער — איך בין נישט. אָבער וואָס באַדייט דאָס דריטע וואָרט, וואָס דערמאָנט מיר עפּעס אינעם וואָרט „קוראַטאָריום״?

אין דעם מאָמענט איז אַרײַנגעקומען אַ צווייטער און ווײַזט אים אַ צייטונג:

— זעסט, איך האָב באַקומען!

ער האָט געהאַלטן אין האַנט אַ „פּראַוודאַ״, און לויט דער צופרידנקייט אויף זײַן פּנים האָב איך פאַרשטאַנען, אַז נישט אַזוי לייכט קומט עס אָן צו באַקומען אַ צענטראַלע צייטונג. האָב איך אים אַ בעט געטאָן:

— גיב מיר אויף הײַנטיקן אָוונט איבערצולייענען כאָטש די ערשטע זײַט.

ענטפערט ער מיר מיט אַ ברומעניש אונטער דער נאָז עפּעס, וואָס איך פאַרשטיי נישט. דער שוסטער מיטן אינטעליגענטן פּנים, באַמערק איך, שמייכלט אונטער. ערשט איך זע, דער שוסטער לייגט צונויף די צייטונג. אַזש אין אַכטן און צעשנײַדט זי; דערנאָך לייגט ער די שטיקלעך צוזאַמען און צעשנײַדט זיי ווידער, — ביז אַ געוויסער גרייס; דערנאָך נעמט ער אַרויס פון אַ טאָרבעלע קאָרעשקעס*), שיט אָן אויף איין בלעטעלע, פאַרוויקלט; נעמט אַרויס פון קעשענע אַן אײַזנדל מיט אַ קרעמען, שלאָגט אַרויס פון אים אַ פונק אויף אַ קנייטל, טוט אַ זאָג: „נאַדאַ

---

*) טאַבאַק־וואָרצלען.

זאַקוריט״ און פאַררייכערט. ערשט איצט כאַפּ איך זיך, אַז „קוריט״ מיינט — רייכערן, און „קוריאַשטשי״ — אַ רייכערער. איך האָב זיך פאַרשעמט פאַר זיך אַליין.

צו באַקומען אַ צייטונג האָב איך געמוזט אָנקומען צום באַלעבאָס פון אונדזער וווינונג. אויב מ׳האָט נישט באַקומען קיין צענטראַלע צייטונג, ווײַל די רייכערער האָבן צעכאַפּט, האָט מען זיך באַנוגנט מיט אַן אַנדערער. ס׳איז דאָרט אויך דערשינען אַן אָרטיקע אויסגאַבע — „קראַסני־יאַרסקאַיאַ פּראַוודאַ״ (אויף פּאַפּיר, וואָס איז נישט געווען אַזוי געשמאַק צו רייכערן) פון צוויי זײַטלעך; דאָרט איז, חוץ נײַעס פון ראַיאָן, וועגן סטאַכאַנאָווצעס אין די פאַבריקן און קאָלכאָזן, וועגן די אויפגאַבן פון דער באַפעלקערונג הײַנט, אין קריגסצײַט, געווען אויך דער קיצור פון די פראָנטנײַעס. נאָר אויך דאָס איז גענוג געווען, צו פאַרביטערן אונדז דאָס לעבן. יעדער טאָג ברענגט אונדז נײַעס: „מיר האָבן פאַרלאָזט די שטאָט״, „אויפגעריסן דעם דניעפּראָסטראָי״ — די פּראַכט פון דער סאָוויעטישער בויונג.

אין אַ קורצער צייט אַרום בין איך געהאָלפן געוואָרן מיט אַ צייטונג. האָב „געפונען חן״ ביי דער קיאָסק־פאַרקויפערין, וועלכע איז געקומען מאַכן אַ באַשטעלונג אין אַרטעל, און בעתן זוכן פאַר איר אין זשורנאַל אַ נײַעם מאָדעל, האָב איך איר אַ זאָג געטאָן וועגן אַ צענטראַלער צייטונג. „לאַדנאָ״, — האָט זי אַ מאַך געטאָן, — קום מאָרגן פאַר נאַכט צום קיאָסק״. פון דעמאָלט אָן האָב איך אָפט באַקומען פון איר אַ „פּראַוודאַ״, אַן „איזוועסטיאַ״ אָדער גאָר אַ „טרוד״, וועלכע כ׳פלעג נאָכן איבערלייענען אַוועקשענקען די רייכערער.

## קאַפּיטל זיבן און צוואַנציק

אין דער העלפט חודש אויגוסט — איך האָב שוין געהאַט געאַרבעט העכער צוויי וואָכן — האָבן מיר באַקומען אַן אַוואַנס. איינער פון די שוסטערס האָט מיך פאַרבעטן צו גיין מיט אים אין אַ רעסטאָראַן.

איך האָב זיך דערלויבט אויסצוטרינקען אויף זײַן חשבון אַ גלאָז ביר. דערביי האָב איך אָבסערווירט, אַז דער עולם באַשטעלט משקה און צובײַסן, וואָס באַטרעפט מער פונעם לוין, וואָס זיי האָבן באַקומען, געקוקט און געשטוינט: פון וואַנען וועלן זיי האָבן צום לעבן דעם גאַנצן חודש? אָבער איבערצופרעגן עמעצן בין איך נישט דרייסט געווען. מן־הסתם, — האָב איך זיך געענטפערט — האָבן זיי אָפּ־שפּאָרונגען פון פאַרן קריג. אַבי דער פרעדסעדאַטעל האָט זיך געקלאָגט: „מיר זענען אָרעמע שוסטער".

געקומען אויף דער קוואַרטיר, האָב איך זיך געטיילט מיט מײַן פרוי מיט מײַנע אײַנדרוקן און רעטענישן. אָבער איר איז דאָס נישט געלעגן אין זינען. זי האָט זיך דערפרייט מיטן געלט וואָס כ׳האָב איר געבראַכט. זי האָט זיך שוין מער נישט דערוועגט צו באָרגן ביי דער אַלטער באַלעבאָסטע אויף ברויט און אַנדערע זאַכן. איך האָב זי גע־טרייסט, אַז דעם אַנדערן האַלבן חודש וועל איך ברענגען טאָפּלט. און אַזוי איז טאַקע געשען. איך האָב אין אַרטעל געהאַט גענוג אַרבעט. נאָך מער ווי איך האָב געקאָנט באַוויזן. די קראַסני־יאַרער באַפעלקע־רונג, דערוויסנדיק זיך, אַז דער אַרטעל נעמט אָן באַשטעלונגען אויף מאָדעל־שיך, האָט אים שנעל פאַרפילט מיט באַשטעלונגען (פון מיטגע־בראַכטן מאַטעריאַל). די אײַנוווינער האָבן פאַרמאָגט גענוג ווייכע לעדער, וואָס זיי האָבן באַקומען ווי אויסטויש פאַר די רויע פעלן פון זייערע ציגן, שעפּסן און קעלבלעך. מיין אויסאַרבעטן אַ סך איבער דער נאָרמע האָט מיך געשטעלט אין דער ריי פון די בעסערע אַרבעטער. אין מײַנע אַרטעל־פאַרדינסטן האָב איך געזען דעם מקור פון מײַן פרנסה און זיך געסטאַרעט, וואָס מער צו פאַרדינען.

געווען אויף וואָס אויסצוגעבן דאָס געלט דעמאָלט, אינעם סאַמע סעזאָן פון ירקות־ און פרוכטן־געראָטעניש: עפּל, באַרן, ווײַנטרויבן, קאַווענעס און מעלאָנען, טאָמאַטן, אוגערקעס, קרויט, מייערן, ציבעלעס. הגם קיין קאַרטאָפל האָט מען נישט געקאָנט באַקומען, האָט מען אָבער פון צײַט צו צײַט באַקומען אַ ביסל גרויפּן און אַנדערע שפּייז־פּראָדוקטן — פאַרשידענע מינים מילכיקס, זיסע און זויערע מילך,

אויך פוטער און קעז. מײַנע פאַרדינסטן אויף דעם אַלעם האָבן אָבער נישט געסטײַעט. און דאָך איז דאָס געווען אַ גליקלעכע צײַט פאַר אונדז. מיר האָבן זיך געפרייט מיט יעדע קלייניקייט. געהאַט אַן אינטערעס אײַנצושאַפן פאַר די קינדערלעך וואָס מער, זײַ זאָלן האָבן צו דער זאַט פון אַלץ. אויך מיטן שטיין אין דער ריי נאָך ברויט האָט מען זיך אַן עצה געטאָן. ס'איז געגנוג צו שטיין אין דער ריי אַ קורצע צײַט, ביז ס'קומען נאָך עטלעכע מענטשן הינטער דיר, זאָלסט קאָנען גיין דערווײַל אַהיים אָדער צו אַ צווייטן מאַגאַזין, אויך דאָרט צו פאַרנעמען אַ פּלאַץ אין דער ריי און באַקומען סײַ דאָ, סײַ דאָרט צו קילאָ ברויט. ס'איז אונדז געווען נישט פאַרשטענדלעך, צו וואָס די באַפעלקערונג קויפט אײַן אַזוי פיל ברויט און טריקנט פון דעם סוכאַרעס, און מע עסט די סוכאַרעס אָנשטאָט דעם פרישן ברויט.

דער הויפטמײַסטער לעאָנטיעוו אַליין פלעגט נישט אַרבעטן. ער איז געווען געגנוג פאַרנומען אין סקלאַד בײַם אָננעמען און אַרויסגעבן די באַשטעלונגען, בײַם פונאַנדערטיילן מאַטעריאַל פאַר די שוסטערס און אָפּנעמען בײַ זיי די פאַרטיקע אַרבעט. איין מאָל האָט ער מיך פאַרבעטן צו זיך אין שטוב, אים צו העלפן מאַכן אַ מאָדעל און אַנדערע צוגרייטונג־אַרבעטן. ער האָט מיר אויפגעקלערט, אַז כדי די פאַרדינסטן זאָלן סטײַען אויף צום לעבן, מוז מען נאָך צואַרבעטן אין שטוב, פּריוואַט. און דאָס טוען אַלע שוסטערס. ערשט איצט איז מיר קלאָר געוואָרן, פאַר וואָס די שוסטערס פון אַרטעל קאָנען זיך דערלויבן אויסצוגעבן זייער טעגלעכן פאַרדינסט אין אַרטעל אויף אַ „מיטיק" אין אַ רעסטאָראַן.

לעאָנטיעוו איז געווען אַ דאָנער קאָזאַק. פון יענע, וואָס האָבן בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה נישט איין מאָל אָנגעוואָרפן אַ שרעק אויף די יידן אין די פוילישע שטעטלעך. ער איז געווען העכער פון מיטעלן וווּקס, די פיס פונאַנדערגעבויגן בײַ די קניִעס, ווי געוויינלעך בײַ לאַנגיעריקע רײַטער. דאָס פנים גלאַט ראַזירט, אָן וואָנסן, עטוואָס געשטופּלט און פלאַטשיק, פון וועלכן בלויז די נאָז האָט זיך אויסגע־טיילט אויף אַרויס. דער שטענדיקער שמייכל אויף זיין פנים פלעגט די

מויל־ווינקלען אַרויפּציִען צו די רויטלעכע באַקן. ער האָט אויף מיר געמאַכט אַ גוטן אײַנדרוק מיט זײַן העפלעך רעדן. אויך זײַן פרוי, מיט וועלכער ער האָט קיין קינדער נישט געהאַט, איז געווען גאַנץ פרײַנדלעך צו מיר און פלעגט מיך אָפּט מכבד זײַן מיט פאַרשיידענע צובײַסעכצן.

ער האָט מיך, ווי אויבן געזאָגט, געמאַכט „באַוווסטזיניק" וועגן דעם אופן פון אײַנאָרדענען זיך. אָבער איך האָב זײַן תורה, ליידער, נישט געקאָנט אויסנוצן: כ׳האָב נישט געהאַט קײַן וווינונג און נישט קײַן ניימאַשין. און דער זומער איז שנעל אַריבער אָן זײַטיקע פאַרדינסטן.

ווען כ׳האָב איין מאָל דערציילט לעאָנטיעוון, אַז אין די צאַרישע צײַטן זענען די קאָזאַקן געווען אַ שרעק־געשפּענסט פאַר די יידן אין די פּוילישע שטעטלעך, האָט ער שמייכלענדיק, ווי זײַן שטייגער, אַ זאָג געטאָן: „נישט נאָר פאַר ייִדן..."

לעאָנטיעווס פאַמיליע איז געווען די צווייטע, וואָס כ׳האָב נעענטער באַקאַנט און געהאַט וועגן זיי די בעסטע מיינונג. בײַ ביידע האָבן געברענט די נר־תמידס אונטער די איקאָנעס פון גאָטס מוטער. אָבער צו יענער צײַט האָב איך נישט געטראַכט וועגן דער השפּעה פון דער רעליגיע, אין פּאָזיטיוון אָדער נעגאַטיוון זין, אויפן מענטשן און זײַן באַציִונג צו דער קאָמוניסטישער אָרדענונג. כ׳האָב נאָך דעמאָלט נישט געוווּסט, אַז דער נר־תמיד אונטער דער איקאָנע ברענט אין אַלע שטיבער, אויך בײַ די אַקטיווסטע פאַרטיי־טוער, ווי בײַ די עפנטלעכע אַנטיסע־מיטן. ערשט שפּעטער האָב איך געהאַט די מעגלעכקייט דערין זיך איבערצוצייגן. אָבער איצט, אונטערן אײַנדרוק פון דער באַקאַנטשאַפט מיט אָט די צוויי פאַמיליעס, האָב איך געגלייבט אין דער גוטסקייט פונעם גאַנצן רוסישן פאָלק, וואָס איז מיר באַקאַנט געווען פון דער רוסישער קלאַסישער און סאָוויעטישער ליטעראַטור. איך בין דעריבער געשטאַנען פאַר אַ רעטעניש. ווי געזאָגט, האָב איך באַלד פון אָנהייב דערקלערט, אַז איך בין אַ ייִד, אַ פּוילישער ייִד. ס׳איז מיר אַפילו נישט אײַנגעפאַלן, אַז איך זאָל עס אויסבאַהאַלטן אָדער שעמען זיך דערמיט. ווען מע וואָלט עס מיר עצהן, וואָלט איך עס אויך נישט געטאָן: כ׳בין דאָך אין ראַטנפאַרבאַנד, וווּ אַנטיסעמיטיזם איז פאַרבאָטן, און פאַר

אָנרופן אַ ייִדן „זשיד״ באַקומט מען תּפיסה. און אָט הער איך דאָ שטעכ־ווערטלעך אויף ייִדן בכלל און אויף מיר פּערזענלעך בפּרט. נישט קענענדיק רעדן קיין רוסיש, פּלעג איך אַ פֿאַרשעמטער אויסהערן זייערע רייד וועגן ייִדן, וואָס מע האָט געקענט הערן נאָר פֿון די ענדעקעס און נאַראַ־לייט אין פּוילן אָדער אין געבעלסעס אַנטי־ייִדישער פּראָפּאַגאַנדע, אין אַ פֿאַרשעמטער שווייגן.

איך האָב זיי דערקענט אויף אַן עפֿנטלעכער פֿאַרזאַמלונג אין די ערשטע וואָכן פֿון מיין אַרבעטן. די מערסטע פֿון זיי האָבן עפֿנטלעך דערקלערט, אַז זיי װעלן „אָנשטרענגען אַלע כּוחות״ און אויספּילן די נאָרמע אויף הונדערט פּראָצענט. זיי האָבן זיך גלייכצייטיק באַשטייערט פֿאַר דער רויטער אַרמיי. אויף מאָרגן איז דער באַריכט פֿון דער פֿאַרזאַמלונג געווען אָפּגעדרוקט אין אַרטיקל בלעטל „קראַסנאָיאַרסקאַיאַ פּראַוודאַ״ אונטער אַ גרויסן קאָפּ: „קראַסנאָיאַרער שוסטערס פֿון אַרטעל „באָלשעוויק״ — פֿאַרן זיג פֿון דער רויטער אַרמיי״. נאָר אַז כ׳האָב געזען ווי מע גיט אויס דעם לוין אין רעסטאָראַן אויף איין „מאָלצייט״, האָב איך שוין דערפֿילט די פֿאַלשקייט פֿון די דעקלאַראַציעס. אָבער וואָס פֿאַר אַ שייכות האָט עס צו אַנטיסעמיטיזם? און צו מיר פּערזענלעך? כ׳האָב דאָך זייער פּרנסה נישט צוגענומען. פֿאַרקערט, איך פּלעג זיך נישט וויסנדיק מאַכן, ווען דער הויפּטמייסטער פּלעגט מיר געבן אַ שטיקל לעדער און אַ „נאַריאַד״, זאָגנדיק, אַז דאָס איז דעם שוסטערס אַ באַשטעלונג. זיי האָבן דאָך פֿון מיין אַרבעט אַ סך געגנאָסן.

שפּעטער, ווען כ׳האָב שוין געקאָנט אַ ביסל מער רוסישע ווער־טער, פּלעג איך זיי פֿרעגן:

— שוין העכער צוואַנציק יאָר אַז דער צאַריזם איז דאָ פֿאַרניכטעט געוואָרן, ווי זשע קומט עס, וואָס איר האַלט זיך נאָך אַלץ ביי דער צאַרישער פּאָגראָם־שפּראַך: אַז ייִדן באַנוצן בלוט פֿון קריסטלעכע קינדער אויף מצות? אַז ייִדן האָבן געהרגעט יעזוסן און אַנדערע אַזעלכע נאַרישע בלבולים?

— אין פּוילן, — דערצייל איך זיי, — האָט די רעגירונג געטאָן אַלץ, צו שטיצן די פּאָגראָם־העצערס, די בורזשואַזע און פּריצישע

זינדלעך און אונטערוועלטניקעס. אָבער די סאָציאַליסטישע און קאָמו־ניסטישע סטודענטן פלעגן זיך סאָלידאַריזירן מיט די ייִדישע...

— אין פּוילן זענען געווען קאָמוניסטן? — רײַסט מיר איבער איינער.

— פאַרשטייט זיך. — ענטפער איך.

— פאַררעטער, שפּיאָנען זענען זיי געווען, נישט קיין קאָמוניסטן! — טוט ער אַ געשריי, — טפו; פּוילישע פּאַנעס.

— ס׳זענען געווען אויך אַזעלכע, — בין איך מסכּים מיט אים, — און די זענען עס טאַקע געווען די אַנטיסעמיטן. אָבער די פּוילישע און ייִדישע אַרבעטער האָבן געהאַט בשותפותדיקע פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען. בײַ אונדז אין שטאָט איז אויך געווען אַזאַ פאַראיין פון לעדער־אַרבעטער. אפשר זענען אויך צווישן זיי געווען אַנטיסעמיטן, אָבער אויפן אַרבעטס־פּלאַץ האָבן זיי זיך געשעמט עס אַרויסצוווײַזן. אין די יאָרן 1936—38, ווען סטודענטישע פּאָגראָם־העצער האָבן אָנגעהויבן באַפאַלן ייִדישע געשעפטן און ייִדישע דורכגייער, זענען די פּוילישע אַרבעטער צוזאַמען מיט די ייִדישע אַרויס קעגן זיי מיט שטעקנס און זיי פאַריאָגט.

— אידיאָטן! — טוט איינער אַ וואָרף אַרײַן.

איך מיין, אַז דאָס וויצלט ער זיך אַזוי, און רעד ווײַטער:

— זיי פלעגן אויך צוזאַמען שטרײַקן און אויסקעמפן בעסערע אַרבעטס־באַדינגונגען.

— וואָס? אין פּוילן האָט מען געמעגט שטרײַקן? — רײַסט איינער איבער.

כ׳האָב זיך געכאַפּט, אַז כ׳האָב דאָס נישט געדאַרפט זאָגן, געמאַכט זיך נישט הערנדיק און בין איבערגעגאַנגען צו זיך פּערזענלעך:

— וואָס פאַר אַ שלעכטס האָב איך אײַך דאָ געטאָן? אײַער פּרנסה צוגענומען? אין פּוילן האָב איך דאָך פון די פּאַנעס נישט געהאַט אויסצושטיין, דאָס וואָס איך שטיי דאָ אויס פון אַרבעט־חברים! דאָס איז דער רעזולטאַט פון דער דערציִונג, וואָס איר האָט באַקומען העכער צוואַנציק יאָר אונטער דער סאָוויעטן־מאַכט?

אַלע כמעט האָבן געשמייכלט. כ׳האָב נאָך דעמאָלט נישט געפילט

די לעכערלעכקייט פון מײַנע טענות צו זיי. גאַנץ ווייניק, ווײַזט אויס, האָט באַוויזן מיר אויפצוקלערן דער דאָנער קאָזאַק, וועלכער איז שוין, צום באַדויערן, געווען מאָביליזירט.

ס׳איז געווען נאָך איינער, וואָס פלעגט מיר פון צײַט צו צײַט געבן אויפקלערונגען — דער הויפט־בוכהאַלטער. ער איז געווען אין שוסטער־אַרטעל איינער פון די באַוווסטזיניקסטע און אינטעליגענטסטע. אַ מאַן פון מיטעלן וווקס, אין די דרײַסיקער יאָרן. לויט זײַן האַלטונג האָט מען אים געקאָנט אָננעמען פאַר אַ ייִדישן יונגן־מאַן, וועלכער זיצט יום ולילה און לערנט. ער האָט אָבער געזאָגט, אַז ער איז אַ הונדערט־פּראָצענטיקער רוס. ער האָט מיר אויפגעקלערט, פאַר וואָס די אײַנוווינער פון קראַסני יאַר און איר סביבה זענען אַזוי פאַרביטערט קעגן אַלע געקומענע פון צענטראַל־רוסלאַנד און די מערב־געביטן:

— זעסט דאָך, אַז דאָ איז געווען אַ פאַרשיקונגס־אָרט נאָך פון די צאַרישע צײַטן, און אַוודאי נאָך דער רעוואָלוציע. די אַלע מענטשן דאָ זענען פאַרשיקטע. און זיי ווייסן דאָך, אַז אַלע עוואַקויִרטע זענען פון מאָסקווע און קיִעוו, פון וואַנען ס׳האָבן זיך עוואַקויִרט ס׳רוב קאָמוניסטן און ייִדן, די וואָס זענען אין רוסלאַנד בײַ דער מאַכט...

— וואָס? — שלאָג איך אים איבער פאַרוווּנדערט, — ייִדן זענען אין ראַטנפאַרבאַנד בײַ דער מאַכט?

— אַזוי זאָגן זיי. דער עיקר, זיי זעען אײַך נישט גערן, כאָטש זיי דערלעבן איצטער אַ נקמה אין זייערע פאַרשיקער. און דאָס איז די הינטער־כוונה פון זייערע אַנטיסעמיטישע רייד...

— אָבער וואָס פאַר אַ שייכות האָב איך צו דעם אַלעמען, איך — אַ ייִדישער אַרבעטער פון פוילן?

— דאָס באַנעמען זיי שוין נישט. זיי זענען פײַנטלעך צו די אַלע, וואָס קומען פון פאַרנומענע געביטן. און קעגן דיר קאָנען זיי דאָך רעדן וואָס זיי ווילן. האָבן קיין מורא נישט, אַז מע וועט זיי דערפאַר באַשטראָ־פן. מע רעדט קעגן דיר, און מיינען מיינט מען אַנדערע... און דערפאַר הערסטו פון זיי אַזעלכע אויסדרוקן ווי: „בעי זשידאָוו, ספּאַסאַי ראָסיִו!” (— שלאָג ייִדן, ראַטעווע רוסלאַנד!). פאַר וואָס און פאַר וועמען האָבן

זיי דאָ מורא צו האָבן? די מענטשן אין די היגע מאַכטאָרגאַנען זענען דען נישט קיין פּאַרשיקטע?

— און דאָך צו דיר, כאָטש אַ קאָמוניסט, באַציִען זיי זיך געהעריק?

— פרעג איך.

— זיכער. פאַר מיר האָבן זיי אַ ביסל מורא און אַ ביסל דרך־ארץ; פאַר דיר — נישט דאָס ערשטע און נישט דאָס צווייטע.

— אויב זיי זענען פײַנטלעך צו אַלע, וואָס קומען פון די אָקופּאַציע־געביטן, — פרעג איך אים ווײַטער, — הייסט דאָך עס, אַז זיי סאָלידאַריזירן זיך מיט די אוקראַיִנער און רוסן, וואָס זענען דאָרט געבליבן און העלפן אפשר צו די דײַטשן?

— מעגלעך, אַז יאָ. כ׳ווייס נישט ווי זיי וואָלטן זיך אויפגעפירט, ווען די דײַטשן קומען אַהער.

— איז דען מעגלעך, — טו איך אים אַ פרעג מיט ציטערניש, — אַז די דײַטשן זאָלן דערגרייכן אַזש אַהער?

— אַלץ איז מעגלעך. זעסט דאָך, אַז זיי זענען שוין דערגאַנגען נאָענט צו ראָסטאָוו. וואָס פאַר אַ באַזונדערע שוועריקייטן קאָנען זיי אָפּהאַלטן פון אַדורכצומאַרשירן די ראָסטאָווער סטעפּעס און דערגיין צו דער וואָלגע?

בעת די שמועסן פלעגט ער מיר אויך דערציילן זאַכן, וואָס זענען פאַר מיר געווען אַ נײַעס, קוים דערין צו גלייבן:

— אין יאָר 1933, אין דער צײַט פון דער צוואַנג־קאָלעקטיוויזאַציע, איז אין די היגע געביטן, און אויך אין אַנדערע, געווען אַ גרויסער הונגער. אין די היגע געביטן, וווּ ס׳וואַקסט נישט קיין תבואה, האָט דער הונגער אָנגענומען אַ גאָר גרויזאַמען פאַרנעם. טויזנטער מענטשן זענען געשוואָלן געוואָרן פון הונגער און געפאַלן אין די גאַסן. ס׳זענען נישט געווען קיין מענטשן, אויסצוגראָבן גריבער פאַר זיי אין דער האַרטער ערד. האָט מען די טויטע אַרײַנגעוואָרפן אין די ברינעמער און פאַרשאָטן. קיין אַנדערע ברינעמער האָט מען שפּעטער נישט געגראָבן, און פון דעמאָלט אָן שעפּט די באַפעלקערונג וואַסער פון טײַך.

— אָבער ווי איז דאָס מעגלעך? — האָב איך געפרווּווט אים

איבערשפּאַרן. — איך דערמאָן זיך, אַז אין יאָר 1933 האָבן זיך אין פּוילן באַוויזן רוסישע אויסאַרבעטונגען, ווי קאַלאָשן און נייפּאָדעס, וואָס איך אַליין פּלעג נוצן. די צײַטונגען, ווידער, האָבן געשריבן, אַז ראַטנפאַרבאַנד פאַרקויפט אין פאַרשיידענע לענדער פון אייראָפּע תבואה צו דעמפּינג־פּרײַזן.

— ווי קאָן דאָס זײַן? — האָט ער זיך שוין איצט געוווּנדערט און בשום־אופן נישט געוואָלט גלייבן דעריין.

— קאַלאָשן און נייפּאָדעס האָב איך אַליין געקויפט; ס׳האָט געקאָסט ביליקער ווי פּוילישע אויסאַרבעטונגען. וואָס שייך תבואה, האָט פּוילן זי געהאַט גענוג און האָט נאָך אפשר אַליין פאַרקויפט. אָבער די צייטונגען האָבן געשריבן, און צו וואָס האָבן זיי באַדאַרפט שרײַבן ליגן. חוץ דעם, האָב איך דאָך אַליין געזען אין די יאָרן 1939—41 די וואַגאָנען שפּײַז, וואָס מ׳האָט געפירט קיין דײַטשלאַנד פאַר היטלערס אַרמיי, בעת זי האָט חרוב געמאַכט שטעט און לענדער און... זיך אַוודאי געגרייט צום אָנפאַל אויפן ראַטנפאַרבאַנד. און אויף ד ע ר זײַט איז דאָך געווען אַ גרויסער מאַנגל אין ברויט און אַנדערע שפּײַזפּראָדוקטן. די מיליץ פלעגט דאָ אויף אַן אָריגינעלן אופן ליקווידירן די מענטשן־רייען, וואָס האָבן זיך דאָ אויסגעשטעלט נאָך אין מיטן דער נאַכט; אין דער פרי פלעגט מען אַוועקפירן די מענטשן אַ צען־פופצן קילאָמעטער הינטער דער שטאָט...

אונדזערע שמועסן פלעגן אַזוי אַרום אַרויס פון די דערלויבטע ראַמען. וואָס שייך דער פאַרביסענער שנאה פון דער היגער באַפעל־קערונג צו ייִדן, איז מיר פאַרבליבן בלויז זיך צו טרייסטן, אַז אינעם גרויסן ראַטנפאַרבאַנד, אין די שטעט מיט אַ באַוווּסטזיניקן אַרבעטער־קלאַס, איז עס אַוודאי אַנדערש.

צווישן די אָנגרייפער אויף מיר האָט זיך אויך געפונען אַן אַרמענער, גרישקאָ. ער פלעגט מיר, אין גוט געשטימטע מינוטן, דערציילן וועגן דער גרויסער שחיטה, וואָס די טערקן האָבן אַ מאָל אויסגעפירט איבער די אַרמענער, אָבער איבער ייִדן זיך לוסטיק מאַכן,

כלומרשט אין גוטן טאָן, און זיך אַפילו באַנוצן מיט אַ יידיש וואָרט: „אַז אַך־און־וויי — סקאַזאַל יעוורעי״ (— האָט געזאָגט דער ייד).

אָנגעהויבן האָבן זיי, די אַנטיסעמיטן, מיט רייד, אָבער שפּעטער זענען די איבערגעגאַנגען צו מעשים. האָבן געגומען אונטערשטעלן מיר אַ פּיסל. אמת, ס׳איז זיי נישט געלונגען — איך האָב נישט געהאַט קיין שום חטאים אויף מיין געוויסן, אָבער צו פאַרשווערן און פאַרביטערן מיר דאָס לעבן איז דאָס געגוג געווען. די טרייסט פאַר מיר זענען געווען די איינצלנע אידעלע מענטשן, וועלכע איך האָב פריִער דערמאָנט. באַזונדערס די פאַמיליע פאַכאַלקין, ביי וועלכער מיר האָבן געוווינט. אָבער מיט אָט דער פאַמיליע איז אונדז אויסגעקומען זיך צו שיידן. ס׳האָט זיך דערנענטערט דער אָסיען. די פאַמיליע האָט געהאַט פינף קינדער און נישט מער ווי דריי צימערן, צוזאַמען מיט דער קיך. זומער האָבן זיי אויסגענוצט צום שלאָפן די אָפענע טעראַסע, אָבער וואָס וועלן זיי טאָן אום אָסיען. און כאָטש זיי אַליין האָבן אונדז גאָרנישט געזאָגט, האָבן מיר גענומען זיך סטאַרען צו באַקומען אַ וווינונג. מיר האָבן זיך וועגן דעם געוואָנדן צום דאָרפסראַט, זיי האָבן צוגעזאָגט, נאָר ביי דעם איז עס געבליבן. דערווייל איז אונדז אונטערגעקומען צו דינגען אַ האַלב צימער ביי אַ גאָר אַלטיטשקער פרוי, פון איר איינצימערדיקער וווינונג. האָבן מיר עס געדונגען. דאָס צימער איז געווען נישט קיין גרויס, פון דעסטוועגן האָבן מיר אָפּגעטיילט פאַר זיך אַ ווינקל און זיך איינגעאָרדנט, אויפן קיכל געקאָכט אונדזער עסן און זיך געגרייט דאָ איבערצווינטערן.

## קאַפּיטל אַכט און צוואַנציק

עטלעכע קילאָמעטער פון קראַסני יאַר האָט זיך געפונען אַ קאָלכאָז פון פאַרשיקטע קאָרעער, איינער פון אַ סך אויף דער וואָלגע־דעלטע. מיט אייניקע פון זייער אָנפירערשאַפט האָב איך זיך באַקענט, בעת זייער קומען אין אַרטעל מאַכן אַ באַשטעלונג. דאָס זענען געווען ס׳רוב

הויך אינטעליגענטע מענטשן, די מענער ווי די פרויען, גאַרנישט ווי איך האָב זיך פריער פאָרגעשטעלט. געהערט, אַז זיי קולטיווירן רײַז, אַן אַרטיקל, וואָס איז אוממעגלעך געווען צו באַקומען, האָב איך בײַ איינעם פון זיי געבעטן, ער זאָל מיר פאַרקויפן עטלעכע קילאָ רײַז. באַקומען זײַן צוזאָג, בין איך אין אַ טאָג אַ פרײַען פון אַרבעט אַוועק אין קאָלבאָז און האָב געקריגן בײַ אים צען קילאָגראַם רײַז, לויטן אָפיציעלן מלוכה־פרײַז. דאָס איז געווען פאַר מיר, ווי אַ געפונענער אוצר: אַ רפואה קעגן שילשול און דיזענטעריע, וואָס זענען דעמאָלט געווען אָפטע געסט בײַ דער באַפעלקערונג און האָבן אַרויסגעריסן אַ סך קרבנות, און נאָך מער — בײַ די עוואַקויִרטע. אַן אוצר!

אָבער דער שטן איז מיר פאַרלאָפן דעם וועג. ווען איך בין צוריק־געקומען אין אָנהייב דאָרף, האָט מיר פון זײַן שטוב אַרײַנגערופן אַן אַרטעל־שוסטער. אַן אײַנגעאָרדנטער באַלעבאָס מיט אַ שיינער ווירט־שאַפט פון צוויי מעלק־קי, ציגן און שעפסן; מיט אַן אײַנגעאָרדנטן וואַרשטאַט, בײַ וועלכן ער איז איצט געזעסן און געאַרבעט. ער האָט מיך געבעטן זיצן און מכבד געווען מיט אַ גלאָז פריש אויסגעמאָלקענער מילך. דערבײַ מיך אַ פרעג געטאָן, פון וואַנען איך קום. האָב איך אים געזאָגט.

— ווייסט וואָס? — האָט ער צו מיר אַ זאָג געטאָן — אויך איך האָב באַקומען אַ צוזאָג פון זייער פאָרזיצער. נאָר מײַן פרוי האָט הײַנט נישט געקאָנט גיין אַהין. ווען דו וואָלסט מיר אויסגעבאָרגט אַ ביסל רײַז, וואָלט זי נאָך הײַנט אָפּגעקאָכט פאַר אונדז אַ יום־טובדיקן מיטיק. איך וועל דאָס דיר מיט דאַנק אָפּגעבן.

און ער האָט מיר נאָך אַרײַנגעבראַכט אַ פלעשל „טאָפּלאָנע" מילך (אין אויוון אויפגעבריטע און צוגעברוינטע, וואָס איז אויסערגעוויינלעך באַטעמט), אַ זאַך, וואָס איז דעמאָלט שוין שווער געווען צו באַקומען אויפן באַזאַר. האָב איך אַ טראַכט געטאָן: איך וועל דאָך די רײַז סײַ ווי נישט פאַרנוצן אויף אַ מאָל, און גענומען און אים אַרײַנגעשאָטן אַ שפּאָרן טייל. ער האָט עס גענומען אויף דער וואָג און מיר צוגערעדט:

— שיט צו נאָך אַ ביסל, וועט זײַן גלײַכע פיר קילאָ. איבל עס

דיר קיין מאָל נישט פאַרגעסן. אין משך פון הײַנטיקער וואָך וועל איך עס דיר ברענגען אין אַרטעל אַרײַן.

אין אַ צוויי וואָכן אַרום טו איך אים אַ פרעג, פאַר וואָס ער האָט מיר נאָך נישט אָפּגעבראַכט די רײַז. „מײַן פרוי האָט נישט געקאָנט גיין אַהין, זי האָט זיך געפילט נישט גוט" — האָט ער מיר געענטפערט. אין אַ וואָך אַרום פרעג איך אים ווידער. „נו, וואָס הערט זיך?" „כ'האָב שוין, נאָר כ'וויל נישט ברענגען אין אַרטעל — מע קאָן נאָך מיינען, אַז כ'האַנדל מיט רײַז". בין איך פאַרנאַכט אַוועק צו אים אין שטוב. ער האָט מיך באַגעגנט בײַ דער שוועל: „מײַן פרוי איז איצט נישטאָ, געפאָרן אין אַ צווייטן דאָרף צו קרובים. זי וועט קומען אין אַ צוויי טעג אַרום, און איך האָב נישט די שליסלען פון דער שפּײַזשאַפע". דאָס זאָגט ער מיר בײַם אַרײַנגאַנג אין טויער, ווהין ער איז צו מיר אַרויסגעקומען. דערנעבן איז אָנגעבונדן אַ ריזיקער הונט, וועלכער באַטראַכט מיך, כאַפּט אַ בליק אויף זײַן באַלעבאָס, פאַרשטייט, אַז איך בין נישט קיין אָנגעלייגטער גאַסט און לאָזט אַרויס אַ ביל... איך ווער אומרויִק און טו אַ זאָג, ווי זיך פאַרענטפערנדיק: „איך דאַרף האָבן די רײַז, די קינדער האָבן נישט וואָס צו עסן". „איך וועל עס דיר ברענגען אין שטוב אַרײַן, ווי נאָר די פרוי וועט צוריקקומען" — באַקום איך אַן ענטפער.

דערווײַל האָט זיך בײַ אונדז געשאַפן אַ גאָר שווערע סיטואַציע. דאָס יִינגעלע איז קראַנק געוואָרן, און איידער דער דאָקטאָר האָט באַוויזן פעסטצושטעלן, אַז דאָס איז מאָזלען, איז אים צוגעפאַלן אויך אַ פאַרקילונג. אַ שווער קראַנקס האָט מען עס גענומען אין שפּיטאָל אַרײַן, ווו די פרוי האָט עס געהיט בײַ טאָג און בײַ נאַכט. איך, געבליבן אַליין מיטן מיידעלע, האָב נישט געקאָנט גיין צו דער אַרבעט. די לאַגע פונעם קראַנקן קינד איז געוואָרן וואָס ווײַטער ערגער. דער דאָקטאָר האָט געצויגן מיט די אַקסלען:

— צו פאַרקילטע מאָזלען האָבן מיר נישט קיין שום מיטל.

— דאָקטאָר, ראַטעוועט מיר דאָס קינד. — האָט זיך מײַן פרוי געבעטן בײַ אים. — ער איז מײַן טרייסט אין מײַן צעבראָכן לעבן.

דער דאָקטאָר האָט געקוקט אויף איר מיט אומצוטרוי... אין משך

פון דער וואָך, וואָס מײַן פרוי איז דאָ מיטן קינד, זענען שוין אַ סך קינדערלעך אַוועק אויף יענער גליקלעכער וועלט — פון מאָזלען און דיזענטעריע. נישט געווען דער טאָג, מע זאָל נישט אַרויסטראָגן פון דאַנען איינס אָדער צוויי, און די מאַמעס פאַרלירן אַפילו נישט קיין טרער בײַם געזעגענען זיך מיטן טויטן קינד: ענדלעך האָבן זיי זיך באַפרײַט פון דער „לאַסט", וואָס האָט געדריקט אויף זייער איינזאַם לעבן, נאָך דעם ווי מע האָט די מענער אַוועקגענומען אויפן פראָנט און זיי האָבן זיך עוואַקויִרט אַהער, אין דעם פאַרוואָרפענעם העק; ווי וועט מען דאָ איבערקומען דעם ווינטער? ס'אַ פאַרשאָלטענע וועלט; דאָס קינד וועט שוין גליקלעכער זײַן דאָרטן, אויף יענער וועלט... טייל מאַמעס פלעגן דאָס אַרויסזאָגן אָפן:

— אָן אַ טאַטן... ווי וואָלט איך אין אַזאַ מקום בכוח געווען עס אויסצוהאַלטן? שוין בעסער אַזוי.

זיי פלעגן פאַרלאָזן דעם שפּיטאָל און זיך אַפילו נישט אינטערעסירן, וווּ דאָס קינד וועט געפינען זײַן אייביק געלעגער. געווען זענען דאָס, אמת, נישט קיין ייִדישע מאַמעס.

צו אונדזער קראַנקן קינד האָט זיך נאָך צוגעטשעפּעט אַן אָנ־צינדונג אין די בראָנכן און דיזענטעריע. די פרוי האָט געהאַלטן אין איין בעטן זיך בײַם דאָקטאָר:

— ראַטעוועט מיר דאָס קינד. גיט אים אַנדערע מעדיצינען.

— ס'איז מלחמה־צייט. — פלעגט ער ענטפערן. — קיין אַנ־דערע מעדיצינען האָבן מיר נישט.

און איין מאָל האָט ער איר אַפילו אַ זאָג געטאָן:

— זעט וויפל קינדער ס'זענען דאָ פאַר אײַער זײַן געשטאָרבן פון דער זעלבער קרענק, ווילט איר, אַז אײַער קינד, וואָס ס'פעלט אים נאָך פיר חדשים צו צוויי יאָר, זאָל שטאַרקער זײַן פון זיי?

אָבער מײַן פרוי האָט נישט נאָכגעגעבן. טאָג און נאַכט האָט זי געוואַכט איבערן קינד און געטאָן, וואָס נאָר זי האָט געקאָנט. יעדע פאָר מינוט אַרײַנגעגאָסן אים עפּעס אין מײַלכל. איך פלעג זיך פון

צײַט צו צײַט אַרײַנכאַפּן צו זיי אויף אַ פּאָר מינוט און לויפן צוריק אַהיים היטן דאָס עלטערע קינד.

אין דער זעלבער צײַט זענען אין שפּיטאָל געווען נאָך צוויי ייִדישע מאַמעס, וואָס האָבן געוואַכט איבער זייערע קראַנקע טעכ־טערלעך. צוויי שוועסטער זענען דאָס געווען, דאָבלע און ליזעטשקע, פון מינסק, אויסגעדאַרטע און אויסגעמאַטערטע, וועלכע האָבן זיך, נאָך דער מאָביליזאַציע פון זייערע מענער, געהאַלטן צוזאַמען. דאָבעלע איז געווען אַ מאַמע פון פינף קינדער, פון דרײַ יאָר ביז זעכצן, און ליזעטש־קע — פון פיר קינדער, פון צוויי יאָר ביז דרײַצן. די קראַנקע טעכ־טערלעך זענען געווען זייערע מיזיניקלעך.

די דרײַ ייִדישע מאַמעס האָבן זיך דאָ אין שפּיטאָל צוגעהאָלפן איינע די אַנדערע בײַם ראַטעווען זייערע קינדערלעך. צום באַדויערן, האָט איינס פון די דרײַ קינדערלעך נישט אויסגעהאַלטן. אָבער אונדזער ייִנגעלע און דאָבעלעס טעכטערל זענען אַרויס בשלום פונעם מלאך־המותס נעגל. וואָס ייִדישע מאַמעס קאָנען אויפטאָן! אין קעגנזאַץ צו דעם דאָקטאָרס דיאַגנאָז און פּראָגנאָזן!

ווען מיר האָבן צוריקגעבראַכט דאָס קינד פון שפּיטאָל אַהיים, האָט די באַלעבאָסטע, די אַלטיטשקע, גענומען אונדז טרײַבן פון שטוב. דער אויסרייד: דאָס קינד וויינט בײַ נאַכט. איך האָב געוווסט, אַז דער טעם איז גאָר אַן אַנדערער: אונדזער ביסל רײַז איז געווען כמעט אין גאַנצן פאַרשוווּנדן... איין מאָל, ווען איך בין געקומען פון דער אַרבעט, האָט מײַן פרוי געוויינט פאַר מיר:

— דו ווייסט דען, וואָס איך שטיי אויס פון איר? זי האַלט מיך אין איין יאָגן, מיר זאָלן וואָס שנעלער פאַרלאָזן די וווינונג. שעלט דאָס קינד מיט טויטע קללות. זי זעט אויס ווי אַ מכשפה, און טאַקע ווי אַ מכשפה באַציט זי זיך צו מיר מיט די קינדער. וואָלט אין דרויסן נישט זײַן אַזוי קאַלט, וואָלט איך מיט די קינדער אַרויס אין דרויסן, אַבי נישט אַנצוקוקן איר מכשפה־פּרצוף.

בין איך געלאָפן אין דאָרפסראַט, ווו מען האָט מיר געהאַט צוגעזאָגט אַ דירה. אָבער דער ענין האָט זיך פאַרשלעפּט. דערווײַל האָט מען מיך פון אַרטעל גענומען אונטערטרײַבן און יאָגן. כ׳האָב געהאַט זיך אונטערגענומען אויסצופּאַרטיקן אַ ספּעציעלע באַשטעלונג — שיך פאַר עוואַקויִרטע, און צוליב מײַן נישט קומען העכער אַ וואָך צײַט איז, חוץ די נאָרמאַלע באַשטעלונגען, אויך די נישט אויסגעפירט געוואָרן. די באַשטעלונג איז געמאַכט געוואָרן מיט אַ צוויי וואָכן פריִער, ווען די רעגנס האָבן שוין געהאַט גוט צעווייקט די ערד. דער אַרטעל־פאָרזיצער האָט מיך גערופן מיטצוגיין מיט אים צום ראַיִספּאָלקאָם־פאָר־זיצער (ראַיאָן אויספיר־קאָמיטעט). ער האָט מיר דערקלערט, אַז דער מצב פון אַ געוויסער צאָל עוואַקויִרטע איז אַ קאַטאַסטראָפאַלער — זיי גייען, פראָסט־פשוט, באָרוועס. ער האָט באַקומען אַ פאַראָרדענונג פון דער העכערער מאַכט, צו באַזאָרגן זיי מיט שיך. ער האָט מיר געוויזן פאַר דעם צוועק אַ שטאָף, ערזאַץ־לעדער — אַ מין געוואַנט, באַדעקט מיט אַ גומי־מאַטעריאַל, און געזאָגט:

— זע, דאָס איז דער איינציקער מאַטעריאַל, וואָס מיר האָבן אין אונדזער רשות. וואָס קאָנסטו דערפון מאַכן?

— אויבערטיילן. אָבער וואָס איז מכוח זוילן?

— אפשר קאָנסטו פון זעלבן מאַטעריאַל מאַכן אויך זוילן?

— איך קאָן. אָבער אָן קאַלאָשן וועט מען זיי נישט קאָנען טראָגן.

— קיין קאַלאָשן האָבן מיר נישט. און דו מאַך ווי דו קאָנסט.

האָב איך געמאַכט צוויי מוסטערן: איין פאָר מענער־שטיוול און איין פאָר דאַמענשיך. זיי זענען זייער געפעלן געוואָרן, און איך דאַרף זיך וואָס שנעלער נעמען אויספירן די באַשטעלונגען, ווײַל די עוואַקויִרטע גייען אַרום באָרוועס, און אָט די שיך דאַרפן זיי ראַטעווען...

אַזוי ווי דער דאָרפסראַט האָט זיך געפונען גאָר נאָענט פונעם אַרטעל, פלעג איך זיך עטלעכע מאָל אין טאָג אַרײַנכאַפּן און דערמאָנען וועגן דעם צוזאָג צו באַזאָרגן אונדז מיט אַ דירה. אָבער מ׳האָט מיר געהאַלטן אין איין אָפּשלעפּן פון טאָג אויף טאָג. באין־ברירה האָבן מיר

זיך אַרײַנגעקליבן אין אַ „װױנונג״, װאָס איז געװען באַשטימט פֿאַר אַ שפּײַכלער, מיט װענט פֿון ברעטער נישט געטינקעװעטע. די היפּשע שפּאַלטן צװישן די ברעטער האָב איך פֿאַרשטאָפּט מיט טרוקענע גראָזן און פֿון אינעװײניק זײ פֿאַרקלעפּט מיט פּאַפּיר. נאָכן אײַנהײצן דעם אײזועלע האָט זיך אַ װאַרעמקײט צעשפּרײט איבערן שטיבל, אַז ס׳האָט זיך געדאַכט — בעסער קאָן גאָר נישט זײַן.

איך בין װידער געגאַנגען צום שוסטער אױפּמאָנען די פֿיר קילאָ רײַז. האָט ער דאָס מאָל געהערט שױן אָן תּירוצים: ער האָט גאָר לכתּחילה נישט בדעה געהאַט זײ מיר אָפּצוגעבן.

— װאָס הײסט? — האָב איך געשטױנט. — און האָסט אין משך פֿון װאָכן חוזק געמאַכט פֿון מיר?

— שױן טראָג זיך אָפּ פֿון דאַנען! װײַל כ׳לאָז אָפּ דעם הונט פֿון דער קײט...

און נאָך מער האָב איך געשטױנט, װען איך האָב שפּעטער בײַ דער אַרבעט געהערט, װי ער האָט זיך באַרימט פֿאַר אַ צװײטן שוסטער, װי אַזױ ס׳איז אים געלונגען אױסצונאַרן בײַ מיר די פֿיר קילאָ רײַז. יענער האָט אים אױסגעהערט און פֿון זײַן זײַט אים דערצײלט פֿון זײַנע ענלעכע העלדישקײטן. ביז דעמאָלט האָב איך זיך נישט געקאָנט פֿאָרשטעלן, אַז אַזעלכעס איז מעגלעך. אָבער מיט דער צײַט איז מיר אױסגעקומען צו הערן אַ סך אַזעלכע באַרימערײַען, און דער באַרימער פֿלעגט נאָך באַטראַכט װערן פֿאַר אַ מאָלאָדיעץ.

## קאַפּיטל נײַן און צװאַנציק

מיר האָבן שױן בערך אַ חודש געװױנט אין אונדזער נײַעם שטיבל. אָבער װאָס פֿאַר אַ חודש איז דאָס געװען! דער פֿראָנט האָט זיך דערנענטערט. מיט שרעק פֿלעג איך הערן װעגן דעם פֿונעם ראַדיאָ־הילכער און שפּעטער לײענען אין די „סװאָדקעס״: פֿאַרלאָזט טאַגאַנראָג... פֿאַרלאָזט כאַרקאָװ... „נו, פֿלעג איך זיך פֿרעגן, און די באַפֿעלקערונג

דאָרטן? איז זי אַזוי פּראָ־היטלעריש געשטימט, ווי די היגע?" איך האָב באַוויזן עפּעס צוצופּאַרדינען נאָך דער אַרבעטצײַט אינעם אָרטעל; פאַרן דערלויבן מיר גייען אויף דער מאַשין פלעג איך יענעם מאַכן אַ פּאָר אויבערטיילן. אָבער וואָס פאַר אַ ווערט האָט שוין דעמאָלט געהאַט דאָס געלט. אויפן באַזאַר האָט מען שוין פאַר דעם גאָרנישט געקריגן צו קויפן. און אַז ס'האָט געטראָפן, אַז אַ פּויערטע האָט געבראַכט אַ פּאָר ליטער מילך צו פאַרקויפן, פלעגט זיך שוין געפינען אַ פאַרשוין, וואָס זאָל זיך אַרויפשטעלן אויף אַ באַנק און אויסשרײַען: „פאַרקויפט נישט צו קיין ייִדן — זיי טרינקען... אונדזער בלוט!". ס'זענען אויך אײַנגעפירט געוואָרן ברויטקאַרטן מיט אַ נאָרמע פון זעקס הונדערט גראַם פאַר אַן אַרבעטנדיקן און פיר הונדערט פאַר יעדן משפחה־מיטגליד. איך בין וועגן דעם געוואָר געוואָרן מיט העכער אַ וואָך פריִער. דער בוכהאַלטער האָט מיר אַ זאָג געטאָן:

— אין קורצן וועלן בײַ אונדז אײַנגעפירט ווערן ברויטקאַרטן. ס'איז אָנגעקומען אַ מעלדונג וועגן דעם? — פרעג איך. האָט ער געלאַכט:

— בײַ אונדז מעלדעט מען נישט.

— פון וואַנען זשע ווייסטו דאָס?

— כ'האָב עס געהערט פון ראַדיאָ און ס'איז אויך פאַראַן אין דער נעכטיקער צײַטונג.

איך האָב נעכטן געלייענט די „פּראַוודאַ" און דאָרט איז אַזעלכעס נישט געווען.

האָט ער ווידער געלאַכט:

— ס'איז יאָ דאָ, נאָר דו האָסט נישט פאַרשטאַנען.

— כ'פאַרשטיי שוין גוט רוסיש, — דערווידער איך.

— איך מיין נישט רוסיש, נאָר די רעגירונגס־שפּראַך... — און ער האָט מיר געוויזן אין דער צײַטונג צווישן די נײַעס פון אויסלאַנד: „פינלאַנד האָט אײַנגעפירט ברויטקאַרטן".

— איז וואָס פאַר אַ שייכות האָט עס צו אונדז?

— נו, זעסטו, אַז דו פאַרשטייסט נישט? דאָס מיינט: פינלאַנד האָט שוין אײַנגעפּירט, און מיר וועלן עס טאָן אין קורצן.

ס׳איז טאַקע אַזוי געשען און איך האָב דערפון אַ סך געלערנט.

איין מאָל, ווען כ׳בין געקומען אין אַרטעל צו דער אַרבעט, האָט מיך דער פאָרזיצער אַרײַנגערופן אין קאַנטאָר און מיר פאָרגעלייענט אַ ווענדונג פון אַ שוסטער צו דער אַרטעל־אָנפירונג. ער פאָדערט איבער־צוגעבן מיך דער פּראָקוראָטור פאַר גניבה...

מיך? פאַר גניבה? — טראַכט איך — וואָס פאַר אַ בלבול! אָבער פון זײַן ווײַטערן לייענען ווערט מיר קלאָר דער ענין און... כ׳צעשמייכל זיך. ער שרײַבט דאָרט:

די פרוי איקס האָט געבראַכט אַ פּאָר פאַרטיקע אויבערטיילן אין אַרטעל, אויפצונייען אַ פּאָר שיך. דערקלערט ער, אַז: 1. איך האָב זיי געמאַכט און נישט געגעבן דעם אַרטעל דעם נייטיקן אָפּצאָל. 2. דעם פוטער־לעדער פון אינעווייניק האָב איך זיכער געגנבעט, ווײַל אַזאַ איז פאַראַן נאָר אין אַרטעל. דערפאַר פאָדערט ער, מע זאָל מיך איבערגעבן דער פּראָקוראָטור. ווען נישט, וועט ער אַליין דאָס טאָן.

דער פאָרזיצער האָט מיך אָנגעקוקט בייז און אַ זאָג געטאָן:

— אָנשטאָט עפּעס צו זאָגן, שמייכלסטו גאָר? זײַ וויסן, אַז דער ענין איז אַן ערנסטער. איך מוז דאָס איבערגעבן אין דער פּראָקוראָטור און דו וועסט האָבן אַ משפּט.

— ביטע. אָבער, צי מע וועט משפּטן מיך אָדער אַ צווייטן, וועט מען שפּעטער זען.

— וואָס הייסט אַ צווייטן? דו האָסט דאָך געמאַכט די אויבער־טיילן!

— יאָ. איך. אָבער פאַר קיין משפּט האָב איך קיין מורא נישט.

— אַ כיטרער יעווריעיטשיק, — טוט ער אַ זאָג צום בוכהאַלטער, — ער גלייבט, אַז צוליב זײַן שמייכלען וועל איך די זאַך פאַרשווײַגן. איך האָב אָבער קיין ברירה נישט. זאָל ער זיך אויפן משפּט פאַרענטפערן.

און ער איז אַרויסגעגאַנגען. דעמאָלט האָט דער בוכהאַלטער גענומען

מיך וואָרענען, איך זאָל די זאַך נישט גרינגשעצן. ביי דער סאָוויעטישער פּראָקוראַטור איז די מינדסטע גניבה אַ פאַרברעכן.

— זייט וויסן, — האָב איך אים געזאָגט, — אַז כ׳וועל זיין זייער צופרידן, ווען איר וועט איבערגעבן דעם ענין אין דער פּראָקוראַטור. זאָלן ליידן יענע, וואָס האָבן פאַרקאָכט אַזאַ געקעכטס.

ער האָט מיך אָנגעקוקט דערשטוינט און גערעדט מיט זיין ווייבער שטים:

— אָבער מיר זענען דאָך אינטים באַקאַנט. אפשר וועסטו מיר פּאָרט זאָגן, וואָס דאָ איז.

— איר האָט מיך באַליידיקט, סיי דער פּאָרזיצער, סיי איר.

— וואָס בין איך דאָ שולדיק? ווייסט דאָך, איך מוז אויספירן דעם פּאָרזיצערס פאַראָרדענונגען.

— ניין, נישט דערפאַר. נאָר פאַר אייער גלייבן אין דעם, וואָס דער שוסטער שרייבט. איר ווייסט פאַר וואָס ער האָט געמאַכט די אָנ־קלאַגע? ווייל זיינע אַ פּאָר אויבערטיילן ליגן נישט אויסגעפּאַרטיקט שוין עטלעכע וואָכן. און דער הויפּטמייסטער האָט מיר איינגערוימט, אַז כ׳זאָל זיי לאָזן ליגן נישט אויסגעפּאַרטיקט.

— אָבער וואָס זאָגסטו וועגן זיין אָנקלאַגע אויף דיר? — האָט ער זיך געבעטן.

— די פּאָר אויבערטיילן האָב איך געמאַכט נישט אין אַרטעל, נאָר ביים פּאָרזיצערס ברודער אין שטוב. און פאַרן דערלויבן מיר נייען אויף דער מאַשין האָב איך אים געמאַכט אַ פּאָר אויבערטיילן פאַר זיין פרוי. דאָס פוטער־לעדער האָט מיר געגעבן זיין פרוי צוזאַמען מיטן אויבער־לעדער. זי וועט מסתם זאָגן, ווער ס׳האָט איר געגעבן דאָס שטיקל פוטער־לעדער, וואָס האָט כמעט קיין ווערט נישט. וועט מען מיך דערפאַר משפטן? דערפאַר האָב איך געשמייכלט. אָבער ווען דער ענין וועט אַוועק צום פּראָקוראָר, וועל איך שוין דערציילן וועגן אַ סך זאַכן, און די שוס־טערס, וואָס האָבן דעם ענין אָרגאַניזירט, וועלן שוין נישט לאַכן.

— נו, גיי צו דער אַרבעט, — האָט ער אַ זאָג געטאָן, — איך וועל שוין דעם ענין פאַרגלעטן.

אַ ביסל שפּעטער האָב איך געהערט דורך דער פאַרמאַכטער טיר פון קאַנטאָר דעם סקאַנדאַל צווישן דעם פאָרזיצער מיטן בוכהאַלטער און דעם שוסטער, וואָס האָט אַרײַנגעטראָגן די אָנקלאַגע, הגם די ווערטער זענען צו מײַן אויער נישט דערגאַנגען. דעם שוסטערס צעפלאָמטער פּרצוף און זײַן אָראָפּגעלאָזטער קאָפּ, בעת זײַן אַרײַנקומען פון דאָרט, איז געווען פאַר מיר אַ סאַטיספאַקציע. ער האָט אויך נישט באַוויזן אין מיר זיך נוקם צו זײַן: אין געציילטע טעג אַרום איז ער מאָביליזירט געוואָרן. דאָס האָט אים, מסתם, דער פאָרזיצער צוגעדינט.

מיט דער צײַט בין איך געוואָר געוואָרן, אַז די אָנקלאַגע איז אָרגאַניזירט געוואָרן דורך אַ גרופּע שוסטערס, צוליב זייער כּעס אויפן נײַעם הויפּטמײַסטער, פאַר וואָס ער האָט נישט געוואָלט אָננעמען זייערע פּריוואַטע באַשטעלונגען, וואָס פלעגן אויסגעפירט ווערן דורך מיר אויפן חשבון פונעם אַרטעל. געזינדיקט קעגן זיי האָט ער, און נוקם זײַן האָבן זיי זיך געגרייט אין מיר.

אין דער זעלבער צײַט איז צו אונדז אין אַרטעל אָנגעקומען אַרבעטן אַ ייִדישער שוסטער פון ניקאָלאַיעווער געגנט. איז עס מיר געווען אַ ביסל אַ טרייסט, וואָס איך בין שוין נישט דער איינציקער ייִד אין אַרטעל.

און די צײַט איז דערווײַל געוואָרן אַלץ שווערער און שווערער. חוץ דעם ברויט, וואָס מ׳האָט באַקומען אויף די קאַרטן, איז קיין שום צוטיילונג נישט געווען. דער באַזאַר איז געווען פּוסט. דער פאַרקויף אין די קאָלכאָז־קיאָסקן האָט זיך שוין פון אַ צײַט געהאַט געענדיקט. אַפילו די וואָבלעס (געטריקנטע פיש) זענען שוין פון באַזאַר פאַרשוווּנדן. זעלטן ווען האָב איך געקאָנט פאַר מאַכן אַ פּאָר אויבערטיילן — אין אָוונט — קריגן עפּעס וואָס פאַר די קינדער, אַ ביסל זויערמילך, אָדער עטלעכע געזייערטע טאָמאַטן. צו מיטאָג פלעגן מיר באַקומען אין דאָרף־רעסטאָראַן געקאָכטע זויער־קרויט, טייל מאָל באַשמאַלצן מיט אַ געטריקנט פישל, און דאָס אויך מיט אַ נאָרמע. אָבער ערגער נאָך פונעם שפּײַזמאַנגל האָט זיך אַרויסגעוויזן דער מאַנגל אין הייץ־מאַטעריאַל, וועלכער איז באַשטאַנען פון שטרוי און מיסט. בכלל ווערן אין יענער

געגנט באַנוצט עטלעכע מינים הייץ־מאַטעריאַל: אָרטיקעביימער, וואָס האָבן נידעריקע שטאַמען און קרוינען פון צוזאַמענגעדרייטע און צוזאַמענגעפלאָכטענע צווײַגן; אויסגעטריקנטע דערנער, גראָזן, וואָס פרויען און קינדער זאַמלען אויף די פעלדער; קאַמיש, הויכע דיקע גראָזערלעך, וואָס וואַקסן דאָרטן, ווי אויך אין אַנדערע ערטער בײַ די ים־ברעגן; קיזיאַק — בהמות־מיסט, וואָס ווערט אויסגעטריקנט און ברענט ווי טאָרף, אָדער ס׳ווערט געמישט אויך מיט אַנדערע מאַטעריאַלן, פאַרקנעטן מיט וואַסער און אויסגעפאָרעמט אין פלעצלעך אָדער אין ציגל. פאַרשטענדלעך, אַז מיר, די עוואַקויִרטע, האָבן נישט געהאַט קיין מעגלעכקייטן דאָס אַלץ צו פאַרגרייטן און עס געמוזט קויפן צו טײַערע פרײַזן.

אויך אויף די פראָנטן איז אַלץ שווערער געוואָרן די לאַגע. די דײַטשן האָבן פאַרנומען ראָסטאָוו. אונדזער געגנט איז שוין פאַררעכנט געוואָרן אַלס „סטרעפע נעבן דער פראָנטליניע". דער קאָלכאָז פון די קאָרעער האָט באַקומען אַ פאַראָרדענונג זיך אײַנצופּאַקן; ער וועט אַרויסגעפירט ווערן. די באַפעלקערונג האָט זיך אַ לאָז געטאָן אַהין, צו קויפן פאַרשיידענע זאַכן. אָבער אונדז איז דאָס נישט געלעגן אין זינען. מיר נייטיקן זיך אין צוויי זאַכן, וואָס מיר ווילן עס בײַ זיי נישט באַקומען: אַ ביסל שפּײַז און הייץ־מאַטעריאַל.

אין געציילטע טעג אַרום איז אומגעריכט געמאָלדן געוואָרן אַ פריידיקע בשורה: „אַ גרויסע אָפענסיווע פון דער רויטער אַרמיי בײַ ראָסטאָוו. ראָסטאָוו איז צוריק פאַרנומען דורך דער רויטער אַרמיי. פאַריאָגט די דײַטשן קיין מאַריופּאָל. די דײַטשישע דיוויזיעס פאַרניכטעט". אָבער מיר האָבן נישט געקאָנט אויפנעמען די פרייד: דאָס איז געווען אין די טעג, ווען ס׳איז אָנגעקומען דער ווינטער מיט שטורעמס און פרעסט. אונדזער שטוב האָט מאָמענטאַל באַקומען פון אינעווייניק אַן אַנדער אויסזען. פון די ווענט האָבן צוריקגעשלאָגן זילבערנע שטראַלן: איבער נאַכט זענען די אַרויפגעקלעפּטע פּאַפּיר־פּאַסן באַדעקט געוואָרן מיט אַ שנייפראָסט; אויפן צווייטן טאָג איז שוין אויף די ווענט געלעגן אַ צענטימעטערדיקע שיכט שנייפראָסט.

איך בין אַרומגעלאָפן קויפן אַ ביסל הייץ־מאַטעריאַל, אָבער קיינער

האָט נישט געוואָלט פאַרקויפן. האָט מיר יוסף, דער ניקאָלאַיעווער שוסטער, געזאָגט, אַז אַ טאַטאַר, וועלכער האָט אַ מעגלעכקייט צו באַקומען מאַרגן, זונטיק, אַ פערד־און־וואָגן, איז גרייט צו פאָרן מיט אונדז ברענגען קאַמיש, און מיר זאָלן זיך צעטיילן מיטן געבראַכטן; ס'איז פון דאַנען אַ צען־צוועלף קילאָמעטער. בין איך באַשטאַנען. פאַר טאָג, דער פראָסט האָט שטאַרק געברענט, האָבן מיר זיך געלאָזט אין וועג אַרײַן, צוויי ייִדן, אָנגעטאָן זומערדיק. דער טאַטאַר האָט געוואָלט, מיר זאָלן זיך זעצן אויפן וואָגן, וועט ער קאָנען פאָרן שנעלער. אָבער מיר האָבן בעסער געוואָלט נאָכלויפן דעם שנעל פאָרנדיקן וואָגן, כדי נישט געפרוירן צו ווערן. ערשט ווען די זון איז אַרויף אַ ביסל העכער אין הימל, האָבן מיר זיך אויפגעזעצט אויפן וואָגן און זענען דערפאָרן דעם רעשט וועג. מיט מזל אָנגעקומען, האָבן מיר זיך גלײַך גענומען צו דער אַרבעט. איינער שנײַדט מיט אַ קאָסע, די אַנדערע צוויי זאַמלען צונויף און בינדן. מיר האָבן קוים באַוויזן אָנצופילן דעם וואָגן, ווי דער טאָג איז פאַרגאַנגען. דאָס פערדל האָט קוים געשלעפּט די פּיס, מיר, די צוויי ייִדן, זענען נאָכגעגאַנגען דעם וואָגן, צוהעלפנדיק דעם פערדל מיט אונטערשטופּן די משא, כדי זיך צו דערוואַרעמען. אָבער די צײַט איז געגאַנגען שנעלער ווי דאָס פערדל. טייל מאָל האָט זיך עס גאָר אָפּגעשטעלט און ס'האָט נישט געהאָלפן דאָס אונטערשטופּן. און די צײַט איז געגאַנגען. מיר האָבן שוין אונטערגעשטופּט אין דרײַען. ס'איז שוין געוואָרן באַלד צוועלף אַ זייגער בײַ נאַכט. די כוחות אונדזערע האָבן זיך אויסגעשעפּט. דאָס פערדל איז שטיין געבליבן. האָבן מיר באַשלאָסן צו לאָזן שטיין דעם וואָגן דאָ. ס'איז נאָך מסתם אַ דרײַ קילאָמעטער וועג. דער טאַטאַר האָט אויסגעשפּאַנט דאָס פערדל און איז אַוועקגעפאָרן, רייטנדיק, אַהיים. אויך מיר האָבן זיך, כמעט דערפרוירענע, קוים דער־שלעפּט. פאַר טאָג האָט מען אײַנגעשפּאַנט נאָך אַ פערד און געבראַכט דעם קאַמיש אַהיים. דאָס האָט געקלעקט אויף צו הייצן אַ דריי־פיר טעג.

## קאַפּיטל דרייסיק

ערשט איצט האָבן מיר דערפילט, ווו מיר געפינען זיך. די פרוי מיט די קינדער זענען געלעגן גאַנצע טעג אין בעט, צוגעדעקט מיט דער לעכערדיקער קאָלדערע. איך האָב ווידער גענומען לויפן אין דאָרפסראַט און אַלאַרמירן:

— מײַן פרוי און קינדער ווערן געפרוירן; נאָך הײַנט מוז איך באַקומען ערגעץ ווו אַ דירה.

האָט מען מיר צוגעזאָגט, אַז נאָך הײַנט וועט קומען צו מיר אַ קאָמיסיע. געקומען איז זי אויפן צווייטן טאָג. זי האָט באַשטעטיקט, אַז מע מוז אונדז גלײַך אַרויסנעמען פון דאַנען, ס'איז נישט קיין דירה אויף ווינטער. און דער פרוי האָט מען געהייסן מיך שיקן אין דאָרפסראַט, גלײַך ווי כ'וועל קומען פון דער אַרבעט. געקומען אַהין, איז דער ווירטשאַפט־פאַרוואַלטער געגאַנגען מיט מיר צו אַ פאַמיליע, וועלכע איז גרייט אַריינצולאָזן אַ משפחה אין אַן איבעריקן צימער. אָבער ווען די באַלע־באָסטע האָט אונדז דערזען, האָט זי דערקלערט, אַז זי וועט דאָס צימער נישט פאַרדינגען. סטײַטש, זי האָט דאָך פריִער צוגעזאָגט? האָט זי זיך אַרויסגעדרייט מיט פאַרשיידענע תירוצים און קאַטעגאָריש אָפּגעזאָגט. די אמתע סיבה האָב איך גלײַך דערפילט: זי האָט אין מיר דערקענט אַ ייִדן. איך האָב זיך אומגעקערט אַהיים מיט ליידיקן. אַ גאַנצע נאַכט האָבן מיר געטוליעט די קינדער צו זיך, זיי זאָלן נישט געפרוירן ווערן. אין דער פרי, פאַר דער אַרבעט, בין איך ווידער אַוועק אין דאָרפסראַט. מ'האָט מיר ווידער צוגעזאָגט, אַז אין משך פון טאָג וועט מען עפּעס אויסזוכן. אָבער פאַר נאַכט, נאָך דער אַרבעט, האָט מען מיר דערקלערט, אַז מע האָט גאָרנישט געפונען. בין איך אַוועק צו אונדזער „ערשטער" פרײַנדלעכער פאַמיליע, פאַכאָלקין, און דערציילט מיט טרערן אין די אויגן וועגן דער געפאַר, וואָס ס'דראָט מײַן פרוי און קינדער. „קומט מיט מיר". — האָט די אַלטע געזאָגט, גענומען אַ שליסל פון דער וואַנט, מיך אַרײַנגעפירט אין צווייטן הויף, אויפגעשלאָסן אַ טיר און — „זע,

אַ גאַנץ הײַזל שטייט דאָ אַ ליידיקס", און זי האָט מיר דערציילט, אַז יענע וואָך איז די באַלעבאָסטע אַוועקגעפאָרן אויף ווינטער צו אירע קרובים אין אַ קאָלכאָז. „אַן אַלמנה אַליין, וואָס וועט זי דאָ זיצן. איר טעכטערל ווױנט בײַ אונדז אין שטוב און לערנט זיך צוזאַמען מיט מײַן עלטסטן אייניקל אין שול. איר קאָנט דעריבער דאָ וווינען, ביז יענע וועט צוריקקומען".

זי האָט מיר געגעבן צוויי בינטלעך קאַמיש און געהאָלפן אײַנהייצן אין אויוון. איך בין גלײַך געלאָפן און געבראַכט צו פירן די פרוי מיט די קינדער. ביסלעכווײַז האָבן אויפגעטײַעט זייערע איבערגעפרוירענע גלידער און זיי האָבן זיך אויך דערכאַפּט מיט אַ ביסל וואַרעמע זופּ. מיר זענען געראַטעוועט געוואָרן. דאָס מאָל — פון פראָסט, וואָס האָט זיך צו יענער צייט אַראָפּגעלאָזט אין זײַן פולער גרויזאַמקייט אויף גאַנץ רוסלאַנד. מעגלעך, אַז דאָס איז געווען אַ הימלישע אַרמיי קעגן דער דײַטשיש־היטלעריסטישער, אָבער זי האָט אויך אומברחמנותדיק געטראָפן אַ גרויסן טייל פון דער עוואַקויִרטער באַפעלקערונג אין אַ סך געביטן.

בײַ נאַכט האָבן מיר דערשפּירט, אַז די קעלט אין שטוב פאַרשטאַרקט זיך און דאָס ביסל וואַרעמקייט ווערט פולשטענדיק פאַרשוווּנדן. אין שטוב שטייט אַ פראָסט — דאָס ביסל וואַסער אין עמער איז פאַרפרוירן. מיר האָבן זיך קוים דערוואַרט דעם פרימאָרגן. מאָדנע: גראָד אויף די פענצטער איז קיין שום פראָסט נישטאָ! טו איך אַ טאַפּ אָן די לאָדנס — קיין שויבן זענען נישטאָ! צוליב די פאַרמאַכטע לאָדנס האָבן מיר עס אין אָוונט נישט באַמערקט. האָב איך געקריגן צו קויפן געפלאָכטענע ראָגאָזשעס, אָנגעפילט די צוויי פענצטער מיט טרוקן היי, פאַרקלאַפּט מיט די ראָגאָזשעס און — געבליבן וווינען אין דער פינצטער. דערפאַר וועט מען די וואַרעמקייט קאָנען דערהאַלטן. אָבער ווו באַקומט מען באַהייצונג? אַ ביסל האָט אַרויסגעהאָלפן די אַלטע פרוי פאַכאָלקין. נאָר ווײַטער צו בעטן בײַ איר בין איך שוין נישט דערײַסט. מיר האָבן געקלערט וועגן צופאָרן צו די קאָרעער אין קאָלכאָז, אפשר וועט מען בײַ זיי פאַרט קאָנען קויפן אַ ביסל הייץ־מאַטעריאַל. דערווײַל איז דערהאַלטן געוואָרן אַ ידיעה, אַז זיי בלײַבן אויפן אָרט: דער דײַטשישער פראָנט

ביי ראָסטאָוו איז דורכגעבראָכן געוואָרן. די געפֿאַר, אַז דער דײַטש זאָל זיך דערנעענטערן אַהער, איז פֿאַרביי.

די פרעסט, וואָס האָבן געהאַט אַ ביסל נאָכגעלאָזט, האָבן זיך ווידער פֿאַרשטאַרקט. צו באַקומען אַ ביסל הייץ־מאַטעריאַל איז קיין שום האָפֿענונג נישט געווען. אַפילו די בעקערייען האָבן נישט געהאַט מיט וואָס צו הייצן די אויוונס; די באַפעלקערונג האָט אָנשטאָט ברויט באַקומען אַ נאָרמע מעל, פֿון וועלכן מ׳האָט געבאַקן „ליעפּיאָשקעס" (פּלעצלעך) אָדער פּשוט אַרײַנגעשאָטן אין אַ טעפּל קאָכעדיק וואַסער, און ס׳איז דערפֿון געוואָרן אַ קאַשע. אָבער אויף דעם האָט מען דאָך געמוזט האָבן אַ ביסל הייץ־מאַטעריאַל. פֿלעג איך יעדן אָוונט, נאָך דער אַרבעט, נעמען אַ טאָרבע און אַוועק איבער די גאַסן, באַלויכטענע בלויז פֿונעם שניי — זוכן אַ פֿאַרטריקנטן דאָרן, אַ שפּענדל, אַ ביסל אָרגאַניש מיסט, וואָס אַ פֿערדל האָט פֿאַרלוירן פֿאָרנדיק. אָבער נישט יעדן אָוונט האָב איך געהאַט דאָס גליק צו קומען צוריק מיט אַ ביסל „הייץ־מאַטעריאַל". פֿאַרצווייפֿלטע פֿלעגן מיר צוטוליען די קינדער צו זיך און, איבערגעדעקט מיט דער צעלעכערטער קאָלדרע, איבערשלאָפֿן די נאַכט.

וועגן צופֿאַרדינען, צואַרבעטן אין די אָוונטן, האָט אין דער צײַט פֿון די פֿרעסט נישט געקאָנט זײַן קיין רייד. האָבן מיר זיך דערנערט בלויז מיט דער נאָרמע ברויט אָדער מעל, און אָפּט מאָל מיט עטלעכע גרינע אײַנגעזײַערטע טאָמאַטן אָדער קרויט.

אין די דאָזיקע שווערע טעג איז ביי אונדז אויפֿגעקומען איינע פֿון די שווערסטע פּראָבלעמען: די פֿרוי איז פֿאַרגאַנגען אין שוואַנגער־שאַפֿט. זי האָט עס אויפֿגענומען ווי די גרעסטע טראַגעדיע. מיט וואָס האָב איך זי געקאָנט טרייסטן און באַרויִקן, אַז איך האָב אַפֿילו נישט געהאַט די מעגלעכקייט צו באַזאָרגן אונדזערע צוויי קינדערלעך, זיי זאָלן נישט הונגערן און פֿרירן? איך האָב איר אויפֿגעוויזן, אַז אַנדערע געפֿינען זיך אין נאָך שווערערע באַדינגונגען און מע דאַרף זאָגן, ווי יענער גרויסער ייִד: „גם זו לטובה".

— דו ווייסט, — האָט זי מיר איין מאָל געזאָגט, — שוין אַ צייט

ווי איך פיל נישט מער קיין ווייטיקן פון די גאַלשטיינער. וואָס זאָל זײַן די סיבה דערפון?

האָב איך איר דערמאָנט, וואָס אַ גרויסער וואַרשעווער דאָקטאָר האָט איר אַ מאָל געזאָגט: „פון אַ שוואַנגערשאַפט האָבן זיך בײַ אײַך די לײַדן אָנגעהויבן, און מיט אַ שוואַנגערשאַפט קאָנען זיי אַוועק".

— האָסט מיר אַ מאָל געזאָגט, אַז די ווייטיקן צוליב די גאַל־שטיינער זענען פיל שטאַרקער פון די ווייען פון געבוירן. איצט וועסטו פון זיי פּטור ווערן.

אין דאָרף איז געווען אַ קאָנסולטאַציע־פּונקט פאַר שוואַנגערע פרויען און זייגקינדער — „אַ טראָפּן מילך". האָב איך איר געראָטן גיין אַהין, אפשר וועט זי באַקומען אַ ספּעציעלע צוטיילונג פאַר זיך און אפשר אויך פאַר די קינדער. דאָס איז איר נישט לײַכט אָנגעקומען, אָבער לסוף האָט זי באַקומען אַ חודש־צוטיילונג: אַ ביסל צוקער, עטלעכע גראַם טיי און, טייל מאָל, אויך עטלעכע „ווײַסע" זעמעלעך.

איין מאָל, אין אַ פראָסטיקן פעברואַר־טאָג, ווען די פרוי איז אַוועק אין קאָנסולטאַציע־פּונקט, צו באַקומען די צוטיילונג, האָט זי זיך אויפן וועג אויסגעגליטשט. מען האָט זי געבראַכט אַהיים מיט אַ צעקאַליעטשעטן רוקן. די דאָקטאָרין, וועלכע איך האָב אַרויסגערופן גלײַך ווי איך בין געקומען פון דער אַרבעט, האָט שוין געטראָפן מײַן פרוי אַ צוגעשמידטע צום בעט און זי פאַרשריבן אָפּצופירן אין שפּיטאָל אַרײַן. אָבער אין שפּיטאָל האָט מען מיר דערקלערט, אַז ס'איז קיין פּלאַץ נישטאָ, און ס'האָבן נישט געהאָלפן מײַנע געבעטן און דער דאָקטאָרינס אינטערווענצן. האָט מיר די דאָקטאָרין געגעבן אַ קראַנקייט־ביולעטין, אומצוגיין אַרום איר אין שטוב, ווי אַרום אַ שווער קראַנקן.

די לאַגע פון אַלע עוואַקויִרטע, אין פּרט פון באַהייצונג, איז געווען אַ ביז גאָר קאַטאַסטראָפאַלע. האָט דער וואָיענקאָמאַט אונטערגענומען אַן אַקציע, צו באַזאָרגן די מיליטער־פאַמיליעס מיט אַ ביסל האָלץ־מאַטע־ריאַל, מאָביליזירנדיק צו דעם צוועק מענטשן פון אַלע אַרטעלן. פון אונדזער אַרטעל בין איך אַרײַנגעצויגן געוואָרן אין דער רשימה. איך וואָלט געקאָנט זיך באַפרייען, אָבער צוליב דער אויסרעכענונג, אַז כ'וועל

קאָנען מיטברענגען פאַר זיך אַ ביסל הייך־מאַטעריאַל, בין איך אַוועק צוזאַמען מיט אַלע אויף דער צווייטער זײַט פונעם טײַך בוזאַן, אונטער־צוזעגן ביימער און זיי צעהאַקן. איך בין געווען אָנגעטאָן כמעט זומערדיק. מײַן איינציקער וואַרעמער בגד איז געווען — דער לײַכטער זומער־מאַנטל. דער טערמאָמעטער האָט געוויזן 42 גראַד אין דער פרי, און בײַ טאָג — צווישן 20—30. אָבער מײַן געווינס איז געווען, וואָס יעדן נאָכ־מיטאָג, נאָכן פאַרענדיקן די אַרבעט, פלעג איך ברענגען אַהיים אַ בינטל צווײַגן אויף דער פּלייצע. פרישע און פײַכטע, פלעגן זיי אָבער שווער ברענען און ווייניק וואַרעמען אונדזער פינצטער שטיבל.

נאָך אַ וואָך ליגן אין בעט האָט מײַן פרוי זיך אויפגעהויבן, אָבער די פיס האָבן זיך אָפּגעזאָגט זי צו דינען, זענען געווען ווי געליימט. די דאָקטאָרין האָט פעסטגעשטעלט אַ שווערן רעוומאַטיזם, אַ רעזולטאַט פון איר ליגן אומבאַוועגלעך אין דער קעלט.

אין דער זעלבער צײַט האָב איך באַקומען אַ וואָרענונג פונעם אַרטעל, כ׳זאָל גלײַך קומען צו דער אַרבעט: ס׳איז דאָ אַ מיליטערישע באַשטעלונג. אָבער אַזוי ווי איך בין נישט געקומען, האָב איך דערהאַלטן אַ מאָביליזאַציע־צעטל פון וואָיענקאָמאַט אויפן אַרבעטספראָנט. צײַט בלײַבט מיר סך־הכל דרײַ טעג. קיינער קאָן מיר נישט העלפן. איז מיר געוואָרן טראַגיש קלאָר: איך מוז זיך צעשיידן מיט דער פרוי און די קינדער אין אַזאַ שווערער צײַט! איך בין אַוועק אין וואָיענקאָמאַט און זיך אָפּגעבעטן אויף נאָך צוויי טעג. דערווײַל איז צוריקגעקומען דער פאָרזיצער פון ראַיִספּאָלקאָם, וועלכער האָט מיך באַקענט בעת זײַן ספּעציעלער באַשטעלונג פון שיך פאַר די עוואַקויִרטע, בין איך אַוועק אים בעטן, ער זאָל מיר העלפן.

אויסגעהערט מיך, האָט ער אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ:

— יאָ, דײַן ענין איז זייער אַן ערנסטער. קאָנסט טאַקע נישט איבערלאָזן אַליין אַ קראַנקע פרוי, אַ שוואַנגערע און צוגעשמידטע צום בעט, מיט צוויי פּיצלעך קינדער. פאַרן אַרטעל איז טאַקע גילטיק דער קראַנקייט־ביולעטין, אָבער דער וואָיענקאָמאַט האָט דאָס רעכט דיך צו מאָביליזירן. ס׳איז מלחמה־צײַט.

— דו ביסט דאָך דער פּאָטער פונעם גאַנצן ראַיאָן, — האָב איך זיך געבעטן בײַ אים, — ראַטעװעט מײַן פאַמיליע, זי זאָל נישט אומקומען פון הונגער און קעלט.

— גו, מע װעט זען. — האָט ער אַ זאָג געטאָן און געגומען בײַ מיר די פּאָװיעסטקע, — קום מאָרגן.

אויף צו מאָרגנס איז דער ענין געװען דערליידיקט. איך האָב זיך אומגעקערט צוריק צו דער אַרבעט אין אַרטעל. אין שפּיטאָל האָט מען געמאַכט אַ פּלאַץ פאַר מײַן פרוי, — אַרײַנגעשטעלט אַ בעט אין קאָרידאָר פון דער קינדער־אָפּטיילונג. די קינדער זענען אײַנגעאָרדנט געװאָרן: דאָס עלטערע — אין קינדערגאָרטן, דאָס ייִנגערע — אין יאַסלע. פון אַרטעל האָב איך באַקומען צו האַלבע שעה פרײַ אין דער פרי און פאַר נאַכט, אויף אַװעקצופירן און צוריקברענגען די קינדער. מיר זענען געװען געראַטעװעט. די פרוי האָט באַקומען מעדיצינישע באַהאַנדלונג, געהאַט אַ װאַרעם געלעגער און װאַרעם עסן. אויך די קינדער האָבן באַקומען עסן און געקעכטס, און איך האָב זיך שוין געקאָנט דערלויבן אויפצועסן אַליין מײַן גאַנצע ברויטנאָרמע...

אַזוי איז אַריבער אַ חודש אָן דאגות, אָן הונגער און קעלט, און מײַן געמיט־צושטאַנד איז אויפגעלײַטערט געװאָרן. אויף װיפל אָט דער חודש האָט אונדז געראַטעװעט דאָס לעבן האָב איך נאָך שטאַרקער געקאָנט אָפּשאַצן, װען די פרוי איז אַהיימגעקומען פון שפּיטאָל.

איין מאָל, אין אַ זונטיק, פרײַ פון דער אַרבעט, האָב איך גענומען אַ פלאַש און אַ זאָג געטאָן צו דער פרוי, אַז איך מוז, פאַר יעדן פרײַז, באַקומען פאַר איר אַ האַלבן ליטער מילך און אפשר אויך אַ פּאָר װאָבלעס. כ׳בין געגאַנגען פון שטוב צו שטוב, װי מקיים צו זײַן אַ נדר. בײַ יעדער שטוב, װוּ ס׳האָט זיך געפונען אַ קו, ציגן, איז דער טויער, ס׳רוב, געװען פאַרמאַכט און הינטער אים, אינעװייניק — אַ הונט אויף אַ קייט. אײַנשטעלן זיך און אויפמאַכן דאָס טירל האָב איך נישט געטאָרט: דער הונט האָט באַװיזן זײַנע ציין. האָב איך געמוזט װאַרטן ביז מע װעט אַרויסקומען. און אומעטום האָב איך באַקומען דעם זעלבן ענטפער: נישטאָ.

ס׳איז דאָך געווען זונטיק, האָט מען אומעטום געפּײַערט דעם רוטאָג. איז מען אַרויסגעקומען, ווער ניכטער און ווער שיכורלעך, טייל מאָל מיט אַ געבייזער, הלמאי מען שטערט זיי. אָפּט איז מיר אויסגעקומען צו הערן:

— אַוועק, דו יידישע מאָרדע, ווײַל כ׳רייץ אָן אויף דיר דעם הונט.

די זון, אַ רויטע פון בושה, האָט זיך באַהאַלטן הינטערן מערבדיקן האָריזאָנט, און איך בין אַן אַדורכגעפרוירענער און דערשלאָגענער צוריק־געקומען אַהיים. מײַן נדר איז געווען געבראָכן — דאָס צוריקגעבראַכטע פלעשל איז געווען ליידיק. איך האָב זיך נישט געקאָנט באַהערשן און אויסגעבראָכן אין אַ געוויין. אויך קיין פּאָר טרוקענע פישלעך האָב איך נישט באַקומען צו קויפן אין דער פישרײַכער אַסטראַכאַנער געגנט.

## קאַפּיטל איין און דרייסיק

דער שווערער ווינטער, וואָס האָט אָנגעהאַלטן אין גאַנץ רוסלאַנד און זיך געגעבן צו פילן אויך אינעם וואַרעם־מילדן קלימאַט פון אַסטראַ־כאַנער געגנט, איז אפשר געווען לטובה — די דײַטשישע אָנגריף־חיילות זאָלן דערשפּירן זײַן טעם און זיך אָפּטראָגן. אָבער אָט האָט דער ווינטער זיך גענומען וואַקלען און אָפּטרעטן פאַרן אָנקומענדיקן פרילינג. אַלע האָבן אים שוין מיט בענקשאַפט אויסגעקוקט. איז ער אָבער באַגלייט געוואָרן מיט אַ געשעעניש, וואָס האָט געקאָסט זייער אַ סך לעבנס פון דער אַהער עוואַקויִרטער באַפעלקערונג. אפשר איז דאָס געווען אַ נקמה־אַקט פון געוויסע אָרטיקע לײַט פאַר דעם הונגער, וואָס זיי האָבן איבערגעלעבט אין די דרײַסיקער יאָרן. אויב אַזוי, האָט עס זיי זיך אײַנ־געגעבן.

ווי באַוווּסט, איז די קאָמוניקאַציע אום ווינטער פון קראַסני יאַר קיין אַסטראַכאַן מיטן אײַז — זייער אַ גוטער וועג פאַר משא־אויטאָס, שליטנס, וועגענער און פוסגייער. איז אָט אין דער צײַט, ווען דאָס אײַז האָט זיך צעשמאָלצן, איז דער ישוב אָפּגעשניטן געוואָרן פון אַסטראַכאַן,

און אין די קראַסני־יאַרער מאַגאַזינען האָט אויסגעפּעלט מעל אויף ברויט. אויס מיט דער ברויט־צוטיילונג. די אָרטיקע באַפעלקערונג האָט געהאַט גענוג זאַפּאַסן פון ברויט־סוכאַרעס, וואָס זיי האָבן פאַרשטאַנען צוצו־גרייטן. אַנדערש איז דאָס געווען ביי די עוואַקויִרטע: נישטאָ פאַר זיי קיין ברויט־צוטיילונג און נישט קיין מעל־צוטיילונג אין די בעקערייען. דאָס דראָט דאָך מיט הונגערטויט! האָט די אָרטיקע מאַכט געפונען אַן עצה: דורכהאַקן אין טייך אַ וועג פאַרן פאַראָם, דאָרט ווו די טייכן בוזאַן און אַכטובאַ פאַראייניקן זיך, בערך זעקס הונדערט מעטער. מ׳האָט צו דעם מאָביליזירט די באַפעלקערונג. יעדע אונטערנעמונג האָט געגעבן די מאַקסימאַלסטע צאָל מענטשן. מיט לאָפּאַטעס, העק, זעגן און לאַנגע דרענגער זענען מיר אַוועק צום טייך. דאָס אייז ביי די ברעגעס האָט נאָך געהאַט בערך אַ מעטער די גרעב, אָבער וואָס ווייטער, איז עס געווען אַלץ דינער. מיר האָבן מיט די זעגן אויסגעזעגט גרויסע בלאָקן אייז און מיט די לאַנגע דרענגער זיי אַרונטערגעדריקט אונטערן אייז, פון וואַנען דער וואַסערשטראָם האָט זיי אַוועקגעטראָגן. פאָרויס איז געגאַנגען אַ גרופּע מיט לאָפּאַטעס און אָפּגערייניקט דעם שניי. אַזוי האָבן מיר געאַרבעט דריי טעג, הונגעריקע, אָן אַ שטיקל ברויט, ביז מיר זענען צוגעקומען צום מיטן פון טייך; דאָ האָט זיך אָנגעהויבן אַרויסווייזן די שוואַכקייט פונעם אייז. צוויי מאָל האָט זיך עס איינגעבראָכן אונטער די פיס פון די אַרבעטנדיקע, וועלכע מע האָט בדרך־נס אַרויסגעראַטעוועט. אַזוי ווי ס׳איז נישט מעגלעך געווען צו דערקענען די שוואַכע ערטער, איז די אַרבעט אָפּגעשטעלט געוואָרן. נישטאָ קיין וועג, מיט וועלכן צו ברענגען ברויט, און ס׳איז געבליבן נאָר צו וואַרטן אויף אַ נס פון הימל.

די איינציקע „דערנערונג" אונדזערע איז געווען די צוטיילונג, וואָס מיר פלעגן באַקומען פונעם דאָרף־רעסטאָראַן: אַ לעפל געקאָכטע זויערע קרויט און אַ ביסל ווינעגרעט פון צעשניטענע געזאַלצענע טאָמאַטן, אויס־געמישט מיט צעשניטענע רויע מייערן, פאַר איין פּערזאָן. אויך פאַר די אַרבעטער אין אַרטעל האָט מען אויסגעפּועלט פּאָרציעס זויערן קרויט. איך פלעג בעתן מיטיק־איבעררייס אין אַרטעל ברענגען פאַר דער פאַמיליע דאָס ביסל עסן, און ס׳פלעגט אָפּט טרעפן, אַז ווען איך בין געקומען צוריק

אין אַרטעל איז מײַן פּאַרציע געווען שוין אויפגעגעסן. און געטאָן האָבן עס דווקא די אַרטיקע תושבים, וועלכע האָבן זיך נישט געניטיקט און גוט געוווּסט, אַז דאָס איז די איינציקע שפּייז מײַנע אויפן גאַנצן טאָג.

פּופּצן מעת־לעת האָט געדויערט דער הונגער. אין משך פון דער צייט האָבן הונגערנדיקע מענטשן, נישט האָבנדיק קיין כוח שוין צו גיין, זיך געשאַרט אין די גאַסן, זיך אָנהאַלטנדיק בײַ די ווענט. זיי האָבן נישט געמאַכט קיין דעמאָנסטראַציעס, נישט פּראָטעסטירט, נאָר זענען באַשיידן אויסגעגאַנגען.

איין מאָל איז מיר אין גאַס אַנטקעגנגעקומען אַ באַקאַנטער יונגער־מאַן פון פּוילן. ער איז געווען איינער פון די גליקלעכע צו באַקומען אַ פּאָר „שטיוול״ פון דעם לעדער־ערזאַץ, וואָס איך האָב אויסגעפּאַרטיקט. איך האָב זיך נישט געכאַפּט אין דער ערשטער רגע, פאַר וואָס ער זעט איצט אויס שענער און איך אים אַ פרעג געטאָן, צי ער אַרבעט און ווי ס׳גייט אים. ערשט שפּעטער אַ ווייל האָב איך דערזען, אַז ער האָט נישט קיין כוח מיר צו ענטפערן אויף מײַנע פראַגן און זוכט מיט די אויגן אַן אָרט וווּ זיך אַנידערצוזעצן. און נאָך איידער איך האָב זיך אָריענטירט אין דער לאַגע, האָט ער זיך מיט זײַן גאַנצער אויפגעבלאָזענער געשוואָלנקייט געטאָן אַ לאָז אַראָפּ צו דער ערד. איך האָב אים אונטערגעכאַפּט, אָבער זײַנע אויגן האָבן מיך שוין נישט געזען, זיי האָבן שטאַר געקוקט אין הימל אַרײַן...

וויפל מענטשן זענען אין יענע צוויי וואָכן געפאַלן פון הונגער? אין קראַסני יאַר האָט מען אַזעלכע סטאַטיסטיקעס נישט פאַרעפנטלעכט, ווי מע האָט דאָס קיין מאָל נישט געטאָן אין ראַטנפאַרבאַנד.

— כ׳האָב נעכטן געזען אַ שיינע סצענע. — דערציילט אַ שוסטער אין אַרטעל און שמייכלט אונטער. — אַ יעווריעיטשיק האָט אָנגעהויבן אַריבערגיין דעם טײַך. האָט, ווײַזט אויס, געוואָלט זיך ראַטעווען פונעם הונגערטויט, זיך לאָזן קיין אַסטראַכאַן צו פוס. פון ברעג האָט אַ פרוי געשריגן צו אים, אַז דאָס אײַז איז שוואַך, ער זאָל נישט גיין. נאָר ער האָט אַ מאַך געטאָן אויף איר מיט דער האַנט, זאָל זי זיך גיין, די באַבע, מיט אירע וואָרענונגען, און איז ווײַטער געגאַנגען. און דאָ טאַקע האָט

דאָס איז אָנגעהויבן זיך איינצוברעכן. ער האָט אָנגעהויבן רופן נאָך הילף. איך בין געשטאַנען פון ווייטנס און געלאַכט: „פּוסט זדאָכניעט" (זאָל ער פּגרן).

בעתן דערציילן האָט ער אַלע מאָל געוואָרפן אַ בליק אויף מיר, צו זען, וואָס פאַר אַ רושם עס מאַכט אויף מיר. איך האָב זיך געטאָן מיין אַרבעט און זיך געמאַכט, גלייך איך הער אים נישט. ווי ביליק אונדזערע לעבנס זענען דאָ! — האָב איך זיך געטראַכט. איז עס מעגלעך, אַז אין גאַנץ ראַטנפאַרבאַנד זאָל עס אַזוי זיין? נייק. זיכער נישט. אָט נישט לאַנג צוריק איז סטאַלין אויפגעטראָטן מיט אַ ווענדונג צו די פּראָנטקעמפער, אַז ווען זיי שטייען פאַר דער ברירה צו ראַטעווען זיך אָדער לאָמיר זאָגן, דעם עראָפּלאַן, זאָלן זיי ראַטעווען דאָס לעבן, ווייל „דאָס ווינקטיקסטע איז דער מענטש". זיכער איז אַזאַ אַנטיסעמיטיזם נאָר אין די פאַרשיקונגס־געגנטן.

דאָס צעגיין פונעם אייז אין די טייכן פון אונדזער געגנט איז אַנדערש ווי אין אַנדערע טייכן. נישטאָ קיין אייזקריעס. דאָס אייז צעגייט ביסלעכווייז אויפן אָרט. און אָט האָט מען אין אַ ליכטיקן פרימאָרגן דערזען, אַז ס'איז מער קיין אייז אויפן טייך נישטאָ. דאָס וואַסער שטראָמט זיך ריין און לויטער, איז בלויז אַ ביסל אָנגעקוואָלן און גייט אַרויס פון די ברעגן. און אין גיכן האָט מען געבראַכט מעל, וואָס איז גלייך פונאַנדערגעטיילט געוואָרן.

ווייזט אויס, אַז דער אייבערשטער שיקט טאַקע די רפואה פאַר דער מכה. נישט מער, אונדז איז נישט באַוווּסט, וואָס איז די רפואה און וואָס די מכה. אין יענער צייט איז מיין פרויס אויסגליטשן זיך — די מכה, גאָר געווען די רפואה. ווייל אַ דאַנק דעם זענען די קינדערלעך אָנגענומען געוואָרן אין קינדערגאָרטן און אין יאַסלע, ווו זיי האָבן אין משך פון טאָג באַקומען צו עסן, אויך אין די הונגערטעג.

דער מצב פון דערנערונג האָט זיך מיט אַ מאָל געענדערט צום בעסערן אויך צוליב נאָך אַ זאַך, פאַר וועלכן ס'האָט שוין געזאָרגט די השגחה־עליונה. מחנות פיש האָבן זיך, ווי אַלע יאָר, אַ לאָז געטאָן אין זייער פרילינגמאַרש. מיט אַלע נעבנטייכן און טייכלעך זענען די פיש־

פון קאַספּישן ים אַריַינגעשוווּמען אין בוזאַן און אַכטובאַ און אַוועק־
געשטראָמט אויף צפון קעגן שטראָם, באַרג־אַרויף מיט דער וואָלגע,
קיין סטאַלינגראַד, סאַראַטאָוו און קויבישעוו, כדי אָפּצולייגן זייער רויג.
זיי זענען אָנגעקומען אין אַזעלכע געדיכטע מאַסן, אַז מ׳האָט געקאָנט
זיי אָנשעפּן מיט אַן עמער אָדער כאַפּן מיט די הענט. די פיש זענען געווען
אַזוי פעט, אַז ס׳איז נישט נייטיק געווען קיין שום פעטס זיי צו פּרעגלען.
ווער האָט זיך שוין איצט געניייטיקט אין די געטריקנטע וואָבלעס! מיר
האָבן געגעסן צו דער זעט און אָנגעהויבן באַקומען צוריק אַ מענטשלעך
אויסזען, און די פרוי האָט אין די לעצטע עטלעכע חדשים פון איר
שוואַנגערשאַפט געהאַט די מעגלעכקייט צו קומען צו די כוחות.

## קאַפּיטל צוויי און דרייסיק

אָנהייב פרילינג האָבן שוסטערס אָנגעהויבן זיך ווענדן צו מיר,
כ׳זאָל פאַר זיי אויספּאַרטיקן אויבערטיילן, און זיי האָבן מיר געצאָלט
פאַר דער אַרבעט מיט די אויספּעלנדיקע שפּייזפּראָדוקטן, ווי מילך,
פּוטער און צוקער. אמת, נישט אין קיין גרויסער מאָס, אָבער גענוג
אויף אַזוי פיל, אַז די פרוי און קינדערלעך זאָלן קאָנען קומען צוריק
צו די כוחות נאָכן אומגעהײַער שווערן ווינטער. צום באַדויערן האָב
איך קיין סך צײַט פאַר אָט דער אַרבעט נישט געהאַט. דער טאָג איז
כמעט אַוועק אין קאָאָפּעראַטיוו, און אַרבעטן אין אָוונט בײַ אַ קליין
באַפּטלעמפּל איז געווען גאָרנישט פון די לײַכטע זאַכן.

די ידיעות פון די פראָנטן זענען אין משך פון ווינטער געווען
פאַרשיידנאַרטיקע. די גרויסע פּרעסט האָבן טיילווײַז אַ תּל געמאַכט
פון דער היטלעריסטישער אַרמיי. מ׳האָט געשמועסט וועגן געפרוירענע
דײַטשישע זעלנער אויף די פראָנטן. היטלער זאָל זיך האָבן אין זײַנער
אַ רעדע באַקלאָגט, אַז זינט הונדערט און פערציק יאָר איז נאָך אַזאַ
שווערער ווינטער אין רוסלאַנד נישט געווען. יאַפּאַן האָט אָנגעגריפן
די אַמעריקאַנער אויף די האַוואַיִשע און פיליפּינישע אינדזלען. די

דײַטשישע און איטאַליענישע חיילות אין ליביע דערנענטערן דעם פראָנט צו עגיפּטן און ארץ־ישראל. דערװײַל איז אויף די פראָנטן קיין נײַס נישט געװען. אָבער מ׳האָט געפילט, אַז מיטן פרילינג װעט עס זיך אָנהייבן. די ידיעות װעגן דער אָפענסיװע אויפן פּריזער אָפּגעשני־טענעם קרימער אינדזל, װוּ די דײַטשן רינגלען אַרום די פעסטונג סעװאַסטאָפּאָל, און די אַטאַקעס, װאָס זיי האָבן דורכגעפירט אויפן ראָסטאָװער פראָנט, זענען געװען די ערשטע כמאַרעס אויפן מלחמה־האָריזאָנט, װאָס האָבן גענומען פאַרשטעלן אונדזערע אויסגעטרוימטע פרילינגס־הימלען. זיי האָבן אויך פאַרטונקלט אונדזער משפּחה־שמחה, װען די פרוי האָט אין שפּיטאָל מיט מזל געבוירן אַ זונעלע, און סײַ די מוטער און סײַ דאָס נײַ־געבוירענע זענען געװען אין בעסטן געזונט־צושטאַנד. דערצו האָט מיר נאָך די בוכהאַלטערין פונעם אַרטעל געטאָן אַ טובה: פאַררעגיסטרירט דאָס קינד אין דער פּראָװיאַנט־אָפּטיילונג, און מיר האָבן באַקומען פאַר אים אַ ברויטקאַרטע אויף פיר הונדערט גראַם ברויט — נאָך צװעלף קילאָ ברויט אַ חודש, אַ פאַרמעגנס, נישט אָפּצושאַצן! דער ערשטער יולי, װען מיר האָבן באַקומען דעם קינדס ברויטקאַרטע, איז געװען פאַר מיר אַ יום־טוב, װײַל איך האָב זיך געקאָנט דערלויבן צו עסן אַ גרעסער שטיקל ברויט.

אָבער שוין אויפן צװייטן טאָג אין דער פרי איז מיר די שמחה פאַרשטערט געװאָרן. געפאַלן סעװאַסטאָפּאָל, ראָמעלס אַרמיי איז אַרײַן אין עגיפּטן. מײַן גלײַכגעװיכט איז שוין אַ ביסל צעטרייסלט, און דאָ אַ פרישע פערזענלעכע צרה: איך װיל אַרויסנעמען פון טאַש מײַנע ברויטקאַרטן, צו נעמען אין אונדזער קיאָסק די ברויט־צוטיילונג, — זיי זענען נישטאָ. כ׳האָב זיי דאָך נאָר װאָס געהאַט אין טאַש פונעם אויפגעהאָנגענעם רעקל?! און איך כאַפּ זיך: דאָס האָט זיכער איינער פון מײַנע „חברים״ בײַ דער אַרבעט אויסגענוצט אַ מינוטיקע געלעגנהייט און זיי אַרויסגעצויגן. ס׳האָט נישט געהאָלפן מײַן געבעט און געװיין, אַז מ׳האָט דאָך מיר מיט דער משפּחה אויסגעשטעלט אויף הונגערטויט — איך האָב די קאַרטן צוריק נישט באַקומען.

װי װעל איך איבערלעבן אַ חודש צײַט אָן ברויט?! כ׳בין

אַוועק פון דער אַרבעט און געלאָפן נאָך הילף פון איין אַמט צום צווייטן. האָט מען מיר געגעבן אַן עצה: מעלדן אין די בעקערײַען, אַז מײַן ברויטקאַרטע איז געגנבעט געוואָרן און — זיי זאָלן פּאַקן דעם גנב. דאָס וואָס די פּרוי איז נאָך געווען אין שפּיטאָל און די קינדער זענען אויך געווען פאַרזאָרגט, האָט דערווײַל פאַרלײַכטערט מײַן לאַגע. אָבער אָט באַדאַרף איך שוין אַהיימנעמען די פּרוי און קיין פּיצל ברויט איז אין שטוב נישטאָ. איז ווידער געשען אַ „נס": די פּרוי האָט באַקומען היץ און מ׳האָט זי געלאָזן ווײַטער אין שפּיטאָל. ענדלעך, נאָך זיבן טעג הונגערן און אינטערווענצן, האָב איך באַקומען אַ צעטל אויף איין קילאָגראַם ברויט אַ טאָג פאַר דער גאַנצער פאַמיליע ביזן סוף הודש.

גלײַכצײַטיק מיטן אויסגעפּועלטן קילאָ ברויט האָט זיך די פּרוי אומגעקערט פון שפּיטאָל. נאָר קיין מנוחה האָבן מיר נישט געהאַט. עטלעכע טעג שפּעטער איז אונדזער עלטערער יינגעלע קראַנק געוואָרן אויף אַ לונגען־אָנצינדונג און די טעמפּעראַטור איז געשטיגן פון טאָג אויף טאָג. דער טערמאָמעטער האָט שוין געוויזן פערציק גראַד און העכער. קיין מיטלען אַראָפּצוזעצן די היץ איז נישט געווען. דערצו האָט זיך נאָך צוגעקלעפּט אַ געפערלעכע הויטקראַנקייט, וועלכע רופט אויף אַרויס אַ שטאַרק געהעכערטע טעמפּעראַטור. און דאָ האָט מען מיך אַרויסגערופן אין וואָיענקאָמאַט: „שוין זיך גרייטן אין וועג אַרײַן". איך האָב קוים־קוים זיך אָפּגעבעטן אויף פינף טעג. אַ קאָנסיליום האָט פעסטגעשטעלט, אַז דאָס קינד איז צוליב דער הויכער היץ אין סכנה, ווײַל קיין שום מיטל צו פאַרקלענערן די היץ איז אין קראַסני יאַר נישטאָ. מיר האָבן געוואַכט איבערן קינד בײַ טאָג און בײַ נאַכט און געגעבן אים יעדע פופצן מינוט, אָנשטאָט מעדיצינען, לעפעלעך מילך, זופּ, גלוקאָזע אָדער קאַמפער־טראָפּנס. אויפן אַכטן טאָג פון דער קראַנקייט איז דאָס קינד שוין געלעגן אָן באַוווסטזײַן. די טעג און נעכט האָבן זיך געשלעפּט פאַמעלעך, און מיר האָבן כסדר געוואַכט בײַ זײַן בעטעלע, פאַרמאַטערטע, נישט אויסגעשלאָפענע און נישט געגעסן — פונעם באַקומענעם קילאָ ברויט פאַר דער גאַנצער משפּחה איז אַ העלפט איבערגעבליבן. אויפן עלפטן טאָג האָבן מיר באַמערקט אַן ענדערונג

צום ערגערן. די קראַנקן־שוועסטער האָט אים געמאַכט אַ קאַמפּער־איינשפּריצונג. די דאָקטאָרין האָט געגלייבט, אַז דאָס איז דער קריזיס. אויב די היץ וועט נעמען שטאַרק פאַלן, זאָל מען מאַכן נאָך אַן איינ־שפּריצונג. אָבער זי איז נישט געפאַלן. דאָס קינד איז געלעגן מיט פאַרגלייזטע אויגן. זיינע מחשבות האָבן זיך געדרייט אין אַנדערע וועלטן. ער האָט אַרויסגעבראַכט ווערטער, וואָס מיר האָבן נישט פאַרשטאַנען. דער קאָנסיליום האָט דאָס מאָל דערקלערט, אַז די לאַגע איז כמעט האָפענונגסלאָז. וואָס ווייטער, אַלץ ערגער. די דאָקטאָרין האָט שוין מער דאָס קינד נישט באַטראַכט און אַפילו קיין שטאַרקונגס־מיטלען, ווי קאַמפּער און גלוקאָזע־פּולווער, נישט פאַרשריבן.

— דאָס איז די גסיסה. — האָט זי דערקלערט און איז אַוועק־געגאַנגען.

מיר האָבן ווייטער געוואַכט איבער אים און אַלע פּופצן מינוט אַריינגעגאָסן אים עפּעס אין מיילכל. אַרום צען אַ זייגער ביי נאַכט איז די פרוי שוין געפאַלן פון די כוחות און איך האָב קוים געפּועלט ביי איר, זי זאָל גיין זיך צולייגן אַ ביסל. איך בין געבליבן זיצן אַליין, צו קעמפן, מישטיינס געזאָגט, מיטן מלאך־המות. מיינע געדאַנקען זענען אַוועקגעלאָפן אויף צוריק מיט צוויי און אַ האַלב יאָר, ווען דאָס קינד איז געבוירן געוואָרן אין גלובאָק, און דוד באָרנשטיין איז צו מיר צוגעשטאַנען, איך זאָל אים דערלויבן איינאָרדענען דעם ברית... אין מיין פאַרצווייפלונג האָב איך געמורמלט: „דוד באָרנשטייק, ווו ביסטו איצט? צי לעבסטו נאָך? אָדער די היטלער־באַנדעס האָבן דיך שוין דערמאָרדעט? געדענקסטו, ווי דו האָסט אונדז דעמאָלט, נאָכן ברית, געזאָגט: „פון מיינע סנדקאות וואַקסן אויס אַזעלכע געזונטע ריזן־יונגען״? זע, אין וואָס פאַר אַ צושטאַנד אונדזער גרשון ליגט איצטער...״.

די טרערן, וואָס האָבן ערשט פאַרפלייצט מיינע אויגן, זענען געוואָרן מיין געזעגענען זיך מיטן קינד, וואָס האָט אַרויסגעגעבן פון זיך לעצטע כאָרכלענדיקע טענער און שוואַך באַוועגט מיטן קעפּל אַרויף און אַראָפּ. דורך די טרערן האָב איך דערזען, ווי דאָס קינד האָט געעפנט די אייגעלעך און קוקט מיך אָן, און אַ דערציטערטער פאַרנעם איך

אַ שוואַך שטימעלע, קוים צו דערהערן: „טאַטע?"... יאָ, דאָס זענען זײַנע לעצטע מינוטן. כ'האָב אַזוינס שוין אַ מאָל צוגעזען בײַ מײַנעם אַ יוגנט־חבר. ס'איז ווי אַ צאַנקענדיק ליכט, וואָס טוט פאַר אַ מאָל אַ פלעמל־אויף, כּדי אין גיכן זיך צו פאַרלעשן.

ס'איז שוין געווען האַלבע נאַכט. איך האָב נישט אַראָפּגעלאָזט דעם בליק פונעם קינדס געשלאָסענע אייגעלעך. איך באַמערק: אויף זײַן שטערנדל בלישטשעט אַ טראָפּן שווייס. נאָך אַ טראָפּן, נאָך אַ טראָפּן, און דאָס שטערנדל איז שוין נאַס. ס'האָט ווידער געעפנט די אייגעלעך, מיך דערקענט און מיט אַ שוואַך שטימעלע געבעטן אַ לעפעלע פּליסי־קייט. כ'האָב עס אים געגעבן און ער האָט עס לײַכט אַראָפּגעשלונגען. דאָס כאָרכלען האָט אויפגעהערט. די אייגעלעך איצטער, דאַכט זיך, קלאָרערע, האָבן מיך ווידער אָנגעקוקט און געוויזן אויף די פּאַפּירענע שלאַנגען, וואָס מיר האָבן אויפגעהאָנגען איבער זײַן בעטל די ערשטע טעג פון זײַן קראַנקייט. כ'האָב אָפּגעווישט דעם שווייס פון זײַן פּנימל און בין געגאַנגען אין צווייטן צימער אַ וועק טאָן די פרוי פון איר דרימל.

— שוין?!... — האָט זי אַ געשריי געטאָן, פאַרבראָכן די הענט און זיך שטאַרק פונאַנדערגעוויינט, — טאַטעלע מײַנער, וווהין ביסטו אַוועק פון מיר?

ס'איז מיר קוים געלונגען צו דערפירן צו איר באַוווסטזײַן, אַז דעם קינד איז דווקא בעסער. זי האָט נאָך אַלץ געקוקט אויף מיר מיט אומצוטרוי.

— קום, וועסטו זען — האָב איך זי מיטגעצויגן מיט זיך — און שרעק נישט דאָס קינד מיט דײַן געוויין.

און אָט האָט דאָס קינד געעפנט די אייגעלעך און אַ זאָג געטאָן:

— מאַמע! טאַטע!

מיר האָבן אים געמאָסטן די טעמפּעראַטור: 38,5. די היץ איז שטופנווײַז געפאַלן. פאַר טאָג, ווען איך האָב אָנגעקלאַפּט בײַ דער דאָקטאָרין, איז איר ערשטע פראַגע געווען:

— וואָס איז געשען?

— דאָס קינד לעבט. שוויצט. די היץ פאַלט. ס'האַלט שוין בײַ 37.

זי האָט זיך איבערגעצלמט און זיך געלאָזט גיין מיט מיר. אים באַטראַכט, האָט זי אַ מורמל געטאָן אין גרויס איבערראַשונג:

— אַזאַ נס האָב איך נאָך נישט געזען אין מײַן פּראַקטיק! ער וועט שוין בלײַבן לעבן, אויב איר וועט אים געהעריק אָפּהיטן, ווײַל די געפאַר איז נאָך נישט אַוועק.

ערשט איצט האָב איך זיך דערמאָנט, אַז איך האָב פונעם וואָיעוואָדשאַפט־ קאָמאַט באַקומען אַ פּראָלאָנגאַציע נישט מער ווי אויף פינף טעג און ס'זענען שוין אַריבער צען. אָבער — אויך דער וואָיעוואָדשאַפט־ קאָמאַט האָט פאַרגעסן מיך אַרויסצורופן. איך בין דעמאָלט אַוועק אין מײַן אַרטעל. דער פאָרזיצער האָט מיר צוגעזאָגט, אַז אויב נאָר איך וועל אַרבעטן, וועט ער זיך סטאַרען איך זאָל בלײַבן. און איך בין געבליבן.

אָבער די צרות האָבן זיך ווײַטער געצויגן. דאָס קראַנקע קינד האָט נישט געקאָנט קומען צו די כוחות צוליב דער הויטקראַנקייט. און אָט האָט ער פלוצעם ווידער באַקומען הויכע טעמפּעראַטור און ס'איז פעסטגעשטעלט געוואָרן: מאַלאַריע. דערצו נאָך האָט דאָס טעכטערל געבראַכט פון קינדערהיים אַ „מתנה‟ פאַר אירע צוויי ברידערלעך: אַ קאָקליוש. גאָר אַ גרויסער עול איז ערשט געפאַלן אויף דער מוטער. אָבער קיין שום זאַך איז פאַר איר נישט שווער געווען. זי פלעגט טראָגן ביידע קראַנקע קינדער אויף די הענט צום טײַך, וווּ די לופט איז אַ גינסטיקע פאַר די הוסטנדיקע קינדערלעך. מענטשן פלעגן צו איר טענהן: „צו וואָס מוטשעט איר זיך מיט אַזאַ פאַרזעעניש? צי גלייבט איר, אַזעלכן צו דערהאַלטן בײַם לעבן?‟. און דאָס קינד האָט באמת אויסגעזען ווי אַ פאַרזעעניש: הויט־און־בייך, באַדעקט מיט ווונדן, און סע פאַרקײַכט זיך יעדע מינוט מיטן הוסט. אָבער די מוטער האָט זיך געטאָן אירס, און די גאָלדענע ציגעלעך מיט די מלאכים־פליגל האָבן געהיטן די קינדערלעך אויך דאָ, אין ווײַטן קראַסני יאַר.

שפּעטער האָב איך זיך פונאַנדערגעקליבן, אַז די גורלדיקע וואָכן פון אונדזערע לײַדן זענען אויסגעפאַלן אין די טרויעריקע טעג בײַ ייִדן — צווישן שבעה־עשר בתמוז און תשעה־באב. דער קריזיסטאָג

ביים קינד איז געווען אום סאַמע תשעה־באב. אויסהאַלטנדיק דעם טאָג ביז האַלבער נאַכט, האָט דאָס קינד צוזאַמען מיט אונדז אַריבערגע־שפּאַנט די חורבן־טעג ביי ייִדן.

## קאַפּיטל דריי און דרייסיק

פאַר דער צייט פון אונדזער פּערזענלעכן קאָשמאַר איז דערווייל פאָרגעקומען נייעס אויפן פראָנט. נאָכן פאַרנעמען צום צווייטן מאָל ראָסטאָוו ביים דאָן, האָט זיך די אָנגרייפנדיקע היטלער־אַרמיי אַראָפּגעלאָזט אויף קאַווקאַז מיט פרישע, אויסגערוטע מאָטאָריזירטע דיוויזיעס. אַ טייל איז אַוועק, פאָרסירנדיק דעם דאָן, אויף סטאַלינגראַד. און דער ראַדיאָ האָט מיטגעטיילט: מיר האָבן פאַרלאָזט קאָטיעלניקאָוו; מיר האָבן פאַרלאָזט קלעטסקאַיאַ. דאָס האָט געהייסן: די דייטשישע חיילות דערנענטערן זיך שוין צו סטאַלינגראַד. אונדזער געגנט האָט זיך שוין גערעכנט פאַר אַ נעבן פראָנט־סטרעפּע. פון קראַסני יאַר האָט מען שוין געהאַט עוואַקויִרט דעם קאָרעיִשן קאָלכאָז און די קליינע צאָל פּוילישע בירגער. מיר — צוליב דעם וואָס איך בין געווען אַ מאָביליזירטער אויפן אַרבעטספראָנט — זענען געווען אויסגעשטעלט צו בלייבן מיט דער אָרטיקער באַפעלקערונג און באַדראָט אַריינצופאַלן צום דייטש.

ס׳זענען אַרומגעגאַנגען קלאַנגען, אַז דייטשישע עראָפּלאַנען האָבן אַראָפּגעוואָרפן פלוגבלעטלעך, וואָס רופן צו סאַבאָטאַזש אין די פאַבריקן. זיי זאָגן צו דער באַפעלקערונג, צו באַפרייען זי אין גיכן פונעם באָל־שעוויסטיש־ייִדישן יאָך. אַ גרויסער טייל פון דער באַפעלקערונג האָט אָפן אַרויסגעוויזן צופרידנקייט. אויפן באַזאַר האָט מען געקאָנט הערן:

— אין אַלץ זענען שולדיק די ייִדן.

— די מלחמה איז אויסגעבראָכן צוליב די ייִדן.

— טאָ זאָלן זיי קומען, די דייטשן. אונדז וועט ערגער נישט זיין. וואָס האָבן מיר צו פאַרלירן? סיידן דאָס שטיין אין די רייען ביי טאָג און ביי נאַכט. אויף וואָס האָבן מיר אַוועקגעגעבן אונדזערע יאָרן?

— ערגער ווי ביז איצט וועט אונדז שוין נישט זײַן, אַפילו ביי דעם טײַוול.

— די יעווריעיס און די קאָמוניסטן האָבן געמאַכט פון אונדז אַזאַ תל.

— אַליין אויפן פּראָנט זענען זיי נישט געגאַנגען און האָבן געשיקט אונדזערע מענער און זין אויפן ערשטן פייער. טאָ „שלאָגט די ייִדן און ראַטעווען רוסלאַנד"!

אמת, צום שלאָגן האָט זיך קיינער נישט געכאַפּט. דערווײַל איז נאָך דאָ געווען די סאָוויעטן־מאַכט, און פאַר כוליגאַנעריי, אַפילו אין צושטאַנד פון שכרות, איז מען שטרענג באַשטראָפט געוואָרן. אָבער רעדן האָט מען קיינעם נישט געשטערט און אַרעסטירט דערפאַר אוודאי נישט. און אָט צווישן אַזאַ באַפעלקערונג האָבן מיר עס באַדאַרפט איבערלעבן.

יוסף, דער ניקאָלאַיעווער שוסטער, איז געקומען אין אַרטעל זיך צו צערעכענען מיט דער בוכהאַלטעריע. ער האָט מיר דערציילט, אַז מאָרגן אין דער פרי פאָרן שוין אַרויס אַלע פאַררעגיסטרירטע אין וואָיענקאָמאַט אויף עוואַקואַציע און געראַטן מיר צו גיין זיך פאַר־רעגיסטרירן.

— דאָרט, — האָב איך דערווידערט, — וועט מען מיך גיכער אַוועקשיקן אויפן אַרבעטספראָנט. איך האָב נישט בדעה צו לאָזן דאָ מײַן פרוי און קינדער אויף הפקר.

מיט עטלעכע טעג פריער איז צוריקגעקומען צו אונדז מײַן ערש־טער הויפּטמײַסטער, לעאָנטיעוו, דער דאָנער קאָזאַק. זײַן אָפּטיילונג איז צעקלאַפּט געוואָרן נישט ווײַט פון דאַנען, איז ער, איינער פון די איינציקע לעבנגעבליבענע, געקומען אַהיים. אין וואָיענקאָמאַט האָט מען אים געהייסן דערווײַל אַרבעטן אין אַרטעל, ביז מע וועט אים אַרויסרופן. הערנדיק איצט מײַן שמועס מיט יוספן, האָט ער מיך אַ פרעג געטאָן:

— אויך דו ווילסט זיך אַוועקלאָזן מיט דער פרוי און קראַנקע קינדער אין די איצטיקע וועגן?

— הלוואַי וואָלט איך נאָר געקאָנט. — האָב איך אים געענטפערט.

— ווייסטו, וואָס ס׳קומט פאַר אויף די וועגן? נישטאָ קיין איין טראַנספּאָרט, וואָס זאָל נישט באַפאַלן ווערן פון דער דײַטשישער אַוויִאַציע. אונדזערער איז אין גאַנצן צעשמעטערט געוואָרן.

— און פון דעסטוועגן וואָלט איך אָנגעשטרענגט אַלע כוחות, זיך אַוועקצולאָזן פון דאַנען.

— ביסטו גרייט אײַנצושטעלן דײַן פאַמיליע אויף אַ כמעט זיכערן טויט?

— הער, זאָג איך אים, — ווען דער פּילאָט וואַרפט אַראָפּ זײַנע באָמבעס, זעט ער דען דעמאָלט אין וואָס ער צילט? אין אַ ייִדן, אַ רוס, אַ דאָנער קאָזאַק, אַ טאַטאַר אָדער אַ קאַלמיק?

— כ׳פאַרשטיי נישט, וואָס דו ווילסט דערמיט זאָגן. — קוקט ער מיך אָן פאַרוווּנדערט.

— פאַרשטיי מיך, ווען כ׳בין אַנטלאָפן צו פוס פון מערב־אוקראַיִנע, איז עס געווען נישט בלויז פון די דײַטשן, נאָר אויך פון די אוקראַיִנישע אַנטיסעמיטן. דאָס זעלבע דאָ. כ׳האָב זיך שוין גענוג אָנגעהערט וועגן ייִדן אויפן באַזאַר און אַפילו דאָ פון מײַנע אַרבעטס־חברים, די כלומרש־טע סאָוויעטישע פּאַטריאָטן. איך וויל בעסער אומקומען פון אַ באָמבאַר־דירונג פון אויבן. דער פּליִער מיינט דאָך נישט מיך, ווייל איך בין אַ ייִד. נו, און נישט שטענדיק טרעפט ער דאָך אין ציל. דאָס איז שוין אַ גורל־זאַך. איז דעריבער — „בידך אפקיד רוחי״.

איך פאַרטײַטש אים די ווערטער און פאַרענדיק:

— דאָס איז אַ ייִדישע טאָג־טעגלעכע תפילה. דעריבער וועל איך טאָן אַלץ, צו עוואַקויִרן זיך פון דאַנען.

— זאָל דיר זײַן מיט הצלחה. — האָט ער מיר צוגעווונטשן.

דער גנב פון מײַנע ברויטקאַרטן האָט זיך איצטער שוין אָפּן באַרימט מיט זײַן געלונגן שטיקל אַרבעט און ווי זיך געריצט מיט מיר.

איך האָב קוים דערשלעפּט דעם אַרבעטסטאָג. מײַן קאָפּ האָט פיבערהאַפט געאַרבעט, געמאַכט פאַרשיידענע פּלענער. געקומען אַהיים, האָב איך געראָטן דער פרוי, זי זאָל גיין מיט די קינדער צום וואָיענ־

קאָם אין זײַן פּריוואַטער וווינונג, אפשר וועט זי אויספּועלן. זי האָט גענומען דאָס פּיצעלע אויף דער האַנט,ביידע עלטערע נעבן זיך און איז אַהין אַוועק. האָט אָנגעקלאַפּט דאָרט אין טויער. ס׳איז אַרויסגעקומען דעם וואָיענקאָמס פרוי. זי האָט אונדז געקענט פון אָפּט מאָל זען.

— וואָס פאַרלאַנגט איר? — האָט זי אַ פרעג געטאָן מיט מיטגעפיל, אָנקוקנדיק דאָס נעבעכדיקע אויסזען פון דער פרוי און די קינדער.

די פרוי האָט איר דערציילט, אַז מיר דאַרפן איצט שוין צום דריטן מאָל אַנטלויפן פאַרן דײַטש. נאָר איר מאַן קאָן עס מעגלעך מאַכן, מיר זאָלן זיך אַרויסראַטעווען.

— פועלט עס בײַ אײַער מאַן. — האָט זי פאַרענדיקט מיט טרערן אין די אויגן.

זי האָט איר געהייסן צוואַרטן און איז אַרײַן אין שטוב און אַרויסגערופן דעם מאַן. אויסגעהערט מײַן פרויס בקשה, האָט ער אַ זאָג געטאָן:

— גוט. כ׳וועל אײַך דערמעגלעכן צו פאָרן מיט די מיליטערישע פאַמיליעס. קומט שפּעטער אין וואָיענקאָמאַט.

— אָבער, חבר וואָיענקאָם, — האָט זיך מײַן פרוי אָנגערופן, — ווי אַזוי וועל איך קאָנען זיך לאָזן אין וועג אַרײַן מיט אָט די פּיצלעך קינדער?

— איז וואָס ווילט איר נאָך?

— דערלויבט אויך מײַן מאַן מיטצופאָרן.

ער איז געבליבן שטיין פאַרוווּנדערט פון איר געוואַגטקייט. האָט אים זײַן פרוי אַ ווײַז געטאָן מיט דער האַנט אויף די קינדער.

— גוט. — האָט ער אַ זאָג געטאָן רויק. — קומט אַרויף צען אַ זייגער אין אָוונט אין וואָיענקאָמאַט.

אויסגעהערט דעם באַריכט פון מײַן פרוי, האָב איך גלײַך גענומען אײַנפּאַקן אונדזער „פאַרמעגן". צו דער צײַט זענען מיר אַרויף אין וואָיענקאָמאַט. דער וואָיענקאָם איז אַרויסגעקומען, האָט מיר דערלאַנגט מײַן מיליטער־ביכל און דערקלערט:

— איך באַפרײַ דיך, זאָלסט קאָנען באַגלייטן דײַן פרוי און קינדער. אָבער כדי זיך צו עוואַקויִרן, דאַרפט איר זיך ווענדן צום פאָרזיצער פון ראַיאָן־אויספיר־קאָמיטעט.

איך בין גלײַך אַוועק צו אים, אָבער גאָרנישט נישט געפּועלט. איז מײַן פרוי, ווי נאָר ס׳איז געוואָרן טאָג, ווידער אַוועק צום וואָיענקאָם אין שטוב און דערציילט דעם וואָיענקאָמס פרוי ווי די זאַך זעט אויס.

— נישט געזאָרגט, — האָט זי איר אַ זאָג געטאָן — גייט גלײַך אין וואָיענקאָמאַט. איך קום אויך גלײַך אַהין.

זי האָט געהאַלטן וואָרט, און צו אונדזער מזל איז די זאַך אויפן אָרט רעאַליזירט געוואָרן. גראָד איז אַרײַנגעקומען אַן עלטערע ייִדישע פרוי פון בעסאַראַביע און זיך געוואָנדן צום וואָיענקאָם:

— איך האָב צוויי זין אויפן אַרבעטספראָנט. איך וויל זיך עוואַקויִרן מיט מײַנע צוויי טעכטער.

— הערט אויס, — האָט ער זיך אָנגערופן צו איר, אָנווײַזנדיק אויף אונדז — אָט די פרוי מיט איר מאַן און דרײַ קינדערלעך וועלן פאָרן מיט אײַך אויף אײַער דערלויבעניש. איר מאַן איז פון איצט אָן אײַער פּלימעניק... איר האָט פאַרשטאַנען?

— פאַרשטאַנען, חבר וואָיענקאָם.

— זאָלט איר זײַן ווי אַ מומע זייערע. זיי צוהעלפן אין וועג.

## קאַפּיטל פיר און דרייסיק

איך בין באַפרײַט געוואָרן פון דער אַרבעט אין אַרטעל און האָב באַקומען אויסגעצאָלט מײַן אַרבעטסלוין. מיר האָבן באַקומען פּראָדוקטן אויף עטלעכע טעג. ווען מיר זענען מיטאָגצײַט אָנגעקומען צום טײַך, האָט מען שוין גענומען אָפּבינדן די שטריק פון דער בערלינקע. מ׳האָט פון דאָרטן גענומען שרײַען צו אונדז, מיר זאָלן לויפן שנעלער. איינער איז אונדז אַקעגנגעלאָפן, האָט גענומען פון אונדז אַ קינד מיט אַ פּעקל

און געהאָלפן אַריבערגיין. באַלד האָט זיך צערוישט דער מאָטאָר און דאָס שיפל האָט אָנגעהויבן זיך דערווײַטערן פון ברעג... טרערן פון פרייד האָבן געגומען שטיקן אין האַלדז: אַרויס פון קראַסני יאַר! ערשט נעכטן אין דער צײַט איז דאָס נאָך געווען אַ ווײַטער חלום.

אָבער די לעצטע נײַעס, וועלכע איך האָב באַוויזן צו הערן די לעצטע טעג, וואָס זענען קוים דערגאַנגען צום באַוווסטזיין, צוליב דער שפּאַנונג פון ערב דעם אָפּפאָרן, זענען ערשט אויפגעשווומען אין זייער גאַנצער מוראדיקער גרויזאַמקייט: די קאַמפן קומען שוין פאָר אין די פאָרשטעט פון סטאַלינגראַד. אויך אַהער האָט שוין דערגרייכט די מערדערישע האַנט. אין אָוונט האָט מען דערציילט, אַז די דײַטשן האָבן מיט דעסאַנטן באַזעצט די הויפּטשטאָט פון דער קאַלמיקישער אסס״ר, וועלכע גרענעצט זיך מיט אַסטראַכאַן, פונאַנדערגעטיילט דורך דער וואָלגע; אַזוי, אַז פאָרנדיק מיט דער וואָלגע איז מען אויך אין געפאַר.

צו האַלבער נאַכט זענען מיר אָנגעקומען צו דער וואָלגע. מיר זענען שוין אויף דער וואָלגע צום דריטן מאָל. אָבער אין וואָס פאַר אַ פאַרשיידענע באַדינגונגען! דאָס ערשטע מאָל האָט זיך מיר געדאַכט, אַז די וואָלגע זינגט. איך האָב געהערט איר גערויש, ווי טרייסט־קלאַנגען, געפילט ווי זי פאַרוויגט אונדז, ווי אַ מאַמע אירע קינדער. דאָס צווייטע מאָל האָט זי אונדז באַגלייט קיין קראַסני יאַר. און איצטער — וווהין פירסטו אונדז, טײַך וואָלגע? דײַנע וואַסערן שפּיגלען איצט אָפּ שרפות און רויך. וועט דעם שונא געלינגען אויך דיך צו באַהערשן?

פאַר טאָג זענען מיר אָנגעקומען קיין אַסטראַכאַן. מע האָט אונדז אײַנגעקוואַרטירט בײַ דער וואָלגע־סטאַציע, ווו מיר האָבן „געוווינט" אויף אַ באַנק. אַלע סטאַציעס בײַ דער וואָלגע זענען געווען אָנגעפּראָפּט מיט פּליטים, געקומענע פון אַלע ראַיאָנען פון אַסטראַכאַנער געגנט, פון דער גאַנצער וואָלגע־דעלטאַ. דער עולם עוואַקוירטע איז געווען אַ פאַרשיידנאַרטיקער: שפּיטעלער מיט פאַרוווּנדעטע זעלנער; קריגס־אינוואַלידן; פאַמיליעס פון העכערע קאָמאַנדירן. די עליטע איז אײַנגעקוואַרטירט געוואָרן אין פאַרשיידענע געביידעס, חוץ דעם זענען דאָ געווען פאַמיליעס פון נידעריקערע מיליטערישע באַאַמטע און אַ גאַר

קליינער פראָצענט פון אַזעלכע ווי מיר. פון דער אָרטיקער באַפעל־קערונג איז זיכער קיינער נישט געווען.

ביז דעמאָלט זענען דורך אַסטראַכאַן און דורכן קאַספּישן ים אַלע עוואַקויִרטע געפאָרן קיין גוריעוו (קאַזאַכסטאַן). אויך מיר האָבן געזאָלט פאָרן אַהין. אָבער נאָך צוויי טעג וואַרטן זענען אָנגעקומען לאַסטאויטאָס און גענומען אַוועקפירן די עוואַקויִרטע. ס'האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דער וועג קיין גוריעוו איז געשלאָסן געוואָרן: ס'איז דאָרט אַ קאַראַנטין צוליב אַן עפּידעמישער קראַנקייט. וועלן מיר דעריבער פאָרן מיט דער באַן. די לאַסטאויטאָס, וועלכע האָבן אומאויפהערלעך קורסירט, האָבן שנעל אָפּגערייניקט די סטאַציעס. צו לעצט איז געקומען אויך אונדזער ריי.

דער שאָפער האָט אָפּגעשטעלט דעם אויטאָ ביי איינעם פון די לעצטע וואַגאָנעס. אין דעם מאָמענט זענען צוגעלאָפן עטלעכע פרויען און אַרויף אויפן שאָפער מיט אַ געבייזער:

— פאַר וואָס האָסטו זיי געבראַכט דאָ אַהער? מיר האָבן דאָך אָנגעזאָגט, אַז די לעצטע וואַגאָנעס זענען באַשטימט פאַר משפחהס פון העכערע קאָמאַנדירן. דער שאָפער האָט אויף אונדז אַ קוק געטאָן אַ ביסל פאַרשעמט און אָנגעהויבן זיך פאַרענטפערן.

מיר האָבן זיך געלאָזט פאָרויס. אַ לאַנגער עשאַלאָן, כמעט הונדערט וואַגאָנעס. ווי אין אַ מוראַשניק האָבן מענטשן געאַרבעט אַרום זיי. מיר האָבן באַקומען אַ פּלאַץ אין זיבעטן וואַגאָן נאָכן לאָקאָמאָטיוו. די פרויען פון די העכערע קאָמאַנדירן, — האָב איך אַ טראַכט געטאָן, — האַלטן מסתם, אַז אין די לעצטע וואַגאָנעס איז מען זיכערער פון די דייטשישע באָמבאַרדירער, אָבער קוילן און באָמבעס פליִען דאָך נישט לויט אַ באַשטעלונג און טיילן נישט צו קיין כבוד דער עליטע פון דער געזעלשאַפט.

די פון פאָרנט צוגעשטעלטע וואַגאָנעס זענען נאָך נישט גרייט געווען אויפצונעמען די פּאַסאַזשירן. האָבן מיר זיך, ווי דער גאַנצער עולם, אַ נעם געטאָן צו דער אַרבעט: געזעגט ברעטער און איינגעאָרדנט

די פריטשעס. די אַרבעט האָט פאַרנומען עטלעכע טעג — מיר גרייטן זיך דאָך אין אַ ווײַטן וועג און אויך אַ געפערלעכן. די ליניע, מיט וועלכער מיר פאָרן, גייט דורך בערך זעכציק קילאָמעטער מזרחדיק פון סטאַלינגראַד, און דער עולם איז צוליב דעם געווען נערוועז. די ידיעות פונעם פראָנט זענען געווען דערשיטערנדיקע: די קאַמפן קומען פאָר שוין אין סטאַלינגראַד גופא, אונדזער ליניע וועט זיכער כסדר באָמ־באַרדירט ווערן. אָבער איך האָב געהאַט דאָס געפיל, אַז אונדז איז געשען דער גרעסטער נס, וואָס מיר געפינען זיך דאָ.

ענדלעך איז דער עשאַלאָן געווען גרייט צו דער רייזע. ס'זענען שוין געווען אויסגעקליבן קאָמענדאַנטן אין יעדן וואַגאָן און פונאַנדער־געטיילט פראָוויאַנט. די באַן־אַרבעטער האָבן שוין אויסגעקלאַפט מיט העמערלעך די רעדער, אַדורכגעפירט די לעצטע קאָנטראָל. אויפן האָריזאָנט האָבן זיך אין פאַרשידענע זײַטן געזען פײַערן פון שרפות. די שטימונג איז בײַ אַלעמען געווען אַ זייער אָנגעשטרענגטע. איך האָב זיך געפּאָרעט בײַ צוגרייטן אַ ביסל וואַרעם וואַסער פאַר די קינדער. מיט אַ מאָל האָט מען מיך אַ טרייסל געטאָן פאַרן אָרעם:

— בירגער, אײַערע דאָקומענטן!

פאַר מיר איז געשטאַנען אַן אָפיציר, נעבן אים צוויי באַוואָפנטע זעלנער. איך האָב אים געוויזן דעם פּאַספּאָרט.

— ווייז דאָס מיליטער־ביכל!

— אַהאַ! — האָט ער אַ זאָג געטאָן, אַרײַנקוקנדיק דערין. — אַנטלויפן ווילסטו?

— פאַר וואָס אַנטלויפן? איך האָב אַ דערלויבעניש. זי איז בײַ מײַן פרוי אָט דאָ אינעם וואַגאָן. דערלויבט מיר צוצוגיין.

— מיר קענען אײַך ווער איר זענט! — צעשרײַט ער זיך אויף מיר. — מיר וועלן קעמפן, און איר וועט אַנטלויפן? דורך וואָס פאַר אַ פּראָטעקציע האָסטו באַקומען אַ „דערלויבעניש”? קום!

איינער פון די סאָלדאַטן האָט מיך אַ שטויס געטאָן, און שוין גיי איך מיט נאָך צוויי „דעזערטירן”, אונטערגעטריבן פון די באַגנעטן. האָט דאָס דערזען מײַן פרוי, איז שנעל אַראָפּ פונעם וואַגאָן מיטן

פיצעלע אויף די הענט און צוגעלאָפן צו מיר. אָבער זי איז ברוטאַל אַוועקגעטריבן געוואָרן. איז זי מיטגעגאַנגען בײַ דער זײַט. די גרופּע „דעזערטירן" האָט זיך אַלץ פאַרגרעסערט. מיר האָבן שוין געשפּאַנט איבער די גאַסן פון אַסטראַכאַן. האָב איך אָנגעהויבן זיך בעטן בײַ מײַן פרוי:

— גיי צוריק. די קינדער זענען דאָך דאָרט אַליין. טאָמער, חלילה, וועט דער עשאַלאָן אַוועקגיין?

— איך גיי מיט, אפשר וועל איך אויספועלן, מע זאָל דיך באַפרײַען. — האָט זי געוויינט און איז ווײַטער נאָכגעגאַנגען.

אָבער אַז מע האָט אונדז געזאָגט, אַז צום וואָיענקאָמאַט איז נאָך ווײַט, האָב איך זי ווידער גענומען בעטן:

— גיי צוריק. דער עשאַלאָן איז דאָך געשטאַנען גרייט אָפּצופאָרן.

מיט טרערן אין די אויגן האָט זי זיך סוף־כל־סוף צוריקגעקערט.

אויפן פּריזיוו־פּונקט איז געווען אַ גרויסע ריי פון געכאַפּטע. ס'האָט גענוג געדויערט, ביז ס'איז געקומען מײַן ריי. איך האָב דערציילט די גאַנצע לאַגע, אין וועלכער איך געפין זיך, און פאַר וואָס כ'האָב באַקומען די דערלויבעניש:

— אַלס פוילישער בירגער, — האָב איך אויסגעלאָזט, — נעמט איר מיך דאָך נישט אויפן פראָנט. און אויפן אַרבעטספראָנט וועט מען מיך דאָרט מאָביליזירן.

— הייסט עס, אַז דײַן פרוי און קינדער געפינען זיך איצט אינעם עשאַלאָן?

איך האָב עס אים דערוויזן מיט מײַן פּאַספּאָרט. ער איז צוגע־גאַנגען צו אַ באַאַמטן:

— גיב אים אַ צייגעניש, אַז ער האָט דאָס רעכט אָפּצופירן זײַן פאַמיליע אין דער טיף פון לאַנד, נאָך אַ קאָנטראָל אויפן פּריזיווונעם פּונקט אין אַסטראַכאַן.

איך האָב באַקומען צוריק דאָס מיליטער־ביכל און דעם צוגאָב־דאָקומענט און בין אַרויס אין דרויסן. פאַרבײַגייער האָבן זיכער געמיינט, אַז אַ משוגענער לויפט עס איבער די גאַסן, זעענדיק מיך

פליען אַ דערשוויצטן מיט אַ מטורפֿער שנעלקייט. איך בין דעמאָלט טאַקע געוועזן משוגע פֿון פֿרייד. אָן אָטעם בין איך צוגעקומען צו דער באַנסטאַציע. ערשט דאָ איז מיר פֿינצטער געוואָרן אין די אויגן: דער פּעראָן, ווו דער עשאַלאָן איז געשטאַנען, איז ליידיק!

— מיט העכער אַ שעה צוריק איז דער עשאַלאָן אָפּגעפֿאָרן. — האָט מען מיר געזאָגט.

אַ צעדולטער בין איך געלאָפֿן פֿון איין מענטשן צום צווייטן מיט פֿראַגעס. כ׳האָב געוואָלט צוקומען צום דעזשורנעם פֿון דער סטאַציע, ער זאָל מיר געבן אַ מעגלעכקייט נאָכצופֿאָרן מיט אַ צווייטן צוג. מע האָט מיך אָבער צו אים נישט צוגעלאָזט. אַ פֿאַרצווייפֿלטער האָב איך זיך געלאָזט גיין צווישן שורות שטייענדיקע וואַגאָנעס.

— וועמען זוכט איר דאָ? — האָט מיך אַ פֿרעג געטאָן אַ באַן־באַאַמטער, אַוודאי באַמערקנדיק מײַן פֿאַרצווייפֿלונג.

איך האָב אים דערציילט. האָט ער מיר אַ ווײַז געטאָן אַראָפּ אונטן בײַם באַרג־שפּוע:

— אָט איז ער דאָך, דײַן עשאַלאָן. ער האָט זיך נאָר וואָס צוריק־געקערט.

יאָ. איך האָב אים דערקענט. אָן אַן אָטעם בין איך דערלאָפֿן צו אונדזער וואַגאָן. דאָ האָב איך דערהערט אַ געשריי פֿון מײַנע צוויי עלטערע קינדער:

— מאַמע! ווו ביסטו געווען? — און דעזעענדיק מיך: — דער טאַטע איז אויך דאָ!

און געווען איז דאָס אַזוי: ווען מײַן פֿרוי איז צוריקגעקומען אויף דער סטאַציע, האָט זי דערזען ווי דער לאָקאָמאָטיוו הייבט אָן רירן פֿון אָרט. זי האָט אָנגעהויבן נאָכלויפֿן מיט אַ היסטעריש געשריי: „טאַטע!״ אָט איז זי בײַם לעצטן וואַגאָן. אין דעם מאָמענט האָט זי דערפֿילט ווי דער „טאַטע״ טוט זי אַ כאַפּ, אַ הייב אויף מיטן קינד און אַ שטעל אַרײַן אין וואַגאָן.

— אַ מלאך אין געשטאַלט פֿון מײַן טאַטן האָט עס מיר געטאָן. — האָט זי געזאָגט.

געווען איז דאָס אַ יידישער פּאָלקאָווניק, וועלכער האָט באַגלייט זײַן פאַמיליע.

איז זי געפאָרן אַליין, דאָס קינד צוגעטוליעט צו זיך, און האָט געוויינט. די מיטפאָרער האָבן זי געטרייסט, אַז ביי דער נאָענטסטער סטאַציע וועט זי אַריבערגיין צו זיך אין וואַגאָן. אָבער זי האָט דאָך געוווּסט איר אומגליק, אַז מיך האָט מען אַוועקגענומען, מאָביליזירט. אָפּגעפאָרן אַ האַלבע שעה בערך, האָט דער עשאַלאָן אָנגעהויבן פאָרן אויף צוריק. פאַרשידענע ווערסיעס זענען אַרויסגעזאָגט געוואָרן. טייל האָבן געהערט פון „דער ערשטער קוועלע", אַז מ׳האָט פאַרגעסן מיטצונעמען וויכטיקע דאָקומענטן, אַנדערע האָבן געזאָגט, אַז אויף דער זעלבער ליניע פאָרט אַ צוג אַנטקעגן. אָבער איך האָב געוווּסט דאָס סאַמע ריכטיקסטע: דער צוג איז צוריקגעקומען... צוליב מיר. אין אונדזער אָפּוועזנהייט האָבן דערווײַל „בעל־רחמנותדיקע" פרויען באשלאָסן צו „זאָרגן" פאַר די צוויי לעבעדיקע יתומים, אונדזערע קינדערלעך: איינע וועט אַדאָפּטירן דאָס מיידעלע, אַ צווייטע וועט נעמען דאָס יינגעלע און — מע וועט זיך צעטיילן מיט אונדזער פאַרמעגן. און איצטער, אין אונדזער גרויסער פרייד, וואָס מיר זענען ווידער צוזאַמען, האָבן מיר גאָרנישט געפילט, ווי אונדזער עשאַלאָן איז ווידער אַוועק פון אַסטראַכאַן.

## קאַפּיטל פינף און דרייסיק

— ווייסט איר כאָטש, אַז הײַנט איז יום־כיפור? — האָט אַ פרעג געטאָן אַן עלטערער ייִד.

כ׳האָב עס, צו מײַן באַדויערן, נישט געוווּסט.

— אויב אַזוי, — האָב איך אַ זאָג געטאָן דעם ייִדן, — זענען מיר פון קראַסני יאַר אַרויסגעפאָרן ראש־השנה און איצט האַלטן מיר בײַ נעילה.

דער אַלטער האָט פאַרצויגן אַ ניגון, און אַ צווייטער ייִד האָט מיך אַ פרעג געטאָן:

— ווייסט איר, ווער ס'איז געווען דער אָפיציר, וואָס האָט אײַך פֿאַרהאַלטן? ניין? — דער הויפּט־וואָיעװאָדאָם פֿון דער סטאַציע.

— איז ווי האָט ער עס זיך אויסגעדריקט מיט אַזעלכע אַנטיסע־מיטישע ווערטער? — האָב איך אים געפרעגט נאַיִוו.

— אַלע זענען זיי אַזעלכע. — האָט ער אַ מורמל געטאָן.

— דאָס איז צוליב די ייִדישע דעזערטירן. — האָט צוגעוואָרפן אַ געלער ייִד אין די מיטעלע יאָרן, מיט אַ נישט־ראַזירטן פּנים.

— ווו האָט איר עס געזען ייִדישע דעזערטירן? — האָב איך אים אַ פרעג געטאָן?

דאָ האָט מיך אומבאַמערקט עמעצער אַ צי געטאָן פאַר אַן אַרבל, איך זאָל מיט אים נישט אײַנטענהן, און דער שמועס איז גלײַך אָפּגעהאַקט געוואָרן. ס'איז געוואָרן שטיל. נאָר די קינדערלעך, וועלכע זענען נאָך קראַנק געווען, האָבן מיט זייער קאָקליוש איבערגעריסן די שטילקייט.

די ערשטע טעג איז אונדזער נסיעה אַדורך אָן געשעענישן. דער עולם האָט אויסגעמיטן צו שמועסן. דער געלער ייִד האָט שוין געשמועסט פאַר אַלע. אַלע האָבן אים אַפּנים געקענט און אים אויסגעמיטן, ער האָט זיך אָבער אין אַלץ אַרײַנגעמישט. יעדע משפּחה האָט זיך שטילערהייט באַהאַנדלט אירע ענינים. אין וואַגאָן זענען געווען אַ צוויי צענדליק משפּחות. די אַלטיטשקע בעסאַראַבער פרוי, די „מומע" אונדזערע מיט אירע צוויי טעכטער האָבן זיך, ווי „קרובים", געהאַלטן נאָענט פון אונדז. די עלטערע טאָכטער האָט געהאַט צוויי קינדער. דאָס ייִנגערע, בערך אַ יאָר אַלט, איז פון טאָג צו טאָג אַלץ שוואַכער געוואָרן. ס'האָט געצאַנקט. דער צוג פלעגט מער שטיין ווי פאָרן. האָבן מיר אויפן דריטן טאָג פון אונדזער נסיעה מקבר געווען דאָס עופעלע, וואָס האָט נישט „אויסגעהאַלטן די לופט אינעם וואַגאָן". מיר האָבן עס אײַנגעוויקלט אין אַ ווײַס לײַלעכל, געמאַכט פון עטלעכע ברעטלעך אַן אָרונדל און עס מקבר געווען אונטער אַביימל; אָנגעשריבן זײַן נאָמען אויף אַ ברעטל, אָנגעצייכנט אַ מגן־דוידל און עס אַרײַנגעשטעלט דערנעבן.

צו טראַכטן איז געווען אַ סך, ס'האָט זיך אָבער נישט געטראַכט. דער מוח האָט זיך ווי אָפּגערוט נאָך די אַלע איבערלעבענישן, וואָס

מיר האָבן דורכגעמאַכט פאַר דעם ווינטער און זומער, ביז דער לעצטער סצענע אין אַסטראַכאַן. איך האָב זיך געפילט גליקלעך, וואָס איך בין אַרויס אַ גאַנצער, און ס׳האָט זיך בײַ אונדז ווידער באַקומען אַ חוט־המשולש — די דרײַ קינדערלעך, וואָס מיר האָבן, קאָן מען זאָגן, אַרויסגעריסן פון די נעגל פונעם מלאך־המות. אַ הייסע תפילה האָט זיך מיר געריסן פון די טיפענישן פון האַרצן:

„טײַערער פאָטער אין הימל! באַשירעם אונדזער גליק — אונדזער חוט־המשולש!"

אויפן פינפטן טאָג פון אונדזער נסיעה איז דער פרימאָרגן אויפגעגאַנגען אַ קלאָרער און טרוקענער, אָן אַ טראָפּן טוי. בולטער זענען געשטאַנען פאַר אונדז די ווײַטע שרפות און אויפרײַסן אויפן צפון־מערבדיקן האָריזאָנט. מיר זענען געשטאַנען בײַ דער סטאַציע וויעל־בלוזש כמעט אַ גאַנצע נאַכט. דאָס אָרט געפינט זיך נאָענט פון דער זאַלץ־אָזיערע באַסקונטשאַק. דער פירער פון עשאַלאָן — אַן אָפיציר פון העכערן ראַנג, אַ קריגס־אינוואַליד, וועלכער האָט אין איינעם פון די וואַגאָנעס געהאַט זײַן פרוי און קינדער — האָט געמאַכט זײַן וויזיט־שפּאַציר לענג־אויס דעם עשאַלאָן. ווי תמיד, איז ער אויך איצט געווען אויפגעלייגט און זיך געוויצלט, אָבער זײַן טאָן איז געווען אַן ערנס־טערער. אָפּגעשטעלט זיך בײַ אַ גרעסער געזעמל, וואָס האָט געשמועסט וועגן די סיבות, פאַר וואָס מיר שטייען אַזוי לאַנג אויף יעדער סטאַציע, האָט ער זיך אָנגערופן:

— רעביאַטאַ (חברה), מיר געפינען זיך אין דער סאַמע געפער־לעכסטער געגנט. ווען מיר באַווײַזן, ווי ביז איצט, איבערצוקומען אַ הונדערט קילאָמעטער, זענען מיר גערעטעוועטע.

איך האָב אין דעם מאָמענט אָנגעצונדן עטלעכע שפּענדלעך, אויפצוקאָכן אַ ביסל וואַרעמס פאַר די קינדער, ווי דאָ האָט זיך דער־הערט אַ זשומען פון עראָפּלאַנען. ווײַט און זייער הויך אין הימל האָבן זיך באַוויזן נײַן זילבערנע פינטעלעך. זיי זענען אין קאַמפּס־אָרדענונג אַריבערגעפלויגן איבער אונדז. שוין ווײַטלעך אַריבער, האָבן זיך פון זיי אָפּגעטיילט דרײַ און מיט אומגעהײַערער שנעלקייט אָנגעהויבן

אַראָפּפאַלן צו אונדז. אויגנבליקלעך האָב איך דערזען ווי אָפּגעטיילטע פון זיי לענגלעכע טיילעכלעך דערנעענטערן זיך צו אונדז. מענטשן האָבן אָנגעהויבן אין בהלה שפּרינגען פון די וואַגאָנעס און לויפן אין פעלד אַרײַן. איך האָב אַרײַנגעשריגן צו דער פרוי, זי זאָל בלײַבן אויפן אָרט און זיך אויסגעצויגן אונטערן וואַגאָן. אין דער סעקונדע האָט זיך עס אָנגעהויבן: ס׳קראַכט. אויפרײַסנדיקע באָמבעס רײַסן־מיט מיט זיך די אינגעווייידן פון ערד־טיפענישן, און אַלץ צוזאַמען פליט מיט פײַער און רויך אין דער לופטן. איך פיל דעם לופטשטויס און קלאַמער זיך מיט די הענט פעסט אין די רעלסן. די מחבלים קרײַזן אַרום מיט אַ געוווי נידעריק איבער אונדז און לײדיקן אויס זייערע זאַפּאַסן פון באָמבעס, האַרמאַטן־קוילן און לענטעס פון מאַשין־געווער. אַ גאַר שטאַרקער הילכיקער אויפרײַס פאַרטויבט די מענטשלעכע געשרייען און מיט אַ מאָל בלײַבט שטיין אַ שטילע אימה. ס׳הערט זיך דאָס זשומען פון די זיך דערווײַטערנדיקע עראָפּלאַנען, געשרייען פון קינדער און מענטש־לעכע יללות.

מאָמענטאַל האָב איך זיך געטאָן אַ שטעל אויף און אין איין סעקונדע געוואָרפן דרײַ בליקן אין דרײַ באַזונדערע ערטער: אַ בליק אין וואַגאָן — ער איז גאַנץ; די פרוי, האַלב זיצנדיק, האַלב ליגנדיק, ווי אַ הון מיט צעשפּרייטע פליגלען, פאַרדעקט מיט זיך די קינדער; אַ בליק אויפן עשאַלאָן — ער איז אײַנגעהילט אין פלאַמען און רויך, אויסער די ערשטע וואַגאָנעס; אַ בליק אויפן פעלד — קרעכצנדיקע מענטשן ווילן זיך אויפהייבן און פאַלן צוריק אַנידער. איך בין אַרײַן אין וואַגאָן:

— וואָס הערט זיך דאָ? האָט קיינעם נישט געשאַט?

— ווײַזט אויס, אַז נישט. — הער איך אַן ענטפער.

— גוט וואָס כ׳האָב דיר געזאָגט, זאָלסט בלײַבן אין וואַגאָן. — זאָג איך צו מײַן פרוי.

— איך האָב אַליין פאַרשטאַנען, אַז ס׳איז שוין צו שפּעט צו לויפן. זי — ווײַזט זי מיר אויפן מיידעלע — האָט זיך אײַנגעטוליעט אין מיר, אָבער ער, דאָס קראַנקע ייִנגעלע, איז זיך געזעסן רויִק די

גאַנצע צײַט, האָט געקײַט אַ סוכאַרל און נישט אַרויסגעוויזן קיין סימן פון שרעק.

איך בין אַרויס פון וואַגאָן. אין דער מיט פונעם עשאַלאָן האָבן זיך געזען איבערגעקערטע וואַגאָנעס, מיט די פאָדערשטע רעדער אין דער הייך, ווי זיי וואָלטן וועלן אַרויסשפּרינגען פון דער ריי; אַנדערע — אויף דער העלפט צעהאַקטע אָדער אָן דעכער און ווענט. איך בין צוגעקומען נעענטער צו די לעצטע, ס׳איז אָבער מחמת דער מוראדיקער היץ אוממעגלעך געווען צו דערנענטערן זיך צו זיי. אויף דער צווייטער ליניע זענען געשטאַנען ציסטערנעס מיט בענזין, וועלכע האָבן אויפגע־ריסן און מיט זייערע פלאַמען אַרומגעכאַפּט די לעצטע דרײַצן וואַגאָנעס. ס׳האָט זיך אָנגעהויבן אַ זעלבסטרעטונגס־אַקציע. גאָר שנעל זענען אָנגעקומען רעטונגס־קאָמאַנדעס, וועלכע האָבן מיט אַמבולאַנסן אַוועק־געפירט די שווער פאַרוווּנדעטע און גענומען אַרויסשלעפּן פון די וואַגאָנעס נאָך לעבעדיקע. קיין וואַסער צו לעשן איז נישט געווען. ס׳איז געקומען אַ באַפעל, אַלע זאָלן אַוועק פונעם עשאַלאָן ווײַט אין פעלד אַרײַן און זיך פאַרבאַהאַלטן אין די קוסטעס, ווײַל מע קאָן דערוואַרטן אַ צווייטן איבערפאַל. איך בין אַוועק מיט דער פרוי און קינדער. דער שטח איז באַלייגט געווען מיט טויטע קערפּערס. פיל זענען געטראָפן געוואָרן פון מאַשין־געווער. די געגנט, אַ האַלב מדברדיקע, האָט נישט געהאַט קיין שום געוויקסן. ערשט נאָכן דורכגיין העכער אַ קילאָמעטער האָבן זיך אָנגעהויבן באַװײַזן נידעריקע קוסטעס און האַלב פאַרטריקנטע ביימלעך. אונטער אַזאַ „פאַרזיכערונג״ האָב איך איבערגעלאָזט די פרוי און קינדער און געלאָזט זיך צוריק צום עשאַלאָן. אָט, — האָב איך געטראַכט, — האָבן מיר איבערגעלעבט אַן איבערקערעניש, ווי אין סדום און עמורה, אָבער אויף אַ פאַרקערטן אופן: דעמאָלט האָבן מלאָכים חרוב געמאַכט די שטעט פון רשעים — און היינט האָבן רשעים, די היטלער־מערדערס, געמאַכט אַ חורבן צווישן אומשולדיקע מענטשן, וואָס האָבן געוואָלט זיך ראַטעווען פונעם מלחמה־פראָנט.

כ׳האָב זיך דערנענטערט צום עשאַלאָן מיט געפילן פון פאַרצווייפ־לונג און זאָרג פאַר דעם גורל פון מײַן פאַמיליע און געמורמלט צו זיך:

גורל, גורל דו מײַן, װער קאָן דײַנע װעגן פֿאַרשטײן? האָסט אונדז אױך דאָס איצטיקע מאָל געראַטעװעט: נישט דערלאָזט מיר זאָלן באַקומען אַ פּלאַץ אין די לעצטע װאַגאָנעס, פּרױען פֿון העכערע קאָמאַנדירן האָבן אונדז פֿון זײ אַװעקגעטריבן. איצט טליִען שױן די לעצטע האַלאָװעשקעס און ס'זעען זיך אַרױס זײערע פֿאַרקױלטע קערפּערס... מ'האָט שױן אָנגעהױבן אָנפֿילן די גריבער, אױפֿגעריסענע פֿון די באָמבעס, מיט טױטע גופֿים און צעריסענע קערפּערטײלן. װי אין הינערפּלעט האָב איך געשלײַכט פֿון גרוב צו גרוב, זיך אָפּגעשטעלט און אײַנגעקוקט אין די מענטשלעכע אבֿרים פֿון פֿאַרשײדנסטן עלטער: עופּעלעך, קינדער, דערװאַקסענע און זקנים. מײַן פֿאַרשטאַרטער בליק האָט אין זיך אײַנגעזאַפּט דעם גרױל, אים קײן מאָל נישט צו פֿאַרגעסן, און מײַנע ליפּן האָבן געמורמלט פּסוקים פֿון קדיש. איך האָב צוגעזען דעם גאַנצן שױדער פֿון די לעבנגעבליבענע משפּחה־מיטגלידער, װאָס האָבן אין די קבֿרים איבערגעלאָזן די נאָענטסטע און טײַערסטע — — —

## קאַפּיטל זעקס און דרײַסיק

אין יענע טעג האָט מען נישט אָנגעזען אױפֿן סטאַלינגראַדער פֿראָנט די סאָװיעטישע אַװיאַציע. די דײַטשיש־איטאַליענישע פֿליִער האָבן באַהערשט די הימלען איבערן גאַנצן פֿראָנט. נאָך מער װי פֿאַר די דײַטשישע „יונקערס" און „מעסערשמידטס" האָבן זיך די רױט־אַרמײער געשראָקן פֿאַר די איטאַליענישע „גיטאַרעס" (גערופֿן אַזױ צוליבן גיטאַרע־קלאַנג, װאָס זײ פֿלעגן אַרױסגעבן בעתן פֿליִען). אין סטאַלינגראַד גופֿא האָבן זיך די רױטאַרמײער אײַנגעגראָבן אין די קעלערס פֿון די צעשטערטע מױערן און דאָרט אױסגעהאַלטן די לופֿט־אַטאַקעס. װען די דײַטשן פֿלעגן זיך דערנענטערן, זײַענדיק זיכער, אַז זײ װעלן שױן נישט אָנטרעפֿן אױף קײן װידערשטאַנד, פֿלעגן זײ באַגעגנט װערן מיט אַ מעכטיק פֿײַער פֿון די אײַנגעגראָבענע רױט־אַרמײער.

יעדע נאַכט פלעגן מיט דער באַנליניע, מיט וועלכער מיר זענען געפאָרן, אָנקומען אַהין פאַרשטאַרקונגען סײַ פון אַסטראַכאַנער געגנט דורכן קאַספּישן ים, סײַ מיט דער ליניע סאַראַטאָוו־ענגעלס. די דײַטשי־שע אַוויאַציע האָט געהיט די געגנט און נישט דורכגעלאָזט קיין איין טראַנספּאָרט. האָט מען דעריבער די מיליטערישע טראַנספּאָרטן דורכגעפירט אין משך פון דער נאַכט. אָבער די עשאַלאָנען מיט עוואַ־קוירטע האָט מען, פאַרשטענדלעך, געהאַלטן פאַר נישט אַזוי וויכטיק, און זיי האָבן מיט טשערעפּאַכע־טריט דורכגעמאַכט דעם געפערלעכן וועג. האָט אונדז די קאַטאַסטראָפע געטראָפן דאָ, אין וויעלבלוזש, פאַר באַסקונטשאַק, וואָס איז געווען אַ קנופּ־סטאַציע.

פון דעסטוועגן האָב איך נישט באַדויערט אונדזער אַוועקפאָרן פון קראַסני יאַר. פאַרקערט, איך האָב זיך געפילט גליקלעך, וואָס איך בין צוזאַמען מיט דער פאַמיליע און מיר אַנטלויפן וואָס ווײַטער פונעם דײַטש. איך גיב זיך איבער אַ העכערער, אומזעבאַרער קראַפט, וועלכע באַשטימט: „מי לחיים ומי למות”. איך האָב דאָס דאָך איצטער צוגעזען מיט מײַנע אייגענע אויגן. נאָר דעם געפיל פון גליק שטערן די געדאַנקען: און אַז סע וועט שוין געלונגען אונדז, די רעשטלעך פונעם עשאַלאָן, אַריבערצופאָרן דעם גיהנום־וועג, וואָס ווײַטער? אָט זענען די דײַטשן שוין אין סטאַלינגראַד, און ס׳ווערט אָפן גערעדט, אַז אויב די דײַטשן וועלן פאַרנעמען די שטאָט און דערגיין צו דער וואָלגע, וועט אויך יאַפּאַן אַרויס אין קריג קעגן ראַטנפאַרבאַנד. נאָך מיט צוויי חדשים פריִער האָט מען געהערט, אַז ראָמעלס אַרמיי האָט דערגרייכט עגיפּטן. איז זי, חלילה, דערגאַנגען צו ארץ־ישראל? און אויב די דײַטשן זאָל נאָך געלינגען צו פאַרנעמען קאַווקאַז, וועלן זיי דאָך באַהערשן דעם נאָענטן און מיטעלן מזרח, — צי וועט דעמאָלט זײַן אַ מעגלעכקייט ערגעץ ווו זיך צו ראַטעווען?

ענדלעך, צום אָוונט צו, באַפעלט מען אונדז אַלעמען אַרײַנצוגיין אין די וואַגאָנעס. צו יעדן וואַגאָן גיט מען צו אַ צענטליק מענטשן, לײַכט פאַרוווּנדעטע און פאַראַליזירטע. דער צוג באַשטייט איצט פון ווייניקער ווי אַ העלפט וואַגאָנעס. מיר פאָרן. דער לאָקאָמאָטיוו, אָן

סיגנאַלן, מיט אויסגעלאָשענע פּראָזשעקטאָרן, יאָגט מיט אַן אויסערגע־וויינלעכער שנעלקייט דורך דער פינצטערניש, ווי אין געוועט מיט דער נאַכט: ווער וועמען וועט איבעריאָגן. איך בין געלעגן מיט אָפענע אויגן און געוואָלט אַדורכדרינגען מיטן בליק די נאַכט־פינצטערניש. פון דער ווײַטן האָב איך געהערט קנאַלן, אויפרײַסן, באַגלייט מיט בליצן. מײַנע ליפּן האָבן געשעפּטשעט אַ געבעט: פיר און ברענג אונדז, גורל, צו אַ רויִק ווינקעלע, צו אַ היים; ס׳זאָל שוין נעמען אַן עק צו אונדזער נע ונד; מיר זאָלן האָבן דעם ביסן ברויט צו דער זאַט, און מיר זאָלן שוין מער פון קיין מלחמה נישט וויסן...

ס׳איז שטילער געוואָרן אין דרויסן. ס׳האָבן זיך דערהערט די ערשטע סיגנאַלן פונעם לאָקאָמאָטיוו. איז מען, הייסט עס, אַריבער די געפערלעכע זאָנע. אָן איבעררײַס זענען מיר געפאָרן ווײַטער. קיין שום פאַרהאַלטן זיך. פון צײַט צו צײַט האָט דער לאָקאָמאָטיוו פאַרלאַנג־זאַמט דעם שנעלן טעמפּ, ווי אויף אַ מינוט זיך אָפּרוען, איבערצוכאַפּן דעם אָטעם, כדי מיט אַ מינוט שפּעטער זיך לאָזן אין אַ שנעלערן פלי.

אין דער פרי האָבן מיר שוין געהאַט אַריבערגעפאָרן אויף דעם באַנקנופּ פון ענגעלס בײַ סאַראַטאָוו און זיך דערנענטערט צו דער סטאַציע אוראַלסק. און ענדלעך, נאָך אַ דרײַטאָגיקער רײַזע, זינט דעם חורבן־טאָג, זענען מיר אָנגעקומען אין קאַזאַכסטאַנער קרײַזשטאָט אַקטיו־בינסק.

אונדזער פּלאַץ אין וואַגאָן איז געווען אויף דער אונטערשטער פּאָליצע. פון די אייבערשטע צוויי האָט זיך כסדר געשיט שטויב און זאַמד און פאַרטרייסלט די קינדער די אויגן. ווען מיר זענען אָנגעקומען אַהער, האָבן זיי שוין געהאַט אַ שטאַרקע אויגן־אָנצינדונג. מיר זענען אַרײַן מיט די קליינע צוויי קינדער אין דער אַמבולאַטאָריע פון דער באַנ־סטאַציע און האָבן באַקומען פאַר זיי אַ רעצעפּט. אויפן אָרט איז קיין אַפּטייק נישט געווען. בין איך אַוועק אין שטאָט. אומגעקערט זיך צוריק מיט די אויגן־טראָפּנס, שוין באַנעכט פון עשאַלאָן, האָט מיר אײנער פאַרהאַלטן:

— העי, בירגער! דײַנע דאָקומענטן!

האָב איך אים געוויזן דאָס צעטל פונעם אַסטראַכאַנער מאָביליזאַ־ציע־פּונקט.

נו, ביסטו דאָך שוין טיף אין לאַנד. קום מיט מיר.

— אָבער דערלויב מיר אַוועקצוגעבן די רפואה פאַר אַ קראַנק קינד.

— קום מיט מיר! — טוט ער אַ געשריי און שטרעקט צו מיר אויס אַ רעוואָלווער.

באַלד האָב איך זיך געפונען, צוזאַמען מיט נאָך צוויי, אַרומ־געריגלט פון אַ קאָנוואָי אונטער ביקס און באַגנעט. אין וואָיענקאָמאַט האָט מיך אויסגעהערט אַ נאַטשאַלניק. איך האָב אים אויפגעקלערט, אַז אונדזער דערלויבעניש איז צו פאָרן קיין נאַמאַנגאַן־פערגאַנער טאָל צו קרובים, וועלכע וווינען דאָרט. ווי וועט זיך די פרוי אָן עצה געבן אין וועג מיט דריי פּיצלעך קינדער? האָט דער נאַטשאַלניק מיך געשיקט צוריק מיט אַ בריוו צום מיליטער־נאַטשאַלניק פון דער באַנסטאַציע, ער זאָל קאָנטראָלירן די ריכטיקייט פון מײַנע רייד. איבערגעלייענט דעם בריוו, האָט דער נאַטשאַלניק מיך אַרײַנגעפירט אין וואַגאָן:

— ווער איז דאָ די פרוי פון דעם מאַן?

— איך. — האָט די פרוי געענטפערט אַ דערשראָקענע.

— וויפל קינדער האָט איר?

— דרײַ.

— ווו זענען זיי?

— אָט דאָ שלאָפן זיי.

די אַלטע בעסאַראַבער פרוי, וואָס אויף איר דערלויבעניש זענען מיר געפאָרן, האָט געוואָלט אונדז אַ טובה טאָן, האָט זי זיך אָפּגערופן:

— ער איז מײַנער אַ פלימעניק.

— האַ, אייערער אַ פלימעניק? וועט איר צוהעלפן אייער פלי־מעניצע מיט די קינדער... און דו, — ווענדעט ער זיך צו מיר, — האָסט גאָרנישט דערציילט, אַז דו האָסט דאָ אַ מומע... כ׳גיב דיר אַ שעה צײַט אויף צוגרייטן זיך. דײַן מיליטער־ביכל בלײַבט בײַ מיר. אין אַ שעה אַרום זאָלסטו זײַן אין מיליטער־קאָמענדאַטור.

כ׳האָב געגומען טרייסטן דאָס ווײַב און זיך צוגרייטן. געעפנט דעם זאַק מיטן שוכוואַרג, האָב איך דערזען, אַז סײַ מײַנע שטיוול, סײַ דער פרויס זענען פאַרשווונדן. ווײַזט אויס, אַז אין טאָג פון דער באָמ־באַרדירונג האָט מען זיי אַוועקגענומען. צו פיל האָט זיך דער געלער ייִד דעמאָלט געפּאָרעט אין וואַגאָן, ווען אַלע זענען אַוועק... איך האָב זיך געזעגנט מיט מײַן פרוי און קינדער און בין מיט טרויעריקע געדאַנקען אַוועק צום מיליטער־נאַטשאַלניק.

דער פאַרשוין, וואָס האָט מיך דאָ בײַ טאָג פאַרהאַלטן, אַ יונג אַ ריז, וועלכער האָט נאָך זיכער נישט געהאַט פאַרזוכט דעם טעם פון מלחמה, האָט אָנגעהויבן חוזקן פון ייִדן און אָנגעוויזן אויף מיר:

— ס׳האָט זיך אים פאַרגלוסט פאָרן קעמפן, נאָר אויפן טאַש־קענטער פראָנט...

האָב איך אים גלײַך געגעבן אַן ענטפער אויף צוריק:

— און פאַר דיר איז גענוג צו קעמפן אַקעגן אַזעלכע שונאים ווי איך, אויפן אַקטיובינסקער פראָנט?

ס׳איז דערגאַנגען צו אַ סקאַנדאַל, בעת וועלכן דער מיליטער־נאַטשאַלניק האָט מיר געדראָט צו שיקן, אָנשטאָט אויפן אַרבעטספראָנט, „ערגעץ־אַנדערש". מ׳האָט מיך אַוועקגעפירט איבערנעכטיקן אין אַרעסט פון דער באַנמיליץ. איך האָב זיך אַנידערגעלייגט אויף אַ האַרטער באַנק. אַ מידער און הונגעריקער, פאַרזונקען אין טרויעריקע מחשבות וועגן מײַן צעשיידונג מיט פרוי און קינדער, בין איך אַוועקגעשווומען, צווישן וואָר און חלום, אין די צײַטן, ווען איך בין נאָך געווען אַ קינד... מײַן מאַמע האָט דערציילט פאַר אַ שכנה, ווי אַזוי מ׳האָט מיך געראַ־טעוועט פון טרינקען זיך און אַ צווייט מאָל פון פאַרבלאָנדזשען:

— ביידע מאָל האָט אים צוגעשפּילט דאָס מזל. אויך איצט וועט ער האָבן דאָס זעלבע מזל...

ווען כ׳האָב זיך אויפגעכאַפּט איז שוין געווען טאָג... מאַמע מײַנע, ווו ביסטו ערגעץ? לעבסטו נאָך? זינט יוני 1941 איז איבערגעריסן געוואָרן אונדזער בריוולעכער קאָנטאַקט. מײַנע געדאַנקען האָט באַלד איבערגעריסן דאָס דרייען פון אַ שליסל אינעם טירשלאָס. מ׳האָט מיך

ווידער אַוועקגעפירט אין וואָיענקאָמאַט. דער נאַטשאַלניק האָט איבערגע־לייענט דעם בריוו, אין וועלכן ס׳איז איבערגעגעבן געוואָרן אַלץ וועגן מיר. ער האָט מיך געשיקט צו דער מעדיצינישער קאָמיסיע. איך בין שוין געווען אין גאַנצן אָפּהעַנטיק, ס׳האָט מיך שוין מער קיין זאַך נישט אינטערעסירט.

— אויף וואָס באַקלאָגסטו זיך? — פרעגט מיך דער דאָקטאָר.

— אויף גאָרנישט. — ענטפער איך אָנגעברוגזט. — איר זענט דאָך אַ דאָקטאָר, אונטערזוכט מיך.

בײַם באַטראַכטן מײַן האַרץ האָט ער צוגערופן נאָך עטלעכע דאָקטוירים און גערעדט מיט זיי אויף אַ שפּראַך, וואָס איך האָב נישט פאַרשטאַנען. איך האָב זיך בלויז אָנגעשטויסן, אַז מײַן האַרץ קלאַפּט נישט נאָרמאַל... ווי זאָל עס קלאַפּן נאָרמאַל נאָך די אַלע איבערלע־בונגען?... אָבער פון אַרבעטספראָנט באַפרײַט מען נאָר אינוואַלידן.

דער וואָיענקאָם האָט אויסגערופן די נעמען פון די מאָביליזירטע און יעדן געזאָגט דעם נומער פון דער אַרבעטס־קאָמאַנדע, צו וועלכער ער איז צוגעטיילט געוואָרן. בײַם סאַמע סוף האָב איך דערהערט מײַן נאָמען. איך האָב באַקומען אַ נומער, אַן אויסנאַם פון אַלע אַנדערע. צי האָט דער אַנטיסעמיטישער בריוו פונעם באַן־קאָמענדאַנט געווירקט, מע זאָל מיך איינעם אַוועקשיקן ערגעץ ווו באַזונדער?

— חבר וואָיענקאָם, — האָב איך זיך געוואַנדן צו אים, — כ׳האָב געכטן באַמערקט אייער מיטגעפיל צו מײַן לאַגע. ס׳איז פאָרגעקומען אַ מיספאַרשטייעניש. דאָס וואָס די אַלטע האָט געזאָגט, אַז איך בין אירער אַ פּלימעניק, איז נישט ריכטיק. מײַן פרוי און קינדער בלײַבן אָן מיר איינזאַם און אומבאַהאָלפן. אפשר קאָנט איר מיר שיקן אויף אַזאַ אָרט, ווו די פרוי און קינדער זאָלן קאָנען זײַן מיט מיר צוזאַמען?

— וואָס פאַר אַ נומער קאָמאַנדאָ האָסטו באַקומען?

— 2070.

— טאָ וואָס ווילסטו נאָך? איך האָב דאָך דיך באַשטאָט אין אַקטיוובינסקער וואָיענטאָרג? ביסט דאָך אַ שוסטער? האָ?

— ניין, אַ שטעפּער.

— איז נאָך בעסער. וועסט דאָרט אַרבעטן בײַ דײַן פאַך.

— חבר נאַטשאַלניק, — זאָג איך מיט אַ ציטעריקער שטימע, — קאָן איך דאָ, אין אַקטיוביִנסק אײַנאָרדענען אויך מײַן פאַמיליע?

— פאַרשטענדלעך. דער וואָיענטאָרג וועט אײַך אויך פאַרזאָרגן מיט לעבנסמיטלען, ווי אַלע אירע מיטאַרבעטער, — זאָגט ער מיט אַ שמייכל.

זײַן סעקרעטאַר, אַ ייִד, וואָס האָט בײַם זעלבן טיש צוגעגרייט די רשימות, האָט זיך פונאַנדערגעלאַכט. מיט אים אויך דער וואָיענקאָם.

חבר נאַטשאַלניק, פאַר וואָס לאַכט איר פון מיר?

— נישט פון דיר לאַכן מיר, — באַרויִקט ער מיך, — מיר לאַכן פון דער פאַרזאָרגונג, מישטיינס געזאָגט, וואָס דער וואָיענטאָרג גיט זײַנע מיטאַרבעטער.

— קאָן איך באַקומען אַ דערלויבעניש צו גיין צו דער באַנסטאַציע, אפשר וועל איך באַוויַזן צו פאַרהאַלטן מײַן פאַמיליע.

— ביטע.

מיט דער דערלויבעניש בין איך אַוועק צו דער באַנסטאַציע. מײַן האַרץ האָט געקלאַפּט פון פרייד און פון שרעק: טאָמער זענען זיי שוין אָפּגעפאָרן!

אַ פּאַרסאַפּעטער, האָב איך קוים אַרויסגעבראַכט די ווערטער:

— שנעלער, קומט אַראָפּ!

— וואָס איז געשען?

— קומט אַרונטער!

דער עשאַלאָן איז געשטאַנען גרייט אָפּצופאָרן. דער לאָקאָמאָטיוו האָט סיגנאַליזירט. אַלע זענען שוין געווען אין זייערע וואַגאָנעס. ערשטער פײַף. צווייטער פײַף. דריטער פײַף, און די באַן רירט פון אָרט. די מיטפאָרער, וועלכע האָבן אַראָפּגעוואָרפן אונדזערע פעקלעך, האָבן שוין נישט באַוויזן אַראָפּצוגעבן אַ קיישל מיט אַ ביסל שפּייז.

— זאָל שוין די „מומע" אונדזערע פון דעם געניסן. פאָרט געזונט! — שיק איך זיי נאָך אַ האַנטגרוס.

## קאַפּיטל זיבן און דרייסיק

— וואָס איז געשען? ווהין נעמסטו אונדז? — האָט די פרוי געפרעגט, באַהערשנדיק זיך קוים.

כ׳האָב איר נישט געקאָנט ענטפערן. איך בין געווען גערירט. פון פרייד האָבן זיך טרערן געגאָסן איבער מײַן פּנים. מינוטן בין איך אַזוי געשטאַנען, ווי אַ געליימטער, ביז כ׳האָב איר גענומען אויפקלערן, וואָס דאָ איז געשען.

— ס׳הייבט אָן טונקל ווערן. — האָט די פרוי אַ זאָג געטאָן.

יאָ. מע דאַרף שוין גיין זוכן אַ נאַכטלעגער. מ׳זאָגט מיר, אַז נאָענט פון דער באַנסטאַציע געפינט זיך אַן עוואַקאָפּונקט. בין איך לויט דער אָנווײַזונג אַוועק אַהין.

די גרויסע געביידע פונעם קולטורהויז איז פול געווען מיט עוואַקויִרטע. אין די לאַנגע קאָרידאָרן און אין די צימערן זענען געלעגן מענטשלעכע גופים. איך האָב אין זיי, ווי אין אַ שפּיגל, דערזען זיך אַליין. פאַרחושכטע, פאַרוויסטע; נעבן זיי פּעקלעך שמאַטעס — דער באַגאַזש זייערער. גאַנצע פאַמיליעס מיט גרעסערע און קלענערע קינדער, מיט פּיצעלעך, וואָס נאָגן די אויסגעטריקנטע ברוסטן פון די מאַמעס, און אַלטע לײַט. אַ סך זיצן אויסגעטאָן, פּירן דורך אַ קאָנטראָל איבער זייערע שמוציקע העמדער און באַזײַטיקן פון זיי די פּאַראַזיטן. כ׳האָב געזוכט אַ ליידיק ווינקל פאַר מײַנע, אָבער אומעטום אָנגעטראָפן אויף דער זעלבער רייניקונגס־אַקציע. קוים געפונען אַ פרײַ שטיקל פּלאַץ, האָב איך עס אָפּגערייניקט און אַרײַנגעבראַכט אַהער מײַן משפּחה.

פון גרויס איבערראַשונג האָב איך געהאַט פאַרגעסן, אַז די קינדער דאַרפן עסן. נאָך אַ שעה שטיין אין דער ריי האָב איך זיי געבראַכט אַ קעסעלע זודיק וואַסער. פון רעסטאָראַן־פענצטערל האָט מען געטיילט פּאָרציעס זופּ און קאָטלעטן. קיין זופּ האָט שוין פאַר מיר נישט געסטײַעט. די קאָטלעטן, וואָס ס׳האָט זיך נישט געלאָזט פעסטשטעלן פון וואָס זיי זענען געמאַכט, האָבן די קינדער אויסגעשפּיגן בײַם ערשטן ביסן. אויך מיר האָבן נישט געקאָנט זיי טועם זײַן.

ס׳האָבן אָבער נישט געפעלט קיין הונגעריקע בעלנים, זיי גלײַך בײַ אונדז אַוועקצונעמען. שפּעטער האָב איך זיך דערוווּסט, אַז זיי זענען געמאַכט פון בלוט, וואָס דער רעסטאָראַן באַקומט פון שעכטהויז.

ענדלעך האָב איך זיך אַוועקגעלייגט אויסרוען. אין דער פּרי דאַרף איך זיך צושטעלן אין וואָיענקאָמאַט, אפשר וועט זיך מיר ערשט אײַנגעבן אײַנצושלאָפן. די מידקייט האָט גענומען מיך באַהערשן. די לופט ווערט אָנגעפילט מיט אַ שווער אָטעמען און כראָפּען פון די אָרומיקע גופים — — — בין איך וואַך, צי איך חלום?... איך הער צאַרטע טענער... אַ פידעלע שפּילט סאָלאָ. אַ באַס באַגלייט. דערנאָך קומען טענער פון אַ גאַנצן אָרקעסטער, מיט וועלכע דער גאַנצער זאַל פילט זיך אָן. הימלישע מוזיק. מיך שרעקט, זי זאָל זיך נישט פאַר־וואַנדלען אין דער ביזאַיצטיקער גרויל־מוזיק פון מלחמה און אומקום, און איך בעט בײַ זיך אין האַרצן: שפּילט, שפּילט. טרײַבט אַוועק מיט אײַערע צויבערקלאַנגען די שרעק פון אונדז. — — —

די מוזיק האָט זיך לסוף אײַנגעשטילט און ס׳האָט זיך דער־הערט אַ הילכיק בראַוואָ־פּאַטשערײַ. איך האָב געעפנט די אויגן און דערזען ווי אַ סך פון די עוואַקויִרטע שטייען בײַ אַ טיר, פון וועלכער ס׳טראָגט זיך דער רעש פון באַגייסטערטע אָוואַציעס. כ׳האָב זיך אויפ־געהויבן פון „געלעגער" און בין צוגעגאַנגען. ס׳איז געווען אַ קאָנצערט פון אַן אָרקעסטער אינעם טעאַטער־זאַל פון קולטורהויז, דער איינציקער זאַל, וואָס איז נישט פאַרנומען געווען פון עוואַקויִרטע.

...גליקלעכע מענטשן, — האָב איך געטראַכט, — זענט איר, אײַנוווינער פון אַקטיובינסק, וואָס איר קאָנט זיצן רויִק און הערן אַ קאָנ־צערט, בעת נישט ווײַט פון דאָנעץ, אין סטאַלינגראַד, ווי אין אַנדערע געגנטן פון גרויסן ראַטנפאַרבאַנד — פון צפונדיקן לענינגראַד ביזן דרומדיקן קאַווקאַז — הערט זיך דער כסדרדיקער קאָנצערט פון די גרעסטע מאָרד־מכשירים אין דער געשיכטע.

ביעלינקי, דער פאַרוואַלטער פון שוסטער־וואַרשטאַט בײַם וואָיענ־

טאָרג, האָט זיך שטאַרק געקרימט, ווען ער איז געקומען נאָך אונדז צום וואָיעוואָדשאַפֿט.

— דו ביסט אַ שוסטער? — האָט ער מיך אַ פרעג געטאָן.

— ניין. אַ שטעפּער.

— און דו? — האָט ער אַ פרעג געטאָן דעם צווייטן.

— אויך אַ שטעפּער.

— שטעפּערס גאָר? — האָט ער זיך געוואָנדן צום וואָיעוואָדשאַפֿט. — מיר נייטיקן זיך אין שוסטערס, האָסטו אונדז צוגעטיילט שטעפּערס.

— הער, חבר ביעלינקי! דאָס זענען די צוויי, וואָס איך האָב דיר צוגעטיילט פאַרן וואָיעוואָדשאַפֿט. זיי זענען שטעפּערס, זאָגסטו? מאַך פון זיי שוסטערס. מיך גייט דאָס נישט אָן. קיין אַנדערע מענטשן וועל איך דיר נישט געבן.

ביעלינקי האָט זיך געקווענקלט, אָבער בלית־ברירה אונטערגע־שריבן, אַז ער האָט אונדז דערהאַלטן.

אין אַ קליין, נידעריק כאַטקעלע פון ליים, אויף אַ הויף, אין אַ לענגלעך צימער, ביי אַ נידעריקן טיש, זענען געזעסן אויף בענקלעך זעקס שוסטערס און געטאָן שוסטערישע אַרבעט. דאָ האָב איך אָנגעהויבן לערנען אַ נייַ פאַך — שוסטערייַ. אָבער נאָך אַ טאָג אַרבעט האָב איך אַ פרעג געטאָן:

— חבר ביעלינקי, אפשר איז מעגלעך, איך זאָל דאָ זייַן אַ גוטער שטעפּער, איידער אַ שלעכטער שוסטער?

— אָבער מיר האָבן נישט קיין ניימאַשין.

— איז דאָס פאַרן וואָיעוואָדשאַפֿט אַזאַ שווערע זאַך צו באַקומען? ס'מעג זייַן אַפילו אַן אַלטע, איך וועל זי שוין מאַכן פאַר אַ לייַט.

אין משך פון עטלעכע טעג איז געשאַפן געוואָרן אַ ניימאַשין, און איך בין צוריק געוואָרן אַ שטעפּער. אַז אַרבעט האָב איך שוין, דאַרף מען זוכן אַ דירה. אין אַ זייַטיק אָפּגעלעגן געסל האָב איך געפונען צו דינגען אַ צימערל אַלס סובלאָקאַטאָר ביי אַן עלטער פּאָר־פאָלק, אַברהם און מיניעטשקע, ראָסטאָווער אייַנוווינער, וועלכע האָבן זיך געראַטעוועט דאָ אַהער. צוליבן אָנקומען פונעם ווינטער האָבן זיי

אונדז אָפּגעטרעטן דאָס צווייטע צימערל, כדי מיר זאָלן זיי העלפן מיטן באַהייצן. באַהייצונג איז אין אַקטיובינסק געווען גענוג טײַער, אָבער מע האָט געקאָנט באַקומען אויפן באַזאַר בהמות־מיסט, ווי אויך שטיינ־קוילן. אין אונדזער צימער איז דער סופיט געווען זייער נידעריק, אַזוי אַז מע האָט זיך געקאָנט באַוועגן דעריך נאָר אײַנגעבויגענערהייט. דאָס קאָכאייוועלע איז געשטאַנען נעבן דער טיר פון צווייטן צימערל, און אַזוי אַרום האָבן מיר גענאָסן פון דער שותפותדיקער הייצונג. פון קאָרידאָר האָט געפירט אַ טיר אין אַ צווייטער „וווינונג”, אין וועלכער ס'האָט געוווינט אַ ייִדישע פרוי, סאָניע. דער גרויסער הויף איז פול געווען אין דער לענג און ברייט מיט אַזעלכע זעמליאַנקעס ווי אונדזערע. דאָ האָבן מיר באַקומען דאָס ערשטע מקום־מנוחה.

דער ווינטער האָט זיך דערנענטערט מיט ריזנשריט. מײַנע פאַר־דינסטן זענען געווען אַזוי קליין, אַז זיי האָבן קוים געקלעקט אויף אויסצוקויפן די אָרעמע פּראָדוקטן־צוטיילונג. וועגן צוגאָב־אַרבעטן אין אָחנט איז נאָך אויך קיין רייד נישט געווען. איז דעריבער געווען פאַר אונדז אַ גוטע בשורה, אַז אין שטאָט געפינט זיך אַ פאָרשטייערשאַפט פון דער פוילישער רעגירונג אין לאָנדאָן, וועלכע גיט שטיצע די פוילישע בירגער. שפּײַז פאַר די קינדער, קליידונג, געפאַרבטע אַלטע מונדירן פון דער פוילישער אַרמיי. זענען מיר, איך און מײַן פרוי, אַוועק אַהין. אָבער בײַ די ערשטע ווערטער פונעם פוילישן דעלעגאַט האָבן מיר גלײַך דערפילט, אַז מיר האָבן געמאַכט אַ טעות:

— איר זענט דאָך סאָוויעטישע בירגער, פאַר וואָס זענט איר געקומען צו אונדז נאָך שטיצע? — האָט ער אַ זאָג געטאָן נאָכן באַקוקן אונדזערע פּאַספּאָרטן.

האָב איך אים באַוויזן אונדזערע דאָקומענטן, אַז ביזן גירוש זענען מיר געווען פוילטוסקער אײַנוווינער און געפרעגט:

— האָבן מיר דען פאַרלוירן די פוילישע בירגערשאַפט, באַקו־מענדיק סאָוויעטישע פּאַספּאָרטן און אַזילרעכט אין ראַטנפאַרבאַנד?

— איר זענט נישט מער קיין פוילישע בירגער. — האָט ער געפּסקנט.

— אַפּילו ווען דער קריג וועט זיך ענדיקן?

— כאַ־כאַ־כאַ! — האָט ער זיך ציניש צעלאַכט. — די רוסן וועלן אײַך דען אַרויסלאָזן?

— הער פֿאָרשטייער, — האָט זיך מײַן פֿרוי אָפּגערופֿן צו אים, — צו וואָס זיך פֿאַרנעמען מיט פּאָליטיק און נביאות וועגן נאָכן קריג? מיר נייטיקן זיך אין אַ ביסל שפּײַז פֿאַר דרײַ פּיצלעך קינדער.

— מיר האָבן בילכערע פֿון אײַך. — האָט ער איר אָפּגעהאַקט אין מיטן די רייד. — מיר מוזן זאָרגן פֿאַר די, וואָס זענען באַפֿרײַט געוואָרן פֿון די לאַגערן.

— און מיר זענען איצט געקומען, זיך ראַטעווענדיק פֿון סטאַלינ־גראַדער גיהנום.

— וואָס גייט עס מיך אָן! איר זענט סאָוויעטישע בירגער, גייט צו זיי! — האָט ער זיך פֿונאַנדערגעשריגן.

— טאָ גיט כאָטש אַ ביסל מאַנעקאַשע פֿאַר די צוויי פּיצלעך קינדער, וועלכע זענען נאָך אַ שווערער קראַנקהייט. — האָט מײַן פֿרוי נישט נאָכגעלאָזט.

— גייט אין נ.ק.וו.ד. זאָלן זיי אײַך אָנערקענען פֿאַר פּוילישע בירגער, וועט איר דעמאָלט באַקומען שטיצע גלײַך מיט אַלע.

מיט אַ שווער געמיט האָבן מיר פֿאַרלאָזט דעם פּוילישן דעלעגאַט און זענען גלײַך אַוועק אין נ.ק.וו.ד. אַ מיליציאָנער האָט אויפֿגענומען אונדזערע פּערסאָנאַליען און געהייסן ברענגען צו צוויי פֿאָטאָגראַפֿיעס. נאָכן ברענגען זיי האָט ער דערקלערט, אַז קיין באַשטעטיקונג קאָן ער אונדז איצט נישט געבן, אָבער אין קורצן וועט די זאַך דערליידיקט ווערן. האָבן זיך געפֿונען אַ סך גוטע פֿרײַנט, וועלכע האָבן אונדז באַדויערט: אַליין געקראָכן צו דער חיה אין פּיסק אַרײַן. מע וועט אײַך נאָך אַרעסטירן. בעסער וואָלט געווען, ווען איר „שאַפֿט זיך אײַן" אַ „דאָקומענט פֿון פּוילישער בירגערשאַפֿט"; מע קאָן עס באַקומען פֿאַר טויזנט רובל. מאַ, ווען כ'וואָלט פֿאַרמאָגט אַזאַ סכום, וואָלט איך דאָך נישט געגאַנגען צום פּוילישן דעלעגאַט בעטן אַ ביסל מאַנעקאַשע. פֿונעם גאַנצן עסק זענען מיר פֿאַרבליבן די פֿאָטאָגראַפֿיעלעך — אויס־

געמאָגערטע, פינצטערע פּנימער מיט צעשראָקענע אויגן — אַן אָנדענק, אויף אייביק צו געדענקען.

עטוואָס פאַרלײַכטערט אונדזער לאַגע אין יענער צײַט האָבן צוויי שוסטערס, דאָרטיקע אײַנוווינער. זיי האָבן מיך עטלעכע אָוונטן גענומען צו זיך אַהיים, צו העלפן זיי אויספאַרטיקן אויבערטיילן. טייל מאָל האָט די פּרוּוי באַוויזן צו פאַרקויפן עפּעס פון אונדזער פאַרמעגן, מישטיינס געזאָגט, און אײַנגעהאַנדלט אויפן באַזאַר עטלעכע קאַרטאָפל אָדער גרויפּן. ס׳האָט אונדז אויך געשטאַרקט די ערשטע גוטע נײַס פון פראָנט: ס׳איז אָפּגעשטעלט געוואָרן די דײַטשישע אָפענסיווע אויפן סטאַלינגראַדער פראָנט; די רויטע אַרמיי האָט אַדורכגעבראָכן די דײַטשישע ליניע בײַ רזשעוו; די ענגלישע אַרמיי האָט אָפּגעהאַלטן אַ גרויסן זיג בײַ על־אַלאַמיין. דאָס אַלטע פּאָר־פאָלק, בײַ וועלכן מיר האָבן געוווינט, האָט זיך מיטגעפרייט:

— אויך אונדזערע צוויי זין העלפן שלאָגן די היטלעריסטן!

ווען ס׳איז שפּעטער געמאָלדן געוואָרן, אַז די רויטע אַרמיי האָט אַדורכגעבראָכן דעם רונג אַרום לענינגראַד, און די דײַטשישע אַרמיי איז אַרומגערינגלט בײַ סטאַלינגראַד, האָט דער אַלטער אברהם אויסגעטרונקען אַ לחיים — אַ האַלב פלעשל מיט... חזיר־פעטס:

— מיניעטשקע! — האָט ער אויסגערופן, — אַז מיר וועלן גוט עסן און טרינקען, וועלן מיר איבערלעבן דעם קריג. אונדזערע זין האָבן אונדז פאַרזאָרגט, מיר זאָלן נישט דאַרפן הונגערן דאָ אין דער פרעמד.

אין עטלעכע טעג אַרום איז דער אַלטער אַרײַן אין שטוב מיט אַן אויסגעשריי:

— מיניעטשקע, איך בין געשטאָרבן!

זײַן שרעק איז געווען אַ פּריצײַטיקע. ער האָט זיך אויף דער גאַס אויסגעגליטשט און צעקלאַפּט אַ פוס. מ׳האָט אים אַוועקגענומען אין שפּיטאָל. האָט מיניעטשקע פאַר דער צײַט פון זײַן ליגן דאָרט זיך געשאַפן אַ בעסערע וווינונג. אַז זי האָט זיך אַרויסגעצויגן, איז פאַר אונדז געבליבן אַ שווער פּראָבלעם: ווי קאָנען מיר אַליין באַהייצן די וווינונג? איז דעמאָלט געקומען צו אונדז, ווי אַ „מלאך־הגואל״, די קוואַרטאַלנע:

— מע ליקווידירט שוין בײַ אונדז דעם עוואַקאָפּונקט. ס׳זענען דאָרט געבליבן עטלעכע משפחות, וועלכע מע דאַרף אײַנאָרדענען. איך וועל צו אײַך ברענגען אַ משפחה פון אַ פרוי מיט צוויי קינדער. אײַך וועט לײַכטער ווערן, ווײַל זיי וועלן באַקומען באַהייצונג פון דער שטאַט־פּאַרוואַלטונג.

ווען איך בין דעם צווייטן טאָג געקומען אַהיים, האָב איך געטראָפן ליגן אין דרײַ בעטלעך, וואָס האָבן פאַרנומען כמעט דאָס גאַנצע פאָדערשטע צימער, דרײַ פרויען מיט דרײַ קינדער. דרײַ קראַנקע פרויען, יידישע, פון פאַרשיידענע געגנטן אין ראַטנפאַרבאַנד. די פרוי ראַטנער האָט אין איר בעטל געהאַט אַ מיידל פון אַ יאָר דרײַצן־פערצן מיט אַ יינגל פון אַ יאָר זיבן־אַכט, וועלכע האָבן כסדר געפּאָדערט עסן, און זי האָט נישט געהאַט זיי צו געבן; די צווייטע, פרוי שקאָלניק, מיט אַ מיידל פון אַ יאָר צוועלף, איז געווען נאָך אַ פאַראַטיפוס; אַן אינטעליגענטע פרוי, איז זי געלעגן שטיל און זיך געסודעט מיטן מיידעלע וועגן זייערע צרות; די דריטע, בעלאַ רעבע, נאָך אַ שווערער לונגען־אָנצינ־דונג מיט אַ פּלעווריט, איז געווען אַן עלנטע — איר מיידעלע האָט מען צוגענומען אין אַ קינדערהיים.

אַזוי האָבן מיר אין יענעם פאַר אונדז שווערן ווינטער געמוזט טיילן אונדזער נויט מיט זיי. מיר האָבן זיך בלויז געזעטיקט מיט די גוטע נײַס פון די פראָנטן.

אין דער סטאַלאָווע פון וואָיענטאָרג פלעגן מיר, די מיטאַר־בעטער, באַקומען נאָך דער אַרבעט אויך אָוונטברויט — געבליבענע עסנס פונעם מיטיק. אָבער אָפט פלעגט טרעפן, אַז ס׳איז בײַ זיי גאָרנישט איבערגעבליבן, און מיר פלעגן אַוועק מיט ליידיקן. זענען מיר איין מאָל אין אַן אָוונט, אָנפאַנג פרילינג, געזעסן דאָרט, אַ גרעסערע גרופּע יידן, און געוואַרט. האָט זיך אָנגערופן איינער:

— איר ווייסט? הײַנט איז פּורים. הײַנטיקס יאָר איז אַן עיבור־יאָר, האָט זיך דער פּורים „פאַרשפּעטיקט". נאָר נישט געקוקט אויפן... „אסתר־תענית", ווײַזט אויס, אַז מיר וועלן גאָרנישט באַקומען הײַנט.

האָבן מיר אָנגעהויבן שמועסן וועגן אַמאָליקע „גוטע צײַטן" און וועגן די פּורימדיקע געבעקסן און מאכלים. אַזוי ווי מיר זענען געווען

ייִדן פון אַלע לענדער: פּוילן, רוסלאַנד, ווײַסרוסלאַנד, אוקראַיִנע, בעסאַ־ראַביע און רומעניע, האָט יעדער אויסגערעכנט וואָס ער האָט געקאָנט. ס'זענען אַרויפגעבראַכט געוואָרן אויפן טיש: המן־טאַשן, פּורים־קוי־לעטשן, מאָנקיכלעך און אַנדערע געבעקסן, דערנאָך — פּאָנטשקעס, קרעפּלעך, בלינצעס, וואַרניטשקעס און — פאַרשיידענע משקאות.

— איר ווייסט, ייִדן, — האָב איך לסוף אויסגעלאָזט, — דערפאַר װעלן מיר דעם הײַנטיקן פּורים פאַרגעדענקען לדור־דורות.

## קאַפּיטל אַכט און דרייסיק

מיטן אָנקום פונעם פרילינג האָט זיך בײַ אונדז דער מצב אַ ביסל פאַרבעסערט. כ'האָב אויסגעבאָרגט בײַ אַ שכנה אַ האַנט־ניימאַשינדל און אָנגעהויבן אויף דעם צו פאַרדינען נאָך דער אַרבעט. האָט דער גורל אונדזערער אַנדערש געוואָלט. גייענדיק איין מאָל פאַר נאַכט פון דער אַרבעט, איז מיר אַנטקעגנגעקומען די פרוי מיט אַ פּנים, וואָס האָט עדות געזאָגט, אַז עפּעס נישט קיין גוטס איז געשען. זי האָט נישט געקאָנט אַרויסברענגען פון זיך קיין וואָרט. און געשען איז אָט וואָס: צו אונדזער ייִדישער שכנה סאָניע, וועלכע האָט געוווינט אין דער זעלבער זעמליאַנקע וואָס מיר, זענען געקומען צוויי מיליציאָנערן מאַכן אַ רעוויזיע. זי האָט ווינטער געקויפט אויפן באַזאַר אַן אַלטן סוועטער. האָט אַן אָרטיקע פרוי הײַנט אים דערקענט אויף איר, אַז ער איז אירער און געמאָלדן וועגן דעם אַ מיליציאָנער. איז מען געקומען צו איר אין שטוב זוכן... נאָך געגנבעטע זאַכן. מ'האָט בײַ איר גאָרנישט געפונען. האָבן די מיליציאָנערן געוואָלט שרײַבן אַ פּראָטאָקאָל. האָט אָבער סאָניע נישט פאַרמאָגט, נישט קיין טישל, נישט קיין בענקל. האָט זיי מײַן פרוי אַרײַנגעבעטן צו אונדז. דאָ האָט איינער דערזען אויפן ניי־מאַשינדל אַ רויט לעדערל, וואָס איך האָב צום מיטיק־איבעררײַס געבראַכט אַהיים אויף אויסצופּאַרטיקן אַ פּאָר אויבערטיילן.

— האַ? וואָס איז דאָס? פון וואַנען קומט צו דיר אַ רויט

לעדערל ? — איז איינער אויפגעקאָכט געוואָרן. — מיר מוזן דאָ מאַכן אַ רעוויזיע...

זיי האָבן צונויפגענומען אַלע לעדערס אין זעקלעך, פאַרחתמעט און זענען אַוועק. זיי האָבן דיר באַפוילן קומען נאָך דער אַרבעט. — האָט זי קוים פאַרענדיקט.

כ׳האָב זי באַרויִקט. איך האָב נישט קיין מורא, ווײַל קיין געגנבעטע סחורה האָב איך נישט געהאַט. געקומען צוריק אין וואַר־שטאַט, האָבן מיר נאָך געטראָפן דעם פאַרוואַלטער ביעלינקי. ער איז געווען אַ האָמלער ייִד און האָט גוט געקענט די סאָוויעטישע באַדינ־גונגען. ער האָט זיך אַ כאַפּ געטאָן פאַרן קאָפּ:

— אַליין אַרײַנגעפירט די צרה אין שטוב אַרײַן !... אָבער וואָס פאַר אַ לעדער האָט מען בײַ דיר צוגענומען ?

— דאָס רויטע לעדערל, — האָב איך אים דערקלערט, — פון דער סעקרעטאַרין פון „אָבל־קאָמפּאַרטיי״, וואָס איר האָט איר הײַנט רעקאָמענדירט, זי זאָל עס מיר געבן צו מאַכן אויבערטיילן ; אַ לעדערל פון אַ שכן אַן נ.ק.וו.דיסט — מאַטעריִאַל אויף צוויי פּאָר שטיוול און נאָך צוויי פּאָר פאַר אַ שוסטער ; די רעשט איז מײַנע אייגענע שטיוול־פרישוועס, וואָס איך האָב מיטגעבראַכט פון די מערב־געביטן, מיט אַ ביאַליסטאָקער שטעמפּל.

— און קיין שום אַנדערע סחורות האָסטו נישט געהאַט ?... גיי איך מיט דיר אין דער מיליץ.

מיך האָט מען גלײַך אַרײַנגעפירט הינטער דער באַריער, ווי אַן אַרעסטאַנט, אים — צום אויספאָרשער. ווען ער איז אַוועק, האָט מען געפאָרשט די פרוי. צום סוף — מיך. איך האָב אָנגעגעבן אַלע פּרטים וועגן יעדן סאָרט לעדער. האָב איך אויך דערציילט וועגן מײַנע אייגענע צען פּאָר פרישוועס, וואָס איך האָב אָפּגעראַטעוועט, אַנטלויפנדיק צו פוס פונעם דײַטש, און אויך וועגן די פינף קילאָ מאַנע־קאַשע, וואָס איך האָב אויסגעשיט, נישט קאָנענדיק טראָגן מער די משא. מע האָט מיך אַרײַנגעפירט אין אַרעסט. דאָס ערשטע מאָל אין מײַן לעבן הינטער קראַטעס צוזאַמען מיט פאַרשיידענע פאַרברעכער קעגן די מלוכה־

געזעצן. איינער פון זיי האָט זיך אויפגעשטעלט און מיך שטאַרק באַטראַכט. איך האָב לויט זײַן האַלטונג פאַרשטאַנען, אַז ער איז דער „עלטסטער" פון דער קאַמער און וויל זען, וואָס פאַר אַ טיפּ ס׳איז צו אים אַרײַנגעפאַלן. ער איז אָבער, ווײַזט אויס, געווען צו שטאַרק פאַר־נומען מיטן אויסהערן אַ געשיכטע, וואָס אַ ייִדישער יונגער־מאַן האָט אים דערציילט. האָט ער, גאָרנישט זאָגנדיק, זיך צוריק אַנידערגעזעצט. ס׳איז געווען די געשיכטע פון „גראַף מאָנטע קריסטאָ" מיט אַרײַנגע־פלאָכטענע אַנדערע טיפּן נישט פונעם דאָזיקן בוך.

שפּעטער האָט מיר דער יונגער־מאַן דערציילט, אַז דער עלטס־טער פון דער קאַמער איז אַ געפערלעכער קרימינעלער פאַרברעכער. ער האָט שוין אויף זײַן געוויסן נישט איין מאָרד. דאָ זיצט ער און וואַרט אויף אַ נײַעם משפט. אָבער ער איז אַנטציקט פון די מעשיות, וואָס ער דערציילט אים. שטוקעווען ער זיי צונויף פון „גראַף מאָנטע קריסטאָ", פון „טויזנט און איין נאַכט", פון געזעענע פילמען און פון אים אַליין אויסגעטראַכטע. אים, דעם יונגן־מאַן, האָט מען אַרעסטירט פאַר נישט וועלן נעמען קיין סאָוויעטישן פּאַספּאָרט.

מיט עטלעכע וואָכן פריער האָט די נ.ק.וו.ד. אַדורכגעפירט אַ רעגיסטראַציע פון אַלע פוילישע בירגער, וועלכע האָבן איין איינציקן דאָקומענט — אַ באַשטעטיקונג פון אַ לאַגער ערגעץ ווו אין סיביר, פון וועלכן זיי זענען באַפרײַט געוואָרן נאָכן אויסברוך פון דײַטשיש־סאָוויעטישן קריג (לויטן אָפּמאַך מיט דער שיקאָרסקי־רעגירונג אין לאָנדאָן). פאַרשיידענע קלאַנגען זענען פאַרשפרייט געוואָרן וועגן דעם ציל פון דער רעגיסטראַציע, צווישן זיי אויך, אַז מע וועט אַלע פוילישע בירגער דערלויבן אַרויספאָרן קיין איראַן, וווהין ס׳איז מיט אַ יאָר צוריק אַוועק אַנדערסעס אַרמיי. אַ סברא, אַז אַ סך, וועלכע האָבן געהאַט סאָוויעטישע פּעסער האָבן זיך אײַנגעהאַנדלט אַזאַ „דאָקומענט פון פוילישער בירגערשאַפט". מע האָט עס אויך מיר געראָטן צו טאָן. אָבער איך האָב זיך פון דעם גליק אָפּגעזאָגט. מיט אַ צוויי וואָכן פריער איז אַרויס אַ פאַראָרדענונג, אַז אַלע פוילישע בירגער מוזן אַרויסנעמען סאָוויעטישע פּאַספּאָרטן. ווי אַ שווערער קלאַפּ האָט דאָס געטראָפן אַלע

„פוילישע פאַטריאָטן“ און זיי האָבן באַשלאָסן זיך אָפּצוזאָגן פון אַזאַ „גליק“. זענען אַרעסטירט געוואָרן די אַלע, וואָס האָבן זיך אָפּגעזאָגט אונטערצושרייבן אַ דעקלאַראַציע וועגן באַקומען אַ סאָוויעטישן פּאַס־פּאָרט. די ערשטע, וואָס האָבן זיך איינגעבראָכן, זענען גראָד געווען די אמתע פּאָליאַקן. יידישע פּאָליאַקן האָבן ס׳רוב לענגער אויסגעהאַלטן. איינער פון די, וועלכע האָבן אַמלענגסטן אויסגעהאַלטן אין אַרעסט, איז געווען ער, ווייל דער „עלטסטער“ האָט אים גוט טראַקטירט פאַר זיין דערציילן די אינטערעסאַנטע געשיכטעס...

— אָבער שוין מאָרגן, — האָט דער יונגער־מאַן מיר געזאָגט — וועל איך אונטערשרייבן אַ דעקלאַראַציע און ווערן באַפרייט.

אויף מאָרגן האָב איך באַקומען צוגעשיקט אַ פּעקל שפּייז. דער „עלטסטער“ האָט עס גלייך ביי מיר צוגענומען אויף צו צעטיילן. איך האָב פּראָטעסטירט. דערקלערט מען מיר, אַז אַזוי פירט זיך: יעדער באַקומט אַ גלייכן חלק, און דער „עלטסטער“ נעמט זיך אַ טאָפּעלע פּאָרציע. האָב איך אָבער געטענהט, אַז איך ווייס בעסער: דער אַרעס־טירטער האָט דאָס רעכט אַליין צו צעטיילן; נאָר אויב דער „עלטס־טער“ זעט, אַז ער צעטיילט נישט ערלעך, קאָן ער אים באַשטראָפן און צונעמען ביי אים דאָס דאָזיקע רעכט. אַזוי ווי דער יידישער יונגער־מאַן האָט אים דאָ איינגערוימט אין אויער, אַז איך בין אויך אַ פּאָליאַק און קאָן דערציילן שיינע מעשיות, האָט ער מיר געגעבן די דערלויבעניש דערויף.

ווען דער יונגער־מאַן איז אַרויס אויף דער פריי, האָב איך טאַקע געמוזט ווערן דער דערציילער. כ׳האָב אָנגעהויבן מיט וויקטאָר הוגאָס „דער גיבור אין קייטן“ און זיך נישט געניטיקט אין קיין שום אייגענע צוגאָבן. די העלדן האָבן דעם „עלטסטן“ אַזוי פאַרכאַפּט, אַז ער האָט מיך נישט פריי געלאָזן, און איך האָב געמוזט אין יעדער פרייער מינוט פאָרזעצן. זיי זענען אים אַזוי נאָענט געווען צום האַרצן, די העלדן. מיין צווייטע דערציילונג איז געווען אַלעקסאַנדער דיומאַס „דריי מושקעטערן“. דערנאָך ווידער פון וויקטאָר הוגאָס ווערק: „דער מענטש וואָס לאַכט“, „גלאָקנקלינגער פון נאָטר דאַם“ און אַנדערע.

ס׳איז שוין געווען דער פערטער טאָג פון מײַן אַרעסט. כ׳האָב יעדן טאָג באַקומען צוגעשיקט אַ פּעקל שפּייז — דער איינציקער סימן, אַז מע זאָרגט וועגן מיר. וואָס אָבער ס׳ווערט געטאָן פאַר מײַן באַפרײַונג, האָב איך נישט געוווסט. איך בין געלעגן און געטראַכט וועגן מײַן פאַמיליע: פון וואַנען וועלן זיי האָבן זיך צו דערנערן? זיי זענען דאָך אויסגעשטעלט ממש אויף הונגערטויט! אויף וועמען קאָן מײַן פרוי איבערלאָזן די קינדער, זי זאָל קאָנען טאָן עפּעס אַן אַרבעט אויף צו פאַרדינען?...

צײַט צו טראַכטן האָב איך געהאַט גענוג, ווײַל דער „עלטסטער" האָט זיך איצט פאַרנומען גאָר מיט טרעפערײַ. מע האָט אים דאָ געהאַלטן פאַר אַ גרויסן ספּעציאַליסט דערין. ער האָט עס געטאָן אויף קאָלירטע שטיינדלעך. טוט ער מיך אַ פרעג, צי איך וויל ער זאָל מיר טרעפן. אָפּזאָגן זיך דערפון האָט מיר נישט געפּאַסט און באַזונדערס — וואָס קאָן עס מיר שאַטן? האָב איך לויט זײַנע אָנווײַזונגען פונאַנדער־געטיילט די שטיינדלעך אין עטלעכע בערגלעך: ווײַסע, ברוינע, גרוילעכע און כמעט שוואַרצע...

— כאַ, כאַ, כאַ! — האָט ער זיך פונאַנדערגעלאַכט — ס׳קאָן זײַן, אַז נאָך הײַנט וועט מען דיך באַפרײַען. בײַם אויספאָרשער געפינט זיך איצט איינער אַ גרויסער פאַרטיידיקער דײַנער... איך זע, דו גלייבסט מיך נישט. אָבער גלייב מיר — ס׳איז מיר אַ שאָד, וואָס דו פאַרלאָזט אונדז אַזוי שנעל. ווער וועט מיר איצט דערציילן אַזעלכע שיינע מעשות?

בערך אין אַ שעה אַרום האָט מען מיך אַרויסגערופן צום אויספאָרשער. ער איז גלײַך אַרויס מיט לשון:

— ווער זענען עס דײַנע „גוטע פרײַנט", די פירער פון וואַיעוו־טאָרג, וואָס לאָזן מיך נישט צו רו און פאַרלאַנגען דײַן שנעלע באַ־פרײַונג? זאָג דעם אמת, וואָס פאַר אַ טונקעלע געשעפטן מאַכט איר עס דאָרט געמיינזאַם, וואָס זיי שטעלן זיך אַזוי אײַן פאַר דיר? אויך דער הויפּטפירער פון אַלע וואַרשטאַטן און דער הויפּט־נאַטשאַלניק פון

וואָיענטאָרג זענען דאָ מיט אַ שעה צוריק געווען בײַ מיר און געבעטן פאַר דיר.

כ׳האָב אים רויִק געענטפערט:

— פאַר דער קורצער צײַט וואָס איך אַרבעט דאָרט, האָבן זיי שוין געהאַט די מעגלעכקייט מיך צו דערקענען אַלס ערלעכן, איבער־געגעבענעם אַרבעטער. אַ וואַרשטאַט פאַר פּאַטשינקעס איז אַ דאַנק מיר פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ וואַרשטאַט, ווו מע מאַכט די שענסטע שיך און שטיוול. איך פיל אויס אַלס מאָביליזירטער אַרבעטער מײַנע פליכטן, ווי יעדער גוטער סאָוויעטישער בירגער. און ס׳איז פשוט נישטאָ וואָס בײַ זיי צו גנבענען: מען אַרבעט דאָך נאָר פון באַשטעל־לערס מאַטעריאַל. מיט מײַנע אייגענע פרישוועס, וואָס איך האָב אַרויס־געראַטעוועט פון די דײַטשישע הענט, האָב איך דאָך נישט ספּע־קולירט...

— אַלזאָ, מיר באַפרײַען דיך. דאָס לעדער וואָס מיר האָבן פעסט־געשטעלט זייערע אייגנטימער באַקומסטו צוריק. דײַנע אייגענע קאָנ־פיסקירן מיר...

— איך וועל זיך פון דאַנען נישט רירן, — האָב איך זיך פונאַנדערגעשריגן, — ביז איך וועל נישט באַקומען צוריק מײַן לעדער! נישט דערויף האָב איך עס געשלעפּט אויף מײַנע פּלייצעס, איר זאָלט עס קאָנפיסקירן. פאַר וואָס מעגן יענע אייגנטימער פון די אויבערטיילן פאַרמאָגן אייגן לעדער און איך נישט?...

— הער אויס, — איז ער ווייכער געוואָרן, — דערווײַל גיי צו דער אַרבעט. אין וואָיענטאָרג וואַרט מען אויף דיר. אַזוי ווי דער פּראָקוראָר ווייסט שוין וועגן דײַן אַרעסט, טאָר איך דיר דאָס לעדער נישט צוריקגעבן, איידער איך אינפאָרמיר אים. איך וועל זיך באַמיִען זאָלסט דאָס לעדער צוריקבאַקומען.

אין דער היים האָב איך זיך פון דער פרוי דערוווּסט, אַז נאָך דעם ווי די אויספאָרשער האָבן אַרויסגערופן די פאָרזיצערס פון אַלע אַרטעלן, ווו ס׳זענען לעצטנס פאָרגעקומען גניבות, און זיי האָבן אין

מײַן לעדער נישט דערקענט זײערע, זענען בײדע נאַטשאַלניקעס אַוועק אין דער מיליץ און דערקלערט:

— מיר האָבן נישט קײן רעכט זיך אַרײַנצומישן אין דײַנע ענינים. אָבער מיר װענדן זיך צו דיר מיט דער ביטע: האַלטסטו אַז ער איז שולדיק, מאַך אים אַ משפּט, זעסטו אָבער אַז ער איז אומ־שולדיק, באַפרײַ אים, װײַל צוליב זײַן אַרעסט איז דער װאַרשטאַט כמעט װי אָפּגעשטעלט...

װי אַזױ דער „עלטסטער" פֿון דער תּפֿיסה־קאַמער האָט אין יענעם מאָמענט געװוּסט, אַז אַ גרױסער פּאַרטײדיקער מײַנער אינטער־װענירט פֿאַר מיר, — לאָז איך איבער פֿאַר װיסנשאַפֿטלער, װאָס פֿאַר־נעמען זיך מיט אַזעלכע פֿאַרשונגען...

אין דרײַ טעג אַרום האָב איך — זאָל עס געזאָגט װערן צום שבח פֿונעם אויספֿאַרשער — באַקומען צוריק דאָס גאַנצע לעדער.

## קאַפּיטל נײַן און דרײַסיק

עטלעכע טעג פֿאַר מײַן באַפֿרײַונג האָט מײַן פֿרוי, כּדי צו באַזאָרגן מיך מיט אַ פּעקל שפּײַז, פֿאַרקױפֿט אויפֿן באַזאַר אירע נײַע שיך. כאָטש שוין עטלעכע מאָל געטראָגענע, האָט מען זײ איר פּשוט פֿון די הענט אַרױסגעריסן, באַצאָלט אַ גוטן פּרײַז און זיך נאָכגעפֿרעגט אויף נאָך. דאָס האָט איר אַרױפֿגעפֿירט אויפֿן געדאַנק, אַז איך דאַרף קריגן אַ שוסטער, װעלכער זאָל פֿון מײַנע אויבערטײלן אויספֿאַרטיקן גאַנצע שיך, און זי װעט זײ לײַכט פֿאַרקױפֿן אויפֿן באַזאַר. איך האָב אַזעלכן געפֿונען — דאָס איז געװען אַ ייִדישער בחור פֿון קיִעװ, װאָס איז נאָר װאָס אַרױס פֿון שפּיטאָל, אַן אינװאַליד, און אָנגעקומען צו אונדז אין װאַרשטאַט. ער איז גערן באַשטאַנען צו אַרבעטן בײַ זיך אין שטוב, און די זאַך איז אַװעקגעגאַנגען נישט שלעכט.

מיטן אָנקומען פֿונעם פֿרילינג האָבן מיר דערפֿילט, אַז װײַטער װױנען אין דעם צימערל איז פּשוט אוממעגלעך. די דרײַ פֿאַמיליעס

אין ערשטן צימערל האָבן בײַ אונדז כסדר געשאַפן דעם אײַנדרוק, אַז מיר וווינען נאָך אין עוואַקאָפּונקט מיט אַלע זײַנע בײַגעשמאַקן. האָט אונדזער שכן, דער ענקאַוועדיסט, אונדז פאַרגעלייגט צו דינגען בײַ אים אַ ליידיקע זעמליאַנקע אויפן זעלבן הויף. די באַלעבאָסטע געפינט זיך אין אַ קאָלכאָז און זי האָט אים איבערגעגעבן די שליסלען פון דער זעמליאַנקע מיט דעם רעכט זי צו פאַרדינגען. האָבן מיר, פאַר־שטענדלעך, דעם פאָרשלאָג גלײַך אָנגענומען. בעת אונדזער אַריבער־ציִען זיך האָט איינע פון אונדזערע מיטוווינערינס, בעלאַ, געקוקט אויף אונדז מיט בעטנדיקע אויגן. מיר האָבן געפילט וואָס זי טראַכט: „פאַרגעסט מיך נישט, ווי איר האָט מיר געהאָלפן דעם גאַנצן ווינטער... זי איז מער געלעגן ווי אַרומגעגאַנגען. נאָך איר שווערער לונגען־אָנצינדונג און דעם פּלעווריט האָט זי געדאַרפט גוטע דערנערונג. פון וואַנען האָט זי זיך עס געקאָנט שאַפן? דער אָפּגעשפּאָרטער ביסן, וואָס מיר האָבן איר צוגעטיילט, איז נישט געווען גענוג, נישט געקאָנט זי שטעלן אויף די פיס, האָט זי אָבער דערהאַלטן בײַם לעבן.

— ווייסטו וואָס? — האָט מיר די פרוי פאָרגעלייגט — איך וואָלט זי מיטגענומען מיט אונדז, זאָל זי וווינען מיט אונדז צוזאַמען.

— ווען דו באַשטייסט, בין איך נישט קעגן.

אַזוי אַרום איז בעלאַ געוואָרן בײַ אונדז אויף לאַנג ווי אַן אייגענע מוטער, און מיר צו איר — ווי געטרײַע קינדער. הגם אין איר בערך דרײַסיק־יעריקן עלטער איז זי נאָך פאַר אַזאַ ראָל צו יונג געווען. אָבער מיט איר פאַרעלטערטן אויסזען און רײַכער לעבנס־דערפאַרונג אין דער ראַטנפאַרבאַנדישער ווירקלעכקייט האָט זי שוין פאַר אַזאַ ראָל יאָ געפּאַסט. בעלאַ רעבע, פון דער היים בלעכער, האָט געשטאַמט פון סלאָוווטע. פון איר דערציילן האָבן מיר געוווּסט, אַז זי האָט אַ פאָטער און אַ שוועסטער אין ארץ־ישראל. פון נאָך דער חתונה האָט זי געוווינט אין נאָווגאָראָד־וואָלינסק. בעתן אויסבראָך פון דער מלחמה האָט מען איר מאַן מאָביליזירט, און זי איז געבליבן מיט צוויי קינדער: עטעלע, פון אַ יאָר זעקס, און אַ קינד פון עטלעכע

חדשים. איר מאַן האָט זיך אויסגעסטאַרעט אַ קורצן אורלויב און איר געהאָלפן זיך עוואַקויִרן. מער האָט זי פון אים נישט געהערט. דאָס פּיצל קינד איז געשטאָרבן בעת איר ערשטער עוואַקואַציע. מיטן דער־נענטערן זיך פונעם פראָנט איז זי אָנגעקומען קיין אַקטיובינסק אַ שווער קראַנקע אויף אַ לונגען־אָנצינדונג מיט קאָמפּליקאַציעס. אין דער צײַט פון איר ליגן אין שפּיטאָל איז איר עטעלע אײַנגעאָרדנט געוואָרן אין אַ קינדערהיים.

אויף דעם פרילינג און זומער האָבן מיר נאָך געהאַט גענוג שווערע צײַטן. דער יקרות איז דערגאַנגען צו אַסטראָנאָמישע צאָלן. מײַנע צוגאָב־פאַרדינסטן זענען געווען גאָר שוואַכע. דאָס צוגעטיילטע שטיקל פעלד פאַר אַ הילפסווירטשאַפט, וואָס איך האָב באַקומען פון אונדזער וואַרשטאַט גלײַך מיט אַנדערע, האָט אַחוץ אַרבעט, נאָך געפאָדערט אויסגאַבן אויף זריעה. דאָך האָבן מיר אַלץ געטאָן, אַז בעלאַ זאָל זיך שנעלער קאָנען שטעלן אויף די פיס. איר עטעלע פלעגט אָפט קומען פון קינדערהיים און פאַרברענגען מיט אונדז. אָבער דער גורל האָט בעלאַן נישט געשאַנעוועט: אין קורצן האָט מען זי אַוועק־גענומען אין שפּיטאָל אַרײַן אַ קראַנקע אויף אַ שווערער דיזענטעריע. דאָס איז געווען אַן אָפּטע דערשײַנונג בײַ די, וואָס האָבן אַ לענגערע צײַט געהונגערט און ווידער אָנגעהויבן צו עסן „נאָרמאַל". מיר האָבן געטאָן אַלץ, וואָס ס'איז מעגלעך געווען, צו שאַפן פאַר איר דיעטישע עסנס, וואָס אין שפּיטאָל האָט זי זיי נישט באַקומען. ווען זי איז געקומען אַהיים פון שפּיטאָל האָט זי דערציילט וועגן פאַרסמטע מענטשן, גע־בראַכטע אין שפּיטאָל פון קאָלכאָזן, וואָס אַ סך פון זיי זענען געשטאָרבן.

מיט אַ צײַט שפּעטער האָב איך זיך צופעליק געטראָפן מיט די שוועסטערס דאָבעלע און ליזעטשקע, אונדזערע באַקאַנטע פון קראַסני־יאַרער שפּיטאָל. פון זיי בין איך געוואָר געוואָרן, אַז די אַלע פאַרסמטע זענען געווען פון די פּאַסאַזשירן פון אונדזער עשאַלאָן. דעם רוב פון די עוואַקויִרטע האָט מען דעמאָלט אַוועקגעפירט אין מאַרטוקער ראַיאָן, צווישן אַקטיובינסק און טשקאַלאָוו, און פון דאָרט צעשיקט אין די קאָלכאָזן. דער אָנקומענדיקער ווינטער האָט זיי שווער געטראָפן. אַ סך

פון זיי זענען אויסגעשטאָרבן פון הונגער, קעלט און קראַנקייטן. ווען דער ווינטער איז אַוועק און דער שניי איז צעגאַנגען, האָבן די וואָס האָבן אויסגעהאַלטן זיך אַרויסגעלאָזט אויף די פעלדער, פולע מיט נישט אַראָפּגענומענער תבואה (אַן אָפּטע דערשיינונג אין ראַטנפאַרבאַנד צו יענער צייט), און פון דער תבואה גענומען אַהיים. זיי האָבן די קערנער געטריקנט, געמאָלן אויף האַנטמילכלעך און פון דעם מעל געבאַקן ברויט... ענדלעך איבערגעקומען די הונגערצייט! אָבער נאָכן עסן איז מען אַוועקגענומען געוואָרן אין די שפּיטעלער. די דאָקטוירים האָבן זיך געוווּנדערט: וואָס פאַר אַ מין „כאָליערע" איז דאָס אויסגעבראָכן צווישן די עוואַקויִרטע? ביז אַ מעדיצינישע קאָמיסיע האָט פעסטגעשטעלט: די תבואה־קערנער זענען פאַרגיפטעט געוואָרן אונטערן שניי במשך פונעם ווינטער. דער „מלאך־המות", וואָס האָט זיי געשאָנעוועט ביי סטאַלינגראַד אויף דער סטאַציע וויעלבלוזש, האָט געפונען אַ וועג צו זיי אין קאַזאַכסטאַן...

גורל, גורל דו מיין, האָסטו אונדז ווידער געראַטעוועט, אַוועק־זעצנדיק מיך אַ מאָביליזירטן אין וואָיענטאָרג, כדי אויף ווייטער איינהיטן די גאַנצקייט פון אונדזער משפּחהלע!

נאָך שפּעטער, אין האַרבסט, האָב איך געטראָפן יוספן, דעם ניקאָלאַיעווער שוסטער. דער רעגן און די ערשטע שנייען האָבן שוין געהאַט צעווייקט דעם אַקטיובינסקער ליימיקן באָדן, און ער איז געגאַנגען אין אַ פּאָר צעריסענע שיך. אַ שעמעוודיקער האָט ער ביי מיר געבעטן עפּעס אויף אָנצוטאָן אויף די פיס.

חוץ בעלאַן האָט זיך אין אונדזער שכנות געפונען נאָך אַ ייִדישע פרוי, וועלכע איז אונדז נאָענט געוואָרן. דאָס איז געווען סאָניע, די שכנה פון דער ערשטער וווינונג, וועלכע האָט אַ לאַנגע צייט זיך געפילט שולדיק קעגן אונדז, ווייל... צוליב איר נישט פאַרמאָגן קיין טישל צו שרייבן אויף אים אַ פּראָטאָקאָל, איז ביי אונדז געמאַכט געוואָרן אַ רע־וויזיע. זי איז געוואָרן ביי אונדז אַן אָפטער גאַסט... אויך איר טעכטערל אָקטיאַברינקע, שוין אַ צען־יעריקע, וועלכע האָט כסדר געזוכט מיט וואָס צו שטילן דעם נאָגנדיקן הונגער. די קינדער אין אַקטיובינסק האָבן

אויסגעפונען אַ מין ערזאַץ פאַר קײַגומי — מאַקוך, און זײַ פלעגן עס שטענדיק נאָגן. האָט אָקטיאַברינקע אַנטדעקט, אַז אונדזערע ליכט (קיין עלעקטרישע באַלײַכטונג האָבן מיר נישט געהאַט) זענען אויך געשמאַק און מע קאָן זיי קײַען און לאַנג נאָגן, ביז זיי צעגייען אין מויל...

סאָניעס מאַן, מאָביליזירט פון ערשטן מלחמה־טאָג, האָט פון זיך נישט געגעבן צו וויסן. האָט זי געמוזט זאָרגן אַליין פאַר איר גורל. דאָס יינגערע קינד האָט זי אײַנגעאָרדנט אין אַ קינדערהיים און אַליין איז זי אַוועק אויף אַרבעט אַלס אַ טרעגערין פון שטיינקוילן אין אַ פאַבריק. אַז עמעץ האָט איר אַ פרעג געטאָן, צי זי האָט נישט געקאָנט געפינען קיין גרינגערע אַרבעט, פלעגט זי ענטפערן מיט אַ שמייכל: „פאַר מיר איז דאָס נישט קיין שווערע אַרבעט". זי איז געווען אַ געזונטע פרוי, אין דעם אָנפאַנג דרײַסיקער יאָרן, און אויף איר אַרבעטס־פּלאַץ אַ שלאָגלערין; האָט איבערגעיאָגט אַ סך מענער־אַרבעטער. געקומען פון דער אַרבעט, פלעגן אירע מילדע אויגן אַרויסלײַכטן פונעם שוואַרצן, מיט קוילנשטויב פאַרדעקטן פּנים. אין איר איינציקן קליינעם צימערל האָט זיך בײַ איר געפונען איין איינציק „מעבל־שטיק" — אַ שעניק מיט שטרוי אין אַ ווינקל אויף דער פּאָדלאָגע. מיט איר אייגענעם גורל פלעגט זי זיך נישט אַזוי פיל איבערנעמען ווי מיטן גורל פון פאַרוואָרלאָזטע קינדער, וועלכע האָבן צו יענער צײַט פאַרפילט די באַזאַרן פון אַלע שטעט אין ראַטנפאַרבאַנד. זיי זענען פול געווען אויך אין אַקטיובינסק. זייער גרעסטע טייל איז געווען אָרגאַניזירט אין באַנדעס אונטער דער אָנפירונג פון אַן „עלטסטן". סאָניע פלעגט אויפזוכן צווישן אָט די פאַריתומטע קינדער די סאַמע אומגליקלעכסטע, די איינזאַמע, וועלכע פלעגן זיך באַנוגענען מיט בעטלען, און זיי לאָזן אין די ווינטערנעכט איבערנעכטיקן בײַ זיך אין צימערל. דאָס טאַקע האָט גורם געווען דעם חשד אויף איר מצד דער מיליץ, מע זאָל בײַ איר מאַכן אַ רעוויזיע. זי פלעגט זיך פאַרענטפערן:

— קיין עלטערן האָבן זיי נישט. פאַרלוירן זיי ערגעץ ווו אין סיביר אָדער אויפן פראָנט. אומגליקלעכע יתומים, נעבעך. איז עס נישט זייער שולד, וואָס זיי זענען דערגאַנגען צו אַזאַ מדרגה... די היגע אײַנוווינער לאָזן זיי דאָך נישט זייער שוועל אַריבערטרעטן. ווו זשע זאָלן אַזעלכע

נעכטיקן אין די ווינטער־חדשים? מער ווי דאָס שטיקל פּאָדלאָגע קאָן איך זיי טאַקע נישט געבן. זאָלן זיי כאָטש געניסן פון אַ ביסל וואַרעמקייט. קיין שטיינקוילן צום הייצן פעלט מיר נישט, זאָלן זיי זיך אויסוואַרעמען אַ ביסל.

איך גלייב, אַז אירע מילדע רייד צו זיי און איר מוטערלעך האַרץ פאַר זיי האָט זיי נאָך מער דערוואַרעמט ווי די שטיינקוילן. ס׳איז שווער געווען צו דערגיין, פאַר וואָס אָט די פּשוטע ייִדישע פרוי האָט זיך איינגעאָרדנט אויף אַזאַ שווערער אַרבעט. און אָט האָט סאָניע זיך נאָך אונטערגענומען אונדז צו העלפן באַאַרבעטן אונדזער גאָרטן. מיר האָבן געהאַט פאַרזייט קאַרטאָפל און אַ ביסל גרינצײַג. דער גאָרטן איז געווען אַ דרײַ קילאָמעטער פון אונדזער וווינונג, און מיר האָבן געמוזט אָוועקגעבן די פאַרטאָגן און פאַרנאַכטן פון די רוטעג אויף צו באַאַרבעטן אים. מיר האָבן זיך אָנגעשטרענגט צו טראָגן אַהין וואַסער פון אַ האַלבן קילאָמעטער ווײַט, ווײַל די רעגנס זענען נישט גענוג געווען. סאָניע האָט אונדז אַ סך מיטגעהאָלפן. אָבער ווען ס׳האָט אָנגעהויבן צײַטיקן האָט זיך אַרויסגעוויזן אַז ס׳זענען דאָ גענוג בעלנים צו געניסן פון פרעמדער פּראַצע. אויך דער שומר, וועלכן מיר האָבן געדונגען, האָט קיין סך נישט געראַטעוועט. אַ סברה, אַז ער האָט זיך אַליין פאַרקוקט... ער האָט עס געטאָן באַרעכנט: אונטערגעגראָבן די ערד זײַטיק, נישט צעשטערנדיק דעם אייבערשטן קוסט, און צוריק פאַרגלעט. וועגן דעם האָט מען זיך דערוווּסט ערשט שפּעטער, בײַם אויפגראָבן דאָס געוועטעניש.

אַזוי איז אונדז צעשטערט געוואָרן די האָפענונג, אַז אונדז וועט געלונגען צוגרייטן שפּײַז אויפן קומענדיקן ווינטער. אויך סאָניעס הילף האָט גאָרנישט געהאָלפן. אָבער דער דורכפאַל האָט אונדז שוין געטראָפן אין אַ ביסל אַ בעסערער צײַט, ווען קיין הונגער האָבן מיר שוין נישט געליטן און געקאָנט זיך טיילן מיט אונדזער ברויט, ווי פריִער מיט אונדזער נויט. מיט וועמען זיך צו טיילן האָט נישט געפעלט.

## קאַפּיטל פערציק

אָנפאַנג זומער איז געקומען די באַלעבאָסטע פון דער זעמליאַנקע, ווו מיר האָבן געוווינט. זי איז שטאַרק איבערראַשט געוואָרן, דערזעענדיק ווינען אין איר שטוב פרעמדע מענטשן. „יאַ כאַזשאַיקאַ" (איך בין די באַלעבאָסטע) — האָט זי אַרויסגעזאָגט די צוויי רוסישע ווערטער מיט אַ קאַזאַכישן אַקצענט. מיר האָבן איר אָנגעוויזן אויפן שכן, וועלכער האָט אונדז די דירה פאַרדונגען. זי איז אַ צעטומלטע אַוועק צו אים. דער ענ־קאַווועדיסט האָט פאַרמיטלט, זי זאָל בלײַבן וווינען מיט אונדז צוזאַמען אין ערשטן צימערל, ווו ס'איז געשטאַנען בעלאָס בעטל. די באַלעבאָסטע אונדזערע, באַיאַן האָט זי געהייסן, איז געווען אַן איינזאַמע פרוי, נישט לאַנג נאָך דער חתונה. דער מאַן איז געווען מאָביליזירט. זי האָט זיך אין משך פון אַ קורצער צײַט גוט אײַנגעלעבט מיט אונדז. הגם זי האָט קיין רוסיש (אויסער געציילטע ווערטער) נישט געקאָנט, האָט מען זיך גאַנץ גוט פאַרשטענדיקט. מיט דער צײַט האָבן מיר אָנגעהויבן פאַרשטיין אַ סך פון איר שפּראַך. „נאַן זשאָק" (נישטאָ קיין ברויט) — פלעגט זי זאָגן און אָפט עס פון אונדז באַקומען. מיר האָבן זיך אויך צוגעוווינט צו אירע מאָנאָטאָן־צעצויגענע לידער. זי האָט געהאַט נישט קיין שלעכטע שטים.

אוודאי האָבן אונדז אַפילו אין די בעסערע צײַטן קיין צרות נישט אויסגעפעלט. מײַן פרוי האָט ווידער אָנגעהויבן לײַדן פון די גאַלשטיינער, קיין מעדיקאַמענטן זענען נישט געווען, קיין דיעטע־דערנערונג אויך נישט. גאַנץ אָפט האָט די פרוי געמוזט ליגן צו בעט, און בעלאַ האָט איר פאַרטרעטן בײַ די קינדער, ווי אַ מאַמע. אָבער די צרות זענען פון צײַט צו צײַט פאַרגיטיקט געוואָרן. יענעם סוף זומער איז אונדזער שטוב אַ ביסל אויפגעריכט געוואָרן גאָר מיט אַן אַנדער זאַך.

גלײַך פון די ערשטע טריט אין ראַטנפאַרבאַנד האָב איך זיך אָנגעשטויסן, אַז מע קאָן באַקומען אַ פאַרבינדונג אין שטוב אַרײַן מיטן שטאָטישן ראַדיאָ־קנופּ, דורך אַ הילכער, אָדער בלויז דורך הערטרײַבלעך. פאַרמאָגן אַן אייגענעם ראַדיאָ־אַפּאַראַט איז געווען פאַרבאָטן. אָבער אין

יעדער שטאָט און שטעטל איז געווען אַ ראַדיאָ־קנופּ, וועלכער האָט טראַנסמיטירט פאַר די איינוווינער נייס און ראַדיאָ־פּראָגראַמען; יעדע שטאָט האָט באַשטימט איר אייגענעם פּראָגראַם.

אויף וויפל וואָלט אונדז לײַכטער געווען דאָס לעבן, האָב איך איין מאָל אַ זאָג געטאָן צו מײַן פרוי, ווען מיר וואָלטן געווען האָבן אַזאַ פאַרבינדונג יענעם ווינטער אין קראַסני יאַר, ווען מיר האָבן געלעבט אין קעלט און פינצטערניש, די פענצטער מיט ראָגאָזשעס פאַרקלאַפּט.

נישט פאַרמאָגנדיק קיין זייגער, האָב איך קיין מאָל נישט געוווּסט די שעה, שטענדיק געלעבט אין שרעק, טאָמער פאַרשפּעטיק איך צו דער אַרבעט, פאַר וואָס ס׳האָט געדראָט אַ משפּט. אויך דאָ אין אַקטיובינסק האָבן מיר זיך שוין גענוג אָנגעליטן צוליב דעם. און אָט האָבן מיר אַזאַ פאַרבינדונג מיטן ראַדיאָ־קנופּ ענדלעך באַקומען! און אַז ס׳גייט צו בעסערס, גייט עס פון אַלע זײַטן. שפּאַצירנדיק איין מאָל אין אַ פרײַען טאָג בײַ דער באַנסטאַציע, האָב איך אין אַ קיאָסק פון צייטונגען און ביכער דערזען ייִדישע ביכער.

— קאָן איך די ביכער קויפן?

— פאַר וואָס נישט? איר דאַרפט זיי אויף פּאַפּיר? איך קאָן אײַך געבן ביליקערע.

— ניין, נישט אויף פּאַפּיר. — האָב איך געשמייכלט. — דאָס זענען ביכער אין מײַן שפּראַך.

כ׳האָב גענומען צו איינצלנע עקזעמפּליאַרן פון אַלע אויסגאַבעס. אַלץ צוזאַמען האָט באַטראָפן דעם סכום פון אַ האַלבן קילאָ ברויט אָדער אַ קילאָ קאַרטאָפל באַזאַר־פּרייז. אַז איך בין אַהיים געקומען, האָט זיך אויך מײַן פרוי דערפרייט: ביכער פון די בעסטע ייִדיש־סאָוויעטישע שרײַבער! מיט אונדז צוזאַמען האָט זיך אויך געפרייט אונדזער גיטעלע: פאַר איר איז געווען אַ לידער־ביכעלע פון מאַרשאַקן אין ייִדישער איבערזעצונג און איציק קיפּניסעס קינדער־מעשהלעך. איצט האָבן מיר שוין דעם פּסוק: „לא על הלחם לבדו יחיה האדם" געקאָנט טײַטשן מיטן ריכטיקן פּשט — דער מענטש דאַרף האָבן אויך גייסטיקע שפּײַז, אָנשטאָט

וואָס פריִער האָט מען געטײַטשט — צו ברויט דאַרף מען האָבן אויך אַ שטיקל פּוטער...

דאָס לעבן איז אונדז אַ סך, אַ סך לײַכטער געוואָרן. די ברכה: „ברוך השם יום־יום" — געלויבט איז גאָט יעדן טאָג, איז אונדז נישט אַראָפּ פון די ליפּן. יעדער טאָג האָט געבראַכט גוטע נײַס סײַ פון די פראָנטן, סײַ פון באַזאַר. מ'האָט זיך געפרייט מיט יעדער קלייניקייט, וואָס מע האָט געקאָנט זיך אײַנשאַפן צום עסן און נאַשן פאַר די שוואַכע קינדער. טייל מאָל איז דאָס געווען אַן עפּעלע פאַר דרײַסיק רובל, וואָס די פרוי האָט עס צעטיילט אויף דרײַ חלקים, אַ מאָל — אויף פיר, פאַר נאָך אַ קינד. אַ מאָל איז דאָס געווען אַ מילגרוים, אַ שטיקל שאָקאָלאַד, אַ שאַכטעלע ביסקוויטן, אַ ביסל מישמיש, אָדער גאָר אַ געפלאָכטענע „הבדלה" פון פאַסן געטריקנטע מעלאָנען, אַ מאָל, אין אַ גאָווינע, אַ פּאָר ראָזשינקעס. דאָס פלעגן דורכפאָרנדיקע רויטאַרמייער פון די דרום־געביטן מיטברענגען און פאַרקויפן די אַקטיובינסקער סוחרטעס בײַ דער באַנ־סטאַציע, וועלכע פלעגן עס מיט גרויסע פאַרדינסטן פאַרקויפן אויפן באַזאַר.

גייענדיק איין מאָל אין אַ פּראָסטיקן וויכטעדאָג מיט דער פרוי אויפן באַזאַר, דערהער איך ווי עמעץ רופט מיך בײַם נאָמען.

— דערקענסט מיך נישט? — קומט יענער צו — כ'בין דאָך יקותיאל.

יקותיאלן האָב איך טאַקע גוט געקענט — אַ יונגער בחור, אונדזערער אַ לאַנגיעריקער שכן פון צווייטן הויף, אָבער נישט דערקענט אים אין זײַן איצטיקן אויסזען און לבוש... פון אים זענען מיר געוואָר געוואָרן, אַז ער און צוויי קוזינען געפינען זיך אין אַקטיובינסקער „קאָמ־בינאַט", מאָביליזירטע אויפן אַרבעטספראָנט. מיר האָבן אים גלײַך גערופן אַהיים. געגעבן אים צו דערוואַרעמען זיך. פון אַ האַלבן ברויטל האָט ער גענומען בלויז אַ פּענעצל, הגם זײַן אויסזען האָט נישט געוויזן, ער זאָל זײַן זאַט.

— פאַר וואָס עסטו נישט? — האָבן מיר אים געפרעגט און צעשניטן דאָס ברויט.

— ווי קאָן איך זיך דערלויבן אויפעסן אײַער ברויטנאָרמע ?

מיר האָבן געמוזט אים שטאַרק בעטן ער זאָל עסן :

— זאָרג נישט פאַר אונדז. מיר וועלן זיך שוין, ווי עס איז, אַן עצה געבן. מיר האָבן אַליין איבערגעלעבט אַזעלכע שווערע צײַטן.

מיר האָבן אים געבעטן קומען אַ צווייט מאָל מיט זײַנע קרובים. בײַ זייער אַרײַנקומען איז אונדז היימלעכער געוואָרן, הגם זייער אויסזען האָט אונדז טרויעריק געמאַכט. זעליק און מאיר, צוויי שוואָגערס, וואָס האָבן געהאַט צוויי שוועסטערס פאַר פרויען, האָבן זיך געפונען אויף פאַרשיקונג אין קאָמי א.ס.ס.ר. פאַר נישט וועלן אַרויסנעמען אין יאָר 1940 קיין סאָוויעטישע פּעסער. לעצטנס האָבן זיי געוווינט מיט זייערע פרויען און אַ מוטער אין אַ שטעטל טשו, אין קאַזאַכסטאַן. אין זייער אייגענער איצטיקער נויט האָבן זיי זיך געזאָרגט וואָס דאָרט זענען זייערע נאָענטסטע נאָך אין ערגערע באַדינגונגען.

— אפשר מעגן מיר מיטברענגען אַהער אויך אַ טייל פון אונדזערע חברים ? ווייל ווען זיי קומען אין שטאָט, האָבן זיי נישט וווהין אַרײַנ־צוגיין זיך אָנצוואַרעמען.

— אדרבה. אַ וואַרעם גלאָז טיי וועלן זיי שטענדיק באַקומען. אויך עפּעס צום פאַרבײַסן.

דער אַקטיובינסקער „קאָמבינאַט״, וועלכער האָט זיך געפונען אַ זעקס קילאָמעטער פון דער שטאָט און איז געווען פאַרבונדן מיט איר מיט אַ קליינבאַן, איז באַשטאַנען פון אַ ריזן־לאַגער מיט אַ סך טויזנטער אַרעסטירטע, וועלכע האָבן געבויט אַ שטאָל־און אײַזן־גיסערײַ. דאָרט זענען אויך געווען אַ סך דורך דעם אַקטיובינסקער און אַנדערע וואָיענ־קאָמאַטן פון קאַזאַכסטאַן מאָביליזירטע אויפן אַרבעטספראָנט. אויך איך האָב מן־הסתם געזאָלט זײַן צווישן זיי... דער אויסזען פון די מאָביליזירטע, וועלכע פלעגן קומען אויפן באַזאַר זיך ראַטעווען פון דער הונגער־נאָרמע, איז געווען מער ווי טרויעריק. זיי האָבן, ווײַזט אויס, געדענקט דאָס ווערטל : „די הויזן צו פאַרזעצן און אַ גביר צו זײַן״, האָבן זיי געפּרוווט זיך ראַטעווען מיט די הויזן, אויסטוישנדיק זיי אויף אַלטע, צעריסענע, כדי

צו באַקומען עפּעס צוגעצאָלט, וואָס האָט געסטײַעט אויף אַ רעפּטל קלעפּיק ברויט. טייל מאָל האָבן זיי די הויזן אין גאַנצן פאַרהאַנדלט און דעם געפּרוירענעם גוף אַרומגעוויקלט מיט אַן אַלטער שמאַטעדיקער קאָלדרע. אין אַזאַ הולך האָבן מיר דערזען אויך אַ טייל פון אונדזערע נײַע און אַלטע באַקאַנטע.

נאָך דעם איז אַדורך אַ צײַט און יקותיאל איז נישט געקומען.

— יקותיאל, פאַר וואָס ביסטו אַזאַ לאַנגע צײַט נישט געקומען? וואָס איז געשען?

— אַז איך קום, נייט איר מיך צו עסן. ווי קאָן איך זיך דערלויבן כסדר אויפצועסן אייער ברויטנאָרמע?

ס'איז אונדז שווער אָנגעקומען אים איבערצוצייגן, אַז ער דאַרף נישט זאָרגן וועגן אונדז. מיר וועלן נישט פאַרהונגערט בלײַבן.

פון דאַן אָן איז בײַ אונדז אין שטוב היימישער און פריילעכער געוואָרן — אַ צווייטע היים פאַר אַ צענדליק יונגע־לײַט, און מ'האָט אויך געקאָנט אומגעשטערט אַדורכלופטערן די געדאַנקען...

יקותיאלן איז געווען שווער זיך צוצופּאַסן צו די באַדינגונגען פון אַרבעטספּראָנט. קיין פּאַך, וואָס זאָל אים געבן אַ מעגלעכקייט זיך צו פאַרלײַכטערן, האָט ער נישט געהאַט. האָט ער כסדר געגלייבט, אַז דער איינציקער וועג פאַר אים איז — גיין אין דער פּוילישער אַרמיי. דאָך האָט ער זיך עטלעכע מאָל געלאָזט איבערצייגן, אַז הגם דאָס איז אַ ריכ־טיקער וועג, איז עס אָבער נישט פאַר אים: די פּוילישע אַרמיי זוכט נישט אַזעלכע ייִדישע קאַנדידאַטן.

אַנדערש האָבן זיך אײַנגעאָרדנט זײַנע קוזינען. זעליק, אַ גוטער שנײַדער, האָט שנעל געפונען אַ מעגלעכקייט זיך אַרויסצובאַקומען פון זײַן נויט און קאָנען זאָרגן וועגן אַריבערברענגען די פרויען פון יענעם פאַר־וואָרפענעם שטעטל.

— צוזאַמען וואָלט אונדז געווען אַ סך לײַכטער. — האָט ער זיך פאַר מיר פאַרטרויט.

מיטן אָנקומען פונעם זומער איז דער ענין געוואָרן אַקטועלער. דאַן

האָב איך אָנגעהויבן אויסנוצן מײַנע קאַנטשאַפטן אין אַלע נייטיקע קרײַזן, צווישן וועלכע ס׳זענען געווען אײַנגייער אין וואָיעװאָדשאַפֿט־װאַרשטאַט, אָנהייבנדיק פונעם גאָרסאָוועט און ענדיקנדיק מיט דער נ.ק.וו.ד... און אין אַ געוויסן טאָג איז זעליק באַזאָרגט געווען מיט אַלע נייטיקע פּאַפּירן, געפּאָרן און אַראָפּגעבראַכט די צוויי פרויען מיט זייער מוטער. און די שמחה און היימלעכקייט איז בײַ אונדז נאָך פאַרגרעסערט געוואָרן.

# קאַפּיטל איין און פערציק

צו יענער צײַט האָב איך שוין געהאַט געשלאָסן קאַנטשאַפּטן מיט אַ צאָל רוסישע ייִדן. מיט אייניקע — גאָר נאָענטע. חוץ די עטלעכע ייִדן, וואָס האָבן געאַרבעט אין שוסטער־וואַרשטאַט, טייל פון זיי מלחמה־אינוואַלידן, אויסגעהיילטע פון זייערע ווונדן אין די אַקטיובינסקער שפּיטאָלן, זענען אין די וואָיענטאָרג־וואַרשטאַטן געווען כמעט בלויז ייִדן. איינער פון זיי, לאָמיר אים רופן אַברהם — אַ ייִד אין די מיטעלע יאָרן, אַ גוטער באַלמעלאָכע, פלעגט מיט מיר אָפטער שמועסן אויף טעמעס וואָס זענען ווײַט אַריבער דעם דערלויבטן. ווי אַ געבוירענער און דערצויגענער אין אַ גרויסער אוקראַיִנישער שטאָט מיט אַ ברייט פאַרצווײַגטער ייִדישער קולטור, איז ער גוט באַהאַוונט געווען אין אַלע ייִדישע ענינים. איין מאָל האָט ער זיך געקלאָגט פאַר מיר אויף זײַן שווערער לאַגע: צוויי זין אויפן פראָנט; ער אַליין איז שוין נישט קיין יונגער מאַן און מוז האָרעווען, אויך נאָך דער אַרבעטסצײַט, אויסצוהאַלטן די משפּחה; אַ שנור מיט אַן אייניקל איז אויך מיט אים.

— וואָס באַקלאָגט איר זיך אַזוי — האָב איך אים אַ פרעג געטאָן

— וואָס באַדאַרף איך שוין זאָגן? בײַ מיר ציט זיך שוין די מלחמה דרײַ און אַ האַלב יאָר, און בײַ אײַך האָט זי זיך דאָך אָנגעהויבן ערשט אין יוני 1941, קוים אָנדערטהאַלבן יאָר.

ער האָט אַ קוק געטאָן אַרום זיך און מיך אָנגעכאַפּט מיט דער לינקער האַנט בײַם אַקסל און מיט דער רעכטער זיך בײַם האַרצן, ווי אַ ווייטיק וואָלט אים דאָרט אַ קלעם געטאָן:

— וואָס? וואָס האָט איר געזאָגט? אָנדערטהאַלבן יאָר? אָנדערט־האַלבן יאָר לײַד איך? בײַ מיר ציט זיך די מלחמה... שוין אַכט און צוואַנציק יאָר!

ער האָט עס מיט אַזאַ ווייגעשריי אַרויסגעריסן פון טיפן האַרצן, אַז כ׳האָב אים געגלייבט. ער האָט דעם חשבון געמאַכט פון יאָר 1915...

צווישן מײַנע נאָענטע באַקאַנטע זענען געווען יידן פון אָדעס, קיִעוו, כאַרקאָוו, האָמעל, מינסק, אויך לענינגראַדער און מאָסקווער. אָבער בלויז בײַ געציילטע האָב איך געוווּנען דעם פולשטענדיקן צוטרוי, זיי זאָלן זיך דערלויבן אַרויסברענגען פאַר מיר ווערטער, וואָס זאָלן מיך מאַכן שטוינען. זיי זענען אַלע, אויסער איינעם, געווען נישט קיין רעליגיעזע, אָבער אין זיי האָט געשטעקט דאָס פּינטעלע ייד. אַ סך פון זיי האָבן מיך אויסגעפרעגט וועגן דעם יידישן לעבן אין פּוילן און אַנדערע יידישע ישובים אין דער וועלט און אין ארץ־ישראל. כמעט אַלץ וואָס איך האָב זיי דערציילט איז פאַר זיי געווען אַ נײַעס. זיי זענען ביז איצט געווען ווי הערמעטיש אָפּגעשלאָסן מיטן „אָקטאָבער־רינג" אין אַ פאַרמאַכטן לאַגער, וואָס האָט געהייסן ס.ס.ס.ר. ערשט פון מיר האָבן זיי זיך דערוווּסט וועגן דעם לעבן פונעם פּוילישן און ליטווישן יידנטום, וועגן דעם חלוצישן אויפבוי פון ארץ־ישראל.

זייערע הערצער האָבן זיך נאָך מער געעפנט נאָך דעם פּראָצעס פון אַ שוסטער אין אונדזער וואַרשטאַט, אַן אוקראַיִנער — לעבעדענקאָ. ער איז מיט אַ צען יאָר צוריק אַרויסגעשיקט געוואָרן אַהער פון דניעפּראָפּעטראָווסק. די ערשטע חדשים נאָך מײַן קומען אַהער פלעגט ער מיך אָפט מיטנעמען צו זיך אַהיים, ווו איך פלעג אים אין די אָוונט־שעהען אויספאַרטיקן אויבערטיילן. דאָס איז געווען אַ טיפּישער אוקראַיִנער אין פופציק־יעריקן עלטער. זײַן איינציקער זון איז געווען אויפן פראָנט, מעגלעך אַן אָפיציר, אָבער געווען אין מיליטערישן אָרקעסטער. אַן אײַנגעפונדעוועטער באַלעבאָס, מיט אַן אייגענע שיינע שטוב און אַ הויזווירטשאַפט, אַ מעלקענדיקע קו און עטלעכע ציגן. אַלס שוסטער האָט ער אין די אָוונט־שעהען זייער שיין צופאַרדינט. פון דעסטוועגן פלעגט ער זיצן אין וואַרשטאַט מיט אַ פול מויל טענות צו אַלץ און אַלעמען. ער האָט זיך נישט געשראָקן צו רעדן ווערטער, וואָס אַ צווייטער האָט מורא געהאַט אַפילו צו טראַכטן.

איין מאָל, אין אַ פאַרמיטאָג, האָט מיך דער פאַרוואַלטער איבער

די וואַרשטאָטן אײַנגערוימט אין אויער: „בעת דעם מיטיק־איבעררײַס גיי אין דער מיליטער־שול פאַר אינפאַנטעריע און פרעג זיך צום חבר איקס, — ער באַדאַרף דיך האָבן".

אַרײַנגעקומען, האָב איך געטראָפן אַ באַקאַנטן אָפיציר, אַן אָפטער אײַנגייער צו אונדז אין וואַרשטאַט.

„זיץ" — האָט ער מיר געזאָגט און דערלאַנגט צום פאַררייכערן, ארײנקוקנדיק אין פאַפּירן, וואָס זענען געלעגן פאַר אים אויפן טיש.

ענדלעך האָט ער גענומען מיך אויספרעגן וועגן מײַנע פאַמיליע־אָנגעלעגנהייטן, וועגן דער אַרבעט אין וואַרשטאַט, די מענטשן וואָס אַרבעטן דאָרט, און דערנאָך אָנגעהויבן שטעלן קאָנקרעטע פראַגן:

— ווי אַזוי רעאַגירן די אַרבעטער אויף פאַרשיידענע געשעענישן?

— ווי סאָוויעטישע אַרבעטער דאַרפן רעאַגירן — האָב איך געענטפערט.

— אַלע? טרעט קיינער נישט אַרויס קעגן דער רעגירונג?

— כ'מיין אַז נישט. טוט דען נישט די רעגירונג בראש מיטן חבר סטאַלין אַלץ, וואָס שנעלער צו באַזיגן אונדזער אַלעמענס שונא, די דײַטשישע פאַרכאַפּער?

— און לעבעדענקאָ? — פאַלט שאַרף די פראַגע. — ער רעדט אויך נישט?... וואָס האָסטו זיך פאַרטראַכט? כ'האָב דאָך דיך געפרעגט, וואָס רעדט לעבעדענקאָ?

— איך הער זיך נישט צו צו זײַנע רייד. ער זיצט אין דער צווייטער זײַט וואַרשטאַט, און שטעפּנדיק אויף מײַן ניימאַשין הער איך נישט וואָס עס רעדן אַפילו די, וואָס זיצן נעענטער צו מיר.

— וואָס דערציילסטו מיר מעשיות, אַז דו הערסט נישט! נישט שטענדיק ביסטו פאַרנומען בײַ דער מאַשין. זײַ וויסן, אַז מיר ווייסן וועגן אַלע געשפּרעכן, וואָס איר פירט אין וואַרשטאַט.

— טאָ צו וואָס פרעגט איר מיך?

— איך דאַרף, דו זאָלסט עס באַשטעטיקן.

— אָבער איך בין די לעצטע צײַט ווײניק אין וואַרשטאַט. זינט

מײַן פרוי באַקומט אַטאַקן אויף די גאַלשטײנער, נעם איך אָפּט די אַרבעט אין שטוב אַרײַן.

— און ביז די פרוי איז קראַנק געװאָרן, װאָס האָסטו געהערט פון אים? מאַך זיך נישט נאַיִװ. מיר װײסן אויך, װאָס דו האָסט גערעדט. קאָן זײַן, אַז דו געדענקסט נישט, אָבער בײַ אונדז איז פאַרשריבן... טאָ הער, אפשר װעסטו זיך דערמאַנען.

אויסערלעך בין איך געבליבן רויִק, אָבער אינעװײניק האָט עס געקאָכט אין מיר. װאָס פאַר אַ נײַע צרה גרײט זיך דאָס אויף מיר?

— איך װעל אָנהײבן פון דער צײַט, װען דו האָסט אָנגעהויבן אַרבעטן אין װאָיענטאָרג. דיעלאָ נומער 1. „אין חודש... דעם... האָט דער ראַדיאָ געמאָלדן, אַז פון ערשטן... װעט פאַרקלענערט װערן די ברויטנאָרמע פאַר פאַמיליע־מיטגלידער פון 400 אויף 300 גראַם טעגלעך. אין צוזאַמענהאַנג מיט דעם האָט געזאָגט לעבעדענקאָ: „מיטן אויסברוך פון קריג האָט דער עולם אָנגעהויבן זיך צוגרײטן עסנװאַרג. האָט חבר װאָראָשילאָװ געמאָלדן דורך ראַדיאָ, אַז מען דאַרף נישט מאַכן קײן ברויט־בהלה, װײַל ס'װעט אונדז סטײַען אַפילו ביסקװיטן אויף נאָך צװאַנציק יאָר. ברויט אַװדאי. איז די מלחמה קוים אָנדערטהאַלבן יאָר, און שוין װערט מען געשװאָלן פון הונגער, און מענטשן פאַלן װי די פליגן. נישט נאָר װאָראָשילאָװ איז אַ ליגנער, נאָר די גאַנצע רעגירונג".

דער אויספאָרשער שפּיזט מיך אַדורך מיט זײַן בליק. אָבער איך בלײַב אויסערלעך קאַלט.

— נו, געדענקסטו דאָס?

— װען דער ראַדיאָ האָט געמאָלדן געדענק איך. אָבער כ'האָב נישט געהערט לעבעדענקאָן אַזױ זאָגן.

— לײקנסטו דאָס אָפּ?

— נײן. כ'לײקן נישט און באַשטעטיק נישט. דאָס קאָנען באַשטעטיקן נאָר יענע, װאָס האָבן עס געהערט.

— „דיעלאָ נומער 2". — הײבט ער אָן װײַטער לײענען. — ...דעם 18טן מערץ 1943 זאָגט חבר בלענקיטני: „הײַנט איז אַ װיכטיקע דאַטע אין דער געשיכטע פון דער אינטערנאַציאָנאַלער אַרבעטער־

באַוועגונג. הײַנט איז דער יאָרטאָג פון דער פּאַריזער קאָמונע. פרעגט חבר איליטשאָוו: וואָס איז דאָס אַזעלכעס די פּאַריזער קאָמונע, וואָס דער הײַנטיקער טאָג האָט אַזאַ באַדײַטונג? חבר בלענקיטני ענטפערט און גיט אַ ריכטיקע אָפּשאַצונג פונעם פּאַריזער אויפשטאַנד, וועגן דער לאַגע דעמאָלט אין פראַנקרייך, בעתן קריג מיט דײַטשלאַנד: די קאָמונאַרן זענען באַגאַנגען אַ פעלער, וואָס זיי האָבן זיך נישט פאַרבונדן מיטן גאַנצן פראַנצײזישן פּראָלעטאַריאַט און פויערנטום. האָט די פראַנצײזישע בורזשואַזיע שלום געמאַכט מיט די דײַטשן און בלאָקירט פּאַריז, דערשטיקנדיק בלוטיק דעם אויפשטאַנד. דער חבר לענין און סטאַלין, לערנענדיק פון דער פאַרגאַנגענהייט, האָבן זיך דעריבער בעת דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע פאַרבונדן מיטן גאַנצן אַרבעטער־ און פויערים־קלאַס; האָט טאַקע די רעוואָלוציע געזיגט. רופט זיך אָן לעבעדענקאָ: „אַז אָך און ווי צו אונדז מיט אַזעלכע נצחונות. האָבן מיר דען אין די צאַרישע צײַטן נישט בעסער געלעבט? צו וואָס האָט מען געדאַרפט אַזוי פיל בלוט פאַרגיסן, כדי „זיי" זאָלן באַלעבאַטעווען מיט יענעמס פאַרמעגן, ווי זיי וואָלטן אויף דעם אַלע יאָרן געאַרבעט...".

דער אויספאָרשער רוט זיך אָפּ, פאַררייכערט, גיט אויך מיר צו פאַררייכערן, און נעמט ווײַטער לייענען:

— „דיעלאָ נומער 3. דעם... האָט דער ראַדיאָ איבערגעגעבן וועגן גרויסן נצחון פון דער רויטער אַרמיי בײַ אָרלאָווסק און קורסק. זאָגט לעבעדענקאָ: „וואָס פרייט איר זיך אַזוי? אין יאָר 1915 האָבן מיר געיאָגט די דײַטשן ביז די קאַרפּאַטן. אָבער — ווען מיר האָבן גענומען לויפן צוריק, זענען מיר דערלאָפן ביז ריגע. אײַער פרייד איז נאָך פריצײַטיק".

— „דיעלאָ נומער 4. ס'האָט דערציילט חבר... אַז אַ געריכט אין אַקטיובינסק האָט פאַרמשפט אַ רוסישע פרוי אויף פינף יאָר טורמע פאַר אַ זעלבסט־משפט וואָס זי האָט געמאַכט אויף אַן עוואַקויִרטער יידישער פרוי, אַרויסוואַרפנדיק זי אין אַ פראָסטיקן טאָג מיט אירע קליינע קינדער. רופט זיך אָפּ לעבעדענקאָ מיט אויפרעגונג: „און ווי וועט זײַן, ווען דאָס רעדל וועט זיך איבערדרייען?... וועלן מיר נישט

נעמען נקמה פאַר דער רוסישער פרוי, וועלכער מע האָט פאַרמשפּט אויף פינף יאָר טורמע צוליב אַ ייִדישקע?".

ווידער קוקט מיר דער אויספאָרשער שטאַרק אָן. ער גלייבט, אַז די לעצטע דיעלאָ האָט אויף מיר געמאַכט דעם געהעריקן רושם:

— נו, וועסט עס באַשטעטיקן?

— יאָ, און ניין.

— וואָס הייסט יאָ און ניין?

— אַז ס'זענען פאָרגעקומען די שמועסן, קאָן איך באַשטעטיקן, אָבער צי ער האָט אַזוי גערעדט — דאָס נישט, ווײַל כ'האָב זיי נישט געהערט. זאָלן עס טאָן די, וועלכע זיצן נאָענט פון אים.

— וועגן זיי זאָל דיך נישט אָנגיין. איך וויל, אַז דו זאָלסט עס באַשטעטיקן, ווײַל... דו האָסט אים אָפּאָנירט און אַפילו געזידלט פאַר זײַנע רייד. ווילסטו עס אפשר אָפּלייקענען? אויב דו געדענקסט נישט, טאָ זיץ און דערמאָן זיך. איך האָב צײַט צו וואַרטן.

ער איז מיך מכבד מיט אַ דריטן ציגאַרעט, פאַרמאַכט די קאַרטאָטעקע און נעמט זיך צו אַנדערע פּאַפּירן, ווי ער וואָלט אין מיר פאַרגעסן. לויטן זייגער האָט זיך שוין די מיטאָגצייט, צוויי שעה, באַלד געענדיקט. וואָס טוט מען? ס'איז טאַקע אַלץ אמת, אָבער ווי קאָן איך עס באַשטעטיקן? מײַנע געדאַנקען האָט איבערגעריסן אַן אַרײַנגעקומענער העכערער אָפיציר, אויך אַ באַקאַנטער, וואָס פלעגט אָפט אַרײַנקומען אין וואַרשטאַט.

— נו? — פרעגט ער דעם אויספאָרשער.

— ער געדענקט נישט, זאָגט ער. טשעקאַוו, דעם ערשטן טייל געדענקט ער יאָ, אָבער לעבעדענקאָס רייד — נישט. לאָז איך אים זיצן, ביז ער וועט זיך דערמאָנען.

— ניין, דאָס טאָרסטו נישט טאָן: ער טאָר נישט פאַרשפּעטיקן צו דער אַרבעט. זאָל ער קומען מאָרגן אין אָוונט. ביז דעמאָלט וועט ער שוין האָבן זיך דערמאָנט.

דער אויספאָרשער האָט מיר געגעבן אַ פּאַפּיר זיך אונטערצושרײַבן, אַז לויטן פּאַראַגראַף... וואָס דראָט מיט שטראָף... פאַר אויסגעבן

מלוכה־סודות טאָר איך נישט דערציילן וועגן אונדזער שמועס אַפילו פאַר די סאַמע נאָענטסטע; דער שמועס בלײַבט אַ סוד פאַר אונדז ביידע.

אויף מאָרגן זאָג איך מײַן פרוי, אַז נאָך דער אַרבעט וועט פאָרקומען אַ פאַרזאַמלונג, וואָס וועט זיך פאַרציִען שפּעט אין אָוונט. זי זאָל נישט איבערקלערן.

דער אויספאָרשער האָט מיך אויפגענומען מיט אַ שמייכל:

— נו, האָסט זיך שוין דערמאָנט?

— דערווײַל נאָך נישט.

— שעמען מעגסטו זיך. ווייסטו, אַז מיר קאָנען דיר מאַכן אַ משפּט פאַר נישט אינפאָרמירן וועגן אַזעלכע אַנטיסאָוויעטישע רייד?

— זאָלן זײַן פאַראַנטוואָרטלעך יענע, וואָס זיצן נאָענט פון אים און הערן אים אויס.

— אָבער וואָס פאַר אַ סאָוויעטישער בירגער ביסטו, אַז דו ווילסט נישט באַשטעטיקן דעם אמת פון די אַלע רייד?! — טוט ער אַ זאָג, נעמט בלעטערן אין די פּאַפּירן און — ווי ער וואָלט אין מיר גאָר אין גאַנצן פאַרגעסן.

בערך אַ שעה בין איך מיר אַזוי געזעסן, ביז ס'איז אַרײַנגעקומען דער העכערער אָפיציר.

— וואָס הערט זיך דאָ? האָסט זיך שוין דערמאָנט?

— ער געדענקט נאָך אַלץ נישט. — ענטפערט דער אויספאָרשער פאַר מיר.

— זאָל ער איצט אַהיים גיין. זײַן פרוי קאָן נעמען איבערקלערן, אים זוכן און נאַכהער אים פאָרשן, ווו ער איז געווען. זאָל ער קומען מאָרגן אָוונט, ווען ס'הייבט זיך אָן דער פרײַער אויסגאַנגטאָג, און וועסט אים האַלטן אַ גאַנצן מעת־לעת, ביז ער וועט זיך דערמאָנען.

— זאָג דײַן פרוי, — ווענדעט ער זיך צו מיר, — אַז דו דאַרפסט פאָרן מיט דײַן פאַרוואַלטער ברענגען לעדער און וועסט זײַן פאַרנומען אַ גאַנצן מעת־לעת. פאַרשטאַנען?

— יאָ.

— טאָ גיי אַהיים. פון דעסטוועגן סטאַרע זיך צו דערמאָנען ביז מאָרגן אין אָוונט. זעסט דאָך, אַז מיר באַציִען זיך צו דיר זייער פיין. טאָ צווינג אונדז נישט, מיר זאָלן דאַרפן אָננעמען קעגן דיר מיטלען ווי קעגן... אַ שונא פון דער ראַטנמאַכט.

אַהיים געגאַנגען בין איך אַ צעמישטער. ס׳האָט מיר געשווינדלט פאַר די אויגן. דער קאָפּ האָט מיר געפּלאַצט פון שמערצן. וואָס האָבן זיי זיך אָנגעזעצט אויף מיר, אַרײַנצוציִען מיך אין אַן ענין, וואָס איך האָב אויסגעמיטן די גאַנצע צײַט?

אין שטוב האָט די פרוי גלײַך דערקענט אין מיר אַן ענדערונג און דערשראָקן געפרעגט:

— וואָס ביסטו אַזוי בלאַס?

— ס׳איז גאָרנישט. אויף דער פאַרזאַמלונג האָט מיר גענומען ווײי טאָן דער קאָפּ. ס׳קאָן זײַן אַז איך האָב אַ ביסל היץ.

געגעסן האָב איך נישט. בלויז אַראָפּגעשלונגען אַ פּיראַמידאָן, פאַרטרונקען מיט וואַסער און געלייגט זיך שלאָפן. איך בין געלעגן און געטראַכט וועגן דעם מאָרגנדיקן אָוונט.

לענגער אָפּשלעפן טאָר איך נישט. וואָס עפּעס האָבן זיי זיך ערשט דערמאָנט, בעת ער פּלאַפּלט שוין אַזוי נאָך איידער איך בין אַהער געקומען? צי האָבן זיי אים נישט געוואָלט טשעפּען, ווי לאַנג מ׳איז נישט געווען זיכער מיטן זיג פון דער רויטער אַרמיי? אָבער ס׳זענען דאָך געווען פאַלן, ווען פאַר אַזעלכע ווערטער ווי: „אין פוילן איז פאַרן קריג געווען גענוג צוקער" האָט מען באַקומען אַ „צענערל"... אייגנטלעך, וואָס פאַרלאַנגט מען פון מיר? איך זאָל באַשטעטיקן ריכטיקע רייד פון אַן אוקראַיִנישן אַנטיסעמיט און סאָוויעטן־פּײַנט, — דאַרף איך צוליב אים אײַנשטעלן מײַן פרײַהייט און דאָס לעבן פון מײַן פרוי און קינדער? אָבער וואָס האָבן זיי זיך אָנגעזעצט דווקא אויף מיר? אפשר דערפאַר, וואָס איך האָב אַרויסגעוויזן מער באַהאַוונטקייט אין פּאָליטישע ענינים? האָבן דאָך מיר טאַקע באַקאַנטע אין וואַרשטאַט געוואָרנט, איך זאָל נישט אַרויסווײַזן מײַנע „קענטעניש"... און ווער איז עס אין וואַרשטאַט דער צוטראָגער פון די אַלע געשפּרעכן? זיכער בין איך נישט דער איינציי־

קער, וועלכן מע רופט און מע וועט נאָך רופן... און אפשר האָבן זיי וועגן מיר אויך אַ באַזונדערע קאַרטאָטעקע? וויפל מאָל האָב איך זיך אַליין אַרויסגעכאַפּט מיט אַ וואָרט?... און צי מעג איך גאָר, אַ ייִד, באַשיצן מיט מײַן שווײַגן אַזאַ אַנטיסעמיטישן אַגיטאַטאָר, וועלכער קוקט אויס דעם זיג פון אַ ווײַסגוואַרדעיִשער פּעטליורע־אַרמיי, כדי זיך צו קאָנען נוקם זײַן אין די ייִדן? יאָ, איך מוז באַשטעטיקן דאָס וואָס ער האָט גערעדט — — —

אַ באַרויִקטער בין איך אויפגעשטאַנען אין דער פרי, און אין אָוונט, ווען דער אויספאָרשער האָט מיך געפרעגט, צי איך האָב זיך שוין דערמאָנט? האָב איך אים געענטפערט, אַז יאָ.

— גוט, וועל איך עס פאַרפּראָטאָקאָלירן. וואָס געדענקסטו?

— אַלץ, וואָס ס׳איז בײַ אײַך פאַרשריבן פון מיטן אָקטאָבער 1942.

עטלעכע שעה האָט געדויערט דאָס שרײַבן די פּראָטאָקאָלן, וועלכע איך האָב אונטערגעשריבן, ווי אויך, אַז דאָס בלײַבט אַ סוד, אונטער דער דראָונג פון אַ גרויסער שטראָף.

די קומענדיקע וואָך האָב איך יעדן טאָג, מיטאָגצײַט, באַמערקט ווי איינער פון די אַרבעטער „פאַרשווינדט" און קומט צוריק אַ צוויי־טיקטער, אַ צעפּלאָמטער און זעצט זיך צו דער אַרבעט מיט אַן אַראָפּ־געלאָזטן קאָפּ. ווען לעבעדענקאָ הייבט אָן פּלאַפּלען, ענטפערט אים קיינער נישט. בלויז פון צײַט צו צײַט וואַרפט אים עמעץ צו אַ וואָרט: „לאָז שוין צו רו מיט דײַנע פּלאַפּלענישן. אַלע האָבן געקוקט אויף אים, ווי אויף אַ צום טויט פאַראורטיילטן.

ס׳איז אָבער אַוועק אַ חודש און נאָך אַ חודש, און ער איז אַלץ געזעסן בײַם וואַרשטאַט און ווײַטער געפּלאַפּלט. אין מיטן ווינטער איז געקומען אַ ווענדונג צום וואָיענטאָרג פון דער לופטפליִער־שול, מע זאָל זיי אויסבאָרגן צוויי שוסטערס אויף עטלעכע חדשים, אין וועלכע זיי נייטיקן זיך. דער הויפּטמײַסטער האָט אויסגענוצט די געלעגנהייט און אַוועקגעשיקט לעבעדענקאָן מיט נאָך איינעם. פּטור געוואָרן פון אַ צרה. מיט דער צײַט האָבן מיר אים פאַרגעסן.

# קאַפּיטל צוויי און פערציק

אין משך פון זומער האָט זיך פרוי בעלאַ רעבע שוין געהאַט היפּש פאַרבעסערט. זי האָט אַ סך ייִנגער אויסגעזען. אָפּט, פאַרגעסנדיק אין אירע צרות, פלעגט זי זינגען פאַר די קינדער, איבערהויפּט פאַרן פיצעלע, רוסישע לידער אויף ייִדישע טעמעס. לידער, וואָס זענען געבוירן געוואָרן אין דער רוסיש־ייִדישער ווירקלעכקייט. אָבער אין האַרבסט האָט זיך ביי איר פאַרשטאַרקט אַ פאַרדעכטיקער הוסט. געקומען פונעם דאָקטאָר, האָט זי געזאָגט אַז ס׳איז ביי איר פלעווריט. נאָר אין אַ קורצער צייט שפּעטער איז זי איין מאָל געקומען פונעם דאָקטאָר אַ דערשלאָגענע און האָט געבעטן, מע זאָל איר געבן דאָס עסן אין באַזונדער געפעס, נאָר פאַר איר אַליין... האָבן מיר זיך שוין אָנגעשטויסן, וואָס איר איז, און כדי איר נישט מצער צו זיין, איר גאָרנישט נישט אויסגעפרעגט. מיר האָבן זיך געסטאַרעט צו קריגן פאַר איר די בעסטע עסנס און פעטקייטן.

סוף ווינטער האָט דער ביזאיצטיקער פאַרוואַלטער אונדזערער, ביעלינקי, מיר איבערגעגעבן, אַז ער פאָרט אַוועק מיט זיין פאַמיליע. אַלס קראַנקער און אינוואַליד פאַלט ער נישט אַרונטער אונטער מיליטער־פליכט און דאָס איז אים דערלויבט. די רויטע אַרמיי איז שוין דער־גאַנגען ביז האָמעל, וויל ער זיין פון די ערשטע אין דער היים. אויב איך וויל, קאָן איך פאַר אַ געוויסן סכום איבערנעמען זיין דירה. פאַר־שטענדלעך, אַז כ׳בין גלייך דערויף איינגעגאַנגען. די דירה איז טאַקע אויך נישט מער ווי אַ זעמליאַנקע, אָבער מ׳איז אויף איר אַליין „באַלעבאָס", און ס׳איז אין איר פאַראַן עלעקטרישע באַלייכטונג און אַ ראַדיאָ־הילכער.

דעמאָלט האָט בעלאַ דערקלערט, אַז זי גייט נישט מיט מיט אונדז, בלייבט איבער דאָ. פון צייט צו צייט וועט זי זיך אַריינכאַפּן צו אונדז. און אין דער זעלבער צייט האָט זי זיך איינגעאָרדנט אין אַן אַרטעל פון פלעכטן קוישן. פון צייט צו צייט פלעגט זי טאַקע קומען צו אונדז.

בעלאַ, — האָב איך זיך געזעגנט מיט איר, — מע וועט אייך

נאָך באַשולדיקן אין ציוניזם... פאַר וואָס ? ווייל אין אַ ציוניסטיש ליד זינגט זיך: „לערנט אייך, קינדערלעך, קיישעלעך פלעכטן, / מיר וועלן אַרײַן אין אונדזער לאַנד".

אויך איר טעכטערל פלעגט זײַן אַן אָפטער גאַסט בײַ אונדז; פלעגט קומען פון קינדערהיים, צו שטילן איר שטענדיקן הונגער.

דאָס איז געווען נאָך אין יאָר 1943. ס'איז שוין הײַנט 1944. אין דער ערשטער העלפט פון חודש מאַי האָט מיך מײַן פרוי אויפֿגעוועקט אין מיטן דער נאַכט:

— ראַטעווע מיך! כ'האָב באַקומען שרעקלעכע שמערצן.

אַ שווערער אָנפאַל פון די גאַלשטיינער. ס'האָבן דאָס מאָל נישט געהאָלפן די הייסע קאָמפּרעסן. כ'האָב אַרויסגערופן אַ פּריוואַטן דאָקטאָר. זײַנע מיטלען און די הילף פון די דאָקטוירים פון דער פּאָליקליניק אין משך פון צוויי טעג האָבן נישט געהאָלפן, — די טעמפּעראַטור איז געשטיגן. האָבן די דאָקטוירים דערקלערט, אַז זי האָט באַקומען אַן אַנטצינדונג פון דער גאַלבלאָז און כ'זאָל זיך ווענדן צו אַ כירורג. ווו קריגט מען אַ כירורג? דער איינציקער גוטער כירורג ד"ר פּ. אַרבעט אין אַ מיליטערישן שפּיטאָל. איך בין אַוועק אים זוכן איבער די שפּיטאָלן, וועלכע זענען דאָ אַ פיר־פינף. אין דריטן איז מיר אַנטקעגנגעקומען אַ מאַן אין די מיטעלע יאָרן, אין אַ בלאַנק־ווייסן כאַלאַט, און כ'האָב זיך צו אים געוואָנדן: — איך זוך דאָ ד"ר פּ.

— איך האָב נישט קיין צײַט. — האָט ער מיר אַ זאָג געטאָן נאָכן אויסהערן מיך. — איך בין טאָג און נאַכט פאַרנומען מיטן אָפּערירן די פאַרוווּנדעטע. כ'שפּאָר נישט אָפּ קיין מינוט אַפילו פאַר מײַן פאַמיליע.

— אָבער דאָקטאָר, די קראַנקע איז אַ מאַמע פון דרײַ פּיצלעך קינדער. דערבאַרעמט זיך!

— איך טאָר נישט פאַרלאָזן מײַן פּאָסטן אין שפּיטאָל.

— חבר דאָקטאָר, כ'וועל נישט אָפּטרעטן. איר מוזט מיטגיין, כאָטש אַ בליק טאָן אויף איר... איר האָט געזאָגט, אַז איר האָט נישט קיין צײַט פאַר אײַער פאַמיליע, — אײַער פרוי איז מיט עטלעכע טעג

צוריק געווען אין ווארשטאַט פון וואָיענטאָרג, ווו איך אַרבעט. זי האָט געבעטן, מע זאָל מאַכן פאַר איר אַ פּאָר לאַטשן. מ׳האָט איר אָפּגעזאָגט — ס׳איז נישטאָ קיין לעדער. ביי מיר איז נאָך פאַראַן פון פוילן אַ גוט שטיקל קאָלירט לעדער, וועל איך מאַכן פאַר איר אַ פּאָר שיך...

— ווו ווױנט איר?

— אַ דריי־פיר הונדערט מעטער פון דאַנען. דאָרט, אין יענער זעמליאַנקע.

ער איז אַוועק מיט מיר צוזאַמען. נאָכן באַטראַכטן די קראַנקע האָט ער געשאָקלט מיטן קאָפּ:

— ריכטיק. אַ שווערע אַנטצינדונג פון דער גאַלבלאָז. מע מוז שוין אָפּערירן. ס׳קאָן ווערן צו שפּעט. ס׳איז שוין זיכער פאַראַן אייטער. ס׳איז קיין ברירה נישטאָ...

— ניין, חבר דאָקטאָר, — האָט מיין פרוי קוים אַרויסגעבראַכט די ווערטער, — אויב שטאַרבן, וויל איך נישט אונטערן מעסער אין שפּיטאָל. נאָר דאָ. זאָלן כאָטש די קינדער זיין דערביי. זאָלן זיי וויסן, ווו זייער מאַמע איז אַהינגעקומען.

דער דאָקטאָר איז געבליבן שטיין אַ געפּלעפּטער.

— איר זאָגט עס ערנסט?

— יאָ, חבר דאָקטאָר. קאַטעגאָריש.

— גוט. איך וועל פּרוּוון. אפשר וועט געלינגען. — ער נעמט אַרויס פון טאַש עטלעכע טאַבלעטן רויטן סטרעפּטאָציד. — אַזעלכע דאַרפט איר געבן איר צוויי גראַם אַ טאָג, דאָס הייסט זעקס־זיבן טאַבלעטן. איר דאַרפט זיך עס אַליין איינשאַפן. און כ׳ווינטש דער קראַנקער אַ רפואה שלמה.

ווי שווער ס׳איז נישט געווען צו באַקומען די טאַבלעטן, ווי אויך דאָס אייז פאַר די אומאויפהערלעכע קאָמפּרעסן, איז פון דעסטוועגן אַלץ דערגרייכט געוואָרן. און ביסלעכוויי איז די היץ פון דער קראַנקער אָפּגעטרעטן. די געפאַר איז אַריבער. דער דאָקטאָר האָט זיך מיטגעפרייט מיט אונדז און געגעבן ווייטערע אָנווייזונגען. ווען כ׳האָב אים דערציילט, וואָס פאַר נגישות כ׳האָב אויסצושטיין פון וואָיענטאָרג, ווו מע וויל זיך

נישט רעכענען מיטן ביולעטין פון אַמבולאַטאָריום, אַז איך מוז אומגיין אַרום דער קראַנקער, האָט ער געשריבן אַהין אַ בריוו, אַז אַ מוטער פון דריי קליינע קינדער איז וויכטיקער צו ראַטעווען, ווי אַ פּאָר אויבער־טיילן. דער גוטער דאָקטאָר האָט זיך שפּעטער אַרויסגעוויזן נישט נאָר פאַר אַ גוטן דאָקטאָר, נאָר נאָך מער פאַר אַ זעלטענעם גוטן מענטשן. ער פלעגט שפּעטער קומען, אין משך פון די דריי חדשים, וואָס די קראַנקע איז געלעגן צוגעשמידט צום בעט, און זיך מיטפריינען מיט אונדז צוליב איר געזונט ווערן.

אָט אין דער צייט איז איין מאָל געקומען צו אונדז עטעלע מיט דער וויסטער בשורה, אַז איר מאַמע, בעלאַ, איז אַוועקגעגאַנגען אין שפּיטאָל און דאָרט געשטאָרבן. מ׳האָט עס איר, פאַרשטענדלעך, געמאָלדן שוין נאָך דער מוטערס קבורה. זי איז געשטאָרבן פון אַן אָפענעם טובערקולאָז, און דערפאַר האָט זי זיך דעמאָלט אָפּגעזאָגט צו גיין מיט אונדז אין דער נייער וווינונג. זאָל איר די ערד גרינג זיין.

## קאַפּיטל דריי און פערציק

דער געזונט־צושטאַנד פון מיין פרוי האָט זיך פיל פאַרבעסערט. איך האָב שוין געהאַט מער מעגלעכקייטן צו אַרבעטן פאַרן וואָיענטאָרג. איין מאָל מעלדעט מיר דער הויפּטמייסטער, אַז מען רופט מיך פון דער אייזנבאַן־מיליץ; זיך ווענדן צום חבר... מאָרגן 12 אַ זייגער. אויף מאָרגן האָב איך דער פרוי געזאָגט, אַז איך מוז גיין אין וואָיענטאָרג צושניידן אַרבעט. אין אַ צוויי שעה אַרום וועל איך צוריקקומען. כ׳האָב געבעטן אַ שכנה, זי זאָל אַכטונג געבן אויף דער פרוי מיט די קינדער. געקומען אין דער אייזנבאַן־מיליץ, הייסט מען מיר וואַרטן. ס׳גייט אַריבער אַ שעה, אַ צווייטע, ווענד איך זיך צום דעזשורנעם, ער זאָל אָנקלינגען צום ח... אַז איך קאָן לענגער נישט וואַרטן, כ׳האָב געלאָזט אין דער היים אַ קראַנקע פרוי מיט קליינע קינדער. טוט דער דעזשורנער אַ סאַרקאַס־טישן שמייכל:

— וואָס האָסטו געזאָגט? דו קאָנסט נישט וואַרטן? פון דאַנען גייט מען אַליין נישט אַוועק אָן אַ דערלויבעניש. זיץ רויִק, ביז ס'וועט קומען דײַן ריי.

בין איך גאָר אַרעסטירט, הייסט עס? פאַר וועלכע חטאים? בין איך, באין־ברירה, געזעסן נאָך אַ שעה, ביז מ'האָט אויסגערופן מײַן נאָמען.

— זיץ. פאַררייכער. — האָט מיך אויפגענומען אַן אומבאַקאַנטער אויספאָרשער. אַנטשולדיק מיר פאַרן לאָזן דיך צו לאַנג וואַרטן. דער ענין לעבעדענקאָ איז דיר באַקאַנט?

— יאָ.

— די זאַך איז אַזוי. לעבעדענקאָ איז געשיקט געוואָרן אין דער פּילאָטן־שול, וועלכע שטייט אונטער דער השגחה פון דער קאָמוניקאַציע־מיליץ. איך האָב אים אַרויסגערופן און געמאָלדן: דאָ איז אַ שול פאַר יונגע בחורים, קאָמסאָמאָלצעס, צוקונפטיקע לופטפליִער, וואָרן איך דיר, מיר וועלן נישט דולדן, זאָלסט דאָ אָנגיין מיט דײַן אַנטיסאָוויעטישער אַגיטאַציע. געדענק, האַלט דאָס מויל. האָט עס נישט געהאָלפן. ער פלעגט דיסקוטירן מיט די יונגע שילער, ווען זיי פלעגן אַרײַנקומען אין וואַרשטאַט. האָט געטראָפן, אַז דער נאַטשאַלניק פון דער שול איז אָנגעקומען אויף אַזאַ שמועס און האָט אים אויפמערקזאַם געמאַכט, אַז ער דעמאָראַליזירט מיט זײַנע רייד די יונגע קאָמסאָמאָלצעס. האָט אים לעבעדענקאָ געגעבן אַן ענטפער אָפּ: „וואָס ווייסטו? דו ביסט דאָך נאָך אַ צוציק". האָבן מיר באַשלאָסן איבערצוגעבן אים צום געריכט. ביסטו גרייט איצט נאָך אַ מאָל צו באַשטעטיקן, וואָס דו האָסט דעמאָלט אונטערגעשריבן?

— זיכער בין איך גרייט.

ער האָט אין אַ פעקל אַקטן אויפגעזוכט מײַנע און אַ זאָג געטאָן:

— איך מוז דאָס איבערשרײַבן אויף ס'נײַ. דאָס זענען דײַנע אונטערשריפטן?

— יאָ, חבר נאַטשאַלניק. נאָר טוט אַ טובה. איך האָב געלאָזט אין שטוב אָן אויפזיכט אַ קראַנקע פרוי מיט פיצלעך קינדער. פאַרהאַלט

מיך נישט מער. שרײַבט אַלץ איבער און באַשטימט מיר אַ טערמין, ווען כ׳זאָל קומען אונטערשרײַבן.

— גוט. כ׳וועל עס דיר צו ליב טאָן. קום מאָרגן דרײַ אַ זייגער.

אויף מאָרגן בין איך געקומען און אונטערגעשריבן. נאָר אין אַ וואָך אַרום האָט מען מיך ווידער גערופן, און דער אויספאָרשער האָט מיך אַ פרעג געטאָן:

— צי ביסטו גרייט, דאָס וואָס דו האָסט אונטערגעשריבן, זאָגן לעבעדענקאָן אין די אויגן? ער לייקנט און זאָגט, אַז דאָס איז אַ ייִדישער בלבול. אָבער מיר האָבן קעגן אים געננוג מאַטעריאַל אויך פון רוסן, ווי אויך דאָס עדות זאָגן פון זײַן אייגענער שנור, אַ קאָמסאָמאָלקע, וועלכע האָט נישט געקאָנט פאַרטראָגן זײַנע רייד און איז אַנטלאָפן פון זײַן שטוב. האָט ער געשריבן צו זײַן זון, איר מאַן, אַז זי איז אַנטלאָפן, ווײַל ער לאָזט איר נישט פירן קיין אויסגעלאַסן לעבן. יאָ, ער וועט אַוודאי אָנפאַלן אויף דיר. וועסטו עס אים באַשטעטיקן אין די אויגן?

— כ׳וועל באַשטעטיקן.

ער גייט אַרויס און קומט באַלד אַרײַן מיט לעבעדענקאָן. הייסט אים זיך זעצן אַנטקעגן פון דער צווייטער זייט טיש.

— דו קענסט אים?

— יאָ. דאָס איז בירגער לעבעדענקאָ.

— הער, בירגער לעבעדענקאָ. דאָ זענען פאַרפּראָטאָקאָלירט אַלע דײַנע רעדערײַען אין וואַרשטאַט פון וואָיענטאָרג. זאָל איך זיי דיר נאָך אַ מאָל פאָרלייענען?

— ס׳איז נישט נייטיק.

— באַשטעטיקסטו, וואָס האָסט אונטערגעשריבן? — ווענדעט ער זיך צו מיר.

— יאָ. אַלץ איז ריכטיק.

— אויך דו קעגן מיר? — זאָגט לעבעדענקאָ. — דיר האָב איך אויך שלעכטס געטאָן?

— ניין, בירגער לעבעדענקאָ. נישט מיר האָסטו שלעכטס געטאָן,

נאָר זיך אַליין. געדענקסטו, ווי כ׳האָב דיך געוואָרנט: „הער אויף מיט דײַן רעדן״? האָסט אַלעמען אָנגעטאָן צרות, נאָר זיך אַלייז מער.

— ניין! איך האָב נישט גערעדט. אַלע, אַלע האָט איר זיך קעגן מיר פאַראייניקט, ייִדישע באַנדע!

דער אויספאָרשער האָט אים מיט כוח אַרויסגעפירט.

בערך אין אַ חודש אַרום איז פאָרגעקומען זײַן משפט, און אין עטלעכע טעג אַרום זענען מיר געוואָר געוואָרן, אַז ער האָט באַקומען פינף יאָר.

די ייִדן האָבן שטיל גערעדט וועגן דעם מיט פאַרדרוס און ביטערניש: בסך־הכל פינף יאָר! פאַרן אַנטיסעמיטיזם האָט ער, ווײַזט אויס, גאָרנישט באַקומען און אַפילו פאַר די אַנטיסאָוויעטישע רייד אויך ווייניק, — ווײַזט אויס, אַז אַנטיסעמיטן מעגן שוין...

— און איך זאָג אײַך, — האָב איך זיך אָנגערופן, — אַז אים האָט געראַטעוועט דאָס וואָס ער איז אַ שוסטער...

— איר פּראַוועט שוין לצנות? — טוט מיר אַ זאָג אברהם און אַ ווונק, איך זאָל נישט רעדן.

— כ׳מיין נישט, חלילה, — האָב איך זיך פאַרריכט, — אַז דער ריכטער איז אונטערגעקויפט געוואָרן. אָבער איך קאָן אַ געשיכטע, וואָס... כ׳האָב ערגעץ געלייענט: אַ שוסטער איז באַגאַנגען אַ פאַר־ברעכן, און אַ שופט האָט אים פאַרמשפּט צום טויט. ער איז אָבער געווען דער איינציקער שוסטער אין שטעטל, ווי לאָזט מען דאָס איבער אַ שטעטל אָן אַ שוסטער? האָט דער ריכטער געפונען אַן עצה: אַזוי ווי דאָס שטעטל פאַרמאָגט צוויי שנײַדערס, זאָל מען אויפהענגען אַ שנײַ־דער אַנשטאָט דעם שוסטער.

— דאָס איז טרעפלעך! — האָט מען געלאַכט, און אברהם האָט צוגעגעבן, — פאַרגעסט נישט, אַז אין רוסלאַנד איז שוסטערײַ אַ קייסערלעך פאַך.

— אַוודאי, — האָב איך אונטערגעהאַלטן, — דער לעצטער צאַר, ניקאָליי דער צווייטער, איז דאָך טאַקע געווען אַ שוסטער...

די ייִנגערע האָב איך געמוזט עס דערקלערן, אַז יעדער רוסישער

קייסער האָט געמוזט קענען אַ פּאַך (אויף אַ נויטפאַל). האָט איינער פון זיי אויפגעזונגען: „לענין גוליאַיעט, אַ ניקאָלאַי ראָמאַנאָוו באַטינקי פּאָטשי־ניאַיעט" (לענין וויילט זיך, און ניקאָלאַי ראָמאַנאָוו פאַרריכט שיך) — אַ לידל פון די ערשטע רעוואָלוציע־יאָרן. און ס׳איז אַוועק אַ שמועס וועגן שוסטערײַ. איך האָב געזאָגט, אַז בײַ יעדן פאָלק איז דאָ אַ ווידער־ווילן צו געוויסע פאַכן, וואָס ווערן געהאַלטן פאַר נידעריקע. אַזוי, למשל, איז בײַ די פּאָליאַקן געגאַנגען אַ ווערטל: „שעווצי, קראַוועצי טאָ ניע לודזיע, אַ קאָזאַ ניע בידלאָ" (שוסטער, שנײַדער זענען נישט קיין מענטשן און אַ ציג איז נישט קיין בהמה). האָבן ציגן, אגב, בײַ ייִדן, דווקא נושא־חן געווען, אפשר צוליבן בערדל... אומעטום האָבן זיך ייִדן, נישט נאָר „קאָזעדאָיעווקער", געקוויקט מיט אַ ביסל ציגנמילך, האָבן די ציג אַרײַנגענומען אַפילו אין דער הגדה של פסח און געמאַכט פון איר אַ גאַנצע חד־גדיא... די פּאָליאַקן אָבער האָבן געהאַלטן פאַר בעסער צו האָדעווען חזירים... נאָר וואָס שייך שוסטערײַ האָבן די ייִדן פאַרגעסן, אַז רב יוחנן הסנדלר איז געווען אַ שוסטער. ווען אַ ייִדיש ייִנגל האָט נישט געוואָלט גיין אין חדר, פלעגט אים דער טאַטע דראָען, אים אָפּצוגעבן צו אַ שוסטער. און ווי איז געווען בײַ אײַך דאָ אין רוסלאַנד?

— בײַ אונדז איז שוסטערײַ אַ ביסל אין אַ העכערער מדרגה. — האָט זיך אָפּגערופן איינער. — שוין דער נאָמען „סאַפּאָזשניק" קלינגט איידעלער פון „שעווץ". נאָך די שווערע „נעפּ"־יאָרן פלעגן זיך ייִדן נעמען צו שוסטערײַ. דאָס זעלבע — אויך איצט אין קריגסצײַט.

—איר ווייסט, — האָט איינער צוגעגעבן, — איך געדענק אַן אויסטײַטש פאַרן ווערטל „יאַ סאַם סאַפּאָזשניק" (איך בין אַליין אַ שוס־טער). איין מאָל, נאָך אַ פּאָגראָם, האָט אַ קאָזאַק געבראַכט צו אַ ייִדן אַ פּאָר תפילין צו פאַרקויפן. פרעגט אים דער ייִד: „פון וואַנען האָסטו זיי?" טוט זיך דער קאָזאַק אַ באַרים: „יאַ סאַם סאַפּאָזשניק!"

— און איך, — האָב איך צוגעגעבן, — האָב זיך איבערצײַגט, אַז שוסטערײַ איז דאָ אַן אינטעליגענט פאַך אין אַזאַ פאַל. אין אַ בוכהאַנד־לונג האָב איך געטראָפן איינעם קויפן אַ פּעקל ביכער מיטן שענסטן אײַנבונד און אים אַ פרעג געטאָן, צי ער קויפט זיי פאַר זיך, אָדער פאַר

עמעצן אַ מתנה. דאָס זענען געווען לעצינס ווערק און אַ טייל וויסנ־שאַפטלעכע ביכער. האָט ער מיר געענטפערט: „איך בין אַ שוסטער און דאַרף די טאָוולען אויף צו מאַכן קנאַפּל".

דער עולם האָט געלאַכט. האָט זיך איינער דערמאָנט עפּעס וועגן מיר און אַ זאָג געטאָן:

— איר האָט געהערט ווי ער האָט אָנגעצויגן אונדזער נאַטשאַלניק וועגן פּאַפּיר?

— וואָס אַזוינס? — האָט מיך אַברהם אַ פרעג געטאָן, און איך האָב זיי דערציילט:

— יענע וואָך קומט אַרײַן דער הויפּט־נאַטשאַלניק אין וואַרשטאַט און זעט ווי אַ שוסטער רײַסט אַראָפּ די טאָוולען פון אַ ביכל און מאַכט פון זיי קנאַפּל. רופט ער זיך אָפּ: „אײַך, שוסטערס, איז גוט — איר קאָנט נוצן די טאָוולען. ווען איך וואָלט קאָנען אויסמעקן די ווערטער, איך זאָל האָבן פּאַפּיר? מיר לײַדן אין קאַנטאָר פון מאַנגל אין פּאַפּיר". „חבר נאַטשאַלניק, — האָב איך זיך אָנגערופן, — אויך אין פוילן איז געווען אַ מאַנגל אין פּאַפּיר, האָט מען זיך אויסגעלערנט מאַכן פּאַפּיר פון שמאַטעס"... „באמת? — האָט ער זיך אָנגעכאַפּט, — דאָס וואָלט דאָך געווען אויסגעצייכנט. אינעם שנײַדערײַ־וואַרשטאַט האָבן מיר אַ סך שמאַטעס־אָפּפאַל". „חבר נאַטשאַלניק, איך גיב אײַך גלײַך דעם פּאַטענט. מע פילט אָן אַ גרויסן קעסל מיט שמאַטעס, מע גיסט אים אָן פול מיט וואַסער און מע שטעלט אים אויף אַ פײַער קאָכן. נאָכן קאָכן זיך אַ גאַנצן מעת־לעת זײַט מען אָפּ די וואַסער, די שמאַטעס וואַרפט מען אַרויס און... מע גייט אויפן באַזאַר קויפן פּאַפּיר". „כאַ־כאַ־כאַ! — האָט ער זיך פונאַנדערגעלאַכט, — דאָס הייסט אַ ייִדישער קאָפּ".

שפּעטער האָט מיך אַברהם געוואָרנט:

— הערט אויף אַזוי פיל זיך צו וויצלען. ס׳זענען דאָ צווישן אונדז צוטראָגערס. איך וואָרן אײַך: אונדזערע גדולים פאַרטראָגן נישט קיין אַנעקדאָטן מיט אַ מינדסטער אָנדייטונג. איר האָט דאָך נישט אַזעלכע זכות־אָבות, ווי לעבעדענקאָ...

איין מאָל האָט ער מיר אָנגעוויזן אויף אַ פּלאַקאַט מיטן לאָזונג: „זאָל לעבן די קלוגע פּאָליטיק פון חבר סטאַלין!”:

— וואָס זאָגט איר דערויף?

— בדרך־כלל, — האָב איך אים געענטפערט, — גלייב איך נישט אין קיין זעלבסטבאַרימערײַ פון מענטשן וועגן זייער קלוגשאַפט.

ער האָט האַסטיק געטאָן זיך אַ קוק אַרום און אַ זאָג:

— איר זאָלט זיך נישט דערוועגן נאָך אַ מאָל אַזעלכעס צו זאָגן אַפילו פאַר מיר! איר פאַרגלײַכט דעם חבר סטאַלין צו אַ מענטשן?!...

איך האָב נישט גלײַך באַנומען זײַן מיין, האָט ער עס מיר אויפגעקלערט:

— דער רוסישער צאַר האָט געהאַט, ווי יעדער מלך אויף דער וועלט, זײַן שר, אָדער מלאך אין הימל. דער חבר סטאַלין האָט — נישט איין מלאך, נײַערט אַ סך מלכים, ווײַל ער איז גאָט אליין... שמייכלט נישט. דאָס האָט מיר געזאָגט מײַן אייניקל איין מאָל, קומענדיק פון שול: „באָגאַ ניעט, נאַש באָג טאָוואַרישטש סטאַלין” (נישטאָ קיין גאָט, אונדזער גאָט איז חבר סטאַלין).

— אייגנטלעך, — האָב איך אים באַמערקט, — האָט איר נישט ריכטיק געזאָגט, אַז דער צאַר ניקאָלאַי האָט געהאַט בסך הכל איין שר אין הימל. שוין דעמאָלט האָבן זיי געהאַט באַהערשט די הימלען מיטן גן־עדן...

— פון וואַנען נעמט איר עס?

האָב איך אים ברומענדיק אויפגעזונגען י.ל. פּרצעס ליד „מלכותא דאַרעא כמלכותא דרקיע”: „אונטן און אויבן איז גלײַך / ס׳גייען די דיעלעס פאַרן בית־דין של־מעלה / גאַנץ זיכער אויף דער רוסישער שפּראַך — —” ...אָ, ווי געניאַל פּרץ איז געווען! אָבער חבר סטאַלין האָט דעם צאַר איבערגעשטיגן. ער האָט פאַרנומען אויך דעם כסא־הכבוד און באַזײַטיקט פון אים דעם ייִדישן אָב־הרחמים... ער האָט פאַרנומען זײַן אַמט, ווײַל מע קאָן דאָך נישט לאָזן די הימלען און די וועלט אָן אַ גאָט...

מע האָט זיך געזעגנט. אָבער מיט דער צײַט האָבן מיר עס אויפגעהערט. נישט מחמת מורא, נאָר גאָר צוליב עפּעס אַנדערש: דעם

19טן אַפּריל 1944 האָט דער געוועזענער ייִדישער דעפּוטאַט אין פּוילישן סיים זאַמערשטיין גערעדט אין ראַדיאָ וועגן דעם יאָרטאָג פון וואַרשעווער געטאָ־אויפשטאַנד. אַ ציטערניש האָט אַרומגעכאַפּט מײַן גוף און נשמה. ביז דעמאָלט האָב איך וועגן דעם קיין אַנונג נישט געהאַט. צוזאַמען מיט די ידיעות וועגן די כסדרדיקע זיגן פון דער רויטער אַרמיי זענען אָנגעקומען די גרוסן וועגן דעם גרויסן ייִדישן חורבן. ס'האָט זיך שוין מער נישט געלאַכט.

## קאַפּיטל פיר און פערציק

צווישן מיינע באַקאַנטע אין אַקטיובינסק איז געווען אַ ייִדישער דאָקטאָר, יעקב דאַווידאָוויטש, מיט וועלכן איך האָב זיך שטאַרק באַ־פריינדעט. ער איז געווען פון מאָסקווע אָדער לענינגראַד. אַ מאַן אין די אָנהייב פופציקער. ער האָט מיטגעמאַכט די רעוואָלוציע־יאָרן און דעם קאַמף פאַר פאַרפעסטיקן די ראַטנמאַכט, אין וועלכער ער האָט געגלייבט בלב־ונפש. מיר פלעגן זיך שוין אַפילו דערלויבן צו שמועסן אַ ביסל וועגן פּאָליטיק. זײַנע אינטימע איבערלעבענישן האָט ער מיר קיין מאָל נישט אַנטפּלעקט. כ'האָב אָבער געשפּירט, אַז ער טראָגט אין האַרצן אַ געהיימען צער, ווי ס'וואָלט אים פאַר עפּעס געפּײַניקט דער געוויסן.

איין מאָל, אין אַ פאַרוואָלקנטן, אָבער טרוקענעם האַרבסטטאָג, האָט ער מיך אַ פרעג געטאָן, צי וועל איך האָבן אַ ביסל צײַט אין אָוונט?
— כ'וועל האָבן, — האָב איך אים געענטפערט, און מיר האָבן זיך אָפּגעשמועסט צו טרעפן.

מיר זענען אַרײַן אין „קולטורפאַרק". דער אָרקעסטער האָט זיך שוין געגרייט. מיר האָבן זיך געזעצט אויף אַ זײַטיקער באַנק. אונדזער שטימונג איז געווען אַ געדריקטע. פון די באַפרייטע געביטן זענען אָנגעקומען ידיעות וועגן גרויסן חורבן. ער האָט אָנגעהויבן רעדן:

— בדרך־כלל ווערן בײַ מענטשן זייערע אידעאָלאָגישע איבער־צייגונגען פאַרגליווערט. סע מוז קומען אַ טיפער איבערברוך אין זייערע נשמות, זיי זאָלן דערזען אַז זייער גלויבן איז געווען אַ פאַלשער. ס׳רוב קומט דער איבערברוך אַ ביסל צו שפּעט — ווען נישט נאָר די נשמה, נאָר אויך דער גוף איז שוין צעבראָכן. אַזוי איז געשען מיט אונדזער גלייבן, אַז די רוסישע רעוואָלוציע וועט זײַן אַ גאולה אויך פאַר ייִדן. דער גלייבן האָט אונדז צו טײַער געקאָסט, אַ שפּאָר ביסל צו טײַער. נאָר צי האָט עס דען געקאָנט אַנדערש זײַן? ייִדן, ייִדישע קעמפער זענען געווען צווישן „עס־ערן", מענשעוויקעס, באָלשעוויקעס און שפּעטער צווישן טראָצקיסטן. נישט געווען זענען זיי בלויז צווישן די פאַרשיידענע ווײַסגוואַרדעיִשע באַנדעס. אַפילו פרומע ייִדן, וועלכע פלעגן פריִער יעדן שבת מאַכן דעם צאַר ניקאָלאַי אַ „מי שברך", האָבן נאָך דער רעוואָלוציע פרײַער אָפּגעאָטעמט און געמאַכט אויף אים די ברכה „ברוך שפּטרני". מיר, די ייִדישע רעוואָלוציאָנערן, האָבן מיט אַ לייכט האַרץ מיטגעהאָלפן אין קאַמף קעגן דער ייִדישער בורזשואַזיע, קעגן דעקלאַסירטע עלעמענטן, ווי אויך קעגן פּאָליטישע קעגנער. קעגן „עס־ערן" און מענשעוויקעס, אין ערשטן פּעריאָד, און שפּעטער קעגן טראָצקיסטן און אַנדערע אָפּנייגלער. און דערבײַ קיין מאָל נישט געמערקט, אַז אין גרעסטן טייל זענען די אַלע פאַרפאָלגטע און קרבנות — ייִדן. דאָס זעלבע איז געווען אין די טרויעריקע יאָרן 1936—38, בעת די גרויסע „ריינוקונגען", וואָס האָבן „אויסגערייניקט" אַלע, וועלכע האָבן געגלייבט... מיט אַ צײַט פריִער האָט מען גערופן צו דיסקוטירן און קריטיקירן אין דער פּאַרטיי, און ווען מ׳האָט זיך געכאַפּט אַז דאָס איז געווען אַ פּאַסטקע פון דער ענ־קאַוועדע, איז שוין געווען צו שפּעט: די קריטיקער האָבן זיך שוין געפונען אין די קעלערן פון טשעקאַ, ס׳איז נישט געשאַנעוועט געוואָרן קיינער, סיי אַרבעטער, סיי מיטגלידער פון פּאָליט־ביוראָ. פון דעמאָלט אָן קריטיקירט מען נישט און מע דיסקוטירט נישט...

— איר ווייסט, — האָב איך אויף אַ ווײַל איבערגעריסן דעם שטראָם פון זײַנע רייד — עס איז דאָ ערגעץ ווו אַ דערציילונג וועגן אַ מלך, וועלכער האָט פאַראָרדנט זײַן פינאַנס־מיניסטער אַרויפ־

צולייגן גרעסערע שטײַערן אויפן פאָלק. שפּעטער פרעגט אים דער מלך, ווי דער עולם האָט אויפגענומען די פאַראָרדענונג. „זיי האָבן פּראָטעסטירט׳. „פאַרגרעסער זיי נאָך מער״. שפּעטער האָט דער מיניס־טער געמאָלדן: „די פּראָטעסטן האָבן זיך פאַרשטאַרקט״. „פאַרגרעסער נאָך מער״. „דער עולם שטורעמט מיט פּראָטעסטן״, מעלדעט ווייטער דער מיניסטער. „ס׳מאַכט נישט אויס״. ערשט ווען דער מיניסטער האָט געמאָלדן: „די מענטשן האָבן אויפגעהערט פּראָטעסטירן — זיי לאַכן״, האָט דער מלך באַפוילן פאַרקלענערן די שטײַערן...

— ריכטיק, — האָט זיך אַ פאַרקלערטער אָנגערופן דער דאָקטאָר, — דאָס רוסישע פאָלק לאַכט שוין, שטיל נעמט עס אויף די גרעסטע גזירות. ווי זאָגט דאָס רוסישע ווערטל: „ביוט אי פּלאַקאַט ניע דאַיוט״ — מע שלאָגט און מע לאָזט נישט וויינען. יעדע פאָר יאָר ווערט געטוישט דער אינערן־מיניסטער, און אין קורצן ווײַזט זיך אַרויס אַז דער נײַער איז ערגער פונעם אַלטן. נאָך די שווערע יאָרן פאַר יעזשאָוון איז געקו־מען דער „גוטער״ בעריאַ. הלוואי זאָלן מיר דאָס איצטיקע מאָל נישט אַנטוישט ווערן.

— און דאָס אַלץ ווערט געטאָן אין נאָמען פון דער סאַמע דעמאָקראַטישסטער סטאַלין־קאָנסטיטוציע?

— איר פרעגט אַ נאַיווע פראַגע. דאָ זענען אין נאָמען פון דער רעוואָלוציע און סאָציאַליזם באַגאַנגען געוואָרן פאַרברעכנס, וועלכע קיין שום דעספּאָט האָט זיך נישט דערוועגט צו טאָן. כדי צו קעפּן דאַנטאָנען האָט מען פאַרנאַרט די מאַסע מיט ברויט אין אַ צווייטער גאַס. אַזוי שרײַבן די היסטאָריקער. בײַ אונדז איז עס פאָרגעקומען אַ ביסל אַנ־דערש... און אפשר איז פאַראַן עפּעס ענלעכס. איר האָט מיר דערציילט וועגן די תבואות, וואָס דער ראַטנפאַרבאַנד האָט פאַרקויפט צו דומפּינג־פּרײַזן אין די דרײַסיקער יאָרן אין אייראָפּע. אויך אַנדערע אויסאַר־בעטונגען פון דער לײַכט־אינדוסטרי, ווי קאַלאָשן, נייפאָדעם און אַנדערע. פאַר מיר איז עס געווען אַ נײַעס, ווי פאַר יענעם בוכהאַלטער פון קראַסני יאַר. טראַכט איך, צי זענען נישט די הונגער־יאָרן בעת דער צוואַנג־קאָלעקטיוויזאַציע געמאַכט געוואָרן בכיוון, אַלס פאָרשפּיל צו די יאָרן

1936—38 ? מ׳האָט פאַרוואַנדלט דאָס שטיקל ברויט אין לוקסוס. אין דער זעלבער צײַט, זאָגט איר, האָט מען געליפערט ברויט, פעטס און אַנדערע פּראָדוקטן פאַר די היטלער־מערדער...

— דעמאָלט זענען זיי נאָך נישט געווען קיין מערדער, נאָר פאַר־בינדעטע. — האָב איך צוגעגעבן.

דער אָרקעסטער האָט אויפגעשפּילט אַ וואַלץ. ער איז געבליבן שטיל, זיך פאַרטראַכט. איך האָב איבערגעריסן אונדזער שווײַגן :

— נו, ס׳איז שוין צײַט אַהיים צו גיין.

## קאַפּיטל פינף און פערציק

דאָס איז געווען אין מיטן זומער, נאָך מײַן פרויס שווערער קראַנק־הייט. מיר זענען אַרויסגעקומען אויפן באַזאַר עפּעס קויפן, האָבן מיין ווײַב אָפּגעשטעלט צוויי יונגע פרויען :

— איר ווייסט ? שוין דרײַ מאָנאַטן ווי איך מיט מײַן חברטע זוכן אײַך אַרום. זי וויל אויך קויפן אַזאַ פּאָר שטיוועלעך ווי מײַנע. כ׳האָב געמיינט, אַז איר זענט שוין אַהיים געפאָרן.

— כ׳האָב שוין אַפילו באַוויזן צו קומען צוריק...

— אַזוי גאָר ?

— יאָ. איך בין צוריקגעקומען פון יענער וועלט. כ׳בין שווער קראַנק געווען. מײַן מאַן האָט צוליב דעם נישט געקאָנט אַרבעטן.

— האָט איר נישט מער קיין שטיוועלעך צו פאַרקויפן ?

— דערווײַל נישט.

— אפשר קאָן אײַער מאַן מאַכן אַ פּאָר שטיוועלעך אויף באַשטעלונג ?

— יאָ. אָט איז אונדזער אַדרעס — האָב איך זיך אָנגערופן.

זי איז געקומען אין באַגלייטונג פון איר מאַן, אין אַן אוניפאָרם פון ענקאַווועדע. ווײַזט אויס, אַז ער האָט געטראַכט אָנצוטרעפן בײַ מיר אַ

פאַבריקל און אײַנהאַנדלען גאָר ביליק, איז ער געקומען אין מיטן טאָג, ווען איך בין בײַ דער אַרבעט. די פּרוי איז געווען איבערגעשראָקן. אין אָוונט זענען שוין געקומען צוויי פּאָר מיט נאָך אַ העכערן נאַטשאַלניק.

— אַז דו אַרבעטסט בײַ טאָג אין וואָיענטאָרג, — האָט ער זיך געוויצלט, — טאָ ווי האָסטו צײַט פאַר אַנדערע קונים?

— די נאַכט איז לאַנג — האָב איך אים געענטפערט מיט אַ שמייכל.

— וואָט מאָלאָדיעץ! — האָט ער אַ זאָג געטאָן, און זיי האָבן געמאַכט באַשטעלונגען.

חוץ שטיוול באַדאַרף מען דאָך אויך לײַכטע זומערדיקע סאַנדאַלן און שיך, זענען זיי געוואָרן גאַנץ אָפטע קונים בײַ מיר. אַזוי אַרום זענען מיר נעענטער באַקאַנט געוואָרן. איינער פון זיי איז געווען אַ צוגע־לאָזטער מענטש און האָט געוואָלט ציִען פון מיר ווערטער וועגן דעם לעבן אין פּוילן, האָב איך אים געשילדערט: אָרעמקייט, נויט, הונגער, פאַשיזם און פאַנעס...

איין מאָל האָב איך אים בײַ אַ געלעגנהייט אַ פרעג געטאָן:

— צי ווייסט נישט די רעגירונג, אַז דער פאַרדינסט, וואָס מיר באַקומען פאַר אונדזער אַרבעט סטײַעט קוים אויף אויסצוקויפן די „נאָרמע" פּראָדוקטן, און יעדער מוז זוכן זײַטיקע פאַרדינסטן? איך בין אַ פאַכמאַן, קויף איך אַ לעדערל אויפן באַזאַר, מאַך פון דעם אַ פּאָר שיך, שטיוול; כ׳ווייס נישט, צי יענער האָט עס געגנבעט אָדער באַקומען פאַר אַ פעלעכל פון אַ געשאָכטענער בהמה. הײַנט באַקומט מען שוין בלויז כשרע... דאָס איז פון די טראָפּעען, וואָס די רויט־אַרמייער שיקן צו אַהיים פון די דעראָבערטע געביטן. אין וואַרשטאַט אַרבעט איך אָפּ ערלעך מײַן אַרבעטס־נאָרמע און נאָך מיט אַ שמיצל אַריבער. און אין אָוונט — פאַר זיך, צו קאָנען שפּײַזן די פאַמיליע מיט אַ צוגאָב צו דער „נאָרמע". אויך דאָס איז נישט אין גאַנצן דערלויבט, און איך מוז אָפּגעבן אַ באַריכט דעם שטײַערן־אַמט. אָבער די אַלע נישט־פאַכמענער: באַאַמטע, אַרבעטער, נאַטשאַלניקעס, וועלכע פאַרדינען נישט נאָך דער אַרבעטצײַט, פון וואַנען האָבן זיי אַזוי פיל געלט אויף צו קויפן טײַערע שפּײַזן און קליידונג אויף באַזאַר־פּרײַזן, וואָס דערגייען

צו פופציק און הונדערט מאָל אַזוי פיל? זאָל עס הייסן, אַז אַלע גנבענען ביי דער מלוכה?

— הערט, — האָט מיר דער נאַטשאַלניק געזאָגט, — די רעגירונג ווייסט זייער גוט וועגן דער לאַגע אין לאַנד. אָבער קריגסצייט האָט זי נישט די מעגלעכקייטן נאָכצוקומען דער באַפעלקערונג. באַקומט יעדער זיין ברויטנאָרמע. אויב ס'איז דאָ — אויך אַנדערע פּראָדוקטן. געוויסע קאַטעגאָריעס באַקומען צוגאָב־נאָרמעס. יעדנפאַלס, איז דאָס גענוג אויף נישט צו שטאַרבן פון הונגער. מע ווייסט גענוי דעם לעבנס־סטאַנדאַרט פון יעדן בירגער, ווי אויך די קוועלן, פון וואַנען ער שעפּט. ס'ווערט געפירט אַ גענויע קאַרטאָטעקע. ס'וועט קומען אַ צייט, ווען יעדער וועט באַקומען, וואָס אים קומט. מע באַצאָלט פאַר אַלץ, פאַר פּאָליטישע מיינונגען, ווי פאַר ווירטשאַפטלעכע פאַרברעכנס.

מער האָב איך אים שוין נישט געוואָלט פרעגן. כ'האָב שוין דעמאָלט געוווּסט וועגן דעם קאָנטראָל־סיסטעם איבער יעדן בירגער דורך דער אַדמיניסטראַציע פון זיין הויז, אָדער דורך דעם קוואַרטאַלני. באַזונדערס, אויף די אַרבעט־פּלעצער, ווו ס'איז דאָ איינער, אָדער עטלעכע, וואָס „וואַרפן אויגן" און „שטעלן־אָן אויערן" אויף יעדן איינעם.

ווען איך האָב שפּעטער דערציילט דעם שמועס דעם דאָקטאָר, האָט ער געלאַכט:

— איר האָט אים געשטעלט פראַגן, ווי נאָר אַ פּוילישער קאָן זיך דערלויבן. אַ רוסישער ייִד וואָלט אַזעלכע פראַגן נישט געשטעלט. פון זיינע ענטפערס קאָנט איר פאַרשטיין דעם אונטערשייד צווישן אונדזער סאָציאַליסטישן סיסטעם און אייער קאַפּיטאַליסטישן. ביי אייך שעמט מען זיך מיט פאַרברעכערישקייט, מע וויל עס אויסוואָרצלען אויך מיט פּעדאַגאָגישע מיטלען. ביי אונדז נייטיקט מען זיך נישט דעריך. הלוואי וואָס מער פאַרברעכער — ווען די געביטן פון וויטן צפון זיין כסדר באַזעצט. פאַרן קריג האָט מען אַהין געשיקט אייגענע. זינט דעם יאָר 1939 האָבן מיר באַקומען אַ נייעם מענטשן־מאַטעריאַל — פון די „באַפרייטע" געביטן, פון אוקראַינע, ווייסרוסלאַנד און אַנדערע. איר,

„פּאַליאַקן״, זענט דאָך פאַר „אונדז״, ווי פון הימל אַראָפּגעפאַלן. מיט אײַך האָט מען אויפגעשטעלט נײַע פונקטן אין די וועלדער און טײַגעס... איר האָט מיר דערציילט, אַז חלוצים, ייִדישע בחורים און מיידלעך, האָבן אין ארץ־ישראל פרײַוויליק פאַרוואַנדלט זומפּן און מדבריות אין בליִענדיקע פעלדער און גערטנער, — בײַ אונדז וועט אַזוינס קיין מאָל נישט זײַן.

— ס׳איז דאָך יאָ דאָ. איך האָב געלייענט וועגן קאָמסאָמאָלסק, וואָס איז אויפגעשטעלט געוואָרן דורך פרײַוויליקע פּיאָנערן־קאָמסאָמאָלצעס...

— איר קאָנט לייענען וועגן אַ סך אַזעלכע „פּיאָנערן״ און „העל־דישקייטן״, — האָט ער מיר איבערגעריסן מיט געלעכטער, — אָבער דאָס איז נאָר אין דער ליטעראַטור. אין דערווירקלעכקייט בויען מיר דעם סאָציאַליזם מיט אַנדערע וועגן. יעדער אידעאַליזם בײַ אונדז אין לאַנד איז געפּערלעך פאַר דער מאַכט. אידעאַליזם איז פאַרבונדן מיט דענקען און טראַכטן, און מיר האָבן, ווער ס׳זאָל פאַר אונדז טראַכטן און דענקען. אַפילו די אידעיִשע באַוועגונג פאַר ביראָבידזשאַן איז גלײַך ליקווידירט געוואָרן, און אירע אידעאַליסטן בויען איצט דעם סאָציאַליזם ערגעץ אַנדערש... ס׳וווּנדערט מיך, וואָס איר זענט אַזוי אַנטציקט פון עמנואל קאַזאַקעוויטשעס בוך „שלום און חוה״ וועגן די פּיאָנערן פון ביראָבידזשאַן. דאָס געשילדערטע דאָרט עקזיסטירט שוין לאַנג נישט אין דער ווירקלעכקייט. דערפאַר איז דאָ דער ציוניזם נאָך מער טרייף, ווײַל ער איז נאָך דערצו אַ ייִדישע אידעע. מיר האָבן בײַ אונדז אין לאַנד גענוג מדבריות און זומפּן, ווו ייִדן, אויב זיי ווילן, קאָנען קומען זיי אויסטריקענען און באַפרוכפּערן...

די לעצטע ווערטער האָט ער אַרויסגעזאָגט מיט אַ טאָן פון פאַרביטערונג און איז אויף אַ ווײַל שטיל געבליבן. דערנאָך האָט ער ווידער פאָרגעזעצט:

— אין איצטיקן קריג האָט מען געגעבן אַ מעגלעכקייט אַלע קרימינעלע און ווירטשאַפטלעכע פאַרברעכער צו גיין אויפן פראָנט, אויסצוקויפן מיט בלוט זייערע פאַרברעכנס. ס׳איז גענוג געווען, אַז אַזאַ

איינער זאָל לײַכט פאַרוואַנדעט ווערן, און ער איז געוואָרן אַ פרײַער בירגער. אָבער קיין שום פּאָליטישן האָט מען עס נישט דערמעגלעכט. די פּאָליטישע זענען געפערלעכער פאַר דער מאַכט איידער די ערגסטע פאַרברעכער. זיי, די געוועזענע רעוואָלוציאָנערן, אידעאַליסטן, האָט מען אַזאַ פּריווילעגיע נישט געגעבן... נישטאָ מער קיין קאָמוניסטן, בלויז נאַציאָנאַלע פּאַטריאָטן... מע שטיצט די קאָמוניסטן אין אויסלאַנד אַזוי לאַנג ווי זיי העלפן אונדזערע אינטערעסן, ווען נישט, שיקן מיר זיי אַפילו צום טײַוול.

אויסגעהיצט זיך, האָט ער גענומען רעדן רויִקער:

— אין די יאָרן 1937—38 האָט מען דאָ ליקווידירט די אָנפירונג פון דער פּוילישער קאָמפּאַרטיי און טויזנטער פּוילישע קאָמוניסטן אין ראַטנפאַרבאַנד. אַלע זענען דערקלערט געוואָרן אַלס שפּיאָנען, פאַררעטער, און מ׳האָט זיי צעשאָסן ווי די הינט, אָדער פאַרשיקט אַהין, פון וואַנען מע קומט שוין נישט צוריק. און קורץ נאָך דעם האָט מען געשלאָסן אַן אָפּמאַך מיט היטלער־דײַטשלאַנד. איר געדענקט דאָך ווי אונדזערע מנהיגים האָבן דעמאָלט געכשרט דאָס חזיר־פיסל...

— איז ווי קומט עס, וואָס דאָס גאַנצע סאָוויעטישע פאָלק קעמפט אַזוי העלדיש? און די רויטע אַרמיי יאָגט די היטלער־חיילות מיט דעם לאָזונג: „זאַ ראָדינו, זאַ סטאַלינאַ״? — טו איך אים אַ פאַל אַרײַן אין די רייד.

— דאָס איז ריכטיק. די רויטע אַרמיי דערשלאָגט שוין די ביז איצט אומבאַזיגבאַרע היטלער־אַרמיי. אָבער... איך בין נישט לאַנג פון דער אַרמיי. האָב אָנטייל גענומען אין שווערע קאַמפן אויף אַ סך פראָנטן. די רויטע אַרמיי איז נישט בעסער און נישט ערגער פון אַלע אַרמייען אין דער וועלט. די סאָלדאַטן זענען אַלע מענער, טאַטעס און זין, און קיינער פון זיי וויל נישט סתם אַזוי גיין אויפן פראָנט „שטאַרבן פאַרן פאָטערלאַנד״. אין אָנפאַנג קריג זענען געווען מאַסן־דעזערציעס פון גאַנצע פאָלקן צוזאַמען מיט זייערע קאָמאַנדירן, ווי די וולאַסאָווצעס, און גאָר אַ סך פאַלן פון אינדיווידועלע דעזערטירונגען. אַ סך האָבן זיך אויסבאַהאַלטן ביז די דײַטשן האָבן פאַרנומען דעם געביט. ס׳זענען געווען

פאַלן, ווען אונדזערע סאָלדאַטן האָבן זיך אַליין דורכגעשאָסן אַ האַנט אָדער אַ פוס, „סאַמאָסטרעלי", כדי צו אַנטרינען פון פראָנט.

ער האָט אָפּגעכאַפּט דעם אָטעם. פאַרוויקלט אַ ציגאַר און פאָרגע־זעצט:

— אמת, ס׳זענען געווען אַ סך איבעררגעגעבענע העלדישע אָפיצירן און סאָלדאַטן, ווי אין אַלע אַרמייען אין דער וועלט. אָבער נישט דאָס איז דער עיקר. בעת אַלע מלחמות ליידט שטענדיק דאָס פאָלק, און מער פון אַלע דאָס פאַרהאַסטע יידישע פאָלק. דאָס וואָס הילטער האָט דער־קלערט אַ פאַרניכטונג־קריג דעם יידישן פאָלק, איז די באָלשעוויקעס נישט אָנגעגאַנגען. פאַרקערט, ס׳האָט זיך באַקומען דער אײַנדרוק, אַז די היטלעריסטן באַקומען אין דעם פרט פון דאַנען אונטערשטיצונג...

ער האָט ווידער פאַררייכערט און, ווי ער וואָלט זיך באַמיִען צוריק־צוכאַפּן דעם פאָדעם פונעם שמועס, ממשיך געווען:

— כדי צו זײַן אַן אומדערשראָקענער סאָלדאַט, פאָדערט זיך אויך שנאה און פאַראַכטונג צום נידערטרעכטיקן שונא. אָט דאָס האָבן געהאַט יידישע סאָלדאַטן און אָפיצירן אין דער רויטער אַרמיי. זיי האָבן געוווסט, אַז קיין אַנדער וועג, ווי קעמפן ביזן לעצטן טראָפּן בלוט, האָבן זיי נישט. זיי האָבן אויך געדאָרשט נאָך נקמה פאַרן מאָרד איבער זייערע נאָענטע, און דאָס האָט זיי געגעבן דעם כוח פון „תמות נפשי עם פלישתים"; ער איז אויסגעשריגן געוואָרן נישט פון איין שמשון הגיבור, נאָר פון צענטליקער טויזנטער. זיי האָבן מיט זייער גבורה מיטגעריסן די אַנדערע און בײַגעשטײַערט צום רום פון דער רויטער אַרמיי. איצטער פרעגט מען אונדז, צי מיר האָבן געקעמפט אויף טאַשקענטער פראָנט...

אַ סאַרקאַסטישער שמייכל האָט אַ שפּיל געטאָן אויף זײַן פּנים.

— איך וויל זיך צוריקקערן צום אָנהייב פון אונדזער שמועס, — האָב איך אים אַ בעט געטאָן, — ווײַל איך ווייס נישט, ווען מיר וועלן האָבן נאָך אַ מאָל אַ געלעגנהייט זיך צו טרעפן.

— ביטע זייער.

— איר האָט געזאָגט, אייגנטלעך, אַז דאָ פּראָדוצירט מען פאַר־ברעכער, כדי די צפון־געביטן זאָלן זײַן באַזעצט. קומט אויס לויט אײַערע

רייד, אַז אַלע בירגער פון ראַטנפאַרבאַנד און אירע באַפרייטע געביטן זענען קאַנדידאַטן אַהין?

— אַזוי איז עס טאַקע. אַהין זענען אַוועק פון אַלע פאַלקסשיכטן, אויך סטאַכאַנאָווצעס און אָרדן־טרעגער, הויכע נאַטשאַלניקעס און פון די בעסטע פאַרטיי־מיטגלידער, דעפּוטאַטן פון ווערכאָווני סאָוויעט, העלדן פון בירגערקריג און ביז איצטיקע „העלדן פון ראַטנפאַרבאַנד". היינט גייען אַוועק אַהין פאַרטיעס געפאַנגענע דייטשן און באַפרייטע סאָוויעטישע קריגס־געפאַנגענע, ווייל — פאַר וואָס זענען זיי אַריינגעפאַלן אין געפאַנגענשאַפט? נאָר אַזאַ פאַרטיזאַנער ווי יעגאָרישקע, ער איז געשאַנעוועט געוואָרן. און אפשר — האָט ער אויסגעלאָזט מיט אַ געלעכטער — האָט אים געראַטעוועט דאָס, וואָס ער איז אַ שוסטער, ווי איר האָט אַנומלט געזאָגט, און מע האָט אויף זיין אָרט געשיקט אַ שניידער...

ער האָט זיך פונאַנדערגעלאַכט, און מיר האָבן זיך האַרציק געזעגנט.

## קאַפּיטל זעקס און פערציק

מ'האָט אים גערופן פּראָסט־פּשוט: יעגאָרישקאַ. זיין ביינאָמען און פאָטער־נאָמען האָט מען קיין מאָל נישט באַנוצט. מעגלעך, אַז ווי אַ קינד אַ יתום, פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, האָט ער אַליין דעם נאָמען פון זיינע עלטערן נישט געקאָנט. אָבער אין אַקטיובינסק איז געווען בלויז דער נאָמען יעגאָרישקאַ, מע זאָל אים אויף קיין צווייטן נישט פאַרטוישן.

ער האָט אויסגעזען ווי אַ צען־יעריק יינגל, לויט זיין הייך און וואָג. איין אויג איז ביי אים געווען אַ קורצזיכטיקס, דאָס צווייטע אין גאַנצן בלינד. אַרויפקוקנדיק צו זיין מיטשמועסער, פלעגט ער, שטענדיק אַ שמייכלענדיקער, פאַרזשמורען דאָס קורצזיכטיקע אייגל און אָנבייגן דאָס קעפל אויף אַ זייט. דאָס בלינדע אויג, די אויסגעדרייטע פינגער,

ווי אויך אַנדערע באַשעדיקונגען, וואָס דאָס אָנטועכץ האָט פּאַרדעקט, איז אים געבליבן אַלס אָנדענק פון יענער צײַט, ווען ער איז געווען אַ פּאַר־טיזאַן אונטער דער אָנפירונג פונעם באַרימטן העלד טשאַפּאַיעוו. יעגאָ־רישקען איז באַשערט געווען אַרײַנצופאַלן אין די הענט פון ווײַסגוואַרדייער נאָכן אונטערלייגן אַ פּעקעלע דינאַמיט אין זייערער אַ באַזע. האָבן זיי אים אַזוי צו רעכט געמאַכט.

איך האָב זיך באַקענט מיט אים אין וואָיענטאָרג. ער איז געווען אַ שוסטער, וועלכער האָט די אַרבעט אויסגעפּערטיקט אין דער היים. לויט די אַקטיוובינסקער באַגריפן איז ער געווען אַ גוטער פאַכמאַן. ער פלעגט נאָך דערצו קאָנען אַליין אויסשניצן די קאָפּעטעס און די הויכע קנאַפּל, דווקא נישט שלעכט. פאַרן וואָיענטאָרג פלעגט ער ס׳רוב אויספּערטיקן איין פּאָר אַ וואָך. מער האָט מען טאַקע נישט געקאָנט פון אים פאָדערן, ווײַל ס׳רוב צײַט פלעגט ער זײַן שיכור. פון טרינקען מיט אַ מאָס, דאָס הייסט אַ ליטער, פלעגט ער נישט שיכור ווערן, סײַדן דאָס איז געווען ספּירט. ווען ער פלעגט נישט באַקומען קיין ספּירט, פלעגט ער טרינקען ברענ־ספּירט, אָדעקאָלאָן. נאָר מער צופרידן איז ער געווען, ווען ער האָט באַקומען פערפומ פאַר מלוכה־פרײַזן; דאָס האָט געקאָסט ביליקער פון געוויינלעכן בראָנפן אויפן באַזאַר. צום פאַרבײַסן איז אים געגונג געווען אַ שטיקל ציבעלע, טייל מאָל אַפילו בלויז אַ שמעק צו טאָן דערפון. ער פלעגט עס האָבן שטענדיק גרײַט בײַ זיך, שטאַרק צודריקן צום קינדערישן נעזל און אַרײַנציִען דעם ביטערן ריח. ערשט פון אַ ליטער „שטאַרקן" פלעגט ער שיכור ווערן און אַ רויִקער, מיט וואַקלענדיקע טריט, זיך שלעפּן אַהיים. מיינסטן טייל פלעגט ער אין אַזאַ פאַל דאַרפן אָנקומען נאָך פרעמדער הילף, און אַזעלכע גוטע פרײַנט האָבן זיך שטענדיק געפונען. געפירט פאַר אַ הענטל, איז יעגאָרישקאַ באמת געווען ווי אַ גע־האָרכזאַם קינד. ער האָט קיין מאָל קיין אַוואַנטורעס נישט געמאַכט. אָפּגעשלאָפן אין דער היים אַ האַלבן טאָג מיט אַ נאַכט, פלעגט ער זיך אין דער פרי אויפכאַפּן מיט קאָפּווייטיק. צו דעם האָבן אים נישט געהאָלפן קיין שום רפואות, פּראָשקעס, נײַערט אַ האַלבער ליטער פשוטער בראָנפן. נאָך אַזאַ פּאָרציע איז ער ווידער ניכטער, דער קאָפּווייטיק פאַרשווינדט,

און ער זעצט זיך ווידער אויפן שוסטער־בענקעלע, ביז... ס׳קומט אונטער אַ צווייטע געלעגנהייט.

ער פלעגט אָפט קומען אין וואַרשטאַט און זיך באַקלאָגן: „גאָלאָוואַ באָליט״. „נאַדאַ פּאָכמיעליטסאַ״. „ס׳טוט ווי דער קאָפּ״, „מע דאַרף זיך אויסשיכורן״. האָבן מיר דערפון שוין פאַרשטאַנען, אַז ער איז שוין נאָך אַ גאַנצן ליטער „שטאַרקן״ און זוכט ערשט אַ האַלבן ליטער „שוואַכן״ אויף אַ „רפואה״...

ער איז געווען אַ פאָטער פון פיר־פינף קינדער. זײַן עלטסטער זון האָט זיך געלערנט אין אַ פאַכשול פאַר לאָקאָמאָטיוו־פירער. ער איז געווען מיט אַ צוויי קעפּ העכער פונעם טאַטן און אויך אַ סך דיקער — אין דער מוטער געראָטן. דער ייִנגערער, אין פאָטער געראָטן, פלעגט אָפט מיטקומען מיט אים אין וואַרשטאַט און שטענדיק זיך אונטערזינגען פאַרשיידענע קופּלעטלעך. ווען ס׳פלעגט אַרײַנקומען אַן „אָפיצערקע״ פאַר־ריכטן די צעריסענע שיך אָדער קאַלאָשן, פלעגט ער זיך גוט אײַנקוקן אין איר און אירע שיך, צוקומען צו מיר, אָנווינקען אויף איר און שטי־לערהייט אויפזינגען: „ראַנשע טי נאָסילאַ טופליע ז׳טאָרגסינאַ, / סעי־טשאַס טי נאָסיש / רוואַניִע גאַלאָשי /״ — — פריִער האָסטו געטראָגן שיך פון טאָרגסין, איצט טראָגסטו צעריסענע קאַלאָשן, — אַן אַלט קופּלעטל פון דער נאָך־„נעפּ״־צייט, אין וועלכן ס׳זענען אויסגעלאַכט געוואָרן די רײַכע, וועלכע האָבן פאַר אויסלענדישער וואַליוטע געקויפט אין טאָרגסין טײַערע פּראָדוקטן און אויסאַרבעטונגען, און איצט זענען זיי מיט אַלעמען צו גלײַך נאַקעט און באָרוועס... הגם נישט מער ווי אַ צוועלף־יעריקער, פלעגט ער שוין צוהעלפן דעם פאָטער. אָנגעטאָן איז ער געווען זומער אין אַ צעריסן העמדל און געגאַנגען באָרוועס, ווינטער — אין אַ לאַנגן ראָק, אָדער מאַנטל, וואָס האָט זיך נאָכגעשלעפּט איבער דער ערד, מיט אַלטע גרויסע וואָליקעס אויף די פיס. אַזוי איז געוואָקסן יעגאָרישקעס נאָכפאָלגער.

און פון דעסטוועגן איז יעגאָרישקאַ געווען אין וואַרשטאַט דער סימפּאַטישסטער פון אַלע רוסישע שוסטערס. ער האָט קיין מאָל קיינעם נישט באַליידיקט, איז געבליבן אַ שטילער רוסישער פּאַטריאָט. מ׳האָט

נישט געהערט פון אים קיין אַנטיסעמיטישע אויסדרוקן. אַן אָנגענעם מענטשעלע געווען.

ביי אונדז, „באַזאַר־שוסטערס", איז געווען אַזאַ מין צרה: דאָס ווייכע לעדער פון אָרטיקער אויסאַרבעטונג פלעגט שוין בעת דער אַרבעט פאַרלירן איר שוואַרצע פאַרב. מע האָט זיך באַנוצט מיט די פאַרשיידנסטע מיטלען דאָס לעדער צוריק שוואַרץ צו מאַכן. אָבער נאָך עטלעכע מאָל טראָגן פלעגן די קונים קומען מיט טענות. איין מאָל האָט מיר יעגאָרישקאַ איינגערוימט אַ סוד, אַז ער האָט געפּאַקט דאָס ריכטיקע מיטל, דאָס איז אַ ספּעציעלער גלאַזור, וואָס האָט נישט מורא פאַר וואַסער. ער קאָן אויך מיר פאַרקויפן אַ האַלבן ליטער, נאָר דאָס דאַרף קאָסטן ... אָבער פאַר אַזאַ זאַך איז קיין שום פּרייז נישט צו טייער געווען. און ס'איז ווירקלעך געווען אַ גוט מיטל. אַ מין ספּירטלאַק, וואָס איז באַנוצט געוואָרן צו פאַרבן מעטאַל, אפשר פון אַן עראָפּלאַן־פאַבריק.

אין אַ צייט אַרום האָב איך באַמערקט, אַז יעגאָרישקאַ גייט אַרום אַ ביסל שיכורלעך און די ליפּן זענען אים עפּעס פאַרשוואַרצט.

— זע, — האָב איך אים אַ פרעג געטאָן, — מיט וואָס האָסטו זיך עס פאַרשמירט?

— דאָס איז פון יענער גלאַזור. — האָט ער מיר ערלעך, שמייכלענדיק, איינגערוימט אַ סוד אין אויער — זי איז געשמאַק צום טרינקען. איך זיי זי אַדורך דורך וואַטע...

## קאַפּיטל זיבן און פערציק

אין איינעם אַ ווינטערדיקן פרימאָרגן, אָנהייב 1945, ווען מיר זענען געקומען צו דער אַרבעט, האָט אונדז דער פאַרוואַלטער, מיך מיט נאָך עטלעכע אַרבעטער, געמאָלדן, אַז מיר דאַרפן תיכף גיין אין קאַנטאָר פון וואָיענטאָרג צום נאַטשאַלניק.

— וואָס איז געשען?

— בײַם נאַטשאַלניק וועט איר שוין געוואָר ווערן.

אַרויסרופן אין דער אַרבעטצײַט, דאָס טרעפט נאָר אין אויסער־געוויינלעכע פאַלן. דאָ איז עפּעס נישט פּשוט. דער נאַטשאַלניק האָט אונדז אַרײַנגערופן אין אַ באַזונדער צימער און גלײַך אָנגעהויבן אַ צע־קאָכטער:

— בײַ אונדז וועט אַזעלכעס נישט פּאַסירן, כ׳וועל אַזעלכעס נישט דערלאָזן! איך וועל אײַך גלײַך שיקן צוריק אין וואָיענקאָמאַט!

בײַ יעדן פון אונדז האָט געצאַפּלט דאָס האַרץ: וואָס אַזעלעכעס האָט פּאַסירט? וואָס פאַר אַ חטאים זענען מיר באַגאַנגען? ענדלעך האָב איך דערהערט אין וואָס סע גייט. מיר האָט זיך געוואָלט אַ שמייכל טאָן, אָבער מע טאָר נישט.

— וואָס קלערט איר זיך? — האָט ער ווײַטער אויפגערעגט און בייז געשריגן. — אויף דער פּאַרזאַמלונג פון פּראָפּסאָיוז נעכטן זענט איר נישט געווען. איך וועל אַזעלעכס נישט טאָלערירן!

ער לאָזט אונדז נישט פאַרענטפערן זיך און זעצט פאָר:

— איך וויל נישט וויסן פון קיינע תירוצים. כ׳האָב שוין צוגעגרייט אַ מעלדונג צום וואָיענקאָמאַט. זאָלן זיי אײַך שיקן ערגעץ אַנדערש. אַפילו אויפן פראָנט. די מלחמה איז נאָך נישט געענדיקט, און איר זיצט דאָ רויִק, זאָלט איר אַפילו אויף אַ פאַרזאַמלונג נישט קומען? המם... איך וועל הײַנט נאָך אַ מאָל רופן אַ פאַרזאַמלונג. ווער פון אײַך ס׳וועט פעלן, וועל איך... — און ער פאַרענדיקט מיט אַ פראַגע — ווייסט איר וואָס דאָס הייסט אַ פאַרזאַמלונג פון פּראָפּסאָיוז?

וואָס אַן אמת, איך האָב טאַקע נישט געוווסט די באַדייטונג און די אויפגאַבן פון פּראָפּעסיאָנעלע פאַראייניגן אין ראַטנפאַרבאַנד. כ׳האָב די גאַנצע צײַט געאַרבעט אין אַרטעלן, און זייערע מיטגלידער געהערן נישט צו קיין פּראָפּסאָיוז. ערשט דאָ אין וואָיענטאָרג האָב איך געהערט וועגן פּראָפּסאָיוז, אָבער נישט געוווסט, וואָס ס׳איז זײַן אויפגאַבע. בין איך עס ערשט איצט, אויף דער צווייטער פאַרזאַמלונג, געוואָרן:

א. קאָנטראָלירן, צי די אַרבעטער פירן אויס דעם פּלאַן פון דער

רעגירונג, ב. קאָנטראָלירן די קוואַליטעט פון דער אַרבעט, ג. פּרעמירן גוטע אַרבעטער, שלאָגלער און סטאַכאַנאָווצעס.

איך בין שוין געוואָרן עטלעכע מאָל אויסגעצייכנט און פּרעמירט, נישט וויסנדיק אַז דאָס איז געטאָן געוואָרן פונעם פּראָפּסאָיוז, ווײַל איך דעריבער פאַרגעדענקען צום גוטן די פּראָפעסיאָנעלע טעטיקייט פונעם וואָיענטאָרג, בפרט אַז איך בין פון דער פאַרזאַמלונג געוואָרן אַ סך באַוווּסטזיניקער...

## קאַפּיטל אַכט און פערציק

אונדזער כאַטקע האָט פאַרנומען אַ ווינקל פון אַ גרויסן הויף, אַ באַשטעלטער מיט ענלעכע ליימענע קיביטקעס. פון אַ נידעריקן פּינצטערן פאָדערהײַזל איז געווען אַ טיר רעכטס צו אַן אַמאָליקער קיך, וועלכע מיר האָבן פאַרוואַנדלט אין אַ קעמערל, און אַ טיר לינקס האָט אַרײַנגעפירט אין אונדזער וווינונג־צימער, וואָס איז באַנוצט געוואָרן אויף עסן און שלאָפן און אויף אַרבעטן אין די אָוונטן; דאָס צימער האָט אויך געדינט פאַר אַ קיך. די פענצטערלעך פון דעם צימער, וועלכע זענען אין דרויסן געווען נאָענט צו דער ערד, האָבן אָבער געהאַט די „מעלה" וואָס זיי גייען אַרויס אויף דער נעקראַסאָוואַ־גאַס. די אָ גאַס איז געווען איינע פון די שענסטע גאַסן אין שטאָט. דאָ זענען געשטאַנען די שיינע געמויערטע פּאָסט־געביידע און אַנדערע רעגירונגס־בנינים. ווײַטער, אַראָפּ צו, ביז זי האָט זיך פאַרענדיקט בײַ דער באַנליניע, זענען די הײַזקעס געווען פון פאַרשיידענעם כאַראַקטער, לויט דעם יחוס פון זייערע באַלעבאַטים... אָבער העכער, אַרויף צו, ווו מיר האָבן געוווינט, איז געווען דער אָרעמסטער טייל פון נעקראַסאָוואַ־גאַס. נאָך מער אָרעם איז די גאַס געווען דאָרט, ווו זי האָט זיך מיט אַ קליינעם אויסבייג פאַראייניקט מיט דער אַמאַנגעלדי־גאַס, ווו מיר האָבן געהאַט אונדזערע ערשטע וווינונגען.

אין ווינקל פון די ביידע גאַסן איז געשטאַנען אַ גרויסער מויער, אַ געוועזענע רעגירונגס־געביידע, וואָס איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין פּרי־

וואַטע וווינונגען, אין וועלכע ס׳האָבן פּאָר אונדזער זײַן געוווינט עוואַ־קויִרטע. אַ געהעריקן רעמאָנט און אויפזיכט איז זי אין משך פון דער צײַט געוואָרן אַ חורבה. די פענצטער אָן שויבן זענען צום ווינטער פאַר־מאַכט געוואָרן מיט ברעטער און שמאַטעס. פאַרבײַגייענדיק פלעגט מען פון זיי שפירן נישט־אָנגענעמע ריחות... די עוואַקויִרטע האָבן מיט דער צײַט זיך אָנפּגעזוכט אַנדערע וווינונגען. דאָס הויז איז אַ צײַט געשטאַנען ליידיק. ווען מע האָט סוף זומער 1944 געברענגט אין אַקטיובינסקער ראַיאָן די טשעטשענצעס, אַרויסגעשיקטע פון צפון־קאַווקאַז, האָט מען אַ טייל איבערגעלאָזט אויך אין שטאָט, און עטלעכע פאַמיליעס האָבן באַקומען „וווינונגען" אין אָט דער געביידע. אין משך פון ווינטער פלעגן מיר אָפט זען אַרויספירן אַ סך פון זייערע משפחה־מיטגלידער, וועלכע האָבן נישט געקאָנט אויסהאַלטן דעם אַקטיובינסקער ווינטער־קלימאַט, צו זייער אייביקער רו.

איינער פון זיי, אַן אײַנגעהילטער אין שמאַטעס עלטערער טשעטשע־נעץ, פלעגט זיך אין אַ מילדערן וועטער אין די מיטאָג־שעהען אַרויסלאָזן בעטלען בײַ די שכנים, אָפט דערגיין צו אונדזער וווינונג און אָנקלאַפּן אין דער פאַרריגלטער טיר פון פאָדערהײַזל. די פרוי פלעגט אים אַרויס־טראָגן עפּעס וואָס עסנוואַרג. ער פלעגט איר יעדעס מאָל באַדאַנקען מיט צוויי קוים אַרויסגעבראַכטע רוסישע ווערטער: „כאַראַשאָ מאַמאַ" — גוטע מאַמע.

אין אונדזער פראָנטהײַזל האָט געוווינט נאָך אַ יידישע פאַמיליע. אָבער אויפן גאַנצן הויף אַרום האָבן געוווינט נאָר קאַזאַכן, וועלכע זענען געווען מיט אונדז אין גוטע באַציִונגען. האָבן זיי אונדז אַפילו אויסגעלערנט, אַז אין די וואַרעמע טרוקענע נעכט איז בעסער צו שלאָפן אויפן הויף, ווו די לופט איז ריינער און בעסער ווי אין שטוב. אויפן הויף איז אַרומגעלאָפן אַ גרויסער הונט, אַ שטילער, האָט נישט געביסן (אפשר האָט ער שוין קיין ציין נישט געהאַט...) און נישט געבילט, און איז געווען אַ גוטער היטער פאַר אַלע שכנים פונעם הויף. אונדזערע קינדער, צוזאַמען מיט די קאַזאַכישע, פלעגן זיך שפילן מיטן הונט און פּלאַפּלען צווישן זיך רוסיש און קאַזאַכיש.

אָבער איין מאָל, אין מיטן ווינטער, אָנהייב 1945 האָט זיך פּלוצעם זייער באַציִונג צו אונדז געענדערט צום שלעכטן. אונדזערע קינדער זענען אין אַ לינד וועטער אַרויס אויפן הויף זיך שפּילן און צוריק אַריַינגעקומען פאַרטרויערטע:

— קאָלקאַ (אַ קאַזאַכיש יִינגעלע) זאָגט, אַז מיר האָבן צוגענומען זייער הונט.

— זאָל ער זיך פאַרדרייען זײַן קאָפּ. צו וואָס באַדאַרפן מיר האָבן זײַן הונט? מיר האָבן זיי געגנוג... האָב איך באַרויִקט די קינדער.

קורץ נאָך דעם האָט ווער געוואָרפן אַ שטיין אין קיכפענצטער און אויסגעשלאָגן אַ שויב. די ווינטערדיקע קעלט איז גיך אַריַינגעדרונגען אין צימער. האָט מען זי צײַטווײַליק פאַרשטאָפּט מיט שמאַטעס, ביז איך האָב געקריגן אַ שויב און זי אַרײַנגעשטעלט. דער פראָסט האָט זי גלײַך באַבלימלט, ווי די איבעריקע שויבן. מיר האָבן דאָס געהאַלטן פאַר אַ צופעליקייט און די זאַך איז פאַרגעסן געוואָרן.

דער ווינטער פון אָנהייב 1945 איז שוין געווען כמעט אַוועק, הגם ער האָט זיך נאָך געראַנגלט מיט די לעצטע כוחות קעגן די אָנקומענדיקע פרילינגטעג. שטורעם־ווינטן, שניי, רעגנס און וואָלקנס האָבן זיך געראַנגלט מיט דער פרילינג־זון און באַוויזן גבורות. אָבער ביסלעכווײַז האָבן גובר געווען די פרילינגווינטן. די פראָסטבלומען, וואָס זענען געדיכט אָנגעוואָקסן אין משך פון ווינטער אויף די שויבן, זענען צעשוואומען געוואָרן. די קינדערלעך האָבן שוין געקאָנט אַרויסקוקן אין דרויסן און זען, וואָס ס׳טוט זיך אויף דער גרויסער וועלט. צוזאַמען מיט זיי האָבן אַרויסגעקוקט אויך מיר, די גרויסע. מיר האָבן דערפילט די פרישע פרילינגס־ווינטן פון אייראָפּע. אויך די פאַרוואָלקנטע הימלען האָבן געגומען זיך אויסלײַטערן... ס׳האָט דאָרט באַקומען די אייבערמאַכט די מעכטיקע אַרמיי פון די אַלייִרטע כוחות. מיט ריזנשריט האָט זיך דערנענטערט דער סוף פון דער גרויסער מענטשלעכער טראַגעדיע — די צווייטע וועלט־מלחמה.

דער יִדישער לוח איז דאָס יאָר פאָרויסגעלאָפן, האָט זיך געיאָגט שנעלער צום „זמן חרותנו״, ס׳איז שוין ערב פסח־צײַט. אָבער דער אייראָפּעישער קאַלענדאַר האָט ערשט געהאַלטן אין מיטן מערץ. ער האָט זיך

ווי געריצט מיט אונדז: יאָגט זיך נישט, ייִדעלעך, אײַער „זמן־חרותנו" איז נאָך נישט געקומען. אײַער לוח נאַרט אײַך אָפּ.

די „פּראַווּדאַ" און „איזוועסטיאַ" האָבן מיט די באַריכטן וועגן דעם זיגרײַכן מאַרש פון דער רויטער אַרמיי געבראַכט אויך טרויעריקע נײַס וועגן דעם חורבן פון דער ייִדישער באַפעלקערונג אין די באַפרײַטע געביטן...

אין איינעם אַ זונטיק נאָך מיטיק זענען זיך בײַ אונדז צונויפגעקומען אונדזערע באַקאַנטע יונגע־לייט, נאָך זייער אָפּפערטיקן זיך מיטן באַזאַר. מ'האָט גענומען שמועסן מעניני־דיומא.

— איר ווייסט? בײַ אונדז אין „זשילגאָראָדאָק" וועט אין עטלעכע טעג אַרום פאָרקומען אַ גרויסער קאָנצערט פון אינטערנירטע אַרטיסטן. ס'וועלן דאָרט אַרויסטרעטן אויך דזשיגאַן און שומאַכער און לעווין, וועלכע זיצן אין קאָמבינאַט־לאַגער.

— אוי, ווי איך וואָלט וועלן זיי זען! — האָט זיך אָנגערופן מײַן פרוי.

— גוט, — האָט אַ יונגער־מאַן אַ זאָג געטאָן, — איך וועל זיך אויס־סטאַרען אַ בילעט פאַר אײַך. איר דאַרפט דאָך נישט מער ווי איינעם, איר וועט דאָך נישט איבערלאָזן די קינדער אַליין אויף בײַנאַכט.

דאָ האָט גיטעלע, וועלכע האָט אַרויסגעקוקט פון פענצטער, אַ דער־פרייטע אויסגעשריגן:

— זע, מאַמע! „כאַראַשאַ מאַמאַ" גייט אַהער.

די פרוי האָט גענומען פון טיש אַ שטיקל ברויט און אַרויסגע־טראָגן. „כאַראַשאַ מאַמאַ" — האָט מען געהערט זײַן דאַנקען.

— איך וואָלט אים געגעבן שטיינער מיט סם. — האָט זיך איינער אָנגערופן.

— מכות מיט קדחת. — האָט צוגעלייגט אַ צווייטער. — זאָל ער פגרן פאַר הונגער!

— פאַר וואָס? — האָב איך געהאַט פאַרדרוס אויף זיי.

— ווײַל ער איז געווען איינער פון די דײַטשישע מיטהעלפער צו מאָרדן ייִדן און רוסן.

— פון וואַנען ווייסטו דאָס? — בין איך געוואָרן אויפגערעגט.

— דו ווייסט דען נישט, אַז דערפֿאַר האָט מען זיי אַלע אַרויס־געשיקט פון צפון־קאַווקאַז? אויך די קרימער טאַטאַרן.

— המם... יאָ, איך ווייס... — האָב איך פאַרקלערט אַרויסגע־שטאַמלט.

— דו גלייבסט נישט דערין? — האָט ער מיך אָנגעקוקט מיט שטויינונג.

— סיי ווי, צי דער אַלטער „כאַראַשאַ מאַמאַ" האָט זיך אויך מיטבאַטייליקט בין איך שוין גאָרנישט אַזוי זיכער. און דו ביסט טאַקע זיכער, אַז מע האָט זיי אַרויסגעשיקט פון זייערע היימען, ווײַל זיי האָבן מיטגעהאָלפן די דייטשן?

— זיכער.

— אויב אַזוי, האָט מען דאָך אין דער ערשטער ריי געדאַרפט אַרויסשיקן די אוקראַיִנער, ווײַסרוסן און ליטווינער?...

— אָבער... אָבער זיי זענען צו גרויסע פעלקער. — האָט איינער אַרויסגעשטאַמלט.

— אָט, אָט, אין דעם טאַקע גייט עס. נאָר צוריקגעשמועסט, קאָנען אונדזערע מאַכט־אָרגאַנען זיך אַן עצה געבן מיט גרויסע פעלקער אויך. נאָר דאָס וועלן זיי נישט טאָן צוליב אַנדערע סיבות. לויט די ביז איצט באַקומענע ידיעות פון דאָרטן ווערט די אָרטיקע באַפעלקערונג געשיצט קעגן... די איינצלנע צוריקגעקומענע ייִדן, וועלכע ווילן אָפּנעמען זייערע איבערגעלאָזטע וווינונגען.

— פון וואַנען ווייסטו דאָס?

— כ'האָב געזען צוויי ברייוו, פון קיִעוו און פון אָדעס. די ייִדן שליסן זיך אָפּ אויף בײַ נאַכט, זיי דערוועגן זיך נישט אַרויסצוגיין.

— און די מאַכט־אָרגאַנען?

— האַלטן מיט דער אוקראַיִנישער באַפעלקערונג. ווילן באַווײַזן, אַז די ראַטנמאַכט איז פאַר זיי בעסער ווי די דײַטשישע...

— איך גלייב אָבער, אַז מיט דער צײַט וועלן זיך די מאַכט־אָרגאַנען אַ נעם טאָן צו די אַנטיסעמיטן.

— ווער קאָן וויסן, וואָס מיט דער צײַט וועט זײַן. דערווײַל זיצן די אוקראַינער, ווײַסרוסן און ליטווינער אויף די ערטער און געניסן פון די אָנגערויבטע ייִדישע פאַרמעגנס, ווײַל זיי זענען אָנערקענט אויף דער וועלט פאַר באַזונדערע נאַציעס, באַפרײַט געוואָרענע דורך דער העלדישער רויטער אַרמיי, און ווערן נאָכן קריג האָבן רעכט צו פאָדערן פולשטענדיקע אומאָפּהענגיקייט. אָבער די טשעטשענצעס, קרימער טאַטאַרן און די קאַלמיקן זענען פעלקער, וואָס „אויסלאַנד" האָט נישט קיין רעכט פאַר זיי צו אינטערוועניִרן...

## קאַפּיטל ניין און פערציק

אין דער ערשטער העלפט מאַי איז געפּײַערט געוואָרן דער גרויסער זיג איבער דער היטלער־אַרמיי. אויך דער קריג מיט יאַפּאַן איז מיט אַ מאָל פאַרענדיקט געוואָרן נאָך דער ערשטער אַטאָם־באָמבע אויף הירואָשימאַ און נאַגאַסאַקי.

סוף זומער האָט מען גענומען רעדן קלאָר און אָפן וועגן אונדזער רעפּאַטריִאַציע קיין פּוילן. מע האָט זיך פאַררעגיסטרירט און געדאַרפט צושטעלן אַ װעלכן ס'איז דאָקומענט, אַז מען איז אַ פּוילישער. מיר האָבן געהאַט נאָר די פּינסקער „פּאַפּירלעך", אַז מיר זענען פּולטוסקער תושבים. אָבער אויפן אַרבעטספראָנט האָט זיך גאָרנישט געענדערט. פאַרקערט, די אַרבעט־דיסציפּלין איז נאָך מער פאַרשטאַרקט געוואָרן. איצט, נאָכן קריג, באַדאַרף מען נאָך מערער אַרבעטן, כדי אויפצובויען דאָס חרוב־געוואָרענע לאַנד.

ס'האָבן זיך שוין גענומען דערנענטערן די ימים־נוראים, און דער ציטער פון די אָנקומענדיקע קילע אלול־טעג האָט זיך אויסגעמישט מיטן ציטער פון אונדזער נישט זיכערן מאָרגן. ס'געפינען זיך אַזעלכע וואָס לאַכן פון אונדז: דער ראַטנפאַרבאַנד וועט אײַך אַרויסלאָזן קיין פּוילן? ס'איז דאָ פאַר אײַך גענוג פּלאַץ אין גרויסן לאַנד... נישט איין מאָל

פרעגט מען זיך: אָט דאָס איז עס? דאָס איז דער „אויפצומאַרגנס נאָכן קריג״? וויפל בענקענישן האָבן מיר עס איבערגעלעבט און וויפל טרוימען האָבן מיר עס אויסגעחלומט — וועגן אָט דעם „אויפצומאָרגנס״ פאַר דער גאַנצער שוידערלעכער מלחמה־צײַט!

מיר זענען געזעסן אין וואַרשטאַט, בעת אַ מיטיק־איבעררײַס, אַ גרופּע ייִדן און געשמועסט וועגן אַ מיטל זיך אַרויסצודרייען פון דער אַרבעט אין די ימים־נוראים־טעג. מילא, אין די מלחמה־יאָרן האָבן מיר וועגן דעם נישט געקאָנט טראַכטן אַפילו. אַז מע האָט געאַרבעט דעם ערשטן מאַי, אין „אָקטיאַבערסקי״ און אין יאָרטאָג פון דער סטאַלין־קאָנסטיטוציע, איז דאָך נישט שייך. אָבער הײַנט, נאָכן קריג? פון דעסט־וועגן וועט זיך אויך איצטער קיינער נישט אײַנשטעלן צו זאָגן אָפן: „בײַ אונדז, ייִדן, איז ראש־השנה, יום־כיפור, איך וועל צו דער אַרבעט נישט קומען״. האָבן מיר דאָך שוין מיט עטלעכע טעג פריִער באַקומען אַ וואָרע־נונג, נישט צו פּרוּוון אַרויסדרייען זיך פון דער אַרבעט. אויב אַן איינציקן וואָלט זיך נאָך אפשר געקאָנט אײַנגעגעבן, ווי קאָן עס טאָן אַ גאַנצע גרופּע? און איצט באַזונדערס גלוסט זיך קיינעם נישט פאַרטשעפּען מיט דער מאַכט.

בעתן שמועס איז אויך בײַגעווען אַ ייִדישער נאַטשאַלניק פון אַ מי־ליטערישער אונטערנעמונג. ער איז אונדז גוט באַקאַנט געווען, האָבן מיר זיך נישט געהיט פאַר אים. איך האָב זיך אָנגערופן:

— איר, רוסישע ייִדן, טאָרט זיך נישט קעגנשטעלן פאַראָרדענונגען, אָבער איך, ווי אַ פּוילישער ייִד, וועל מסתמא דאָ אויסנוצן אַ „קראַנקהייט־ביולעטין״. כאָטש איך בין נישט, פון מײַנע יוגנט־יאָרן אָן, קיין פרומער און נישט איין מאָל עפּנטלעך אַרויסגעטרעטן קעגן דעם קלער, אָבער קיין מומר־להכעיס בין איך קיין מאָל נישט געווען. פאַרקערט, כ׳האָב שטענדיק געהאַט דעם גרעסטן דרך־ארץ פאַר אַן אויפריכטיקן פרומען ייִדן. איצט, נאָכן קריג, ווילט זיך מיר נישט בשום־אופן אַרבעטן אין די ימים־נוראים־טעג.

דער ייִדישער נאַטשאַלניק האָט מיר איבערגעריסן מיט אַ שמייכל:

— איר ווייסט וואָס? אויב איר שרייבט אָן דאָס וואָרט „מומר־להכעיס" אויף עברית אָן אַ גרײַז, פֿאַרשפּיל איך אַ פֿלעשל משקה.

— אָוואַ, אָוואַ! — האָט ער אויסגערופֿן נאָך דעם ווי איך האָב עס אָנגעשריבן. — ס׳געפֿינען זיך נאָך ייִדן אין ראַטנפֿאַרבאַנד, וואָס קאָנען שרײַבן העברעיִש!

— ניין, — האָב איך מודה געווען אויפֿן אמת, — איך קאָן דווקא נישט. נאָר איך פֿויל באַנוצט מען די העברעיִשע ווערטער אין ייִדיש מיטן ריכטיקן אויסלייג.

אין אַ צייט אַרום האָט ער מיר בײַ אַ געלעגנהייט אײַנגערוימט אין אויער:

— קומט צו מיר אַהיים שבת אין אָוונט לויטן אַדרעס... סטאַרעט זיך, אַז אויך אײַער פֿרוי זאָל מיטקומען.

דער נאַטשאַלניק, יוסף אַבראַמאָוויטש אָדעסקי, פֿלעגט אָפֿט קומען צו אונדז אין וואַרשטאַט, ווײַל זײַן אַרבעט איז געווען פֿאַרבונדן מיטן וואָיענטאָרג. ער איז געווען אַ פֿריילעכער מענטש, שטענדיק מיט אַ שמייכל אויפֿן פּנים. זײַנע רייד זענען אָפֿט געווען אַדורכגעפֿלאָכטן מיט וויצן און גלײַכווערטלעך, וואָס פֿלעגן בײַ אַלעמען אַרויסרופֿן געלעכ־טער. אויך אויף זײַן אַרבעטפּלאַץ, וווּהין איך פֿלעג אָפֿט קומען, פֿלעג איך אים טרעפֿן אַזעלכן, כאָטש אויסערלעך אַן אָנגעצויגן־ערנסטן, ווי אַן עכטער סאָוויעטישער נאַטשאַלניק. זײַנע מיטאַרבעטער און סעקרעטאַרינס פֿלעגן זיך פֿון זײַנע וויצן שטיקן פֿאַר געלעכטער. ער האָט געטראָגן אַ סך קריגס־אויסצייכענונגען, וואָס האָבן באַוויזן, אַז ער איז אַהער געקומען נאָכן דורכמאַכן אַ נישקשהדיקע „פֿײַער־טבילה". אָבער פֿאַר דער לעצטער צײַט פֿלעג איך אים טרעפֿן אַ ביסל אַ טרויעריקן. פֿון זײַנע שטענדיק לאַכנ־דיקע אויגן האָט אַרויסגעקוקט אַ פֿאַרבאָרגענער טיפֿער צער. אויך די וויצן זײַנע זענען בלאַסער געוואָרן. ס׳איז שוין עפּעס גאָרנישט דער זעלבער מענטש.

לעצטנס פֿלעגט ער אין זײַנע אַמטלעכע ענינים אַרויספֿאָרן אויף טעג און וואָכן. זיך אומגעקערט, פֿלעגט ער קומען צו גאַסט צו אונדז

אין וואַרשטאַט. מעגלעך, האָב איך געטראַכט, אַז לעצטנס ציט אים שטאַרקער צו אונדזער גרופּע ייִדישע אַרבעטער, אַרײַנצוכאַפּן אַ ייִדיש וואָרט.

ס׳איז דעמאָלט, ווען מיר האָבן זיך געלאָזט צו אים מיטן וויזיט, לויט זײַן פאַרלאַנג, שוין געשטאַנען אין דרויסן אַ קאַלטער האַרבסטיקער אָוונט. אַרײַנגעקומען צו אים אין שטוב, האָבן מיר דערפילט אַ מחיהדיקע וואַרעמקייט. דער גאַסטגעבער האָט אונדז פאַרבעטן צום געדעקטן טיש מיט אַלעם גוטן, מיט משקה און פאַרבײַסנס, מיט לאַטקעס און קאָטלעטן. אָבער אין אים אַליין האָב איך דערזען אַן אַנדער מענטש. דאָרט, אויף זײַן אַרבעטפּלאַץ, איז ער געווען, נישט געקוקט אויף זײַן הומאָר, אַן עכטער סאָוויעטישער נאַטשאַלניק מיט דער גאַנצער שטרענגקייט פון זײַן שטאַנד, און דאָ האָב איך פּלוצעם דערזען אין אים... אַ צעבראָכענעם ייִד. ס׳זענען פון אים געפלאָסן רייד, וואָס איך וואָלט זיך נישט געגלייבט, אַז כ׳הער עס פון אים. ממש אַ ווידוי.

— איר קענט דאָך מיר שוין אַ לענגערע צײַט. — האָט ער אָנגעהויבן. — ווער בין איך געווען פאַר אײַך? יאָ אַ ייִד, נישט קיין ייִד — אַ סאָוויעטישער בירגער. אַ פּאַרטיימאַן. אַ נאַטשאַלניק. פון יאָר 1939 בין איך געווען אויפן ערשטן פײַער אויף אַ סך פראָנטן, אָנהייבנדיק פונעם פינלענדישן קריג. אין איצטיקן קריג בין איך דורכגעגאַנגען אַ גאַנצער כמעט ביז צו די פּוילישע גרענעצן. דאָרט בין איך שווער פאַרוווּנדעט געוואָרן, געלעגן אין שפּיטאָל און נאָכן אַרויסגיין געוואָרן דאָ אַ נאַטשאַלניק. נישט אַלע ווייסן, אַז כ׳בין אַ ייִד. אָבער נישט דערפאַר, ווײַל איך פאַרלייקן עס. פאַרקערט, איך באַווײַז, אַז אַ ייִד איז פעיִקער אויף אָנצופירן מיט אַזאַ אונטערנעמונג. נישט איין מאָל האָט איר מסתם באַמערקט, ווי איך בין שטרענג צו די שיקסעס, אָבער זיי קלעפּן כלומרשט צו מיר. איך האָב פאַר זיי שטענדיק אַ פריילעכן וויץ. זיי כאַכאָטשען, און אין מיר בלוטיקט דאָס האַרץ. פאַר מײַנע אויגן שטייען מיר כסדר מײַן פאָטער און מוטער און מײַן פרוי און קינדער. באַלד וועל איך זיי אײַך ווײַזן...

ער גייט צו צו אַ שאַפע, נעמט אַרויס און ברענגט אונדז אַ פּעקל פאָטאָגראַפיעס.

— אָט דאָס איז מײַן פֿאָטער.

מיר באַטראַכטן די פֿאָטאָגראַפֿיע. אַ הדרת־פּנימדיקער ייִד מיט אַ פֿיינער באָרד און מיט אַ קאַפּל אויפֿן קאָפּ.

— מײַן פֿאָטער, — זאָגט ער, — איז געווען אַ חזן, שוחט און מוהל אין אָדעס. אַ פֿרומער, אָפּגעהיטער ייִד ביז דער לעצטער צײַט. ער איז באַליבט געווען בײַ אַלעמען, אַפֿילו בײַ גויים. זיי פֿלעגן אָפֿט קומען צו אים נאָך אַן עצה אין פֿאַרשיידענע אָנגעלעגנהייטן... ווען האָט ער, חלילה, שלעכטס געטאָן, סע זאָל אים קומען אַזאַ מוראדיקער טויט ?...

— און דאָ, זעט — מײַן פֿרוי, אונדזער טעכטערל און זונעלע, פֿון פֿערצן און צוועלף יאָר. — און בעת מיר באַטראַכטן דאָס בילד פֿון זײַן פֿרעכטיק שיינער פֿרוי, ציט ער ווײַטער: — העכער פֿופֿצן יאָר איז שוין געווען נאָך אונדזער חתונה, ווען איך האָב זי פֿאַרלאָזט, און מיר האָבן זיך ליב געהאַט נישט ווייניקער ווי אין האָניק־חודש... איצט ווייס איך שוין אויף זיכער, אַז זיי זענען אַלע אומגעקומען מיט אַ שרעקלעכן טויט. כ׳ווייס אויכעט, ווער ס׳האָט זיך דערין באַטייליקט.

ער נעמט אַרויס אַ בריוו.

— אָט שרײַבט מיר מײַנער אַ חבר פֿון אָדעס. — נעמט ער לייענען מיט אַ פֿאַרשטיקטער שטים — „...ווען פֿאַר דער גאַנצער וועלט איז די ענדע פֿון קריג אַ יום־טוב, איז עס פֿאַר אונדז אַ תשעה־באָב. אַ גרויסער חורבן־שלישי איז געקומען אויף אונדזער פֿאָלק. אָבער די גרעסטע טראַגעדיע לעבן איבער מיר, די געבליבענע, ווען מיר קערן זיך אום אין אונדזערע היימען. די היגע מערדער און צוהעלפֿער פֿון די היטלער־רוצחים דרייען זיך דאָ אַרום פֿראַנק און פֿרײַ און גייען־אָן ווײַטער מיט זייער העצע און ייִדנהאַס. מ׳האָט מיך דאָ אויפֿגענומען מיט שפּאָט און צאָרן: „אַבי מיר האָבן געמיינט, אַז מיר זענען שוין פֿון זיי פּטור געוואָרן". מע דראָט די וואָס קומען אָפּנעמען זייערע וווינונגען. אויך צוריקגעקומענע פֿראָנטקעמפֿער, אינוואַלידן פֿרעגן אונדז, אָרדענטרעגער: „אויף וועלכן פֿראָנט האָט איר געקעמפֿט ? אויפֿן טאַשקענטער ?". מיטן אָנקום פֿון דער נאַכט דערלויבט זיך נישט אַ ייִד אַרויסצוגיין פֿון שטוב. ס׳זענען

שוין געווען אַ סך פּאַלן פון אָנגריפן אויף צוריקגעקומענע ייִדן. וואָס שייך אונדזערע משפּחות, ווייס איך שוין אַפילו ווער ס׳האָט צוגעהאָלפן ביים אַרויספירן זיי צום מאָרדפּלאַץ. דאָס איז אונדזער נישט־ווייטער שכן... געוואָר ווערנדיק וועגן דעם געגנוי, האָב איך זיך געוואָנדן אין „אָבקאָם״ פון דער פּאַרטיי, האָט מען מיך שאַרף געוואָרנט, איך זאָל זיך נישט דערוועגן צו מאַכן אַ זעלבסט־משפּט — מע וועט מיך משפּטן פאַר באַגיין אַ מאָרד...״.

ער האָט אָפּגעהאַקט און שטילערהייט צוגעגעבן:

— איר ווייסט? היינט אָוונט איז ביי ייִדן פון דער גאַנצער וועלט שמחת־תורה, און איך האָב אים דאָ פאַרוואַנדלט אין אַ תשעה־באב. באמת נישט פיין פון מיר. טאָ לאָמיר אויסטרינקען נאָך אַ מאָל לחיים.

מיר האָבן אויסגעטרונקען און פאַרביסן און זיך אַ ביסל אויפגעהייטערט. דערנאָך האָט ער ווידער אָנגעהויבן:

— און דאָ, מיינט איר, איז בעסער? די שיקסעס וואָס אַרבעטן ביי מיר אין קאַנטאָר זענען דאָך אַלע אינטעליגענטע און געלערנטע, פרויען פון די סאַמע העכסטע אָפיצירן אין דער רויטער אַרמיי. פון פּאָלקאָווניקעס און גענעראַלן. זיי חנפענען זיך צו מיר מיט גוטע ריידעלעך, ווען זיי ווילן פון מיר עפּעס אַרויסבאַקומען. אָבער אין דער זעלבער צייט גיבן זיי מיר צו פילן זייער האַס צו מיר אַלס ייִד. געוואַלד, פון וואַנען נעמט זיך צו זיי אַזאַ שנאה צו ייִדן? הערט אַ שמועס, וואָס איז ערשט נעכטן פאָרגעקומען צווישן זיי. די טיר פון מיין אַרבעט־צימער איז געווען אָפן. מעגלעך, אַז זיי האָבן פאַרפירט דעם שמועס טאָקע כדי איך זאָל אים הערן. איינע האָט זיך אָנגערופן:

— די מלחמה איז געענדיקט. איצט וועט פאַר אונדז שטיין די פראַגע, וואָס צו טאָן מיט אַזוי פיל ייִדן, וואָס זענען נאָך אַלץ לעבן געבליבן.

— איך וואָלט זיי אַלע אַרויסגעשיקט קיין ביראָבידזשאַן.

— קיין ביראָבידזשאַן? צו נאָנט! איך וואָלט זיי געשיקט, אָנשטאָט אויפן ווייטן מזרח, אויפן ווייטן צפון. אַפילו ביזן צפון־פּאָל...

אָדעסקי האָט מיך אָנגעקוקט, ווי ער וואָלט געפאָרשט מיין פּנים:

— פון וואַנען נעמט זיך עס צו אָט די שיקסעס — וועלכע האָבן זיך דאָך לייכטער אײַנגעאָרדנט מיט דער הילף פון די וואָיענקאָמאַטן — אַזאַ שנאה צו דער רעשט לעבנגעבליבענע ייִדן? לויט זיי האָבן נישט קיין רעכט דאָ צו לעבן די ייִדישע קעמפער, פּאַרטיזאַנער מיט זייערע אָפּגע־ראַטעוועטע משפּחות. די ייִדישע העלדן פון ראַטנפאַרבאַנד ווערן שוין, קוים פינף חדשים נאָך דער מלחמה, פאַרשריגן, אַז זיי האָבן די אָרדענס געקויפט אויפן טאַשקענטער באַזאַר. נו, איז דען צו האָפן אַז אויף ווײַטער וועט די לאַגע זיך פאַרבעסערן? איך האָב זיך נישט איין מאָל געפרעגט, וואָס איז דאָס אַזוינס אַנטיסעמיטיזם? כ׳האָב געגלייבט, אַז דאָ אין ראַטנ־פאַרבאַנד איז עס שוין כמעט אויסגעוואָרצלט. מיר, אין אָדעס, האָבן דערפון נישט געליטן. ווי אַזוי וועלן מיר ווײַטער לעבן צווישן אַזאַ אַנטיסעמיטישער באַפעלקערונג? און די צרה איז נאָך דערמיט גרעסער וואָס אָט דער סם איז אַרײַנגעדרונגען אויך אין די הויכע פענצטער... איך בין אײַך פּשוט מקנא, וואָס איר וועט אין גיכן אַוועקפאָרן פון דאַנען. און ס׳קאָן דאָך זײַן, אַז איר וועט האָבן אַ מעגלעכקייט צו פאָרן פון פּוילן קיין ארץ־ישראל. אוי, ווי איך וואָלט אַוועק מיט אײַך צוזאַמען!

— זעט איר, — האָט זיך מיין פרוי אָנגערופן, — און צו אונדז אין שטוב קומען פּוילישע יונגע־לייט, וועלכע צווייפלען, צי זיי זאָלן אַרויספאָרן פון דאַנען. אין איינער אַ פּוילישער צײַטונג האָט זיך באַוויזן אַן אַרטיקל אַז מיר, די פּוילישע ייִדן, דאַרפן נישט פאַרלאָזן דעם ראַטנ־פאַרבאַנד...

— און ווי מיינט איר? — האָט ער אונדז אַ פרעג געטאָן?

— זיכער זענט איר גערעכט. דאָ איז מער פאַר ייִדן קיין פּלאַץ נישטאָ. אָבער מיר, די רוסישע ייִדן, האָבן קיין שום האָפענונג נישט, סע זאָלן זיך אַ מאָל עפענען פאַר אונדז די טויערן. מיר מוזן ווײַטער לײַדן און שווײַגן. מע מוז נאָך אַרויפציִען אויפן פּנים אַ פריילעכע מינע — פרייען זיך מיט אונדזער גליקלעכן לעבן אין סאָציאַליסטישן גן־עדן.

מיט אַ טאָג שפּעטער האָט אונדז באַזוכט אין דער היים אַ פּאָליטרוק מיט זײַן פרוי. מיר זענען שוין פון אַ צײַט מיט זיי באַקאַנט געווען צוליב די באַשטעלונגען וואָס זיי האָבן בײַ אונדז געמאַכט. ער איז געווען איינער

פון די פּאָליטרוקן, וועלכע האָבן „באַדינט" דעם וואָיענטאָרג מיט האַלטן פּאַר אונדז פּאָליטיש־אויפקלערערישע רעפעראַטן. ער איז געווען אין דער היגזיכט אַ שלאָגלער, אַזוי צו זאָגן, שלאָגנדיק אַקאָרד מיט זײַן באַנוצן דעם באַקאַנטן פּסוק: „אַזוי האָט געזאָגט...". איך פלעג אָפט איבערציילן אַ פופציק־זעכציק מאָל דעם נאָמען „סטאַלין" אין זײַן בערך שעהעדיקן רעפעראַט. מיר האָבן איצטער, בעת זייער באַזוך, געשמועסט וועגן דעם, וואָס מע דעמאָביליזירט נאָך אַלץ נישט קיינעם פון דער אַרמיי, הגם ס'איז שוין באַלד אַ האַלב יאָר נאָכן קריג.

זײַן פרוי האָט געזאָגט, אַז פאַר זיי איז דאָס פשוט אַ לעבן־פראַגע, אַז איר מאַן זאָל שוין דעמאָביליזירט ווערן. ער איז אַ מענטש מיט אוניווערסיטעט־בילדונג און מוז צו זײַן פופציק־יעריקן עלטער שטיין אויף אַכטונג פאַר די יונגע צוציקעס־אָפיצירן, ווײַל זיי זענען פון אַ העכערן ראַנג.

— ניין, מיר קאָנען דאָס מער נישט אויסהאַלטן. — האָט זי אויס־געלאָזט אין גרויסער אויפרעגונג!

נאָך זייער אַוועקגיין האָבן מיר פאַרגליכן דעם קלאָג פון צוויי סאָוויעטישע נאַטשאַלניקעס נאָכן סוף פון דער צווייטער וועלט־מלחמה און זענען געקומען צום אויספיר, אַז בײַביידן זענען שיטער געוואָרן די פערל: בײַ איינעם — די פערלגרויפּן, און בײַם צווייטן — די פערל־צירונג. יאָ, טרערן צו טרערן זענען נישט גלײַך.

## קאַפּיטל פופציק

אין איינעם אַ זונטיקדיקן טאָג, נאָך סוכות, בין איך אַוועק אויפן באַזאַר צו פאַרקויפן אַ פּאָר מענער־שטיוול. זיי זענען געווען פון די טראָ־פייען, וואָס די רויטאַרמייער האָבן איבערגעשיקט צו זייערע אייגענע. די פּאָר האָט פאַר מיר געהאַט אויסגעפּערטיקט אַן אויסגעצייכנטער פּוילישער שוסטער, מיט וועלכן כ'האָב געהאַט קורץ פאַר דעם זיך באַקאַנט. צו אַזאַ סחורה האָבן זיך באַלד „צוגעבונדן" עטלעכע קונים, אָבער וועגן

פרײַז זיך גערונגען. איך האָב זײ אױפגעװיזן, אַז לױט דעם װאָס איך האָב באַצאָלט פאַר דעם אױבערלעדער און די אױסלענדישע זױלן בלײַבט מיר קױם דער אַרבעטלױן. אײנער, אַ יונגער קאַזאַק, ציװיל געקלײדעט, מיט אַ פוטערן היטל, הגם ס׳איז נאָך נישט געװען קײן פראָסטיק װעטער, האָט מיך אַ פרעג געטאָן, װאָס פאַר אַ נומער זײ זענען. ער איז געשטאַנען אין אַ זײַט און צוגעקוקט זיך צום דינגעניש. נאָר װען אײנער פון די קונים איז שױן אײַנגעגאַנגען אױף אַ פרײַז, אױף װעלכן מיר האָבן שױן געהאַלטן בײַ אַדורכצוקומען, האָט ער מיך אַ פרעג געטאָן, דער קאַזאַק:

— זאָגט מיר נאָר, בירגער, פאַר װאָס שפעקולירט איר מיט זײ?

— איך שפעקוליר מיט זײ? פרעגט יענע, װאָס פאַרקױפן דאָס לעדער אױף אַזעלכע טײַערע פרײזן.

— זיכער שפעקולירט איר. — האָט ער איבערגעחזרט זײַן טענה.

— דאָס הײסט בײַ אײַך שפעקולאַציע, װען נאָך מײַן אַרבעטסצײַט מאַך איך פון רױען מאַטעריאַל אַ פאַרטיקע פאָר און ס׳בלײַבט מיר בלױז דאָס אַרבעטגעלט?

— יאָ, בײַ מיר הײסט דאָס שפעקולאַציע. — האָט ער מיר געלאָסן געענטפערט.

— װער זענט איר דאָס אַזעלכער, װאָס איר פסקנט אַזױ? — האָב איך אים אַן אױפגערעגטער אַ זאָג געטאָן. — און מיר האָט אַ נאַטשאַלניק פון נ.ק.װ.ד. געזאָגט, אַז דאָס איז נישט שפעקולאַציע, נאָר פּראָדוקציע. אַז שפעקולאַציע איז עס דעמאָלט, װען...

— אַזױ? אַזױ האָט אײַך געזאָגט אַ נאַטשאַלניק פון נ.ק.װ.ד.? — האָט ער מיר איבערגעריסן מיט אַ סאַרקאַסטישן שמײכל. — טאָ קומט מיט מיר, װעט איר הערן, װאָס די פּראָקוראַטור װעט אײַך זאָגן...

און ער האָט מיך אַ נעם־אָן געטאָן פאַר אַן אַקסל און גענומען פירן. די ענגשאַפט אױפן באַזאַר איז גראָד געװען אַן אומגעהײַערע. מיט מי האָבן מיר זיך גענומען דורכשטופן צװישן דער אָנגעפּראָפּטער מענטשן־מאַסע. ער האָט גענומען גײן פּאָרױס, כדי צו מאַכן אַ װעג. פּלוצעם האָב איך דערפילט װי אַ פאָר שטאַרקע הענט טוען מיך אַ כאַפּ אָן פאַר די אַקסלען און מיט כוח אַ דרײ מיך אױס אױף צוריק מיט אַ פעסטן

שטויס פון הינטן. אַ פאַרשווונדענער צווישן דעם געדיכטן המון, האָב איך זיך גלײַך געלאָזט מיט אַ זײַטיקן וועג אַהיים.

קורץ נאָך דעם איז מײַן פרוי געקומען אַ דערשראָקענע און צע־טומלטע, אין צווייפל, צי איך געפין זיך אין שטוב. זיך באַרויִקט אַ ביסל, האָט זי פאַרציילט, אַז מע האָט איר איבערגעגעבן, וואָס ס׳האָט פּאַסירט. אַ וואַרשעווער יונגער־מאַן, אַן אָפּטער הענדלער אויפן באַזאַר, האָט, דערזעענדיק ווער ס׳האָט מיך פאַרהאַלטן, גענומען אונדז נאָכגיין און אויסגענוצט די געלעגנהייט, וואָס יענער האָט גענומען גיין פּאָרויס, מיך אַרויסצוראַטעווען. אָנשטאָט מיר, איז ער יענעם נאָכגעגאַנגען. יענער, פילנדיק אַז „איך" גיי אים נאָך, איז אַזוי דערגאַנגען ביזן מיליץ־פּאָסטן, אַרויף אויף דער שוועל און זיך אויסגעדרייט צו „מיר" מיט אַ: „ביטע, קומט אַרײַן". פרעגט אים דער וואַרשעווער: „איר דאַרפט מיך האָבן?"

— ניין... נישט אײַך... יענעם... דעם יעוורעי מיט די שטיוול... — גלאָצט ער מיט די אויגן אַרום און צעשרײַט זיך — ער איז דאָך מיר נאָכגעגאַנגען ביז אַהער. ווו איז ער פאַרשווונדן?

דער יונגער־מאַן, וואָס האָט אים גוט געקאָנט, איז געשטאַנען פאַר אים תמעוואַטע און צוגעזען ווי דער הויפּט־פּראָקוראָר פון אַקטיובינסק בייזערט זיך...

מײַנער אַ באַקאַנטער, וועלכער האָט אים געקענט אַפילו פערזענלעך און בײַגעווױנט די סצענע, האָט מיר שפּעטער געזאָגט: „ס׳זענען אים געפעלן געוואָרן די שטיוול, וועלכע זענען געווען אויף זײַן מאָס". אַ סך וואָכן שפּעטער האָט מען אים געזען זיך אַרומדרייען אויפן באַזאַר — ער האָט מיך געזוכט. ס׳איז געווען מײַן גליק, וואָס איך בין קיין מאָל נישט געגאַנגען אויפן באַזאַר פאַרקויפן מײַן פּראָדוקציע און נישט באַקאַנט געווען די „באַזאַר־אויפזעער".

— דער אומגליק קומט אָפּט פון וואַנען מע ריכט זיך נישט. — האָבן באַקאַנטע געזאָגט.

— און אויך דאָס גליק און מזל קומט אומגעריכט. — האָב איך צוגעגעבן.

מײַנע באַקאַנטע האָבן זיך מיט מיר מיטגעפרייט. אָבער אַברהם האָט מיר געלערנט אַ פּרשה װעגן שפּעקולאַציע:

— איר האָט נישט געטאָרט זאָגן, אַז איר האָט זיי געמאַכט אויף צו פֿאַרקויפֿן. נאָר אַז דאָס זענען אײַערע אַ פּאָר שטיװל, װאָס זענען אַרויס נישט לויט דער מאָס. דאָ איז אַזוי אײַנגעפֿירט: נאַטשאַלניקעס, װאָס האָבן אַ לײַכטן צוטריט צו אַלע װאַרשטאַטן און אַרטעלן, װוּ מע נעמט זיי אויף מיט אָפֿענע אָרעמס (אַ ברירה האָט מען?), האָבן די מעגלעכקייטן צו געניסן; דאָ גיבן זיי זוילן און באַקומען די אויבערטיילן, דאָרט גיבן זיי װייכע לעדער און באַקומען די זוילן. דערנאָך טרעפֿט מען די פּאַרטיקע פּאָרן אויפֿן באַזאַר. און דער שולדיקער איז דער שוסטער... — און אויך דער שנײַדער — װאַרף איך אַרײַן אַ װאָרט.

— אָט איז די טעג געקומען צו מיר צו פֿאָרן מײַנע אַ שװעסטער פֿון סאַראַטאָװער געגנט, און איך האָב שוין גרוסן װעמען כ׳האָב פֿאַרלוירן: די מאַמע איז דאָרט געשטאָרבן פֿון הונגער, די צװיי ייִנגערע ברידער און דער שװאָגער האָבן זיך פֿרײַװיליק מאָביליזירט אין דער רויטער אַרמיי אין די ערשטע עװאַקואַציע־טעג. זי, װי אַ שנײַדערין, האָט צוגעזען, װאָס ס׳טוט זיך הינטער די קוליסן פֿון שנײַדער־װאַרשטאַט. נאַטשאַלניקעס נעמען, און פֿאַראַנטװאָרטלעך איז דער צושנײַדער.

— איר װייסט, — פֿאַרצייל איך אַברהמען, — איך האָב שוין אַ מאָל געהאַט אַ פֿאַל, װען מע האָט מיך באַשולדיקט אין שפּעקולאַציע.

— אײַך אין שפּעקולאַציע? — האָט ער מיך אָנגעקוקט דערשטוינט.

— נו, יאָ. בײַ אונדז אין ראַטנפֿאַרבאַנד איז אַלץ מעגלעך. טשעקאַװע צו הערן.

— דאָס איז געװען אין קראַסני יאַר. אין יענעם שװערן װינטער פֿון 1941—42, װען איך האָב נישט געקאָנט באַקומען צו קויפֿן פֿאַר מײַן פֿרוי און קינדער קיין טראָפּן מילך, קיין ביסל הײץ־מאַטעריאַל. װען מיר האָבן אָנגעהויבן אַרבעטן אויף מיליטערישע באַשטעלונגען, האָט איטלעכער פֿון אונדז באַקומען אַ פּעקעלע מאַכאָרקע אויף אַ חודש. דעם ערשטן חודש

האָב איך באַקומען. דעם צווייטן — נישט. האָב איך אַ פרעג געטאָן דעם פאָרזיצער, דעם צעטיילער:

— פאַר וואָס גיט איר מיר נישט מײַן צוטיילונג?

— ווײַל איר רייכערט נישט.

— איך רייכער יאָ. אָבער פון וואַנען זאָל איך נעמען טאַבאַק. האָב איך געמוזט אויפהערן.

— אָבער יענעם חודש האָט איר דאָס פעקעלע מאַכאָרקע פאַרקויפט.

— נישט פאַרקויפט, נאָר אויסגעטוישט אויף אַ ביסל קיזשוק (אָרגאַניש מיסט) און אַ ליטער מילך.

— אָט די ייִדישע שפּעקולאַציעס! — האָט ער זיך פונאַנדערגע־לאַכט. — נישט פאַרקויפט, נאָר פאַרטוישט. ווילט איר, איך זאָל אײַך אויך איצטער געבן אויף צו שפּעקולירן?

— אויסטוישן אויף אַ ביסל הייצונג און מילך, וואָס איך קאָן נישט קריגן צו קויפן, הייסט בײַ אײַך שפּעקולאַציע?

— פאַרשטייט זיך.

— און איך האָב געמיינט, אַז אויסטויש פון פּראָדוקטן איז די שטרעבונג פון קאָמוניסטישן סיסטעם. — האָב איך אַ פאַרביטערטער אַ זאָג געטאָן.

— און מיט וואָס האָט זיך עס אויסגעלאָזט? — האָט מיך אברהם געפרעגט.

— כ׳האָב נישט באַקומען.

נאָך דער איצטיקער געשיכטע מיטן פּראָקוראָר האָב איך זיך לאַנגע צײַטן געגריבלט: וואָס איז פּראָדוקציע און וואָס שפּעקולאַציע דאָ אין ראַטנפאַרבאַנד?

## קאַפּיטל איין און פופציק

— ווו זענט איר פאַרפאַלן געוואָרן?! — האָב איך אַ דערפרייטער אויסגערופן, טרעפנדיק אומגעריכט מײַן גוט באַקאַנטן דאָקטאָר.

— נישט גוט, ברודערקע! — האָט ער מיך אַרומגעכאַפּט און געדריקט צו זיך, אַרויסרעדנדיק אָט־די ווערטער, שטיקנדיק זיך.

איך האָב זיך אַרויסבאַקומען פון זײַנע אָרעמס און אים אַרײַנגעקוקט אין די פאַרטרערטע אויגן. אַ דערשראָקענער האָב איך אים אַ פרעג געטאָן:

— וואָס איז געשען?!

— איר ווייסט נישט וואָס ס׳איז געשען? אַ גרויסער חורבן פון יידישן פאָלק...

ער איז געשטאַנען אומבאַוועגלעך, מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ, נישט קאָנענדיק אַרויסברענגען מער קיין וואָרט. זײַנע באַקן זענען געווען אײַנגעפאַלן, די אויגן — טיפער אַרײַן אין קאָפּ. ענדלעך האָט ער מיט אַ געבראָכענער שטים גענומען רעדן:

— כ׳האָב זיך אַוועקגעלאָזט אויף עטלעכע חדשים אויפזוכן מײַן משפחה. אָבער, צום באַדויערן, געפונען בלויז איין ווײַטן קרוב, וועלכער האָט זיך צוויי יאָר געפונען אין די וועלדער ווי אַ פּאַרטיזאַן. ווען מע האָט מיך אין יאָר 1939 מאָביליזירט, זענען מײַן פרוי און קינדער אַוועק צו אירע עלטערן. קאָן זײַן, אַז זיי האָבן אין יאָר 1941 זיך עוואַקוירט. פון דעמאָלט אָן האָב איך פאַרלוירן דעם קאָנטאַקט מיט זיי. איך האָב זיך געוואָנדן נאָך אַ מאָל קיין באָגאָרוסלאַן (ווו ס׳געפינט זיך די צענטראַל־ביוראָ פאַר זוכן קרובים). און ווער ווייסט, ווי לאַנג מיר וועט אויסקומען צו וואַרטן אויף אַן ענטפער.

— איז אפשר וועלן מיר נאָך אויסנוצן אַן אָוונט צו שמועסן אין זכות פון דעם, וואָס איך בין נאָך פון דאַנען נישט אַרויסגעפאָרן?

— גערן. אַפילו הײַנט.

— איר ווייסט? — האָב איך אים ווי אײַנגערוימט אַ סוד — פון אונדזערע שמועסן בין איך אַ סך רײַכער געוואָרן, אָבער... אויך פאַרלוירן.

— וואָס הייסט עס? — האָט ער מיך אָנגעקוקט פאַרוווּנדערט.

— רײַכער אין דערפאַרונג, אָבער פאַרלוירן אַן אידעע...

ס׳איז געווען אָנפאַנג נאָוועמבער, ווען מע גרייט זיך צום גרויסן אָקטיאַבער־יום־טוב. די גאַסן זענען שוין טיילוויַיז באַצירט געווען. ריזנ־בילדער פון די פּאָליט־ביוראָ־מיטגלידער מיטן חבר סטאַלין בראָש זענען שוין געווען אויסגעהאָנגען איבער אַלע רעגירונגס־געביידעס. אויך דער פראָנטאָן פונעם קולטורפּאַרק, ווו מיר האָבן זיך אין אָוונט געטראָפן, איז באַצירט געווען מיט בילדער און טראַנספּאַראַנטן. די אַראָפּגעפאַלענע בלעטער אין פּאַרק, צוגעדעקטע מיט אַ דינעם שניישיכט, האָבן געקרעכצט אונטער אונדזערע טריט.

— אַפילו די בלעטער קרעכצן־מיט מיט אונדז. — האָט דער דאָקטאָר אַ זאָג געטאָן פון פּאַרטראַכטקייט אַרויס.

כדי אים צו פאַררעדן און אויפמונטערן, האָב איך אים אַ פרעג געטאָן:

— נו, וואָס פאַר אַ נייַעס ברענגט איר פון דער גרויסער שיינער וועלט?

ער איז אָבער נאָך טרויעריקער געוואָרן:

— איר האָט שוין געזען, אַז אַ חרובע וועלט זאָל שיין זייַן? ס׳איז שרעקלעך זי אָנצוקוקן, די זיגערישע וועלט, אָן ייִדן... איך בין געווען אין מאָסקווע, מינסק, כאַרקאָוו, קיִעוו. אומעטום איז די שטימונג בייַ דעם קליינעם ביסל לעבנגעבליבענע ייִדן אַ געדריקטע, אַ נישט זיכערע, ווי ערב אַ פּאָגראָם. אין אָוונט מייַדט מען אויס אַרויסצוגיין פון שטוב. צום ערגסטן איז די לאַגע אין אוקראַיִנע. נאָך ערגער — אין איר הויפּטשטאָט, ווו ס׳רעגירט איצט כרושטשאָוו. ס׳איז מוראדיק אַ טראַכט צו טאָן וועגן דעם וויַיטערדיקן גורל פון די ייִדן אין ראַטנ־פאַרבאַנד.

ער האָט אָנגעשטרענגט זיך אַרומגעקוקט און מיר איינגערוימט ווי אַ סוד, אַז דיביימער אַפילו זאָלן נישט דערהערן:

— איך האָב געהאַט אַ מעגלעכקייט זיך אַרויסצובאַקומען פון דאַנען דורך לוואָוו. אָבער רעזיגנירט דערפון צוליב דער האָפענונג נאָך אָפּצו־געפינען עמעצן פון דער משפחה.

כ׳האָב האַסטיק אויף אים אַ קוק געטאָן.

— וואָס קוקט איר מיך אַזוי אָן? דאָס איז געווען אַ שאַנס, וואָס כ׳גלייב נישט, ער זאָל זיך איבערחזרן. פאַר מײַן זײַן דאָרט איז אַ גרעסערע גרופּע ייִדן — אין דער מערהייט פרומע — אַריבער אויף יענער זײַט. אָבער עס שטרעבן דערצו נישט נאָר פרומע. בײַ דער איצטיקער שטימונג איז פאַר די ייִדן קיין שום גוטס נישט פאָרצוזען.

— ווען דען נישט קאַגאַנאָוויטש, ליטווינאָוו, דער אַנטיפאַשיס־טישער קאָמיטעט מיט מיכאָעלסן און פעפערן בראָש, איליאַ ערענ־בורג און אַנדערע גרויסע ייִדישע פּערזענלעכקייטן, ווירקן, אַז די רעגירונג זאָל אין גיכן אײַנשטעלן אַ נאָרמאַל לעבן פאַר די געבליבענע ייִדן, ווי ס׳איז געווען פאַר דער מלחמה?

— אויך פאַר דער מלחמה איז דאָ פאַר די ייִדן קיין נאָרמאַל לעבן נישט געווען. דער ייִדישער קולטור־אויפשטײַג פון די צוואָנציקער און אָנהייב דרײַסיקער יאָרן איז שוין געווען פאַרשווונדן. אין דער גרויסער יעזשאָוו־אַקציע פון 1936—38 איז אַ גאָר גרויסע צאָל פון די וויכטיקסטע פאָרשטייער פון דער ייִדישער קולטור אַוועקגעשיקט געוואָרן אַהין, פון וואַנען מע קומט נישט אַזוי לײַכט צוריק. מיט בעריאַס קומען צו דער מאַכט איז קיין שום ענדערונג צום בעסערן נישט פאָר־געקומען. יעזשאָוו איז טאַקע ליקווידירט געוואָרן, אָבער זײַנע ייִדישע קרבנות, צווישן זיי די סאַמע אַקטיוווסטע אויפן געביט פון שול, קולטור און קאָלאָניזאַציע, האָט מען זעלטן באַפרײַט. אין מלחמה־צײַט האָט מען זיך צו זיי פאַרהאַלטן ווי צו די געפערלעכסטע פאַרברעכער און נישט געגעבן קיין מעגלעכקייט „אויסצוקויפן” זייערע „זינד” אין די שטראָף־באַטאַליאָנען, וואָס מ׳האָט געשיקט אויף די געפערלעכסטע פראָנט־אָפּשניטן...

אויף אַ ווײַל שטיל געבליבן, האָט ער ווײַטער פאָרגעזעצט:

— אונדזערע מאַכט־אָרגאַנען האַלטן, אַז יענער צפון־פראָנט איז אַזוי וויכטיק, ווי דער מערב־פראָנט. האָבן „מיר” אין משך פון דער מלחמה־צײַט געשיקט אַהין אַ פאַרשיידנאַרטיקן עלעמענט, אָנהייבנדיק פון „פּוילישע אָסאַדניקעס אויף די קרעסן”, ייִדישע „פּאָליאַקן”, דײַטשן

פון דער וואָלגע־רעפּובליק. סוף מלחמה זענען צוגעקומען: דײַטשישע קריגס־געפאַנגענע, קאַלמיקן, טשעטשענצעס, קרימער טאַטאַרן. ווען וועלן „מיר” האָבן צו שיקן אַהין אין עטלעכע יאָר אַרום? בײַ די אַנטי־סעמיטישע שטימונגען, וועלכע האָבן לעצטנס באַהערשט די הויכע קרײַזן, קאָנען נאָך די ייִדן ווערן דאָס כפּרה־הינדל פאַר אָט דעם צוועק.

— איצטער? נאָכן גרויסן היטלער־חורבן? — האָב איך אויסגערופן.

— ווער רעכנט זיך דאָ מיט סענטימענטן! ווי האָט אײַך געזאָגט אײַער באַקאַנטער ענקאַווערדיסט־נאַטשאַלניק: „מיר האָבן שטענדיק גרייט אין אונדזערע אַקטן אויף יעדן זײַן בינטל חטאים”. ווייל מען, זענען עס פּאָליטישע, וויל מען, זענען עס עקאָנאָמישע. זאָל מען זיך נעמען צו די אוקראַיִנער, ווײַסרוסן, ליטווינער פאַר זייער אָנרויבן זיך מיט ייִדיש פאַרמעגן אַלס שכר פאַר העלפן די היטלער־מערדער אויסמאָרדן די דאָרטיקע ייִדן? ס׳איז דאָך לײַכטער צו געפינען בײַ אחינו בני־ישׂראל צוויי חטאים פאַר אַ מאָל: ציוניזם און שפּעקולאַציע. ווי אַזוי מע מאַכט עס? איר אַליין האָט דאָך שיר נישט פאַרזוכט דעם טעם...

— הייסט עס, — האָב איך אים אָנגעקוקט דערשטוינט — אַז וואָס היטלער מיט זײַנע משרתים האָבן נישט באַוויזן צו פאַרענדיקן, קאָנען עס נאָך טאָן די פאַרגייער פונעם וועלט־קאָמוניזם?

— פאַר וואָס נישט? מען וועט נאָר צוזוכן פאַר דעם אַ פּאַסיקן נאָמען, אַ רעוואָלוציאָנערן. ס׳וועט ווײַטער מכלומרשט קיין אַנטיסעמיטיזם נישט עקזיסטירן, ווי אין אַלע אַקציעס, ביז הײַנט. ס׳וועט נאָר זײַן — ייִדנהאַס.

— סאָוויעטן־רעזשים און ייִדנהאַס?

—פאַר וואָס נישט? ווען היטלער פאַלט נישט אָן אויף אונדז אין יאָר 1941, מיינט איר, וואָלט אונדז אָנגעגאַנגען די ייִדן־אויסמאָרדונג אין די דורך אים פאַרנומענע געביטן? ווי זאָגט דאָס ייִדישע שפּריכוואָרט: „זאָג מיר, ווער איז דײַן חבר, וועל איך וויסן, ווער דו ביסט”. מאַכט־רעזשימען האָבן שטענדיק געהאַט אַ שעיר־לעזאזל. אונדזער מאַכט אַוודאי. אויב אין די פינצטערע צײַטן פונעם צאַריזם האָט דאָס פאָלק

אַרויסגעגעבן אַ גרויסע צאָל הויך הומאַניטאַרע פערזענלעכקייטן, וועלכע האָבן דרייסט — בײַ דער אונטערשטיצונג פון אַ היפּשער צאָל אינטע־לעגענץ — געשטעמפּלט דעם אַנטיסעמיטיזם, קאָן דאָס הײַנט נישט געשען. קולטור־טוער טאָרן זיך אין פּאָליטיק נישט מישן. אַנישט — פאַרזוכט מען דעם טעם פון דער סאָוויעטישער גערעכטיקייט...

— קאָן זײַן, הייסט עס — האָב איך אַ זאָג געטאָן, ווען ער איז פאַרביטערט שטיל געבליבן — אַז דאָס ביסל לעבנגעבליבענע יידן וועט דאָ צו נוץ קומען אויף צאָנוויטיק ?

— וואָס הייסט עס ? — האָט ער אַ פרעג געטאָן.

— ס׳איז לויט אַן אַלטן יידישן וויץ : צוויי מאַרק־זיצערינס קריגן און שעלטן זיך. שרײַט איינע : „אַלע ציין זאָל מען דיר אַרויסרײַסן, בלויז איינער זאָל דיר בלייבן !" — צו וואָס איינעם לאָזן ? — פרעגט מען איר : „אויף ציינוויטיק !" — ענטפערט זי.

— כאַ־כאַ־כאַ ! — האָט ער זיך פונאַנדערגעלאַכט. — אַ געלונגענער פאַרגלײַך.

— ער איז שוין דערמיט געלונגען, וואָס ער האָט אײַך אַרויס־געפירט פון אײַער מרה־שחורהדיקער שטימונג. ווי האָט געזאָגט אונדזער שלום־עליכם : „לאַכן איז געזונט"... איך מיין, אַז לאַכן איז געזונט נישט נאָר פאַרן יחיד, נאָר אויך פאַר אַ פאָלק. און ווײַל איז אונדזער פאָלק, וואָס קאָן אַזוי לאַכן פון די אייגענע צרות און טראַגעדיעס. אַפילו וועגן תשעה־באָב זענען בײַ יידן פאַראַן אַ סך וויצן און אַנעקדאָטן. דערפאַר זײַט נישט אַזוי פּעסימיסטיש געשטימט בנוגע דעם יידישן פאָלק.

— פאַרן יידנטום אין דער וועלט איז דאָ אַ האָפענונג... בלויז פאַר דעם סאָוויעטישן...

— אָבער אויך צווישן דעם סאָוויעטישן יידנטום גייען אַרום אַ סך פריילעכע אַנעקדאָטן, — האָב איך אים דערווידערט.

— לאָזט צו רו ! — האָט ער זיך נישט געלאָזט. — דאָ באַנוצט מען זיך מיטן אַלטן יידישן פאָלקסווערטל : „טאַטע, דו לאַכסט ? אַז אָך און ווי צום געלעכטער !". מע מוז זיך דאָך צופּאַסן צו דער אַלגעמיינער,

כלומרשט פריילעכער שטימונג און לאַכן פון די וויצן אינעם „קראָקאָ־
דיל". פון אַזאַ לאַכן קומט קיין סך געזונט נישט צו.

— יאָ — האָב איך אײַנגעשטימט מיט אים — פון „קראָקאָדיל"־
וויצן לאַכט מען, ווי מע זאָגט בײַ ייִדן, מיט „יאַשטשערקעס".

## קאַפּיטל צוויי און פופציק

ער האָט זיך פאַרטראַכט, פאַררייכערט אַ ציגאַר און ווײַטער
גערעדט:

— צווישן די אָן אַ שיעור פאַרשיידענע מינים יאַשטשערקעס
איז דאָ אַ מין, וואָס ווערט אָנגערופן כ אַ מ ע ל ע אָ ן. דער כאַמעלעאָן
האָט אַ וווּנדערבאַרע אייגנשאַפט: ער ענדערט מאָמענטאַל דעם קאָליר
פון זײַן הויט, לויט דער פאַרב פונעם קעגנשטאַנד אויף וועלכן ער קומט
אַרויף. דאָס רוסישע פאָלק האָט פאַר די לעצטע יאָרן באַקומען אָט די
כאַמעלעאָנישע אייגנשאַפט. סע פּאַסט זיך צו אויגנבליקלעך צו די ענדע־
רונגען בײַ די גרויסע „קראָקאָדילן". אין די אָפּשטימונגען צום „ווערכאָווני
סאָוויעט" גיבן זיי 99,9 פּראָצענט שטימען פאַר קאַנדידאַטן, וואָס ווערן
באַשטימט פון אויבן, זעלבסטפאַרשטענדלעך... לויט דער סאַמע דעמאָ־
קראַטישסטער קאָנסטיטוציע אין דער וועלט. און וואָלטן די אַלע אויס־
געוויילטע דעפּוטאַטן דערקלערט געוואָרן אויפן צווייטן טאָג אַלס פאָלקס־
פאַררעטער און שפּיאָנען, וואָלט מען איבערן גאַנצן לאַנד אָנגענומען
איינשטימיקע רעזאָלוציעס וועגן דעם. אַזוי איז דאָס פאַקטיש פאָרגעקומען
אין די יאָרן 1936—38. און אַזוי וועט עס ווײַטער זײַן...

ער האָט זיך פאַרטראַכט אַ ווײַל און פּלוצעם מיך אַ פרעג געטאָן:

— איר האָט שוין געפּרוווט זאָגן אַ מאָל אַ שיכורן אַז ער איז
שיכור? ער וואָלט גרייט געווען אײַך דורס צו זײַן פאַר אַזאַ בלבול...
אונדזערע פירער, שיכורע פון מאַכט, דערלאָזן נישט די מינדעסטע
אַנדייטונג פון קריטיק, אַפילו ווען דאָס איז אין פאָרעם פון אַ וויץ,

אָדער אַנעקדאָט. דעם רוסישן פאָלק, וואָס האָט נאָך לחלוטין נישט געפילט, וואָס דאָס הייסט ריכטיקע דעמאָקראַטיע, האָט מען געלערנט אַנדערע דעמאָקראַטישע אַלף־ביתן... אין דער אַרבעטער־באַוועגונג איז אַ פּראָוואָקאַטאָר באַטראַכט געוואָרן פאַרן נידערטרעכטיקסטן טיפּ. בײַ אונדז איז פּראָוואָקאַציע פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ „הייליקער מיסיע״. נישט נאָר מעג מען עס טאָן לטובת דער רעוואָלוציע, נאָר יעדער בירגער דאַרף עס טאָן. ווען נישט, קאָן ער באַשולדיקט ווערן אין נישט דעמאַס־קירן „אַ פאָלקס־שונא״. אַפילו קינדער האָט מען באַנוצט צו דעם צוועק, זיי זאָלן פאַרמסרן זייערע עלטערן. הערשער, וועלכע מאַכן קיין מאָל נישט קיין פעלער סײַ אין דער אויסערלעכער, סײַ אין דער אינערלעכער פּאָליטיק, זענען די געפערלעכסטע. און דאָס רוסישע פאָלק שלינגט אַראָפּ די אַלע שווערע ביטערע יאָרן און פאַרזופּט עס מיט אַ פלאַש י״ש. דערבײַ לאַכט עס פון דער וועלט און זינגט זיך פריילעך צו דאָס ליד: „איך קאָן נישט נאָך אַ לאַנד אַזאַ, ווו ס׳אָטעמט פרײַ אַזוי דער מענטש״. אָבער אין געהיים גייען אַרום פון מויל צו מויל די טיפּזיניקסטע וויצן. עס געפינען זיך הײַנט אַ סך גאַגאָלס און שטשעדרינס, זיי קאָנען אָבער זייערע ווערק נישט פאַרעפנטלעכן. באַנוגענען זיי זיך מיט דערציילן אין געהיים און — מע לאַכט מיט יאַשטשערקעס. דאָס פאָלק קליגט ס׳רוב איבער די רעגירונג. אַנדערש איז דאָס בײַ דער יידישער באַפעל־קערונג. אויך די יידן האָבן זיך צוגעפּאַסט צום עקזיסטירנדיקן מצב. אָבער די גרעסטע מערהייט געפינט נישט קיין טרייסט אין פלעשל י״ש. ניכטערערהייט פילן זיי דעם טראַגישן מצב אַ סך שאַרפער ווי די רוסן: ס׳האָט זיך אויסגעוועפּט דער חלום פון די ערשטע רעוואָלוציע־יאָרן. זיי שפּירן זיך איצט באַדראָט פיזיש און גייסטיק סײַ מצד דער מאַכט, סײַ מצד דער נישט יידישער באַפעלקערונג. זיי ווערן גאָר אָפּט דאָס כפּרה־הינדל פאַר פרעמדע חטאים. אין אַזאַ מצב, ווי קאָנען זיי זינגען דאָס לידל וועגן דעם „גליקלעכסטן היימלאַנד אויף דער וועלט״? זיי נעמען חלומען דעמאָלט דעם אַלטן חלום וועגן אַן אייגן יידיש היימלאַנד, אויסגעטרוימט אין לאַנגן דורותדיקן גלות, און בײַ יעדער געלעגנהייט דערמאָנען זיי דעם פּסוק: „אם אשכחך ירושלים, תשכח ימני...״

און מיט אַ מאָל האָט ער געגומען אונטערברומען: „ציון, ציון, ירושלים, / ווי קאָנסטו מיר אַרויס פון זין? / ביַים טרינקען, ביַים עסן / וועל איך נישט פאַרגעסן / ווו איך שטיי און ווער איך בין..."

ער האָט געברומט־געניגונט מיט אַזוי פיל האַרץ, אַז טרערן זענען אים געשטאַנען אין די אויגן. איך האָב געפילט, אַז ער הייבט אָן אַריַינפאַלן אין זיַין פריערדיקן מרה־שחורהדיקן מצב. האָב איך גע־פרווווט דאָס פריערדיקע מיטל און אים איבערגעריסן:

— איר האָט פריער דערמאָנט דעם רוסישן שרייבער גאָגאָל. וויל איך איַיך דערציילן עפעס צום באַשטעטיקן איַיערע רייד. אויף אַ צוזאַמענפאָר פון קאָלכאָזן האָבן זיך באַגעגנט צוויי אַלטע באַקאַנטע. רימט זיך איינער: „כ׳בין געווען אין מאָסקווע אויפן פּלאַץ, ווו סע שטייט דער מאָנומענט פון גאָגאָלן. דאָס איז אַ פּראַכט, וואָס מע זעט עס נישט אין גאַנצן ראַטנפאַרבאַנד!". „איך האָב אים געזען, דעם גאָגאָל, — דערווידערט דער צווייטער, — וואָלסט אָבער זען אין לענינגראַד אַ מאָ־נומענט פון פּושקינען, — אָט דאָס איז אַ גאָגאָל!"...

יעקב דאַווידאָוויטש איז טאַקע געוואָרן אַ ביסל אויפגעהייטערט. אָבער דעם פאָדעם פון זיינע מחשבות האָט ער נישט איבערגעריסן און וויַיטער פאָרגעזעצט:

— דעם לעבן־שטייגער פון דער באַפעלקערונג אין ראַטנפאַרבאַנד קאָן מען דאָך נישט פאַרגליַיכן מיט קיין שום אַנדערן אין דער וועלט. דאָ בויען מיר דאָך סאָציאַליזם, דאָרט זענען די לענדער קאַפּיטאַליס־טישע. איז ביַי זיי אַרבעט אָדער יעדע אַנדערע באַשעפטיקונג נישט נאָר דער פּרנסה־קוואַל, נאָר אויך אַ לעבנס־אינטערעס. דער מענטש פילט אין זיי אַן אינערלעכע גייסטיקע באַפרידיקונג. די אַרבעט איז אַ נויט־ווענדיקייט פאַר זיַין פּסיכישן גליַיכגעוויכט, נישט נאָר פאַר זיַין פּרנסה. ווי וויַיט מעגלעך שפּאָרט יעדער פון זיַינע פאַרדינסטן. דאָס באַנקביכל גיט אים אַ געוויסע זיכערקייט אויף דער צוקונפט. אַנדערש איז דאָ, ווו מיר בויען דעם סאָציאַליזם. דער סאָוויעטישער מענטש שפּאָרט נישט קיין געלט. צו וואָס? ער איז פאַרזאָרגט מיט אַרבעט און מיט אַלע סאָציאַלע פאַרזיכערונגען אויפן גאַנצן לעבן; מיט אומזיסטער מעדיציני־

שער הילף, מיט אומזיסטער בילדונג, וועלכע פירט דעם סאָוויעטישן מענטשן פון קינדערגאָרטן ביז די העכסטע שפּיצן פון וויסנשאַפט.

— איז אויב ס׳איז אַזוי גוט, פאַר וואָס זשע איז אַזוי שלעכט? האָב איך אים איבערגעריסן.

— טאָ הערט זשע טאַקע מיט קאָפּ. דאָ, אין ראַטנפאַרבאַנד, גיט נישט די אַרבעט קיין גענוג פּרנסה. אָבער אַרבעטן מוז מען, ווײַל... לענין האָט געזאָגט: ווער ס׳אַרבעט נישט, דער עסט נישט״. אַרבעט איטלעכער. אָבער אָן ווילן און חשק. אָנפאַנג 1940 האָט מען געמוזט שאַפן אַ געזעץ, אַז דער אַרבעטער האָט נישט דאָס רעכט צו טוישן זײַן אַרבעטפּלאַץ. מ׳האָט דערפאַר באַשטראָפט אַפילו מיט טורמע...

— ווען איר וואָלט געוווסט, ווי ווילקירלעך מ׳האָט אויסגענוצט אָט דאָס געזעץ קעגן אונדז, די נײַ־געקומענע פּוילישע ייִדן. — בין איך אים אַרײַן אין די רייד.

— ווײַל איר האָט נישט געוווסט, ווי דער רוסישער מענטש, ווי זיך צו פירן... — האָט ער מיר קורץ אָפּגעענטפערט און פאָרגעזעצט. — און ווען אַרבעט גיט נישט קיין פּרנסה, אַרבעט מען פאַר יוצא וועגן, און די אַרבעט ווערט דערווידער. כדי צו קאָנען לעבן אַ ביסל בעסער, הייבט מען אָן זוכן זײַטיקע פאַרדינסטן, וואָס דאָס איז קעגן דעם געזעץ. ווערן דעמאָלט נײַנציק פּראָצענט פון דער באַפעלקערונג פאַרברעכער. נאָך מער — ווען מען אַרבעט אין אַזעלכע צווײַגן, וווּ מען קאָן יאָ האָבן אויף צום לעבן... און דאָ האָבן מיר דעם ייִדישן פּראָבלעם. ייִדן זענען פון תמיד אָן געווען באַשעפטיקט אין דער לײַכטער אינדוסטריע, באַשפּיי־זונגס־וועזן און האַנדל־צווײַגן, אין וועלכע יעדער קאָן מקיים זײַן דעם פּסוק: „לא תחסום שור בדישו״ — זאָלסט נישט פאַרבינדן אַן אָקס דאָס מויל, ווען ער דרעשט... אָבער ס׳זענען דאָך דאָ נאַטשאַלניקעס, מיליציאָנערן אָדער מיטאַרבעטער פון די זיכערהייטס־אָרגאַנען און פּאַרטיי־אינסטאַנצן, וואָס ווילן אויך לעבן, — מוז מען זיך טיילן. ווען נישט...

— באַקומט מען אַ פּאַטש אין פּנים. — כאַפּ איך אים אויס — צוויי בעטלערס האָבן זיך געזעצט אין אַ רעסטאָראַן עסן בשותפות אַ טעלער זופּ. פּלוצעם טוט דער בלינדער דעם צווייטן אַ פּאַטש: „כאַפּ

נישט!" — ביסט דאָך בלינד, פון וואַנען ווייסטו אַז איך כאַפּ? „ווייל איך אַליין כאַפּ, און דו זאָגסט מיר גאָרנישט, איז דאָך אַ סימן, אַז דו כאַפּסט נאָך מער"...

— נישט שלעכט. אָבער דאָ דערגייט די בלינדע שנאה צו די וועלכע נעמען זיך צו אַזאַ פאַראַנטוואָרטלעכער אַרבעט, ווי ס'איז דאָ אין ראַטנפאַרבאַנד מסחר, ביז אַבסורד. ווײַל קויפן און פאַרקויפן קאָן מען נאָר אויפן באַזאַר אין פּריוואַטן מסחר; אין די רעגירונגס־געשעפטן „גיט מען" און „מע נעמט", און די באַפעלקערונג ווייסט שוין צו „נעמען", ווען „מע גיט", באַנוצנדיק זיך דערבײַ מיטן ווערטל: „דאַיוט — בערי" — אַז מע גיט, נעם.

— „ביוט — ביעגי" — אַז מע שלאָגט, אַנטלויף. — האָב איך צוגעגעבן.

— אָבער נישט שטענדיק קאָן מען אַנטלויפן. מיט מײַנעם אַ נאָענטן חבר האָט אַזעלכעס געטראָפן. ער איז געווען אַן ערלעכער פּאַרטיימאַן. מע האָט אים פאָרגעלייגט אָנצופירן מיט אַ גרויסן ראַיאָן־מאַגאַזין. אַ לאַנגע צײַט האָט ער זיך דערפון אַרויסגעדרייט. געוואָלט אַנטלויפן... אָבער דער דרוק פון אויבן און דאָס צוריידן פון זיין פרוי האָבן אים לסוף ווייכער געמאַכט. קיין נעמערס האָבן אינעם מאַגאַזין נישט געפעלט. סײַ פון די אייגענע אָנגעשטעלטע — ער האָט דאָך נישט געקאָנט כסדר דורכ־לײַכטן זייער קליידונג... — סײַ פון פאַרשיידענע נאַטשאַלניקעס. נאָך אַ געוויסער צײַט האָט ער זיך פאַר מיר באַקלאָגט: „ס'איז אַן ענדע צו מײַן פּאַרטיי־קאַריערע"... ער האָט זיך געוואָנדן צו די העכערע אינסטאַנצן מיט דער ביטע מע זאָל אים באַפרײַען פונעם פּאָסטן. נו, האָט מען אים באַפרײַט צוזאַמען מיט זײַן פרײַהייט. זײַן פרוי איז געקומען צו מיר מיט אַ געוויין: איך זאָל עפּעס אויפטאָן פאַר אים. ער איז דאָך נישט געווען קיין גנב. האָב איך דעמאָלט געטאָן אַ זאָך, וואָס מע טאָר עס דאָ אין ראַטנפאַרבאַנד נישט טאָן: בין אַוועק צום אויספאָרשער, מיט וועלכן כ'האָב זיך גוט געקענט, אָבער אַרויסקומען פון דאָרטן איז מיר שוין אָנגעקומען שווערלעך. ס'האָט געהאַלטן דערבײַ, איך זאָל ווערן אַ מיטשולדיקער...

— אָבער דאָס איז דאָך געווען מלחמה־צייט.

— ניין. די געשיכטע איז פּאָרגעקומען נאָך פּאַר דער מלחמה. אַזעלכע געשיכטעס ציִען זיך נאָך פון די ערשטע יאָרן נאָכן נעפּ.

— הערט, יעקב דאַווידאָוויטש, — האָב איך זיך אָנגערופן, — אין פּוילן האָב איך געהערט אַזאַ וויץ: אַן אַרבעטער פרעגט דעם חבר סטאַלין: „ווי קומט עס, וואָס דער אַרבעטער אין ראַטנפאַרבאַנד ליגט אַזוי טיף אין דער אדמה?" ענטפערט אים סטאַלין: „דער אַרבעטער איז דאָך דער יסוד פונעם מדינה־בנין, און אַ פונדאַמענט ליגט תמיד אין דער ערד און נישט אויפן דאַך..."

— און ווי האָט איר דאָרט אויפגענומען דעם וויץ?

— מיר האָבן נישט געגלייבט, אַז דער אַרבעטער ליגט דאָ אין דר׳ערד...

איך האָב שוין געוואָלט ענדערן די טעמע. די לופט דאָ, אין קולטור־פּאַרק, האָט מיר גענומען שטיקן אין האַלדז... האָב איך פּאָרגעלייגט אַרויס־צוגיין פון דאַנען.

## קאַפּיטל דריי און פופציק

די גאַס אַרום קולטורהויז איז געווען אויסערגעוויינלעך באַלעבט און יום־טובדיק. ס׳איז דאָ, ווי יעדן שבת אין אָוונט, פּאָרגעקומען אַ טעאַטער־פּאָרשטעלונג. ס׳האָט זיך דערהערט דאָס גלעקל פון אײַנעווייניק, און דער עולם האָט גענומען אַרײַנשטראָמען.

— אפשר גייען מיר אַרײַן? — האָב איך פּאָרגעלייגט.

— איך האָב נישט קיין חשק. — האָט ער אָפּגעוואָנדן.

אין גאַס איז שטיל געוואָרן. ס׳איז אונדז אַנטקעגנגעקומען מיט וואַקלענדיקע טריט אַ שיכור, האָט זיך אָפּגעשטעלט און גענומען עפּעס אײַנטענהן. מיר האָבן אים געלאָזט שטיין און זענען אַוועק ווײַטער. די געגנט, וווּ מיר זענען איצט געגאַנגען, איז געווען אַ ווייניק־באַוווינטע. מע האָט קיין פאַרבײַגייער נישט געזען. האָט יעקב דאַווידאָוויטש גענומען פאָרזעצן זײַן איבערגעריסענעם שמועס:

— נישט נאָר וועגן אַרבעט, אויך וועגן בילדונג איז דאָ וואָס צו זאָגן. דאָס צאַרישע רוסלאַנד האָט פאַרמאָגט די גרעסטע צאָל אַנאַלפאַבעטן. דאָס איז געווען אַ גוטער מאַטעריאַל אויף דורכצופירן די אָקטאָבער־רעוואָלוציע. אָבער כדי אײַנצוהאַלטן די מאַכט נאָכן זיג, האָבן שוין מער נישט געטויגט די לומפּן־פּראָלעטאַריער און אַנאַלפאַבעטן. האָט מען אָנגעהויבן בילדן דעם עולם און אים מאַכן פּאָליטיש באַוווסטזיניק. אָבער אין משך פון יאָרן האָבן זיך אַרויסגעוויזן אַנדערע געפאַרן: געפערלעך זענען גראָד די אַמאָליקע געבילדעטע, די וואָס זענען געשטאַנען אין די שפּיצן פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי און אָנגעפירט מיט דער מלוכה. אונדזער „גאָט" האָט נישט געהאַט דעם געדולד פון דעם ייִדישן גאָט, צו וואַרטן ביז דער „דור־המדבר", וואָס האָט אָנגעהויבן זאָגן דעם פּסוק: „זכרנו את הדגה אשר נאכל במצרים" (מיר געדענקען די פיש, וואָס מיר פלעגן עסן אין מצרים), וועט אויסשטאַרבן. און כדי אַרײַנצופירן דאָס פאָלק וואָס שנעלער אינעם אויסגעטרוימטן לאַנד פון סאָציאַליזם, האָט ער באַשלאָסן צו פאַרענדיקן מיטן ביזאיצטיקן דור פריער. די בעסטע מענטשן, פון אַלע שיכטן, האָט ער אַוועקגעשיקט, ווי שפּיאָנען און פאַררעטער, באַגלייט מיט קללות און חרמות, אין דער אייביקייט אַרײַן. און נאָך הונדערטער טויזנטער אויפן „צפון־פּראָנט"...

ער איז שטיין געבליבן. האָט זיך אַרומגעקוקט. קיינער איז אַרום נישט געווען.

— ווי האָט מען אין פּוילן אויפגענומען די פּראָצעסן פון 1936—38 און דאָס אויספירן די טויטאורטיילן? — האָט ער מיך אַ פרעג געטאָן.

— די פאַנאַטישע מיטלויפער האָבן מיטגעשריגן: „מע דאַרף זיי אויסראָטן ווי די הינט, די פאַררעטער!" אָבער די רעוואָלוציאָנער־געשטימטע, אָן אונטערשייד פון וועלכער ריכטונג, זענען צעטומלט געוואָרן, ווי באַקומען אַ שווערן זעץ איבערן קאָפּ. אָט הערט אַן עפּיזאָד. איך בין צו יענער צײַט געווען מיט מײַן פרוי אויף זומער־וווינונג. צײַט איז דאָ גענוג, האָט מען אין איין שמועסן וועגן די פּראָצעסן. האָט זיך דאָרט געפונען איינער אַ בחור, וואָס האָט געהאַלטן אין איין שטורעמען: „שיסן, הענגען, אויסראָטן דאַרף מען זיי, די שפּיאָנען, די פאַררעטער". דערווײַל דערהערן

זיך געשרייען פון דרויסן. דער בחור לויפט אַרויס זען וואָס דאָרט קומט פאָר. לויפט גלײַך אַרײַן צוריק אַ בלאַסער און נעמט חלשן... וואָס איז געשען? שיכורים האָבן זיך דאָרט צעשלאָגן, האָט ער דערזען ווי פון איינעם רינט בלוט... אַ לאַנגע צײַט דערנאָך פלעגן מיר אָפּלאַכן פון אים: „שיסן, אויסראָטן די פאַררעטער, נאָר קיין בלוט זאָל נישט גיין", ווײַל... אָט גייט ער חלשן.

דאָס זענען געווען מענטשן וואָס פלעגן אַלע יאָרן בלינדערהייט נאָכזאָגן „אָמן" אויף אַלץ, וואָס קומט פאָר אין מאָסקווע.

— אָבער זיי האָבן הײַנט פאַרטיידיקט די, וואָס שוין מאָרגן קאָנען זיי זײַן פאַררעטער. פון וואַנען האָבן זיי געקאָנט וויסן וועמען צו פאַרטיידיקן?

— נו, זיי האָבן געהאַט אַן אייזל־באַראָמעטער, וואָס האָט זיי צו וויסן געגעבן דאָס מאָסקווער וועטער...

— אַן אייזל־באַראָמעטער? וואָס איז דאָס אַזוינס?

— איר, אַזאַ געלערנטער, — האָב איך זיך געוויצלט, — זאָלט נישט וויסן? דאָס איז אַ קליין הילצערן אייזעלע, ווי אַ קינדער־שפּילכל. מע הענגט עס אַרויס אויף בײַנאַכט, צוגעבונדן מיט אַ שטריקעלע צום פענצטער. אין דער פרי — איז עס נאַס, איז אַ סימן, אַז ס'האָט גערעגנט, איז עס טרוקן, איז אַ סימן...

ער האָט זיך האַרציק פונאַנדערגעלאַכט:

— ווען מיר וואָלטן שפּילן אויף פונקטן, וואָלט איר געהאַט איבער מיר אַ גרויסע איבערוואָג. איר האָט מיך אַ ביסל צעשטרייט... נאָר לאָמיר גיין ווײַטער. ווען דער אַלטער „פאַרשימלטער" דור איז אויסגע־רייניקט געוואָרן, האָט מען דעם יונגן דור, אָנהייבנדיק פון קינדער־גאָרטן, אָנגעהויבן לערנען וועגן דעם סאָציאַליזם וואָס מיר בויען. דער „קראַטקי קורס" האָט פאַרפליכטעט שוין פון דער פאָלקסשול. דער יונגער דער האָט זיך דערוווּסט, אַז דאָס בעסטע לעבן איז אין פרײַען ראַטנפאַר־באַנד. ער פאַרמאָגט די סאַמע דעמאָקראַטישסטע קאָנסטיטוציע אויף דער וועלט. דער 5טער דעצעמבער, „דער טאָג פון דער סטאַליניסטישער קאָנסטיטוציע" איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ פאָלקס־יום־טוב. מע גיט

דאָ דער שטודירנדיקער יוגנט סײַ פון די פּאַכשולן, סײַ פון די הויכ־שולן גרויסע סטיפּענדיעס. די וויסנשאַפטלער גיט מען דעם גרעסטן געהאַלט.

— און וויפל פאַרדינט דאָ אַ דאָקטאָר?

— דאָקטוירים זענען דאָ בײַ אונדז נישט קיין וויסנשאַפטלער, — צעשמייכלט ער זיך — זענען גלייך מיט אַלע אַרבעטער. אַ „מעדראָבאָט־ניק" — אַ מעדיצין־אַרבעטער. אַ שוסטער קאָן דאָ פאַרדינען מער פון אַ דאָקטאָר... נישט וועגן אַזעלכע רעד איך. אָט זעט איר די ריזן־פּלאַקאַטן, לאָזונגען און טראַנספּאַרענטן, אָבער איר זעט נישט יענע וואָס שטייען הינטער זיי: דעם שטאָב קינסטלער, ליטעראַטן, וויסנ־שאַפטלער, וועלכע געשטאַלטיקן די פּסיכיק פון דער באַפעלקערונג לויט דער פאַרטיי־פּראָגראַם. צי האָט איר שוין געזען די ווילעס און דאַטשעס פון אָט די, דורך דער מאַכט אָנערקענטע? אַ שאָד. דאָס וואָלט אײַך צו נוץ געקומען, כדי צו פאַרשטיין דעם אונטערשייד צווישן די שטאַפּלען פונעם ריזיקן לייטער, וועלכן ס׳האַלט אונטער דער פונדאַמענט פונעם אַרבעטער־קלאַס. ווי איר זעט, האָבן מיר איצט אַ געבילדעטע באַפעלקערונג. נישט־קוואַליפיצירטע אַרבעטער, די אַזוי גערופענע לומפּן־פּראָלעטאַריער, האָבן מיר כמעט נישט. נאָר אַז מע נייטיקט זיך אין אַזעלכע, „מאָביליזירט" מען זיי פון צווישן די קוואַליפיצירטע. אַ סך געלערנטע, דאָקטוירים, שרײַבער האָבן שוין פאַרזוכט דעם טעם פון אַרבעטן מיט דער טאַטשקע. יאָ, און אַז אַלץ גייט אין איין ריכטונג — צוצופּאַסן די קולטור און בילדונג צום מלוכה־געבוי, ווי פּאַסט זיך דאָ אַריין ייִדישע קולטור? ייִדישע בילדונג? צו וואָס נוצט עס? ווער דאַרף עס?

ער האָט זיך גענומען אויפרעגן:

— מע קאָן דען מאַכן אַ קאַריערע דערמיט? מע קאָן בלויז עפּעס איבערלאָזן, סע זאָל זײַן אויף צאָנוויטיק...

כדי אים ווידער צו באַרויִקן, האָב איך אים איבערגעשלאָגן:

— איר האָט פריִער גערעדט וועגן דער געבילדעטקייט פונעם פאָלק, וואָס איז באַהאַוונט אַפילו אין שעקספּירן, וויל איך אײַך עפּעס דערציילן. בעת אַ לעקציע וועגן די רוסישע דראַמאַטורגן, טוט דער לערער

אַ פרעג: זאָגט מיר, קינדער, ווער האָט אָנגעשריבן „האַמלעט״? די קינדער דערשרעקן זיך פאַר עפּעס אַ בלבול אויף עמעצן פון זיי און שווײַגן. איך פרעג דאָך אײַך — ווערט שוין דער לערער אַ ביסל אויפגערעגט — ווער האָט אָנגעשריבן „האַמלעט״?. ער פירט איבער דעם בייזן בליק פון איין שילער אויפן אַנדערן און לאָזט אים שטיין אויף מישאַן. ווי אַ גוטער שילער ווייסט ער מן־הסתם. נו, מישענקאַ — פרעגט ער ווייך — ווער? חבר לערער — זאָגט ער שטיל און פאַררויטלט זיך, — איך... נישט. דאָ גייט שוין דער לערער אַרויס פון די כלים: איך פרעג, ווער ס׳האָט אָנגעשריבן „האַמלעט״, ענטפערסטו, אַז דו נישט!... גיי אַהיים און רוף אַהער די מוטער. געקומען די מוטער, הייבט דער לערער אָן אײַנטענהן מיט איר: איך פרעג אים, ווער ס׳האָט אָנגעשריבן „האַמלעט״, ענטפערט ער מיר, אַז ער נישט! אָבער, חבר לערער — בעט זיך די מוטער — מײַן מישענקע האָט נאָך קיין מאָל קיין ליגן נישט געזאָגט. אַז ער זאָגט, ער האָט נישט אָנגעשריבן, דאַרפט איר אים גלייבן. כ׳זע — זאָגט דער לערער, אַז מיט אײַך האָב איך נישט וואָס צו רעדן. שיקט מיר, כ׳בעט אײַך, דעם מאַן. אויף מאָרגן קומט דער פאָטער, אַן אויספּאָרשער אין דער מיליץ. דער לערער חזרט איבער זײַן טענה. הערט, חבר לערער — זאָגט דער פאָטער — מײַן מישענקע זאָגט טאַקע קיין מאָל נישט קיין ליגן, אָבער דאָס מאָל... אַז איך האָב אים גענומען אויף אַ שטרענגען פאַרהער, האָט ער זיך מודה געווען. ער טאַקע האָט עס אָנגעשריבן. דער לערער ווערט אויפגעקאָכט: קומט אַריין מיט מיר צום שול־פאַרוואַלטער. אויסגע־הערט די גאַנצע געשיכטע, רופט זיך אָן דער שול־פאַרוואַלטער צום לערער: נו, מאַכט נישט קיין ווען פון דעם וואָרט. אַזוי ווי בײַ מישען איז דאָס ערשטע מאָל, און ער האָט זיך מודה געווען — איז שענקט אים דאָס מאָל...״

— — אײַער אַנעקדאָט שפּיגלט נישט שלעכט אָפּ די קענטענישן פונעם נײַעם דור — בלײַבט יעקב דאַווידאָוויטש דאָס מאָל ווײַטער ערנסט, — אָבער דאָך נישט פולשטענדיק. פאַר דעם נייעם דור פון דער נייער סאָוויעטישער שול, הייסט עס, עקזיסטירט נישט מער קיין שום ייִדן־פראַגע; זי איז דאָך שוין פון לאַנג געלייזט געוואָרן דורך דער רעוואָ־

לוציע! אָבער דאָך פאַרשטייט ער איצט, נאָך דער מלחמה, אַז ייִדן זענען אַ ספּעציעל פאָלק. סוף־כל־סוף זענען דאָך אַלע צוריקגעקומענע רויט־אַרמייער קינדער פון אַ דור עלטערן, ביי וועלכע ס׳ברענט נאָך אין שלאָף־צימער דאָס לעמפּעלע און באַלייכט די הייליקע איקאָנע פון דעם גאָט, וואָס די פאַרשאָלטענע ייִדן האָבן אים דערמאָרדעט. אין איצטיקן קריג האָט דער רויטאַרמייער לייכט פאַרשטאַנען, פאַר וואָס דער געוועזענער פאַרבינדעטער און איצטיקער שונא, דער דייטש, האָט פיינט די ייִדן און האָט זיי אויסגעמאָרדעט. גערעכט איז זיכער די מאַמע זיינע, וועלכע פלעגט אים זאָגן אַז אין אַלעם שלעכטן — הונגער, טויט — זענען שולדיק די ייִדן, וואָס זענען געשטאַנען ביי דער מאַכט. אָבער אונדזער סטאַלין האָט זיי אַלע ליקווידירט, די טראָצקיסטן און אַנדערע פאַררעטער. זאָל לעבן דער חבר סטאַלין! אָבער ער פאַרשטייט נישט, פון וואַנען ס׳האָבן זיך נאָך גענומען אַזוי פיל ייִדישע אָפיצירן אָרדענטרעגער. דאָס האָבן זיי זיכער, די כיטרע ייִדעלעך, באַקומען אויפן טאַשקענטער פראָנט... און די אַנטיסעמיטישע שטימונגען ווערן טאָלערירט און אַפילו געשטיצט פון דער רעגירונג. קיין ברויט גענוג פאַר דער באַפעלקערונג האָט זי דערווייל נאָך נישט צו געבן...

— די רוסישע יוגנט — האָב איך אים איבערגעריסן — פאַרשטייט נישט ריכטיק די ייִדנפראַגע, און דער נייער ייִדישער דור פאַרשטייט זי יאָ?

— אויך נישט אַלע ייִדן פאַרשטייען ייִדישקייט. ייִדישקייט פילט מען. יעדער ייִד פילט עס. און ווען מיר הערן עס אויף צו פילן אַליין, גיבן עס אונדז אַנדערע צו דערפילן...

פון דעם שמועס בין איך געוואָרן אַזוי אָנגעשטרענגט, אַז ס׳האָט מיך געכאַפּט אַ שטאַרקער קאָפּווייטיק, און וואָס נעענטער צו דער היים אַלץ שטאַרקער. איך האָב געוואָלט שוין זיך געזעגענען. ווידער איז אונדז אָנגעקומען אַ שיכור אַנטקעגן. וואַקלענדיק זיך, איז ער שטיין געבליבן און אָנגעהויבן מאָלן עפּעס מיט דער צונג. זיינע אויגן זענען מיט פאַרדאַכט געווען אָנגעשפּיזט אין אונדז. מיר זענען אַוועק ווייטער.

— אַזוי איז עס דאָ. — האָט יעקב דאַווידאָוויטש אַ זאָג געטאָן. —

צוויי מענטשן גייען און רעדן, דאַרף אַ דריטער וויסן ווער זיי זענען...

— ס'נעמט אויף אַ שטאַרקן פראָסט. — האָב איך זיך אָנגערופן. — ווען מיר נאָך האָבן אַ מעגלעכקייט זיך צו זען?

— איך וועל זיך סטאַרען. מיר ווערט אַ ביסל גרינגער, ווען כ'רעד זיך אַראָפּ פון האַרצן, דאָס וואָס דריקט אַזוי שווער. שווער, זייער שווער צו לעבן אַזוי און דערצו אין איינזאַמקייט. איך... פון פראָנט בין געבליב, לעבן... און זיי, מײַן משפּחה — ווער ווייסט?...

ער האָט נישט אויסגעהאַלטן און זיך פונאַנדערגעוויינט. מיר האָבן זיך צעזעגנט.

## קאַפּיטל פיר און פופציק

— ווייסט וואָס מיר איז געקומען אויפן געדאַנק? — זאָגט צו מיר מײַן פרוי — אונדזער גיטעלע ווערט דאָך שוין אַלט זיבן יאָר און גייט שוין אין שול אַרײַן, וואָלט איך גערן געוואָלט אײַנלאַדן צו איר איצטיקן געבורטסטאָג אַלע אונדזערע באַקאַנטע. לאָמיר כאָטש איין מאָל פאַר־ברענגען אַן אָוונט פאַר אַלע יאָרן פון אונדזער וואָגל און פּײַן.

— גוט. אָבער מיר וועלן עס מאַכן נישט דעם 23סטן נאָוועמבער, נאָר אַכט טעג שפּעטער — ווײַל מיט אַ וואָך שפּעטער פאַלט אויס חנוכּה. מסכּים?

— אדרבה. וועל איך מאַכן לאַטקעס אויך.

גיטעלע, וועלכע האָט שוין געלערנט צוויי חדשים אין דער פּוילישער שול, האָט זיך דאָ אויסגעצייכנט נאָך מער ווי דאָס פאַריקע יאָר אין קינדער־גאָרטן. האָט זי צום „אָקטיאַבערסקי" געבראַכט אַ פּאַק מתּנות פון דער שול, אַלס אויסגעצייכנטע שילערין, פאַר דעקלאַמירן פּוילישע לידער, וואָס... די מאַמע האָט איר אויסגעלערנט אין דער היים. אַ ייִדיש מיידעלע, אַ פּוילישע פּאַטריאָטקע — אַ סענסאַציע! איצט האָט זי זיך געגרייט צו איר געבורטסטאָג מיט ייִדישע לידער.

מיר האָבן פאַרבעטן אונדזערע לאַנדסלײַט און נאָענטע באַקאַנטע

פון „זשילגאָראָדאָק", עטלעכע פון וואַיעגנטאָרג־וואַרשטאַט. איך האָב אויך פאַרבעטן יעקב דאַווידאָוויטשן און געפּועלט ביי אים ער זאָל קומען.

שבת צו נאַכטס, צום צווייטן חנוכה־ליכטל, איז זיך דער עולם צוזאַמענגעקומען. פאַרבייסנס, און דער עיקר די לאַטקעס, האָבן פאַר־שפּרייט יום־טובדיקע ריחות אין שטוב. ס'איז אויך געווען אין אַ געגוגג־דיקער מאָס משקה. אַפילו ווײַן, וואָס מ'האָט שוין באַקומען אין אַ קיאָסק אויפן ליטער. איינעם פון די געסט האָט זיך פאַרגלוסט טרייבן שפּאַס, האָט ער געגעבן גיטעלען צו פאַרזוכן אַ ביסעלע ווײַן. דאָס האָט איר געמאַכט גאָר פריילעך און זי האָט אָנגעהויבן „פאָרשטעלן" נאָך פאַר דער צײַט. ווי אויף צו להכעיס פאַרטוישט די נעמען פון די געסט, דערנאָך, בײַם דעקלאַמירן, די נעמען פון די מחברים — לייב קוויטקאָן אויף ס. מאַרשאַקן, און פאַרקערט. מ'האָט איר פאַרריכט, אָבער זי איז געבליבן עקשנותדיק בײַ אירס.

— איר זעט ווי די וועלט ווערט פריילעכער נאָך אַ ביסל משקה. — האָט מיר אײַנגערוימט יעקב דאַווידאָוויטש. — הלוואי וואָלט איך עס געקאָנט טאָן, וואָלט מיר דאָס לעבן גרינגער געוואָרן. כ'טאָר עס אָבער נישט: צו פיל האָב איך אויף דער לונג. קאָן איך עס שיכורערהייט אַרויפנעמען אויף דער צונג.

— הײַנט באַדאַרפט איר אָבער זיך נישט שרעקן, — האָב איך אים אָנגעגאָסן אַ צווייט גלעזל.

דער עולם האָט אָנגעהויבן אַרויסלייגן איטלעכער פון זײַן רעפּער־טואַר. אַ פרומער ייד — די פּאַראָדיע „געקומען אַ חזן אין שטעטעלע אַרײַן", האָט דערנאָך אַ צווייטער געגעבן אַ נומער פונעם דזשיגאַן־שומאַכער־פּראָגראַם. יעקב דאַווידאָוויטש האָט אויפגעלעבט:

— איר ווייסט, איך בין דאָך געווען אויף זייער אָוונט. כ'גלייב, אַז זיי זענען נישט קיין שפּיאָנען, וואָס מע האַלט זיי אַלס אַזעלכע פאַר־שפּאַרט. איר קענט זיי?

— פערזענלעך נישט. איך האָב זיי געזען שפּילן אין פּוילן. דאָס איז אַ גאָטגעבענטשט קינסטלער־פּאָרל.

— איך האָב זיך אײַנגעקוקט אין זייערע פּנימער, ווען מ׳האָט זיי אַרײַנגעפירט אין טעאַטער־זאַל, אונטער בלאַנקענדיקע באַגנעטן. האָב איך שפּעטער נישט געקאָנט פאַרשטיין, פון וואַנען ס׳האָט זיך צו זיי גענומען אַזוי פיל מוט צו קאָנען אַזוי שטאַרק פאַרווײַלן דעם עולם. ס׳זענען דאָך דאָרט אַרויסגעטרעטן אויך גרויסע רוסישע אַרטיסטן, אָבער קיין פאַר־גלײַך. נישט נאָר די ייִדן, אויך די רוסן האָבן זיך געקאַטשעט פאַר געלעכטער.

— דאָס איז זייער גרויסער כּוח, — האָב איך געזאָגט, — די גרויסקייט פונעם שלום־עליכמדיקן הומאָר, ווי ס׳איז אויסגעקריצט אויף זײַן מצבה: „די גאַנצע וועלט אויסגעלאַכט, / געשלאָגן מיט דער וועלט כּפּרות, /די גאַנצע וועלט האָט גוט געמאַכט, — / און ער, אוי־ווײ, אויף צרות״.

— און זיי, האָט ער נאָכגעזאָגט, — אוי־ווײ, אויף צרות. דאָ האָב איך געזען דעם סימבאָל פון אונדזער קולטור און קונסט — אונטער אַ באַגנעט.

די פון די געסט, וועלכע זענען בײַגעווען יענעם אָוונט האָבן איבערדערציילט זייערע וויצן און אויסצוגן פון זייערע סקעטשן. האָב אויך איך דערציילט וועגן זייערער אַ סצענקע — אַ בילדל פון ערשטן וועלטקריג, אויפן רוסיש־עסטרײַכישן פראָנט: ס׳באַגעגענען זיך צוויי „שונאים״ ייִדן, שרײַט איינער צום צווייטן: — רב שונא, גיט זיך אונטער, אַנישט — שיס איך! — פאַר וואָס, רב שונא, ווילט איר מיך שיסן? — ווײַל איר האָט צוגענומען מײַן קיסרס שיפן. — איך האָב צוגענומען? איך האַנדל דאָך גאָר מיט עופות...

— מילא, דעמאָלט, — האָט זיך איינער אָנגערופן, — זענען געווען ייִדן אויף בײדע זײַטן פראָנט, האָט מען געקאָנט אַ ייִדן חושד זײַן אין שפּיאָנאַזש. אָבער אין איצטיקן קריג זענען דאָך קיין ייִדן אויף היטלערס זײַט נישט געווען. געווען זענען דווקא רוסן, אוקראַינער און אַנדערע, וועלכע האָבן געקעמפט קעגן אייגענעם פאָטערלאַנד. און פון דעסטוועגן...

ס׳איז געוואָרן שפעטלעך, און דער עולם האָט גענומען זיך פונאַנ־דערגיין.

— קומט, אַ ביסל מיך באַגלייטן. — האָט מיך אַ בעט געטאָן יעקב דאַווידאָוויטש — איך מוז זיך אַ ביסל אויסניכטערן.

אין דרויסן איז געשטאַנען אַ שטאַרקער פראָסט. נאָר מיר האָבן געשפּאַצירט און אים נישט געפילט.

— אוי, ווי סימבאָליש! — האָט יעקב דאַווידאָוויטש איבערגעחזרט די פראַזע. — קולטור אונטערן באַגנעט.

— אַ מאָל, — האָב איך זיך אָנגערופן, — ווען מע פלעגט וועלן „מעסטן" די קולטור פון אַ פאָלק, האָט מען עס „געמאָסטן" מיטן זייף: וואָס מער זייף עס פאַרנוצט, אַלץ העכער שטייט עס אויפן קולטור־לייטער. הײַנט באַדאַרף מען מעסטן לויט אַן אַנדערער מאָס.

— איך האָב עס געהערט נאָך, ווען כ׳האָב געשטודירט אין דער שווייץ.

— איר האָט געשטודירט אין דער שווייץ?! — האָב איך אַ פאַר־וווּנדערטער אַ פרעג געטאָן.

ער האָט אויפגעצאַפּלט, דערנאָך אַ שמייכל געטאָן און געזאָגט:

— איר זעט שוין, אַז איך טאָר נישט זײַן שיכור? פאַרפאַלן, אויסגעזאָגט אַ סוד. וועל איך עס פאַר אײַך מער נישט פאַרהוילן... איז וועגן קולטור... יאָ, טײַערער פרײַנט, — האָט ער מיך חבריש אַרומגענומען, — אויך הײַנט איז גילטיק די זעלבע מאָס — זייף...

— און היטלער־דײַטשלאַנד?

— טאַקע היטלער־דייטשלאַנד האָט עס באַשטעטיקט. איר האָט שוין געהערט פון „ריף"? זייף, אויסגעאַרבעט פון ריינעם ייִדן־פעטס. איך האָב עס געהאַלטן אין דער האַנט — אַ פירקאַנטיק שטיקל טואַלעט־זייף. מײַן קרוב דער פאַרטיזאַן טראָגט עס תמיד אין טאַש, אײַנגעוויקלט אין אַ שטיקל צעריסענעם געשענדעטן טלית. „דאָס, זאָגט ער, איז מיר פאַרבליבן פון מײַנע טאַטע־מאַמע"...

אָפּגערוט זיך, האָט ער ווײַטער פאָרגעזעצט:

— אָבער קולטור איז אויך געבונדן מיט פרײַהייט. ווען מיר עס מעסטן מיט אַ צוגאָב־מאָס: וויפל לאַגערן, תפיסות און קאַטאָרגעס דאָס לאַנד פאַרמאָגט; קולטור און פרײַהייט פון וואָרט, פרײַהייט פון באַוועגונג, פרײַהייט פון שאַפונג, אַפילו — רעליגעזע פרײַהייט. קולטור און פרײַהייט — דאָס איז אַ סיאַמער צווילינג, וואָס מע קאָן נישט צעשיידן. מיר, ייִדן, דאַרפן עס נאָך מעסטן מיט אַ ייִדישער צוגאָבמאָס — די באַציִונג צו אונדזער נאַציאָנאַלער און רעליגיעזער קולטור.

— זאָגט מיר, — האָב איך זיך אָנגערופן, — איך וויל איבער־חזרן מײַנע אַ פראַגע: וואָס ווייסט דאָ די ייִדישע יוגנט וועגן ייִדישן פאָלק? וואָס פאַרשטייט זי פון ייִדישקייט? וואָס בינדט זי מיטן ייִדנטום בכלל?

— חזר איך איבער נאָך אַ מאָל. נישט יעדער ייִד אויף דער וועלט פאַרשטייט ייִדישקייט. אָבער יעדער ייִד פילט עס. די געשיכטע חזרט זיך איבער אין אַלע גלות־לענדער, ווו ייִדן לעבן. ווען זיי הערן אויף צו פילן ייִדישקייט, גיט מען עס זיי צו פילן. אין די לעצטע יאָרן האָבן ייִדן עס דערפילט אין דײַטשלאַנד, ווו מ׳האָט זיי אַנטפלעקט לויט דער באָבע... און דאָס רוסישע ייִדנטום, וואָס האָט געמיינט, אַז ס׳האָט „געכאַפּט אַ בער״, פילט עס פאָ־סטאַלינסקי.

— מיינט איר מיטן אויסדרוק „געכאַפּט אַ בער״ די מעשה וועגן די צוויי אין וואַלד?

— יאָ. איר קענט זי?

— ס׳מאַכט נישט אויס. איר קאָנט דערציילן אין אײַער נוסח.

— אַ פאָטער און אַ זון האָבן פאַרבראַנגט אין וואַלד. דער פאָטער, ישראליק, האָט אָנגעהויבן רופן דעם זון, וועלכער האָט זיך געהאָט דערווײַטערט: „ייִדל, קום, לאָמיר אַהיים גיין. ס׳קומט אָן אַ שטורעם. — כ׳קאָן נישט. כ׳האָב געכאַפּט אַ בער. — טאָ נעם אים מיט. — ער לאָזט זיך נישט. — טאָ לאָז אים אָפּ און קום שנעלער אַהיים. — ווי קאָן איך אים אָפּלאָזן, אַז ער האַלט מ י ך!״ — די ייִדישע יוגנט דאָ האָט געמיינט, אַז זי האָט געכאַפּט אַ בער, און וואָס פאַר

אַ בער! אַן עכט־רוסישן בער. נו, האַלט ער אונדז. אוי, ווי ער האַלט אונדז. ווי אין אַ שטײַג פון זאָאָלאָגישן גאָרטן...

ער האָט זיך פאַרטראַכט אַ רגע און פאַרגעזעצט:

— די ייִדישע יוגנט, וועלכע האָט שוין קיין ייִדישקייט נישט געפילט, האָט עס פאַר די לעצטע יאָרן דערפילט. כאַפּט זי זיך איצט אָן פאַר יעדן פּיצל, פאַר יעדן ברעקל. כאַפּט קרישקעלעך פון דעם, ווי סוכאַרעס אויסגעטריקנטן ייִדישקייט און קוויקט זיך דערמיט. מע שטילט דעם ייִדישקייט־הונגער. אונדזערע שלאַכטלײַט, וואָס האָבן זיך אָנגעזען מיטן גרויל און חורבן פון מיידאַנעק און אוישוויץ, ברענגען אויך גרוסן וועגן אַ ייִדישן לעגיאָן פון ארץ־ישראלדיקע ייִדן, וועלכע האָבן געקעמפט אונטער אַן אייגענער בלויוויַיסער פאָן אין דער ענגלי־שער אַרמיי; וועגן ייִדישע פּאַראַשוטיסטן, וועלכע האָבן זיך אַראָפּגעלאָזט אין שונאס הינטערלאַנד צו ראַטעווען ייִדן. דאָס פילט זיי אָן מיט שטאָלץ און האָפענונג און זיי קוויקן זיך דערמיט.

— איז דען וויכטיק אויף וועלכן פראָנט דער ייִד האָט געקעמפט — אין דער רויטער אַרמיי, אין דער פּאַרטיזאַנקע, אָדער אַרבעטס־פראָנט? אָדער ערגעץ אויפן איטאַליענישן אין דער ייִדישער בריגאַדע?

— ס'איז שוין גאָר אַ גרויסער אונטערשייד אונטער וועמעס פאָן. צו פיל בלוט האָבן ייִדן אַוועקגעגעבן אויף די וועלטפראָנטן. מיר קעמפן און זיגן און אַנדערע רימען זיך מיט אונדזערע נצחונות. מיר שאַפן קונסט, וויסנשאַפט, דערפינדונגען, און אַנדערע פאַראייגענען עס. אויך אונדזערע העלדישקייטן אויף די פראָנטן זענען געוואָרן זייערע. אַפילו אונדזערע קרבנות, די אויסגעמאָרדעטע, שרײַבן זיי שוין צו זיך. מע גיט אָן: אַזוי פיל און אַזוי פיל „אוקראַיִנער", אַזוי פיל און אַזוי פיל „פּאָליאַקן" זענען אומגעבראַכט געוואָרן. מיידאַנעק, אוישוויץ, באַבי־יאַר און פּאָנאַר וועלן ווערן אויס ייִדישע מאַסן־קברים, זיי וועלן זײַן פּוילישע, אוקראַיִנישע און אַנדערע — זייערע קרבנות. מע מאַכט אונדז צו דער בלאָטע בײַם לעבן און אויך נאָכן טויט...

ער האָט גערעדט מיט אויפרעגונג, מיט פאַרביטערונג און דערנאָך צוגעגעבן אַ ביסל רויִקער:

— אין דעם באַוווסטזײַן דערפילט יעדער ייִד זײַן ייִדישקייט. אָבער דאָ טאָר מען אַזאַ ייִדישקייט־געפיל פון מויל נישט אַרויסברענגען. מע מוז פירן אַ מאַראַנען־לעבן, ווי בעת דער שפּאַנישער אינקוויזיציע.

אַזוי ווי ס׳קריסטלט זיך, אַזוי ייִדלט זיך, זאָגט אַ ייִדיש שפּריכוואָרט. — האָב איך צוגעגעבן.

— הײַנט טויג שוין נישט דער אויסדרוק, — האָט ער דערווידערט, — נישט סטאַלינס, נישט היטלערס וועגן זענען קריסטלעכע. זיי שטײַגן איבער די קריסטלעכע אינקוויזיטאָרן. זיי זענען גיכער געצנדינער־גויים. ס׳פּאַסט זיך בעסער צו זאָגן: „ווי עס גויישט זיך, אַזוי ייִדישט זיך". זעט ווי מען ענדערט בײַ אונדז די באַציִונג צו אַנדערע פעלקער־שונאים. צו די „פּוילישע פּאַנעס" איז דאָך געווען בײַ אונדז די גרעסטע שנאה, איצטער צאַצקעט מען זיך מיט די „פּוילישע פּאַטריאָטן", און איר, פּוילישע ייִדן, וועט געניסן אין זייער זכות אָבות. אָבער די שנאה צום ייִדן דאָ ענדערט זיך נישט; זי ציט זיך נאָך פון די צײַטן פון גזירת־ת״ח ות״ט. כמעלניצקי איז געוואָרן אײנער פון אונדזערע הויפּט־העלדן. ווער ווייסט, ווי די געשיכטע וואָלט אַוועק, ווען היטלער פאַלט נישט אָן אויף אונדז אין יאָר 1941, נאָר, נאָכן פאַרנעמען אייראָפּע — אויף ענגלאַנד. מיר, די סאָוויעטן, וואָלטן דאַן געבליבן גוטע פרײַנט און די בעסטע חברים מיט היטלער־דײַטשלאַנד.

יעקב דאַווידאָוויטש האָט איצט געמאַכט אַ לענגערע פּויזע, און מיר האָבן שפּאַצירט רויִק. האָב איך איצט גענומען דאָס וואָרט:

— פון מײַנע יוגנטיאָרן אָן גייען מיר נאָך צוויי פּאַסירונגען. איינע האָב איך בײַגעוווינט, וועגן דער צווייטער געלייענט. זיי האָבן אַ נאָנטע שייכות צו אונדזערע שמועסן. אין וואַרשטאַט, ווו איך האָב געאַרבעט זענען אַרײַנגעקומען צוויי שיכורע פּוילישע שוסטערס, חברים. און דאָ, אין וואַרשטאַט, האָבן זיי פאַרענדיקט דאָס אָנגעהויבענע פלעשל. פּלוצעם טוט איינער אַ כאַפּ זײַן חבר בײַ די אַקסלען, אַ שלעפּ צו זיך און מיטן קאָפּ אַ זעץ יענעם אין די ציין אַרײַן. מע האָט אים געהאָלפן אָפּוואַשן דאָס בלוט, וואָס איז אים גערונען פון דער נאָז און פון מויל.

און באַלד האָבן זיי זיך — צו מײַן שטוינונג — אַרומגעכאַפּט און געגומען קושן.

— אַזוי ווי איך האָב אײַך געזאָגט. ס׳איז נישט נאָר בײַ שיכורים אַזוי. אַזוי פירט זיך די וועלט. אָבער מיט ייִדן בעט מען זיך נישט איבער. דאָס ייִדישע פאָלק וויל מען כסדר נאָר אויסראָטן. און וואָס איז די געלייענטע פּאַסירונג?

— דאָס איז אַ נאָוועלע פון שלום אַש אין זײַן בוך „דאָס בוך פון צער״. אַ ייִדישער בחור, וועלכן מע האָט אין צאַרישן רוסלאַנד נישט צוגעלאָזט שטודירן, איז אַוועק קיין ווין. בעת די פּאַסירונגען פון ערב ערשטן וועלטקריג האָט אים אַ חבר פון גאַליציע אײַנגערוימט: „איצט, זײַענדיק אין דער עסטרײַך־אונגאַרישער אַרמיי, וועלן מיר נקמה נעמען אין די רוסן פאַר ייִדישער פּײַן, רדיפות און פּאָגראָמען״. האָט ער אים געענטפערט: — מיר וועלן זיך טרעפן ווי שונאים אויף ביידע זײַטן פראָנט... — ער האָט באַוויזן אַריבערצוקומען די גרענעץ און איז פרײַוויליק אַוועק אין רוסישן מיליטער. פאַר זײַן העלדישקייט בײַם ראַטעווען די פאָן פון פּאָלק, בעת וועלכן ער האָט פאַרלוירן די פיס, איז ער אויסגעצייכנט געוואָרן דורכן סאַמע גובערנאַטאָר, וועלכער איז געקומען צו אים אין שפּיטאָל אַרײַן. אַהיימגעקומען, האָט ער געטראָפן דאָס שטעטל נאָך אַ פּאָגראָם. די קאָזאַקן האָבן געהאַט פאַרשמיסן זײַן פאָטער צום טויט אַלס „שפּיאָן״. די מוטער, דערזעענדיק אים, איז צוגעלאָפן, האָט אים אַרומגעכאַפּט פאַר... די הילצערנע פיס און זיי גענומען קושן... האָט ער זי געטרייסט: „זע, מאַמע, אַ מעדאַל באַקומען...״. האָט זי עס אַרויסגעכאַפּט פון זײַן האַנט און מיט אַ היסטעריש געוויין אויסגעשריגן: „זעט, ייִדן! מײַנע צוויי לעבעדיקע פיס פאַר אַ צלמל פאַרביטן!...״.

— מאַמע! טײַערינקע מאַמע מײַנע! גערעכט ביסט דו געווען... אָבער נישט מײַנע פיס, נאָר מײַן קאָפּ האָב איך אויף אַ צלמל פאַרביטן...

איך האָב אים איבערגעריסן, אַרײַנקוקנדיק אין די אויגן:

— האָט אײַך די דערציילונג אַזוי גערירט?

— נישט נאָר גערירט. אויפגעוועקט אין מיר אַן אַלטע וווּנד. — און ער איז אַנטשוויגן געוואָרן.

די גאַסן זענען געוואָרן באַלעבט. ס'האָט אָנגעהויבן שטראָמען אַ גרויסער עולם נאָך אַ טעאַטער־פאָרשטעלונג. דאָס האָט אים אַ ביסל צעשטרייט. איך האָב זיך געזעגנט מיט אים.

— כ'האָב נאָך אַ סך צו רעדן מיט אײַך. — האָט ער געזאָגט. — כ'וואָלט געגרן זיך נאָך אַ מאָל טרעפן.

— כ'וועל זיך באַמיִען.

## קאַפּיטל פינף און פופציק

ס'האָט זיך דערנענטערט די צײַט צו פאַרלאָזן דעם ראַטנפאַר־באַנד. אין איינעם אַ טאָג, אָנהייב יאַנואַר, האָבן מיר דערהאַלטן אַ בריוו פון דער פרויס אַ קוזין, יוסף — פון אַ שטעטל אין סיביר, אָסינקי:

„איך האָב דערהאַלטן אײַער אַדרעס פון אונדזערע קוזינען, וואָס איר האָט זייערע נעמען געפונען אין דער פוילישער צייטונג צווישן די סטאַכאַנאָווצעס אינעם צוריק זיך אויפבויענדיקן סטאַלינגראַד. שרײַב איך אײַך, אַז איך געפין זיך דאָ און אַרבעט אין די קוילנגרובן. געשיקט האָט מען מיך אַהער אויף אָפּרו, נאָכן אָפּליגן אין אַ שפּיטאָל עטלעכע חדשים. געהיילט מײַנע וווּנדן, וואָס איך האָב באַקומען אַלס פּאַרטיזאַן. אָבער — איך וועל אײַך באַשרײַבן מײַנע איבערלעבונגען פון אָנהייב, וועט איר בעסער פאַרשטיין מײַן איצטיקן מצב. מיטן עשאַלאָן פון ביאַליסטאָק זענען מיר אין יאָר 1939 אָנגעקומען קיין ווײַסרוסלאַנד. צוזאַמען מיט מיינע עלטערן און דרײַ ברידער זענען אויך געווען דער פעטער יידל מיט זײַן משפחה און נאָך עטלעכע פולטוסקער משפחות. מע האָט זיי באַזעצט אין שטעטל קאָפּיל, מינסקער געגנט. פון זעלבן עשאַלאָן האָט מען אונדז, אַ גרופּע פון זיבעציק יונגע־לײַט, אָפּגעטיילט און אַוועקגעשיקט אין אַ שטעטל נעבן פּאָלאָצק — אָסוויעאַ, בײַ דער לאַטווישער גרענעץ. מיט מיר אין דער גרופּע איז געווען מײַן חבר יהושע, מיט וועלכן כ'האָב זיך געלערנט פאָטאָגראַפיע און מיר האָבן

צוזאַמען געאַרבעט. אַ דאַנק די פּאַטאַ־אַפּאַראַטן און דאָס נייטיקע געצײַג, וואָס מיר האָבן געהאַט מיט זיך, האָבן מיר געעפנט אַ פּאַטאַ־אַנשטאַלט. זײַענדיק דאָ די ערשטע און איינציקע, האָבן מיר זיך נישט שלעכט אײַנגעאָרדנט. אויך דערפאַר, ווײַל אַ דאַנק אונדזער פאַך האָבן מיר געשלאָסן אַ סך קאַנטשאַפטן.

זיך צו זען מיט די עלטערן און משפּחה האָב איך באַקומען אַ מעגלעכקייט ערשט אין מערץ 1941. פון אונדזער גאַנצער גרופּע זענען נאָר מיר בײדע געבליבן אין שטעטל. די איבעריקע זענען ביסלעכווײַז פאַרשיקט געוואָרן אַלס נישט־זיכערע עלעמענטן.

אונדזער שטעטל איז אָקופּירט געוואָרן דורכן דײַטש אין די ערשטע טעג פון קריגס־אויסברוך אַזוי אומגעריכט, אַז קיינער פון די יידישע אײַנוווינער האָט נישט באַוויזן צו אַנטלויפן. באַזונדערס, ווײַל דאָס שטעטל איז ווײַט פון אַ באַנליניע. מיר, די יידן, האָבן באַלד דערפילט דעם מערדערישן היטלער־רעזשים. געלע לאַטעס, צוואַנגס־אַרבעט. מיטן אָנקומען פונעם ווינטער האָט מען אונדז אַרײַנגעשפּאַרט אין אַ געטאָ. מיר האָבן געוווינט אין באַראַקן, אַ סך משפּחות אין אַ צימער, אין שרעקלעכער ענגשאַפט. ווען די פרעסט האָבן זיך פאַר־שטאַרקט, איז אונדזער לאַגע געוואָרן אומדערטרעגלעך. באָרוועסע, מיט שמאַטעס אויף די פיס, הונגעריקע, האָט מען אונדז געפירט צו פאַר־שיידענע קאַטאָרגע־אַרבעטן. דער וואָס איז געבליבן אָן כוחות ווײַטער צו גיין איז דורך דער וואַך גלײַך דערשאָסן געוואָרן. „די וואָס קאָנען נישט אַרבעטן, באַדאַרפן נישט לעבן", האָבן זיי געזאָגט. ס'האָט געטראָפן, אַז עטלעכע טעג האָבן מיר געהאַט אַ גוטן וואַכמאַן. ער פלעגט נישט יאָגן. האָט געהייסן, אַליין זיך סטאַרען גוט צו אַרבעטן. ער האָט געבעטן דעם שאָפער, וואָס האָט געפירט דאָס עסן פאַר דער דײַטשישער וואַך, ער זאָל דאָס איבערבלײַבעכץ נישט אויסגיסן, נאָר ברענגען עס פאַר „זײַנע" יידן, וועלכע אַרבעטן גוט. האָט דער שאָפער בײַם צוריקקער אָנגעגאָסן זופּ אין אַ גרויסער קאָנסערוון־פּושקע — די איינציקע כלי, וואָס מיר האָבן דאָ געפונען. קיין לעפל האָבן מיר נישט געהאַט. האָבן מיר באַשטימט, אַז יעדער זאָל געבן אַ זופּ פון דער פּושקע. מיטן ערשטן

זופּ האָט מען מכבד געווען אַן עלטערן ייִדן. האָט דאָס באַמערקט אַ דײַטשישער וואַכזעלנער פון אַ צווייטער גרופּע און איז צוגעלאָפן צו אים שרײַענדיק: „דו פערפלוכטער יודע, אַנשטאַט אַרבייטן ווּעסטו עסען?״ און האָט אים מיטן באַגנעט אַדורכגעשטאָכן דעם בויך. אין געציילטע מינוטן, אין צאַפּלענדיקע קאָנוווּלסיעס, האָט דער ייִד אויסגעהויכט די נשמה. ערשט האָט דער מערדער געטאָן אַ קאָפּע אַוועק די פּושקע מיטן עסן און אונדז געוואָרנט: „אַרבייטען מוס מען!״. אונדזער „גוטער״ דײַטש איז געשטאַנען אין אַ זײַט, אַ בלאַסער, נישט אַרײַנמישנדיק זיך. אויף צו מאָרגנס האָבן מיר שוין געהאַט אַ צווייטן וואַכמאַן, וועלכער האָט אונדז אָפּגעצאָלט פאַר די פּאָר „גוטע״ טעג.

אונדזער לאַגע איז געוואָרן וואָס אַ מאָל שווערער און אומדערטרעגלעכער. אויף דער שווערער ווינטער פון 1941־42 האָט זיך אונדז געגעבן צו פילן. מיר האָבן אויסגעקוקט דעם פרילינג, אפשר וועט אונדז אַ ביסל לײַכטער ווערן.

דעם צווייטן מערץ איז צו מיר געקומען אַ ווײַסרוסישער פּאָליציִאַנט — וועלכן איך האָב געהאַט פאָטאָגראַפירט מיט זײַן משפּחה — און מיר איבערגעגעבן אין נאָמען פון זײַן מוטער, וועלכע אַרבעט אין דער דײַטשישער קאָמענדאַטור, אַז ס׳זענען אָנגעקומען געסטאַפּאָווצעס, וועלכע וועלן מאָרגן ליקווידירן די ייִדן אין געטאָ.

איך, מײַן חבר יהושע און נאָך אַ בחור פון שטעטל, יצחק, האָבן געהאַט פון פריִער זיך אײַנגעשאַפט דרײַ רעוואָלווערן מיט אַ ביסל קוילן אויף אַ נויטפאַל. האָבן מיר באַשלאָסן צו פּרובירן דעם לעצטן שאַנס זיך צו ראַטעווען. שפּעט בײַ נאַכט האָבן מיר געמאָלדן די אײַנוווינער פון אונדזער באַראַק, אַז מיר גרייטן זיך צו אַנטלויפן. ווער עס וויל, זאָל עס שוין טאָן. זענען אָבער כמעט אַלע געווען פאַמיליע־מענטשן מיט קינדער און אַלטע לײַט. האָבן זיי מורא געהאַט צו שטעלן אין געפאַר דאָס לעבן פון זייערע נאָענטע און אויך אונדז פּרובירט אָפּצורייידן: „מיט אײַער אַנטלויפן וועט איר נאָך מער אויפרייצן די מערדער״. „איז וואָס וועלן זיי דעמאָלט טאָן מער ווי אויסמאָרדן אונדז?״ — האָבן מיר געפרעגט. אַן אויסנאַם זענען געווען די אַלטע עלטערן פון אונדזער

דריטן חבר, יצחק, זיי האָבן גערעדט צו אונדז און זייער זון מיט אַ ווייי־נענדיק, צעבראָכן קול, אָבער מיט דערמוטיקנדיקע ווערטער: „גייט, מײַנע ליבע קינדער. ראַטעוועט אײַערע יונגע לעבנס. און נעמט נקמה פאַר אונדזער אומזיסט פאַרגאָסענעם בלוט״.

פאַרמאַסקירטע אין ווײַסע ציכן זענען מיר געקראָכן אין שניי און זיך דערנענטערט צום אַרויסגאַנג־טויער. דאָ האָבן מיר דערזען ווי די צוויי וואַכזעלנער, ציטערנדיק פון קעלט, קוקן אַרויס פון טויער און הערן זיך אײַן צום שיסן פון זייערע ס.ס.־קאַמעראַדן; זיי האָבן אָן אויפהער געשאָסן אין דער לופט אין משך פון דער נאַכט. האָבן מיר — אויף מײַן באַפעל — אַלע דרײַ גלײַכצײַטיק אין זיי אויסגעשאָסן. מיר האָבן שנעל צוגענומען בײַ די צוויי פגרים די ביקסן און די אַמוניציע, אויפגעמאַכט דעם טויער און, קריכנדיק ווײַטער, אַרויס פון שטעטל אונטער דער שוץ פון דער נאַכט. ווײַטער איז אונדז שוין לייכטער געווען. מיר זענען געלאָפן אין דער ריכטונג פון וואַלד.

ס'איז שוין געווען גוט ליכטיק, ווען מיר האָבן זיך געפונען אַ צען קילאָמעטער פון שטעטל. צום וואַלד איז אָבער נאָך געווען אַ פינף קילאָמעטער. האָבן מיר זיך באַהאַלטן אין אַ יונג וועלדל אויף אַ בערגל, זיך גוט פאַרמאַסקירט און אָבסערווירט די צוויי נאָנטע דערפער, וועלכע מיר האָבן גוט געזען. דער שניי, וואָס איז אַראָפּגעפאַלן אין דער נאַכט, האָט שוין געהאַט פאַרווישט אונדזערע שפורן. מיר האָבן קלאָר געזען די אַרומיקע לאַנדשאַפט אויף אַ ווײַטער שטרעקע. מיטאָגצײַט האָבן מיר דערזען געסטאַפּאָווצעס און ווײַסרוסישע פּאָליציאַנטן אַרומלויפן איבער די צוויי דערפער אָסטראָוו און סאָקעלי, זוכן און נישטערן. און אָט האָבן מיר דערזען ווי זיי שלעפּן ייִדן פון באַהעלטענישן אַרויס, שלאָגן זיי מיט די קאָלבעס, שטעכן מיט באַגנעטן. דאָס בילד, הגם פון דער ווײַטנס, האָט אונדז דערשיטערט. ווײַזט אויס, אַז נאָך אונדזער ליקווידירן די געטאָוואַך בײַם טויער זענען נאָך ייִדן אַנטלאָפן. מיר זענען געלעגן ציטערנדיקע פון קעלט און צוגעקוקט די מאָרדסצענעס. פּלוצלונג האָט יצחק אַרויסגעכאַפּט בײַ מיר די ביקס און אָנגעהויבן מאַניפּולירן מיט איר, שרײַענדיק צו אונדז: „זעט, זיי שלעפּן דאָרט מײַן מאַמען

פאַר די האָר! זיי שלאָגן זי מיט קאָלבעס...". איך האָב מיט כוח אַרויס־געריסן בײַ אים די ביקס. ער האָט זיך מיט אונדז געגומען ראַנגלען. ס'האָט זיך אונדז אין צווייען קוים אײַנגעגעבן אים צו באַהערשן. מיט די לעצטע כוחות האָט ער זיך געריסן פון אונדז: „לאָזט מיך! איך מוז ראַטעווען מײַן מאַמען!". „ס'איז נישט דײַן מאַמע — האָב איך אין אים אַרײַנגערעדט — ווילסט מע זאָל אונדז אויסמאָרדן ווי די הינט?". „ס'איז יאָ מײַן מאַמע, — האָט ער געהעשעט, — איך דערקען איר פאַטשיילע...". און אײַנגנורענדיק דעם קאָפּ אין שניי, האָט ער אין אַ וואַנזיניקן אויסברוך געביסן מיט די ציין די שטאַמען פון די ביימלעך און ווײַטער געהעשעט: „מײַן מאַמע דערמאָרדן זיי! מײַן מאַמען! און איר לאָזט מיך נישט זי ראַטעווען...". מיר האָבן זיך באַמיט אים אויפֿ־צוקלערן און באַרויִקן: „דײַן מאַמע איז דאָך צו אַלט צו קאָנען אַנטלויפֿן פון געטאָ אַזש אַהער. אַז מיר, יונגע, האָבן עס קוים באַוויזן, האָט זי עס מיט אירע שוואַכע, קראַנקע פיס געקאָנט באַווײַזן?... נישט צוליב דעם זענען מיר אַנטלאָפֿן, כדי דאָ דעם טויט צו געפינען. זיי זענען אין די צענטליקער, מיט אויטאָמאַטן, וואָס ווען מיר קאָנען קעגן זיי אויפטאָן. און אַז מיר וועלן שוין עטלעכע פון זיי אַוועקלייגן?... ניין, נישט דאָס איז אונדזער ציל. מיר באַדאַרפן נקמה נעמען נישט נאָר פאַר דײַן מאַמען, נאָר פאַר אַלע אונדזערע משפחות, וואָס ווערן אויסגעמאָרדעט...".

צום אָוונט האָבן אונדזערע פײַכטע קליידער אָנגעהויבן צופרירן צום לייב. זענען האַרט געוואָרן, ווי בלעך. מיר האָבן אָנגעהויבן אונדזער ווײַטערן מאַרש. צוגעקומען צום דאָרף סאָקעלי, האָב איך אָנגעקלאַפּט אין אַ שטיבל. ס'האָט זיך דערהערט פון דאָרט אַ פרויענשטים: „ווער איז?" אָפּגעשפּאַרט אַ ביסל די טיר און אונדז דערזען, האָט זי גענומען שרײַען: „האַ, זשידעס? אַוועק פון דאַנען! וויפל מע שיסט זיי און מע הרגעט, און ס'זענען נאָך אַלץ דאָ ייִדן!". מיר האָבן נישט געהאַט קיין חשק צו באַנוצן אונדזער געווער און מאַכן אַ טומל, און מיר זענען אַוועק צוריק אין וואַלד. מיר זענען אָנגעקומען צום דאָרף פּראַשקי. איך האָב זיך דערמאָנט אין מײַנער אַ באַקאַנטער סטודענטין, וועלכע וווינט דאָ. כ'האָב זי און איר משפחה אַ סך מאָל פאָטאָגראַפירט. האָב איך

איבערגעלאָזט די חברים אין וואַלד און בין מיטן אָנגעלאָדענעם רעוואָל־ווער אַרײַנגעגאַנגען אין דאָרף. צוגעקומען צו דער ערשטער שטוב, האָט מיך אַ מאַנספּאַרשוין אַ פֿרעג געטאָן: „וועמען זוכט איר?" „די משפּחה פּאַוולאָוו". „איך בין פּאַוולאָוו. און ווער זענט איר?" זײַן טאָכטער, וועלכע איז צוגעקומען צו דער טיר, האָט אַ געשריי געטאָן: „יוסף!" שנעל האָט מען מיך אַרײַנגעפֿירט אין שטוב און באַשאָטן מיט פֿראַגן: „ווי אַזוי ביסטו אַרויס אַ לעבעדיקער? ביסט אַליין?" „ניין. מיט נאָך צוויי חברים" — איז זי אַוועק אין וואַלד, לויט די סימנים וואָס איך האָב איר אָנגעגעבן, און האָט זיי געבראַכט. איר מוטער האָט גלײַך גענומען זיך פֿאַרען אַרום אונדז. מיר האָבן אַראָפּגעוואָרפֿן פֿון זיך די „בלעכענע" בגדים און אָנגעטאָן די וואָס זיי האָבן אונדז געגעבן. הייסע טיי, וואַרעם עסן האָבן אויפֿגעטײַעט אונדזערע גלידער. באַזונדערס דערוואַרעמט אונדזערע געמיטער האָבן די וואַרעמע דערמוטיקנדיקע רייד פֿון דער טײַערער פֿאַמיליע. מיר האָבן זיך געלייגט שלאָפֿן. אַרום פֿיר פֿאַר טאָג האָט אונדז דער פֿאָטער אויפֿגעוועקט. דערלאַנגענדיק אונדז אַ זעקל עסנוואַרג און אַנדערע נייטיקע זאַכן פֿון ערשטן געברויך, האָט ער אַ זאָג געטאָן: „קומט, חברים", און אונדז אַוועקגעפֿירט טיף אין וואַלד אַריין. די פּאַרטאָגיקע קעלט און דער שטאַרקער פֿראָסט האָט אונדז גלײַך אַדורכגענומען און געמאַכט ציטערן. אָפּגעגאַנגען אַ זעקס, זיבן קילאָמעטער, האָט זיך חבר פּאַוולאָוו פֿאַרהאַלטן, אָנגעוויזן אויף אַ פֿאַרלאָזט הײַזל פֿון אַ וואַלדוועכטער און זיך מיט אונדז געזעגנט.

דאָס הײַזל, אָן טירן־פֿענצטער, האָט אָנגעוואָרפֿן אויף אונדז אַ פּחד. מיר האָבן דערשפּירט, אַז ס'איז עמעץ דאָרט פֿאַראַן. מיטן געווער גרייט צום שיסן האָבן מיר זיך שטילערהייט דערנענטערט און אַרײַנגעקוקט דערין. הגם אין דרויסן האָט שוין געטאָגט, האָבן מיר נישט קלאָר געזען. נאָר ביסלעכווײַז האָבן זיך פֿאַר אונדזערע אויגן אויסגעשיילט דרײַ סילועטן, פּאַרזונקענע אין שלאָף. מיר האָבן זיי פּאָרזיכטיק אויפֿגעוועקט. דאָס זענען געווען דרײַ ייִדן פֿון שטעטל. זיי האָבן זיך שוין גאָר שטאַרק דערפֿרייט, דערזעענדיק בײַ אונדז געווער און עפּעס צום איבערקײַען. מיר זענען דאָ פֿאַרבליבן אַ וואָך

צײַט. יעדע נאַכט פלעגט מען פון דער פאַמיליע פּאַוולאָוו ברענגען אונדז עסן. ביז איין מאָל איז מאַניע געקומען און דערציילט: „אַ פויער פון דאָרף האָט, קלײַבנדיק דאָ האָלץ, אײַך באַמערקט און עס איבערגעגעבן אין דאָרף. האָבן אַלע אײַנוווינער באַשלאָסן צו מעלדן וועגן אײַך אין דײַטשישן שטאַב". פאַר טאָג האָבן מיר פאַרלאָזט דאָס הײַזל. אָפּגעגאַנגען קוים אַ צוויי קילאָמעטער, האָבן מיר דערהערט פון דאָרט אַ שטאַרק שיסערײַ. דורך די ביימער, וועלכע זענען דאָ געוואָקסן שיטער, האָבן מיר דערזען פלאַמען און רויך און פאַרשטאַנען: דאָס האָבן עס די דײַטשן אַרומגערינגלט דאָס הײַזל, עס באַשאָסן און פאַרברענט, זײַענדיק זיכער, אַז מיר זענען דאָרט אינעווייניק. מיט שנעלע טריט זענען מיר אַוועק טיפער אין געדיכטן וואַלד. דאָ האָבן מיר אָנגעטראָפן אויף אָקאָפּעס פון סאָוויעטישן מיליטער, ווי ספּעציעל צוגעגרייט אַ בונקער פאַר אונדזערט וועגן. מיר האָבן אים פאַרמאַסקירט מיט צווײַגן און זיך דאָ אײַנגעאָרדנט. דערנערט האָבן מיר זיך אַ לענגערע צײַט מיט קאַרטאָפל, וואָס מיר פלעגן בײַ נאַכט אַרויסנעמען פון די דאָרפישע קאַרטאָפל־גריבער.

ווי אָנגענעם זענען מיר אין איינעם אַ פאַרטאָג איבערראַשט געוואָרן, ווען ס'האָט זיך פאַר אונדז באַוויזן מאַניע פּאַוולאָוו. זי האָט זיך פון פרייד צעוויינט. אַ סך נעכט האָט זי אונדז אַרומגעזוכט איבערן טיפן וואַלד. די דײַטשן האָבן זיך באַרימט, אַז זיי האָבן אונדז פאַרברענט צוזאַמען מיטן הײַזל, אָבער איר האָט דער אינסטינקט אונטערגעזאָגט, אַז מיר לעבן, און זי האָט נישט אויפגעהערט אונדז אַרומצוזוכן. און ווידער האָט אונדז די פאַמיליע פּאַוולאָוו באַזאָרגט מיט עסן.

אַזוי האָבן מיר איבערגעלעבט אין וואַלד דעם ווינטער. דערווײַל זענען צו אונדז צוגעקומען נאָך צוויי יידן און עטלעכע פון געפאַנגענשאַפט אַנטלאָפענע רויטאַרמייער. מיר זענען שוין געווען אַ גרופּע פון פופצן מאַן. ס'איז אָנגעקומען דער פרילינג. מיר האָבן זיך גענומען גרייטן צו פּאַרטיזאַנישער טעטיקייט. מיר האָבן צוזאַמענגעקליבן אין וואַלד, אין די פאַרלאָזענע בונקערס, געווער און מינעס, וואָס די רויטע אַרמיי האָט פאַר אַ יאָרן זומער איבערגעלאָזט בעתן בהלהדיקן אָפּטרעטן.

צווישן די רויטאַרמייער פון אונדזער גרופּע זענען געווען געווער־ספּעציאַליסטן, וואָס האָבן עס געבראַכט אין אָרדענונג. מיר האָבן באַשלאָסן, אַז דעם פּופּצנטן מאַי זאָל זײַן דער אָנהייב פון אונדזער טעטיקייט.

פאַר טאָג האָבן מיר אונטערגעלייגט מינעס אויפן וועג, ווו ס'פלעגן דורכפאָרן דײַטשישע אויטאָ־מאַשינעס, אָנגעלאָדענע מיט געווער און פּראָוויאַנט. אַלע אָנגעפאָרענע פויערישע וועגענער האָבן מיר פאַרהאַלטן און אָפּגעפירט טיף אין וואַלד. ווי אויף צו להכעיס זענען דעם פרימאָרגן קיין דײַטשישע מאַשינעס נישט דורכגעפאָרן. ערשט עלף אַ זייגער פאַר מיטאָג האָבן אונדזערע אויסשפּירער, פון אַ הויכן בוים, באַמערקט אַן אויטאָ מיט דײַטשישע זעלנער. מיר זענען געווען אַזוי אָנגעשפּאַנט און גערייצט, אַז מע האָט זיי נישט געלאָזט אַפילו צופאָרן צו די מינעס, נאָר געעפנט אויף זיי אַ קרייצפײַער פון אַלע זײַטן. דער בענזינטאַנק האָט זיך אָנגעצונדן. זיי האָבן נישט באַוויזן צו שטעלן דעם מינדעסטן ווידער־שטאַנד. איינער פון זיי האָט פון דער קאַבינע אַרויס געוואָלט אַ וואָרף טאָן אַ גראַנאַט, איז ער געפאַלן אַ צעלעכערטער פון אונדזערע קוילן, און דער גראַנאַט האָט אויפגעריסן אין זײַן האַנט. פיר און צוואַנציק דײַטשן זענען זיי געווען. מיר האָבן זיי פאַרענדיקט מיט די קאָלבעס און באַגנעטן, שרײַענדיק: „אַ טויט אײַך פאַר אונדזערע מאַמעס און טאַטעס! פאַר אונדזערע שוועסטער און ברידער! פאַר אַלע ייִדן! אַ טויט אײַך, מערדער, באַנדיטן!". די נקמה־געפילן האָבן זיך אין אונדז אַזוי צעפלאַ־קערט, אַז מיר האָבן פון זיי געמאַכט אַ פליישקאַשע, נישט צום דער־קענען. מיר האָבן אַראָפּגעצויגן פון זיי די שטיוול און אָנגעטאָן אָנשטאָט אונדזערע שמאַטעס. פאַרנעמענדיק זייער געווער און אַמוניציע, זענען מיר אַוועק גאָר טיף אין וואַלד אַרײַן, פאַרשטייענדיק, אַז דער שונא וועט אַראָפּברענגען אַהער אַ גרויסן כוח, קעגן וועלכן אונדזער קליינע גרופּע וועט נישט זײַן ביכולת אונטערצונעמען אַ שלאַכט.

אין אַ צײַט אַרום זענען מיר געוואָר געוואָרן, אַז אַ צווייטער אויטאָ מיט היטלעריסטן איז אויפגעריסן געוואָרן אויף אונדזערע פאַר־לייגטע מינעס.

נאָכן געלונגענעם אָנהייב איז אונדזער גרופּע אין משך פון אַ קורצער צײַט פילצאָליק פאַרגרעסערט געוואָרן. אַנטלאָפענע פון געפאַנגענשאַפט און אויסבאַהאַלטענע רויטאַרמייער און קאָמאַנדירן האָבן געשטראָמט צו אונדזער פּאַרטיזאַנער־גרופּע. נאָך דרײַ חדשים איז זי אויסגעוואַקסן צו אַ פּאַר־טיזאַנער־אַרמיי, וועלכע האָט גראַסירט אויף דער רוסיש־לאַטווישער גרע־נעץ. שפּעטער איז זי אײַנגעטיילט געוואָרן אויף פיר אָטריאַדן: פרונזע, טשאַפּײַעוו, זשדאַנאָוו און סטאַלין. מיר, אַכט יידן, זענען געווען אין ערשטן, אין פרונזע־אָטריאַד. מער קיין יידן זענען, ליידער, צו אונדזערע פּאַרטיזאַנער־איינהייטן נישט צוגעקומען — קיין יידן זענען מער אין דער גאַנצער געגנט נישט געווען. אויך אונדזער קליינע גרופּע האָט נישט לאַנג עקזיסטירט. צווישן די פּאַרטיזאַנער האָט זיך געפונען אַ גרויסע צאָל אַנטיסעמיטן, און נישט איין מאָל איז אויסגעקומען זיך צו פאַרטיידיקן קעגן זיי נישט נאָר מיטן מויל... בײַ יעדער געלעגנהייט האָבן זיי אַרויס־געוויזן זייער יידן־שנאה. כדי אונדז ווי צו טאָן, פלעגן זיי זינגען אַנטי־סעמיטישע לידלעך און פּאַראָדיעס אויף יידישע קעמפער. זײַענדיק פון די בעסטע פּאַרטיזאַנער, פלעגן מיר געשיקט ווערן אויף די פאַראַנט־וואָרטלעכסטע און געפערלעכסטע אַקציעס. איז טאַקע אין משך פון אַ קורצער צײַט געבליבן פון אַכט צוויי — איך מיט מיין חבר יהושע. די זעקס חברים אונדזערע זענען געפאַלן, צו אונדזער גרויסן האַרצ־ווייטיק, נישט נאָר פון די דײַטשישע הענט אין שלאַכט, נאָר אויך פון „אייגענע"...

בײַ די יידישע פּאַרטיזאַנער זענען די אַקציעס געווען פאַרבונדן מיטן נקמה־געפיל קעגן די דײַטשישע מערדער, בײַ די ווײַסרוסישע און אַנדערע אָבער איז עס געווען ווי אַ מלחמה־שפּיל. דערבײַ האָבן זיי געזוכט אַלע מעגלעכע שפּיצלעך, די יידישע גרופּע אַרונטערצורײַסן. באַזונדערס — מײַן חבר יהושע. נאָך אַ שווערער אַקציע, בעת וועלכער מיר זענען עטלעכע נעכט נישט געשלאָפן, האָט אים איינער פון דער אָנפירערשאַפט, זיך נישט רעכענענדיק מיט זײַן מידקייט, באַשטימט אַלס וואַכפּאָסטן. בײַ נאַכט האָט מען אים געפונען אַ שלאָפנדיקן און געשטעלט פאַר אַ משפּט. ס'האָבן געדאַרפט דעצידירן אַלע פּאַרטיזאַנער

פון אָטריאַד. נאָך דער רעדע פונעם הויפּט־פּאָליטרוק האָט די מערהייט געוומען שרײַען: „דערשיסן!”. יהושעס נס איז געווען, וואָס די אָנ־פירערשאַפט האָט גענומען אין באַטראַכט, וואָס דאָס איז בכלל דער ערשטער פאַל. גלײַכצײַטיק איז אַרויסגעגעבן געוואָרן אַ פּאַראָרדענונג, אַז אַ שלאָפנדיקער פּאַרטיזאַנער אויפן וואַכפּאָסטן ווערט דערשאָסן אויפן אָרט אָן אַ משפט. נאָך דעם האָט מיר יהושע דערציילט, אַז בעת די געשרייען: „דערשיסן”, האָט ער זיך געטראַכט: „בעסער וואָלט איך געפאַלן פון אַ דײַטשישער קויל אין שלאַכט. איך האָב פאַרן טויט מער קיין מורא נישט. אָבער דערשאָסן ווערן פון „אייגענע” פּאַר־טיזאַנער...”.

אַ קורצע צײַט נאָכן משפט איבער יהושען האָב איך אונטער־געהערט ווי אַ פּאַרטיזאַנער האָט דערציילט זײַן חבר אַ סוד: „יענע וואָך האָב איך דערשאָסן אַ שלאָפנדיקן יעווריטשיק אויף זײַן וואַכ־פּאָסטן...”. איך האָב שוין נישט באַוויזן די זאַך אויסצופאָרשן, ווײַל די זעלבע נאַכט זענען מיר אַוועק אויף אַן אַקציע, בעת וועלכער איך בין נישקשהדיק פאַרוווּנדעט געוואָרן. מע האָט מיך אַריבערגעטראַנס־פּאָרטירט איבערן פראָנט קיין ראַטנפאַרבאַנד, ווו איך בין אָפּגעלעגן עטלעכע חדשים אין שפּיטאָל. נאָך דעם אויסשרײַבן מיך, האָט מען מיך געשיקט אַהער קיין סיביר אויף דערהאָלונג...

איצט אַרבעט איך אין די קוילנגרובן, עטלעכע קילאָמעטער פון שטעטל אָסינקי. אַחוץ... דיעטע, זענען מײַנע קליידער פון אַלטע שמאַטעס, ווי אין אָנהייב ווינטער אין געטאָ פון אָסוויעצ. אויך אַזעלכע אויף די פיס. כ׳שטאַרק זיך, נישט אַרײַנצופאַלן אין פאַרצווייפלונג, אין דער האָפענונג אָפּצוגעפינען וועמען פון מײַנע עלטערן און ברידער.

איך האָב דערהאַלטן אַ בריוו פון מײַן חבר יהושע. ער געפינט זיך אין זעלבן שטעטל אָסוויעצ. ער איז אויך שווער פאַרוווּנדעט געוואָרן אין אַ פוס און געלעגן עטלעכע חדשים אין אַ שפּיטאָל. האָט באַקומען אַ סך מעדאַלן און אויסצייכענונגען.

דאָס בין איך אַדורכגעגאַנגען ביז איצט. מיר, פּוילישע, גרייטן זיך אין קורצן „אַהיים” צו פאָרן. כ׳גלייב אַז אויך איר. וועלן מיר שוין

נישט האָבן מער קיין מעגלעכקייט זיך איבערצושרײַבן. טאָ פאָרט געזונט, ווי ס׳ווינטשט אײַך אײַער קוזין יוסף״.

— — — — — — — — — — —

— ווייסט, — זאָג איך צו מײַן פרוי, — דער צענזאָר האָט נישט דערלייענט דעם בריוו ביזן סוף, אויב ער האָט אַדורכגעלאָזט וועגן די שמאַטעס. האָסט דאָך געזען, ווי ס׳האָט אויסגעקוקט דער בריוו פון דײַן ברודערס טאָכטער, וואָס מיר האָבן באַקומען פון נאָמאַנגאַן.

— וואָס איז וויכטיק איצט דער צענזאָר? — האָט געזאָגט מײַן פרוי. — מע דאַרף זען אים צו העלפן מיט עפּעס.

— געוויס. אָבער ס׳קאָן אָנקומען צו אים, ווען ער וועט שוין זײַן אַוועקגעפאָרן.

— איז נישטאָ קיין עצה?

— אפשר וועל איך שיקן טעלעגראַפיש. — האָב איך אַ זאָג געטאָן און בין גלײַך אַוועק אויף פּאָסט און אַרויסגעשיקט אים טעלעגראַפיש אַ געוויסע סומע.

— האָסט עס נישט געדאַרפט טאָן — האָט מיר מײַנער אַ באַקאַנטער פּאָסט־אַרבעטער שפּעטער געזאָגט — ס׳טרעפט אָפט, אַז דער טעלעגראַף איז באַשעדיקט, און מע באַקומט נישט דאָרט די ידיעה.

— ווען קאָן מען וויסן וועגן דעם?

— אין אַ צוויי חדשים אַרום — האָט ער מיר געענטפערט.

אַזוי איז דאָס טאַקע געשען. יוסף האָט דאָס געלט נישט דערהאַלטן. איך האָב קיין רעקלאַמאַציע שוין נישט געקאָנט מאַכן — מיר האָבן פאַרלאָזט ראַטנפאַרבאַנד.

## קאַפּיטל זעקס און פופציק

פאַרן אָפּפאָרן פון ראַטנפאַרבאַנד איז מיר נאָך באַשערט געווען אַ סורפּריז, בײַצוווינען, דאָס ערשטע מאָל פאַר אַלע יאָרן, אַ פײַערונג

ביי געדעקטע טישן. דאָס איז געווען דעם אַכטן מערץ, וועלכער איז אין ראַטנפאַרבאַנד דער „פרויען־טאָג".

די טעג זענען דעמאָלט ביי אונדז פאַרנומען געווען מיט פיבער־האַפטע צוגרייטונגען צו דער בערך חודשדיקער רייזע, וואָס ס'שטייט אונדז פאָר. נאָכן אַרויסבאַקומען פון דער ענקאַווידע די רעפּאַטריאַציע־דאָקומענטן, האָב איך אין וואָיענטאָרג אויך באַקומען אַ באַפרייונג־דאָקומענט צוזאַמען מיט אַ כאַראַקטעריסטיק, אַז כ'האָב זיך גוט באַצויגן צו דער אַרבעט, בין געווען אַ סטאַכאַנאָוועץ און פיל מאָל פּרעמירט געוואָרן „פּאָ פּריקאַזו".

— דאָס וועט אייך צו נוץ קומען אין גאַנצן ראַטנפאַרבאַנד. אויך אין פּוילן, — האָט מיר געזאָגט די סעקרעטאַרין.

באמת, — האָב איך זיך געטראַכט, — ווי קאָן מען עס לעבן אָן אַזעלכע דאָקומענטן. זאָל עס זיין צום אָנדענק...

באַגלייך מיט די דאָקומענטן האָב איך אויך באַקומען אַן איינ־לאַדונג פאַר מיר מיט דער פרוי אויף דער פייערונג, וואָס ס'אָרדנט איין דער וואָיענטאָרג צום אַכטן מערץ פאַר אַלע זיינע מיטאַרבעטער.

אויב דער זעקסטער מערץ איז מיר געבליבן אויף אַ צייט אין זכרון, ווי דער טאָג פון מיין אַרבעטס־באַפרייונג אין ראַטנפאַרבאַנד, איז דער אַכטער מערץ, דער פרויען־טאָג, געבליבן אויפן גאַנצן לעבן.

ס'זענען אויך פאַרבעטן געוואָרן הויכגעשטעלטע מיליטער־לייט, געניסער פונעם וואָיענטאָרג. דער אָרקעסטער און כאָר פון דער פליִער־שול האָבן פאַרוויילט דעם עולם מיטן בעסטן פון מוזיק און געזאַנג.

הגם אויף די טישן איז געווען משקה איבערגענוג, איז פון דעסטוועגן די מערהייט געקומען מיט אַ צוגאָב־פלעשל אין קעשענע, שוין אַ ביסל בגילופין פון פריִער. און — מ'האָט געטרונקען! דאָס מאָל האָבן אויך די פרויען נישט געוואָלט אָפּשטיין און באַוויזן, אַז זיי קאָנען זיך גלייכן מיט די מענער אַפילו מיט דער כוסה.

מיר, די גרופּע יידן מיט די פרויען, האָבן נישט אויסגענוצט אַפילו „די נאָרמע" און מיט אונדזערע שיריים ביי געשטייערט מיט אַ צוגאָב־נאָרמע די נויטבאַדערפטיקע.

די רעדנער האָבן אונטער שיכּרות־קוראַזש צענטליקער מאָל געדאַנקט דעם חבר סטאַלין פאַרן גליקלעכן לעבן, וואָס ער האָט זיי געגעבן, באַזונדערס פאַרן גליקלעכן לעבן פון דער פרוי אין ראַטנ־פאַרבאַנד...

אַחוץ אַ קליינעם אינצידענט, ווען די זינגער און שפּילער פון אָרקעסטער האָבן שאַרף אָפּגעענטפערט אַ העכערן אָפיציר: „איצט זענט איר נישט אונדזערס קיין באַפעל־געבער! מיר זענען אויף אַ פײַערונג אויף גלײַכע רעכט מיט אײַך”, און ער האָט געשריגן: „אויך דאָ!” — איז אין אַלגעמיין דער אָוונט אַדורך רויִק. דאָס טרינקען האָט פאַרנומען די גאַנצע צײַט, דאָס טרינקען און עסן.

ווען נאָך דער סעודה האָבן פאָרלעך גענומען דרייען זיך אין טאַנץ, אונטער די קלאַנגען פונעם אָרקעסטער, האָבן מיר, די ניכטערע, געזען, אַז ס׳איז שוין נישט פאַר זייערע כּוחות. פאַלנדיק כּמעט פון די פיס נאָך די ערשטע טענץ, האָט אַ טייל גענומען זוכן אַ ביסל פריי־שערע לופט. אויפן זאַל איז וואָס אַ מאָל אַלץ ליידיקער געוואָרן.

— קומט, ווערט איר עפּעס זען — האָט מיך אַ צי געטאָן אַברהם.

און ס׳איז טאַקע געווען וואָס צו זען. דער פאָדערצימער איז פאַרנומען געווען מיט לײַט, פאַרזונקענע אין טיפע חלומות; זייערע יום־טובדיקע מלבושים אַ ביסל אויסגעשמירט פון די פאַרשמוציקטע דילן. טייל האָבן נאָך אונטערגעזונגען פאַטריאָטישע לידער.

דער שאָפער פונעם וואָיענטאָרג־אויטאָ, האַנס קריגער, האָט נישט געקאָנט אַליין זיך קיין עצה געבן מיטן אָפּפירן יעדן פון זיי אַהיים. האָט געמוזט אָנקומען צו אונדז, די ניכטערע יידישע אָנטייל־נעמער. ס׳איז קיין אַנדער ברירה נישט געווען, ווי נאָר די שלאָפנדיקע נעמען מיט כּוח — איינער פאַר די אַקסלען, אַ צווייטער פאַר די פיס און — אַרויף אויפן לאַסטאויטאָ.

אויף צו מאָרגנס האָב איך געהערט ווי די מיטאַרבעטערינס אין געשעפט פון וואָיענטאָרג רימען זיך:

— אָט דאָס הייסט אַ יום־טובדיקע פײַערונג!

— דו הערסט ווי מען רימט דעם נעכטיקן יום־טוב? — האָט מיך געפרעגט אַברהם.

— יאָ. זיי פּלעגן זיך דאָך ביי אַזעלכע געלעגנהייטן באַקלאָגן: „וואָס פאַר אַ יום־טוב איז עס, אַז קיין ,וואָדאָטשקאַ׳ איז נישטאָ!" האָבן זיי איצט אָפּגענומען פאַר דער גאַנצער צייט.

— ביז צום פּלאַצן. — האָט אַברהם צוגעגעבן, ווען מיר זענען אַרויס פון קראָם. — ווי ס׳בענקט זיך נאָך אַן אַמאָליקן יידישן יום־טוב. ווי פייערלעך און קולטורעל ער איז געווען, אַפילו אַזעלכע ימים־טובים ווי פּורים און שמחת־תורה, ווען ס׳איז אַ מצווה צו נעמען אַ ביסל משקה... קומט, לאָמיר אַ שפּאַציר טאָן אַ ביסל. מיר האָבן דאָך איצט מיטיק־איבעררייס, וועלן מיר אַ ביסל שמועסן. מיר געזעגענען זיך דאָך שוין.

האָבן מיר געשפּאַצירט, און אַברהם האָט פאַרגעזעצט:

— קיין מאָל האָבן מיר, יידן, נישט געהאַט אַזוי פיל ימים־טובים, ווי דאָ ביי אונדז אין ראַטנפאַרבאַנד. מיין שנור זאָגט, אַז זי האָט מער ימים־טובים ווי איך... זי זאָגט, אַז זי האָט זיי כמעט יעדן טאָג.

קענענדיק אים, האָב איך אים גאָרנישט איבערגעפרעגט און געלאָזט רעדן ווייטער.

— די שנור זאָגט מיר, אַז זי איז געווען דאָס יינגסטע קינד שוין נישט אַזעלכע צרות. דאַנקען און לויבן אונדזער גרויסן סטאַלין, ביי אירע עלטערן. ביז דער רעוואָלוציע האָבן זיי שטענדיק געהאַט צרות מיט די קינדער — האָבן נישט געוואָלט עסן. אָבער איך האָב אונדזער טייערער ראַטנמאַכט, האָב איך שוין כמעט יעדן פראָסטן מיטוואָך אַ יום־טוב. דאָס איז, ווען איך באַקום בולעטשקעס פאַר די קינדער. די שמחה אין שטוב איז נישט אָפּצושאַצן. אויך אין די אַנדערע טעג טרעפט עס. ווען איך שטיי זיך אָן אין דער ריי און באַקום אַ ביסל מאַנע־גרויפּן, איז אַ יום־טוב אין שטוב. באַקום איך אַ ביסל צוקער, איז נאָך אַ גרעסערער יום־טוב. און אַז איך באַקום אַ ביסל ביסקוויטן, אָדער צוקערקעס, איז דאָך ביי מיר אין שטוב איינער פון די גרעסטע

ימים־טובים! דאַרפן מיר נישט דאַנקען און לויבן אונדזער טײַערער רעגירונג מיט חבר סטאַלין בראָש ?!...

— הערט, אַברהם. איך האָב נאָך אַזוי פיל טרינקען נישט געזען. בין בכלל נישט געווען אויף אַזעלכע שמחות. ווי אַזוי האָבן זיי עס געקאָנט אַרײַנגיסן אין זיך אַזוי פיל?

— צרות לערנען אויס... — האָט ער אַ שמייכל געטאָן. — דאָס זענען די גליקלעכסטע שעהען בײַ זיי. זיי אַנטלויפן פון דער ווירק־לעכקייט, פונעם גליקלעכן לעבן, וואָס ווערט אַזוי פיל באַשריבן און באַזונגען, און לויפן צו אַנדערע וועלטן — וועלטן פון חלומות, נאָכן אײַננעמען דעם ביטערן טראָפּן.

מיר האָבן זיך האַרציק געזעגנט און געווונטשן זיך צו טרעפן אין לעבן אין אונדזער אייגענער ייִדישער היים.

איך בין אַוועק צום נאַטשאַלניק פון וואָיענטאָרג בעטן בײַ אים דעם אויטאָ אויף צוצופירן מײַן באַגאַזש.

— גוט וואָס איר זענט געקומען. איך האָב שוין געוואָלט קומען צו אײַך אין שטוב. איר מוזט מיר טאָן אַ פּערזענלעכע טובה פאַרן אַוועקפאָרן — מאַכן נאָך אַ פּאָר איבערטײלן...

איך האָב עס אים, פאַרשטייט זיך, צו ליב געטאָן. און ער האָט געגעבן אַ פאַראָרדענונג דעם שאָפער, אָפּצופירן אונדזער באַגאַזש.

דער שאָפער, האַנס קריגער, איז געווען אַ דײַטש, אַ געבוירענער אין אוקראַיִנע. אַ הויכגעוויקסיקער בלאָנדין. מיט זײַן באַנעמונג און צוגעלאָזנקייט האָט ער געוווּנען אַלעמענס סימפּאַטיע. אַפילו מיר, ייִדן, האָבן נישט געפילט צו אים קיין שנאה. אין וואָיענטאָרג האָט ער גע־אַרבעט אַלס מאָביליזירטער. ער איז געווען אַ גוטער מעכאַניקער. האָט פון אַן אַלטן אויטאָ־מאָטאָר מאָנטירט אַ וואַסער־פּאָמפּע, וועלכע האָט צוגעשטעלט וואַסער פון טײַכל פאַר דער הילפסווירטשאַפט פון וואָיענ־טאָרג, וואָס האָט פאַרנומען אַ שטח פון צענטליקער דונאַם באָדן. און דאָס האָט דערמעגלעכט אַ הויכע גערעטעניש פון פאַרשיידענע גרינ־צײַגן פאַר דעם רעסטאָראַן פונעם וואָיענטאָרג.

ווען איך האָב געוואָלט פאַרפירן מיט אים אַ שמועס וועגן דײַטש־לאַנד, האָט ער מיר געזאָגט:

— כאָטש איך בין געבוירן בײַ דײַטשישע עלטערן, קען איך נישט קיין דײַטשישע פּראָבלעמען און זיי אינטערעסירן מיך נישט.

צוגעפירט אונדזער באַגאַזש, האָבן מיר זיך אײַנגעאָרדנט אין דעם פּאַר אונדז באַשטימטן וואַגאָן. אָבער צום אָפּפאָרן איז נאָך געווען אַ סך צײַט — עטלעכע טעג.

פאַר נאַכט איז געקומען זיך געזעגענען מיט מיר יעקב דאַווי־דאָוויטש.

## קאַפּיטל זיבן און פופציק

יעקב דאַווידאָוויטש האָט נאָכן חנוכה־אָוונט בײַ אונדז זיך נאָך מער צוגעבונדן צו מיר. גענומען מיר פאַרטרויען אינטימע פּרטים פון זײַן לעבן.

אין די יונגע יאָרן האָט ער געלערנט אין אַ חדר און ישיבה. אין די גימנאַזיע־יאָרן איז ער געוואָרן אַ רעוואָלוציאָנער. אין די סטו־דענטישע יאָרן אין דער שווייץ געווען גאָר אַקטיוו און געקומען אין קאָנטאַקט מיט אַ ריי פּערזענלעכקייטן, וועלכע האָבן נאָך דער רעוואָ־לוציע פאַרנומען הויכע אַמטן. זיי זענען אָבער וואָס ווײַטער געוואָרן אַלץ ווייניקער. זײַנע נאָענטסטע חברים, דאָס רוב ייִדישע, זענען איינ־ציקווײַז ליקווידירט געוואָרן אַלס רעכטע און לינקע ס.ר־ן, טראָצקיסטן, רעכטער און לינקער פליגל. די פּראָצעסן אין די יאָרן 1936—38 האָבן אַ סוף געמאַכט צו די רעשט פון זײַנע נאָענטע חברים.

דערציילנדיק מיר, פלעגט ער אָפט אונטערברומען די מעלאָדיע פונעם באַרימטן ליד „צען ברידער זענען מיר געוועזן”. ער האָט, אגב, געשאַפן אַ פּאַראָדיע אויף דעם ליד וועגן זיך מיט זײַנע צען רעוואָ־לוציאָנערע חברים־ברידער, פון וועלכע ער איז צום סוף געבליבן איינער...

ביז ער האָט באַקומען דעם „שאָק", איז ער געווען אַ געטרײַער אַקטיווער באָלשעוויק. דער איבערברוך אין זײַן נשמה איז בײַ אים פּאָר־געקומען גאָר שפּעט. בדרך־נס איז ער אַרויס גאַנץ. האָט מיט אָפענע אויגן געזען, „ווי אויף דער האַנט", ווי די סטאַלין־מאַכט איזדיעקעוועט זיך איבער דער באַפעלקערונג, ווי אונטער אַ רעוואָלוציאָנערן שלייער ווערן אָפּגעטאָן קאָנטררעוואָלוציאָנערע, אַנטיסאָציאַליסטישע אַקטן, וועל־כע האָבן פאַרוואַנדלט דאָס גאַנצע סאָוויעטישע פאָלק אין אַ געהאָרכזאַמער מאַסע צום זיך אַליין פאַרגעטערנדיקן „פאָטער פון די פעלקער". און דאָס האַרץ האָט אים געווייטיקט.

נאָך מער האָט אים וויי געטאָן דאָס האַרץ צוליב די פאַרקריפּלונגען בנוגע דער יידן־פראַגע. ער האָט זיך געפילט ווי אַ מיטשולדיקער אין די פאַרברעכנס פון דער רוסישער רעוואָלוציע קעגן דעם יידישן פאָלק, פאַרברעכנס, וואָס האָבן זיך וואָס ווײַטער אַלץ מער פאַרשטאַרקט.

ער האָט געהאַט צוויי דאָקטאָראַטן, פון מעדיצין און פּסיכאָ־לאָגיע און געאַרבעט אין אַקטיובינסק ווי אַ באַאַמטער אין אַ מעדיצי־נישער אינסטיטוציע.

— ס'איז בעסער נישט צו שטייגן צו הויך, — האָט ער זיך איין מאָל געוויצלט, — אונדזער לייטער דערגרייכט נישט צום הימל, ווו אונדזער „גאָט" זיצט אויפן „כסא־הכבוד" — האָט דער לייטער נישט קיין אָנשפּאַר, וואַקלט ער זיך בײַם מינדסטן ווינטל... און ווען ער אַליין הייבט אָן אויף אים צו בלאָזן, דעמאָלט צעשאָקלט זיך דער לייטער אַזוי שטאַרק, אַז אַלע, וואָס זיצן אויף אים, ווערן אַראָפּ־געריסן, ווי בלעטער פון אַ בוים אין האַרבסט. איז וואָס העכער מען זיצט אויף אים, אַלץ ווייטיקלעכער איז דער קלאַפּ בײַם פאַלן.

ער האָט זיך פאַרטראַכט, ווי ער וואָלט פאַרזונקען אין דער ווײַטער צײַט אין דער שווייך, און אויסגעלאָזן:

— מיר דאָ און די אינטערנאַציאָנאַלע אַרבעטער־באַוועגונג אין דער וועלט האָבן טײַער באַצאָלט פאַרן פאַלשן אויסטײַטשן דעם באַגריף דעמאָקראַטיע. דעמאָקראַטישע „צוויי מאָל צוויי" איז שטענדיק — פיר. קוים ווייכט מען אָפּ פון דער פאָרמולע, ווערט „צוויי מאָל צוויי" — 99,9.

פון פּראָלעטאַרישער דיקטאַטור ביז פּערזענלעכער איז בלויז איין שפּאַן.

— זאָגט מיר, טײַערער פריינט, — האָב איך אים איין מאָל אַ פרעג געטאָן מיט אַ שמייכל, — ווי האָט איר נישט קיין מורא צו רעדן אַזעלכע רייד? פון וואַנען אײַער זיכערקייט מיט מיר?...

— איך אורטייל וועגן אײַך, — האָט ער מיר געענטפערט מיט אַ שמייכל, — לויטן קלאַנג פון אײַער שטים.

— אינטערעסאַנט! לערנט אויך מיר אויס צו דערקענען מענטשן.

— אײַך וועט עס זײַן אַ ביסל שווערלעך. איך האָב איין און צוואָנציק סימנים פאַר דעם.

— אוי, איר מאַכט דאָך מיר נייגעריק ביז גאָר!

— איז הערט. מע פאַרציילט: ווען נאַפּאָלעאָן איז אַרײַן קיין רוס־לאַנד, האָט ער געגעבן אַ באַפעל, אַז אין יעדן שטעטל, אין וועלכן ער קומט מיט זײַן שטאַב, זאָל מען קלינגען אין די צערקווע־גלאָקן. לויטן קלאַנג האָט ער דערקענט די שטימונג פון דער באַפעלקערונג, צי זי איז מיט אים, אָדער פאַרקערט. אין איין שטעטל האָט מען נישט געקלונגען. האָט ער געלאָזט רופן די פני פון שטאָט:

— „פאַר וואָס האָט איר נישט אויסגעפירט מײַן באַפעל?"

— „מיר האָבן געהאַט דערויף איין און צוואָנציק סיבות..."

—„אַזוי? לאָמיר הערן!"

— "די ערשטע סיבה: מיר האָבן נישט אין צערקווע קיין גלאָקן..."

— „גענוג: — האָט אויסגערופן נאַפּאָלעאָן. — די איבעריקע צוואָנציק זענען איבעריק".

— איך האָב איין און צוואָנציק סיבות צו זײַן זיכער מיט אײַך. די ערשטע סיבה איז: איך בין איבערצייגט, אַז איר וועט נישט וועלן מיטגיין מיט מיר און לאָזן אויף הפקר אײַער פרוי און קינדער, וואָס פאַר זייער לעבן האָט איר געקעמפט מיט די ציין און זיי אַרויסגע־ראַטעוועט...

— מיט דער הילף פון גורל. — האָב איך צוגעגעבן.

— און די איבעריקע צוואַנציק, גלייב איך, אינטערעסירן אײַך אַזוי פיל, וויפל נאַפּאָלעאָנען.

— ריכטיק. — האָב איך גלײַך מסכּים געווען.

— אַזוי איז עס. מע גייט נישט אַליין. איר האָט דאָך נאָכגע־פאָרשט, האָט איר מיר געזאָגט, די מאָסקווער פּראָצעסן. געדענקט איר, ווי אויפן ערשטן פּראָצעס האָט קאָמעניעוו אָנגערופן נײַע נעמען? — ראַדעקן און אַנדערע, וועלכע זאָלן האָבן מכלומרשט מיטגעאַרבעט מיט אים בײַם צוגרייטן די טעראָראַקטן. ער האָט עס פֿײַן געמאַכט: קום מיט, ברודערקע, וועט דאָרט, אין גן־עדן, צוזאַמען זײַן פֿריילעכער...

— פֿאַר וואָס אין גן־עדן? — האָב איך געלאַכט.

— ווייל קעגן אונדזערע צפון־גיהנומס איז דער גיהנום פֿונעם שאול־תחתּיה אַ גן־עדן. אַפֿילו דאַנטעס אַליגיערי האָט אין זײַן „געטלעכער קאָמעדיע" נישט געקאָנט צוטראַכטן אַזאַ גיהנום. שטעלט אײַך פֿאָר, מען נעמט די סאַמע קולטורעלסטע, געבילדעטסטע מענטשן, אָנגעזעענע אין זייער סביבה און אַפֿילו באַרימטע ווײַט אין דער וועלט, און מע גיט זיי איבער אין די הענט פֿון די סאַמע געפֿערלעכסטע באַנדיטן, אויסוווּרפֿן פֿון סאַמע אָפּגרונט פֿון דער מענטשלעכער געזעלשאַפֿט, די פּריווילעגירטע אין די לאַגערן, זיי זאָלן זיך אין זיי נוקם זײַן.

ער האָט זיך פֿאַרטראַכט און דערנאָך פֿאָרגעזעצט:

— די וועלט האָט זיך מסתּם געוווּנדערט: פֿון וואַנען האָט זיך דאָס גענומען בוכענוואַלד, דאַכאַו און אַנדערע לאַגערן אין היטלער־דײַטשלאַנד? דאָס איז דערפֿאַר, וואָס די נאַציס האָבן געהאַט פֿון וועמען צו לערנען. אונדזערע גיהנומס האָבן באַקומען אויף „אויסצומענטשלען" דאָס בעסטע, וואָס דאָס רוסישע רעוואָלוציאָנערע פֿאָלק האָט אַרויסגעגעבן. די מלאכי־חבלה האָבן געהאַט זיך צו באַלעקן מיטן געשמאַקן ביסן וואָס אונדזער „גאָט" האָט זיי צוגעוואָרפֿן. נישט אומזיסט האָט שפּעטער אַ גרויסער טייל פֿון זיי געקעמפֿט העלדיש „זאַ ראָדינו, זאַ סטאַלינאַ", און אָט די זענען געוואָרן נאָכן פֿראָנט פֿרײַע מענטשן...

— איר האָט מיר פֿאַרענטפֿערט אַ רעטעניש. ווען איך בין אַ מאָל געזעסן אין מיליץ־אַרעסט, האָט איינער אַ רוסישער אַרעסטאַנט געזאָגט אַ קריטיש וואָרט וועגן סטאַלינען. ווי דאָ האָט זיך עס אויף אים אַ וואָרף געטאָן מיט די פֿויסטן, גרייט אים דורס צו זײַן, דער „עלטסטער"

פון דער צעלע: „ווי דערוועגסטו זיך אַזוי צו רעדן וועגן חבר סטאַלין?!״ כ׳האָב בשום אופן נישט געקאָנט פאַרשטיין: „אַזאַ פאַרברעכער, און אַזאַ פּאַטריאָט!? זאָגט מיר — איז טאַקע די וועלט משוגע געוואָרן?

— יאָ, מיר לעבן אין אַ משוגענער וועלט. אויב אַזאַ קולטורעל פאָלק, ווי די דײַטשן, האָט פאַרגעטערט אַזאַ מין היטלערן. ס׳איז די וועלט פונעם דור־הפלגה. צו הויך האָט די וועלט גענומען בויען דעם מאָדערנעם בבל־טורעם. מיט דער נײַסטער טעכניק. מיר גרייכן שוין צו דער סטראַטאָספערע און — מיטן אומזעבאַרן אַטאָם האָט מען חרוב געמאַכט צוויי יאַפּאַנישע שטעט. די קאָנטראַסטן זענען שאַרפער געוואָרן.

— אָבער נאָכן איצטיקן קריג — האָב איך געוואָלט געפינען אַ טרייסט — נאָכן געמיינזאַמען זיג איבערן היטלעריזם און יאַפּאַן, גלייב איך, וועלן שוין מער קיין מלחמות נישט זײַן.

— ווי נאַיִוו איר זענט! — האָט ער זיך צעלאַכט — מלוכה־פירער אַרט דען, אַז די פעלקער שעכטן זיך אויס? אין אַלע לענדער ווערט פּראָדוצירט געווער, אומעטום לערנט מען דאָס פאָלק קעמפן קעגן שונא, און אַלע אַרמייען זינגען דעם „אויב מאָרגן וועט אויסברעכן קריג...״

— יאָ, — האָב איך זיך אונטערגעגעבן, — מעגלעך, אַז איר זענט גערעכט. ס׳דערמאָנען מיר זיך די ווערטער פון אַ גרויסן פילאָזאָף און פּאַציפיסט, וואָס איך האָב געהערט ציטירן: „איר קעניגן, הערשער פון דער וועלט! איר ווילט מלחמות, ביטע זייער. אָבער צו אַלעם ערשטן זאָלן אַרויס אין קאַמף פערזענלעך איין מלך קעגן צווייטן. ווען איר וועט שוין זײַן נישט קאַמפּעטנטיק, שיקט אײַערע מיניסטאָרן און אַזוי ווײַטער. ערשט צום סוף זאָל גיין קעמפן דאָס פאָלק...״

— איך האָב דאָס אויך אַ מאָל געהערט. אָבער נאָך גליתעס מפּלה האָבן שוין אויך די פלישתים מער נישט געפירט אַזעלכע דועל־מלחמות. יאָ, די איצטיקע מלחמה איז געווען אַן אויסנאַם. אַלע פעלקער פון דער וועלט האָבן זיך פאַראייניקט קעגן די היטלער־אַרמייען און זייערע פאַרבינדעטע. זיי האָבן אונדזער רעגירונג מוחל געווען אירע ערשטע חטאים, דעם אָפּמאַך מיט דײַטשלאַנד, און אַמעריקע האָט אָנגעהויבן שיקן אונדז געווער. היטלערן האָבן מיר צוגעצאָלט, — האָט ער

אונטערגעשמייכלט, — פון אַמעריקע האָבן מיר באַקומען. אַלע פעלקער האָבן געגעבן דאָס מאַקסימאַלסטע אין קאַמף קעגן היטלעריזם. אָבער מיר, יידן, האָבן אַלעמען איבערגעשטיגן. ווען מיר אויך האָבן עפּעס אויסגעקעמפט פאַר זיך? אָדער מיר האָבן בלויז פאַרגאָסן אונדזער בלוט?... איר האָט מיר אַנומלט געזאָגט, אַז איר פילט זיך ווי איר וואָלט זיך ווייניק באַשטייערט צום קאַמף מיטן היטלעריזם. זאָג איך אײַך: איר האָט געגעבן דעם מאַקסימום. אײַערע צוויי ברידער זענען פרײַוויליק אַוועק אויפן פראָנט; אויך אײַער שוואָגער; איצט איז צוגעקומען אײַער פרויס קוזין, דער פּאַרטיזאַן, — זאָלט איר דאָס נישט אונטערשאַצן. אויך איר אויפן אַרבעטספראָנט האָט, דאַכט זיך, גענוג געגעבן. און ווען איר וועט צוריקברענגען פונעם „פראָנט" אײַער פרוי מיט די דרײַ קינדערלעך, אַרויסגעריסענע פונעם מלאך־המותס נעגל — אויף צו להכעיס היטלערן מיט זײַן באַנדע — איז דאָס אַ קנאַפּער צושטײַער פאַרן יידישן פאָלק? — —

אַזוי האָבן מיר פאַרבראַכט עטלעכע ווינטערדיקע אָוונטן אויסשליסלעך אין פּאָליטישע געשפּרעכן. אָן אויסנאַם איז געווען אינעם סילוועסטער־אָוונט — דעם ערשטן אָוונט אין זײַן וווינונג, ווען מיר האָבן געשמועסט אויך וועגן ליטעראַטור. מיט אַ טאָג פריִער האָט ער מיר געזאָגט, אַז די באַלעבאַטים פון זײַן וווינונג גייען אַוועק אויף אַ סילוועסטער־באַל, און ער בלײַבט אַליין אין שטוב, — איך זאָל צו אים קומען. אַרײַנגעקומען, האָט זיך מיר דאָס ערשטע געוואָרפן אין די אויגן דאָס שיינע ביבליאָטעקל וואָס ער פאַרמאָגט. אַחוץ די ווערק פון מאַרקס, לענין, סטאַלין און וויסנשאַפטלעכע, איז דאָס רוב ביכער געווען פון: פושקין, לערמאָנטאָוו, אַלעקסאַנדער בלאָק, וולאַדימיר מאַיאַקאָווסקי, סערגיי יעסענין און באָריס פּאַסטערנאַק.

— איר האָט מיר אַנומלט געזאָגט, אַז איר האָט פײַנט ליטעראַטור. צום סוף זע איך גאָר, פאַרקערט.

— איך אַ שונא פון ליטעראַטור? — האָט ער זיך אַרומגעקוקט, גלײַך ווי חוץ אונדז וואָלט נאָך ווער זײַן אין שטוב, און העכער אַרויפגעדרייט דעם ראַדיאָ.

ס׳איז גראָד געגאַנגען אַ שיינער לידער־קאָנצערט, אָבער דאָס האָט נישט געשטערט אונדזער שמועס...

— איך, אַ שונא פון ליטעראַטור? — האָט ער איבערגעחזרט. — ווען איך בין אַליין אַ דיכטער!

— אַזוי גאָר? — האָב איך אים ווײַטער אָנגעגריפן. — איז אפשר די שנאה מחמת קנאת־סופרים?

— מקנא בין איך זיי זיכער נישט. אַ שונא בין איך יענע שרײַבער, וועלכע האָבן זייערע פעדערס געשטעלט אין רשות פון — —

— אַז איר שרײַבט, דאַרפט איר דאָך עס לאָזן דרוקן. צי האַלט איר, אַז פאַר אײַערע לידער איז פּאַסיקער דער שופלאָד?

— אויף אַזוי פיל נאַריש בין איך נאָך נישט. דער שופלאָד בײַ אונדז איז נישט קיין רשות־היחיד... נישט גאָר קיין זיכערער פּלאַץ. ס׳רוב שרײַב איך אין די ווינטערדיקע אָוונטן. איך שרײַב אויסשליסלעך פאַר זיך אַליין. אָט דאָ, בײַם אײַזערנעם אײוועלע. ווען דאָס ליד איז שוין באַאַרבעט אויף ריין, לאָז איך עס אַדורך דורך אַ פײַער־פּראָבע פון קריטיק... טאַקע אָט דאָ אינעם אָנגעגליטן אייוועלע...

— אַן אויטאָ־דאַ־פע מיט די אייגענע הענט? ווי זאָגט זיך עס אין יענעם ליד „אלי, אלי": „אין פײַער און פלאַמען האָט מען אונדז געברענט, / געמאַכט האָט מען אונדז צו שאַנד און צו שפּאָט"...

— ייִדיש פאָלק און ייִדיש ליד זענען געבונדן מיטן זעלבן גורל.

— האָט ער זיך אָנגערופן.

— בלויז ייִדיש פאָלק, האַלט איר?

— ניין, נישט נאָר ייִדיש. אָבער אונדזער גורל איז טראַגישער. און נאָך טראַגישער איז, וואָס אין אַזאַ גלות טוט מען נישט נאָך דעם ביישפּיל פון אונדזערע לויים נאָכן ערשטן חורבן. ווען זיי האָבן אויפגעהאָנגען די האַרפעס אויף די ווערבעס... — און דאָ האָט ער גענומען אונטערברומען: „איך הענג מײַן האַרפע אויף דער ווערבע, / וועלכע וואַקסט בײַם טײַך, בײַם ברעג..."

— דערפאַר אָבער האָבן מיר אַ שיינע ייִדישע ליטעראַטור דאָ אין ראַטנפאַרבאַנד.

— מיר האָבן, זאָגט איר? ביַים רוב איז עס אַ ווידוי־ליטעראַטור. און דאָס טוט אַ מענטש ביַים סוף פון זיַין לעבנסוועג...

איך האָב נאָך געוואָלט עפּעס דערווידערן, האָט ער מיך אָנגענומען ביי דער האַנט:

— טוט מיר אַ טובה. לאָמיר מער נישט רעדן אויף דער טעמע. זי איז צו פיל אָנגעווייטיקט און נאָך טראַגישער פון טראַגיש... פאַרגע־דענקט! איצט, נאָכן זיג איבער היטלערן, האָט דאָס רוסישע פאָלק אויך נצחון־לידער. מיר, ייִדן, קאָנען דאָס, צום באַדויערן, נישט האָבן. ווי האָט ש. האַלקין געשריבן: „טיפע גריבער, רויטער ליים, / כ׳האָב אַ מאָל געהאַט אַ היים...״. קינות־לידער האָבן מיר גענוג. שוין אַ ביסעלע צו פיל פאַר אונדזער קליין פאָלק ישראל.

— כ׳פאָלג איַיך. כ׳וועל מער אויף דער טעמע נישט רעדן. דער־לויבט מיר נאָר איַיך זאָגן, אַז היַינטיקן אָוונט איז מיר אויפגעקלערט געוואָרן אַ רעטעניש. אין פוילן פלעגן מיר אויפנעמען מיט התלהבות יעדעס ניַי ייִדיש ליד פון ראַטנפאַרבאַנד, פון קרימער קאָלאָניזאַציע און פון ביראָבידזשאַן, און זיך מיטפרייען, וואָס „ס׳פאַלט אַראָפּ אַ רעגן, ווערן פעלדער גרין״. אין יאָר 1939, קומענדיק אַהער, האָב איך איין מאָל אין אַ שבת פאַר מיטאָג געהערט אַ לידער־קאָנצערט אין ייִדיש, טראַנסמיטירט פון מינסק. ס׳זענען געזונגען געוואָרן אַלטע, פאַרציַיטיקע פאָלקסלידער: „די חתונה איז געווען אין קאַזאַרמע״ און ענלעכע. ס׳איז אויך געזונגען געוואָרן דאָס באַקאַנטע פאָלקסליד: „כ׳האָב שוין אָפּגע־לעבט מיַינע אַכציק יאָר״. דעם פערז: „די גאַנצע וועלט איז אַ פינצטערע שטוב, אַלעס איז הבל־הבלים״ האָט דער זינגער אין גאַנצן געענדערט. איז מיר געווען נישט־פאַרשטענדלעך: צו וואָס האָט ער געזונגען דאָס ליד מיט אַזעלכע ענדערונגען? האָבן אים דען געפעלט לידער פונעם רייַכן רעפּערטואַר, וועלכער איז פון דאַנען געקומען קיין פוילן? איצט איז מיר שוין גאָר קלאָר געוואָרן. איך פרעג שוין מער נישט קיין קשיות.

מיר זענען אַ לענגערע ציַיט געזעסן שוויַיגנדיקע. דער קאָנצערט, וועלכן מיר האָבן דערוויַיל געהערט, האָט זיך ווי אָפּגעשלאָגן צוריק פון

אונדזערע מוחות. פּלוצעם האָט זיך יעקב דאַווידאָוויטש געווענדעט צו מיר:

— ווען וועלן מיר קאָנען אויסזינגען אונדזער נצחון־ליד?

איך האָב אים נישט געענטפערט. אָפּגעזעסן נאָך אַ שטיקל צײַט אין שווײַגן, האָב איך זיך צו אים געוואָנדן:

— זאָגט מיר, איך בעט אײַך... הגם איך בין נישט דרייסט צו ציִען פון אײַך אינטימע זאַכן, ווען איר דערציילט נישט אליין. וואָס האָט אײַך אַזוי איבערראַשנדיק גערירט אין יענעם חנוכה־אָוונט אין שלום אַשס דערציילונג, וואָס איר האָט אויסגעשריגן: „מאַמע מײַנע!“?

ער האָט געשוויגן אַ ווײַל און אָנגעהויבן רעדן:

— אין חדר פלעגט אונדז דער רבי דערציילן אָפט מעשהלעך. איינס וועל איך אײַך איצט איבערדערציילן. געשען איז עס מן־הסתם אין מיטלאַלטער: „אַ ייִד האָט געראַטעוועט דאָס לעבן דעם קייסער, וועלכער איז אַרײַנגעפאַלן צום שונא אין די הענט, אין דער לעצטער מינוט, ווען דער תלין האָט שוין געהאַט פאַרלייגט אים דעם שטריק אויפן האַלדז. האָט אים דער קייסער געמאַכט דערפאַר פאַר שני־למלך. אים אָנגעטרויט די גאַנצע מלוכה־פירונג. איין מאָל שטעלט ער זיך אײַן, פרעגן דעם קייסער: ‚אַדוני מלך, וואָס האָסטו געפילט אין יענעם מאָמענט, ווען דער תלין האָט דיר פאַרלייגט די פעטליע אויפן האַלדז?‘. דער קייסער איז אויפגעשפּרונגען אַן אויפגעקאָכטער: ‚ווי האָסטו זיך דערוועגט אַזעלכעס מיך צו פרעגן? איך האָב דיר געגעבן אַלע רעכט אין דער מלוכה־פירונג, אָבער — אַרײַנצוקריכן מיר אין די טיפענישן פון מײַן נשמה?! דאָס איז שוין צו פיל! דאָס קאָן איך דיר נישט מוחל זײַן!‘. „נעמט אים אין תפיסה!“ — האָט ער אַ געשריי געגעבן צו די וועכטער. אויף צו מאָרגנס איז פאָרגעקומען דער פּראָצעס. דער אורטייל איז געווען טויטשטראָף דורך הענגען. ווען דער תלין האָט דעם ייִדן פאַרלייגט דעם שטריק אויפן האַלדז, האָט דער קייסער אַ געשריי געטאָן: „גענוג!“ און זיך געוואָנדן צום פאַרמשפּטן: ‚נו, איצט, טײַערער פרײַנט, ווייסטו שוין, וואָס כ׳האָב דעמאָלט געפילט?...“ — איך ווינטש אײַך נישט אַזאַ מצב.

איר זאָלט מיט דעם נישט געפּרוּווט ווערן. געדענקט אָבער אין דעם מאַמר חז״ל: „אַל תדון את חברך עד שתגיע למקומו״...*

ער איז ווידער געבליבן זיצן פאַרזונקען אין מחשבות. דער רויטער אָפּשײַן פונעם ברענענדיקן אײַוועלע האָט געפלאַטערט איבער זײַנע פאַר־פלאַמטע באַקן.

## קאַפּיטל אַכט און פופציק

נאָך אַ לענגערער צײַט שווײַגן האָט ער, ווי פון אַ היפּנאָז אַרויס, ווידער אָנגעהויבן:

— איך בין איינער פון יענער יידישער יוגנט, וועלכע איז צוליבן „נומערוס קלאַוזוס און נולוס״ אין צאַרישן רוסלאַנד אַוועק שטודירן אין דער שווייץ. אָבער הגם פאַר יידן איז רוסלאַנד נישט נאָר קיין מאַמע נישט געווען, נאָר — אַ בייזע שטיפמאַמע, האָבן מיר אין דער פרעמד געבענקט צו זען איר פרײַהייט. מיר האָבן מיטגעלעבט מיט די געשעע־נישן אין אונדזער געבורטלאַנד. און ווען אירע „קינדער״ האָבן פאַרטריבן זייערע שלעכטע טאַטעס, האָבן מיר עס געפילט פאַר אַ פליכט, צו העלפן דעם נײַעם אויפגעוואַכטן רוסלאַנד. אין ברען פון דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע בין איך אַהער צוריקגעקומען.

דאָ האָט ער זיך ווי אויפגעוועקט פונעם היפּנאָז און מיך אַ פרעג געטאָן:

— איר געדענקט ווי דער רבי אין חדר האָט געטײַטשט דעם פּסוק „ויקם מלך חדש״? — „אַז אויף קיין נײַעם מלך טאָר מען נישט בעטן״... אויב אין די צאַרישע צײַטן האָבן זיך יידן געראַטעוועט דורך עמיגראַציע און אויפגעבויט מעבר־לים נײַע היימען, לעבן מיר הײַנט הערמעטיש אָפּגעשלאָסן פון דער גאַנצער וועלט... המם, געדענקט איר

---

* משפּט נישט דיין חבר ביז תעסט זיך געפינען אין זיין לאַגע.

ווי די צאַרישע פּאָגראָם־העצער פּלעגן זיך פּאַרענטפערן? „ייִדן מאַכן פּאָגראָמען אויף זיך אַליין"... נאָך דער רעוואָלוציע איז עס געוואָרן אַ ווירקלעכקייט. מיט ייִדישע הענט האָט מען ליקווידירט די „ייִדישע בורזשואַזיע", די „ייִדישע גבירים און פאַבריקאַנטן, הענדלער און שפּע־קוליאַנטן". די ייִדישע הענט האָבן דאָס געטאָן מיט רעוואָלוציאָנערן ברען לטובת דער רעוואָלוציע, לטובת דעם סאָציאַליזם. אין משך פון די ווייַ־טערדיקע אַנטוויקלונגען איז עס אַוועק, ווי אין דער „חד־גדיא" און ווי אין פּרק שטייט: „על דאטפת אטפוך וסוף מטיפיך יטופין" — ווייל דו האָסט דערטרונקען, האָט מען דיך דערטרונקען, און דייַנע דערטרינקער וועלן דערטרונקען ווערן.

ער האָט זיך ווידער פאַרטראַכט און צוגעגעבן:

— ווייַזט אויס, אַז די וואָס האָבן זיך אייַנגערעדט, אַז ס'איז „לית דין ולית דיין", האָבן אַ טעות געהאַט. די וועלט איז טאַקע נישט קיין קרעטשמע! אַלע אָנטייל־נעמער אין די אַקציעס האָבן באַקומען זייער באַצאָלונג און — אויך איך, אויך איך. — האָט ער אויסגעלאָזט מיט אַ פאַרשטיקטער שטים, ווי אַרויסגעקרעכצט, און איז שטיל געבליבן.

נאָך אַ ווייַל שווייַגן האָב איך זיך אויפגעשטעלט, אָבער ער האָט מיך פאַרהאַלטן:

— ס'איז נאָך געגוג פרי. סך־הכל אַרום נייַן אַ זייגער. וועלן מיר לכבוד דעם אָנקומענדיקן נייַעם יאָר מאַכן אַ לחיים.

נאָכן אויסטרינקען איז ער געוואָרן אַ ביסל פריילעכער. אויף דער ראַדיאָ־קאָנצערט האָט געהויבן אונדזער שטימונג. איך האָב אים דעמאָלט אַ פרעג געטאָן:

— גלייבט איר נישט מער אין סאָציאַליזם?

— פאַר וואָס מיינט איר אַזוי? מייַן גלייבן אינעם אמתן סאָציאַליזם האָב איך נישט פאַרלוירן אַפילו אין די שווערסטע מאָמענטן פון מייַן טראַגיש לעבן. ווי אַ מאָל איוב אין זייַן שווערסטער צייַט. צי קאָן מען אָבער פאַרגלייַכן דעם סאָציאַליזם, אין וועלכן איך גלייב, מיטן „סאָציאַ־ליזם", וועלכן מע „בויט" דאָ, און אין אַ טייל אַנדערע לענדער? ווי מיר ווייסן, זענען אַלע סאָציאַליסטיש־רעוואָלוציאָנערע באַוועגונגען, אָנהייבנדיק

פון אַנאַרכיסטן ביז קאָמוניסטן, און זייערע אידעאָלאָגן געווען (מיט קליינע אויסנאַמען) אַטעיִסטיש. זיי האָבן געגלייבט, אַז זיי שאַפן אַ נײַע „רעליגיע", וועלכע וועט ברענגען דער מענטשהייט גליק און פרידן. און מיט דער צײַט האָט מען ביי אונדז, קאָמוניסטן, פאַרוואַנדלט דעם סאָציִאַליזם אין אַ גלויבן, אַז די פירער זענען געטער, וואָס באַווײַזן נסים: מאַכן פון שטיינער ברויט און פון וואַסער — ווײַן. די פריִער געפריידיקטע ליבע פון מענטש צו מענטש האָט מען פאַרביטן אויף שנאה צו די נישט־גלייביקע, און ס'איז אַ מצווה אָט די אַפּיקורסים צו פאַרניכטן. פאַר די נײַע געטער, די געצן, האָט מען אויפגעשטעלט מאָנומענטן, און דער גלויבן איז געוואָרן אַ גלויבן אין טײַוול. אין זײַן דינסט איז געשטעלט געוואָרן די גאַנצע וויסנשאַפט, און אין נאָמען פונעם סאָציִאַליזם זענען אָפּגעטאָן געוואָרן די ערגסטע פאַרברעכנס קעגן מענטשלעכן מין. האָט היטלער, ימח־שמו, נאָכגעטאָן דעם בײַשפּיל און אונטערן שיינעם נאָמען „נאַציִאָנאַל סאָציִאַליזם" באַנײַט די מיטלאַלטערלעכע אינקוויזיציע צו פאַרניכטן פעלקער, און אין דער ערשטער ריי דאָס ייִדישע פאָלק. דאָס איז נוסח־היטלער. דער נוסח־סטאַלין וויל אונדז פאַרניכטן אויף אַן אַנדער אופן: דורך אַסימילאַציע. די אידעע פון אַ סאָציִאַליסטישער אָרדענונג איז אַרײַנגעפאַלן אין הענט, וואָס האָבן פון איר געמאַכט אַ פאַרטאַטשנע שטיקל אַרבעט, ווי... אַ גרויסער טייל בירגער בײַ אונדז מאַכן פון דער טאָג־טעגלעכער פּראָדוקציע... אונטער אונדזערע סאָוויעטישע הימלען וועלן זיך קיין מאָל נישט פּאַשען צוזאַמען אַ וואָלף מיט אַ שעפעלע...

פאַרטראַכט זיך אַ ווײַל, האָט ער פאָרגעזעצט:

— און איצט וועל איך זיך אומקערן צום אָנהייב פון אונדזער שמועס הײַנט. דיכטער זענען דאָס געוויסן און די לערער פונעם פאָלק. איך דערמאָן זיך די „ערשטע יאָרן", ווען מיר פלעגן דעקלאַמירן די סאָוויעטישע דיכטער, יעסעָנינען, מאַיאַקאָווסקין, פּרץ מאַרקישן. אָט מיט דעם — ווײַזט ער מיר אָן אויף באָריס פּאַסטערנאַקס אַ בוך — בין איך נאָענט באַקאַנט, הגם ער האַלט זיך נישט פאַר קיין ייִד. ער איז מיר גאָר נאָענט מיט זײַן מוט... אָבער צו דער טעמע פון ייִדישע דיכטער און

דיכטונג וויל איך זיך נישט צורירן. מײַן האַרץ ווייטיקט מיר צו שטאַרק אויף אַ טייל פון זיי. דאָס איז אַ טראַגיש מאַראַנען־קאַפּיטל. נאָך אין די יאָרן 1936—38 זענען עטלעכע פון זיי פאַרשוווּנדן. משה קולבאַק, מאַקס עריק און אַנדערע. אויך רוסישע און פּוילישע. קריטיקירן זיי האָבן מיר קיין רעכט נישט. ווי שטייט דאָרט: „אל תדון...״.

— איר האָט פריִער גערעדט וועגן דעם אַטעיִסטישן סאָציאַליזם,

— האָב איך גענומען אַ וואָרט, אויסנוצנדיק זײַן אַנטשוויגן ווערן, — דערמאָנען זיך מיר די רייד פון יוחנן מלמד אין פּרצעס „חסידישע געשיכטן״: „די גאַנצע וועלט איז סאַמע אמונה. נישטאָ קיין כּפירה. אויך דער כּופר גלייבט. נישט מער, נאָר יעדער האָט זיך זײַן רבין, זײַן אמונה, זײַן עבודה־זרהלע... און יעדער איז אַ חסיד, גלייבט אין זײַן רבין, אין זײַנע גדולי־הדור״.

— יאָ, כ׳דערמאָן זיך, כ׳האָב עס געלייענט. דאָרט דאַרף זײַן אַ שילדערונג, ווי אַ תלמיד האָט אים געפירט אין זײַן טאַטנס פאַבריק, ווו אַלע מאַשינען גייען אויף פּאַרע.

— איך קאָן אײַך ציטירן פון אויסנווייניק, וואָס יוחנן מלמד זאָגט דאָרט.

— אַדרבה, לאָמיר הערן.

— ...„מיר זענען אַרײַן אין פאַבריק — דורך אַ שמאָל פאָדער־הײַזל — ווו ביי יעדן וואַרשטאַט שטייט אַ פּועל און וואַרפט זיך מיטן וואַרשטאַט, און זיי זעען אויס ווי איין גוף, ווי איין חולה־נופל... די נשמה פון דעם גוף איז די פּאַרע, וועלכע רודערט עס מיט אַלעמען, מיט לעדערנע רימענס. אויסער דער פּאַרע האָט דאָ קיין גוף קיין אַנדער נשמה נישט. נישט דער פּועל, נישט דער וואַרשטאַט. זיי האָבן קיין נשמה נישט, קיין רצון נישט... איך שרעק מיך פאַר די קלאַפּנדיקע גולמס. די אויערן ווערן מיר טויב פון גערויש און קלאַפּעריי. אַ ים קולות, אַ מבול פון קלעפּ און שלעג. ער קראַצט, און רײַבט, און קריצט מיט די ציין... און אַן אומענדלעכע מחשבה פליט מיר דורכן מוח: ווען ס׳קומען אַהער, אין דעם גיהנום, די גרעסטע נביאים, ישעיה, ירמיה און משה רבנו אַליין, ווען זיי עפענען די מײַלער און זיי ווילן רעדן, צי

וואָלטן זיי איבערגעשריגן דאָס גיהנום? צי וואָלט זיי עמעצער פון די געפּײַניקטע נשמות געהערט? ניין, זיכער נישט! איך לויף אַרויס באַגאָסן מיט אַ קאַלטן שווייס פאַר שרעק. אין שמאָלן פּאָדערצימערל פרעג איך מײַן תּלמיד, פאַר וואָס איז דאָ אַזוי ענג (בײַם אַרויסגאַנג), אַז צוויי קאָנען נישט אַדורך צוזאַמען?

„דאָ רעווידירט מען די אַרבעטער" — ענטפערט ער.

„נאָך וואָס?"

„מע גנבעט פון פאַבריק..."

„גנבים זענען זיי?"

„ניין. נישט אַלע... דער טאַטע זאָגט, אַז מע קאָן נישט פאַרשעמען אַ טייל, רעווידירט מען אַלעמען, אַפילו די מײַסטערס אַליין..."

— אָט טאַקע אַזאַ פאַבריק בויט מען בײַ אונדז אין לאַנד, — האָט זיך אָנגערופן מיט אַ שמייכל יעקב דאַווידאָוויטש, — נישט קיין סאָציאַליזם...

— אָבער דאָרט ווײַטער, — האָב איך פאָרגעזעצט, — איז דאָ נאָך אַ זאַך, וואָס יוחנן מלמד זאָגט: „ווער עס האָט קיין מורא נישט פאַר לעבעדיקע, דער ציטערט פאַר טויטע...".

— אונדזערע אָבער זענען דערגאַנגען צו אַ העכער מדרגה, — האָט ער אויסגעלאָזט מיט אַ געלעכטער, — איז דאָ פאַרקערט...

ער האָט נאָך אַ מאָל אָנגעגאָסן די גלעזלעך און צוגעגעבן:

— סע גייט אַ נײַ יאָר פאַר דער וועלט און פאַר די סאָוויעטישע בירגער. זאָלן אויך מיר, ייִדן, געניסן פון אַ גוטער ברכה... איר ווייסט, אַז איר האָט דערמאָנט פּרצן, האָבן זיך מיר דערמאָנט זײַנע לידער. וואָס איך האָב אין די יוגנט־יאָרן ליב געהאַט צו דעקלאַמירן:

אָ, מײַן נישט די וועלט איז אַ קרעטשמע באַשאַפן...

— ס'איז הײַנט אפשר נאָך מער אַקטועל ווי אין אָנפאַנג פון הײַנטיקן יאָרהונדערט. אָבער צי דערגייען די ווערטער צו די, צו וועלכע זיי זענען געוואָנדן? „שקר", שטייט, אין לו רגליים", / אָבער אמת? ער האָט פיס! / פאָרט דער שקר אין קאַרעטן, און דער אמת גייט צו פוס". אָבער ווער קאָן עס הײַנט אונטערשיידן צווישן דעם שקרדיקן

„עמעס" און דעם אמתן, ווען דער שקר פליט שוין מיט מלאָכים־פליגל, און דער אמת פאָרט נאָך אַלץ, זאָל שוין זײַן, מיט דער באַן, אין וועלכן מע מוז רעדן שטילערהייט?...

זיך פאַרטראַכט אַ ווײַל, האָט ער פלוצעם אויפגעזונגען: „רבונו של עולם, נאָך וויפיל געליטן? / ווען וועסטו, רבונו של עולם, פאַרשיטן / דעם אָפּגרונט דעם טיפן?" און איז אַריבער אויף אַ צווייט ליד: „טרייסט מײַן פאָלק, עס דאַרף די טרייסט, / שטאַרקט דאָס האַרץ, מאַכט פעסט דעם גייסט, / זײַט נישט דער ווינט, וואָס לעשט די פלאַם, / נאָר בלאָזט זי אויף, ווײַל נאַכט איז סם". און דאָ האָט ער גענומען דעקלאַמירן די ווײַטערע סטראָפן: „עס האָט געלויכטן שוין נישט איין נאַכט, / עס האָט געזיגט שוין נישט איין שלאַכט. / און נישט געלאָזט די פאָן פון האַנט! / עס שטייט אַן אײַזן־פעסטע וואַנט / אין וויסטן, ווילד־פאַרקאָכטן ים..."

— ווען אַן אַנדער פאָלק, — האָט ער פאַרגעזעצט, — וואָלט אויסשטיין אַ צענטל פון די רדיפות, פּאָגראָמען, שחיטות און פאַרניכטונג אין קרעמאַטאָריעס, וואָלט שוין לאַנג פון אים קיין זכר נישט געבליבן, און ס׳זענען אויך דאָ צײַטן, ווען מע וויל אונדז אומברענגען מיט אַ מיתת־נשיקה. דעמאָלט הייבן אויף זיך בײַ אונדז ווינטן, וועלכע בלאָזן־אויף דעם פלאַם פון ייִדישקייט...

— און פון וואַנען וועלן זיך נעמען ווינטן פאַרן יונגן ייִדישן דור דאָ? — האָב איך אים אַ פרעג געטאָן.

— איך האָב אייך שוין געזאָגט: פון קרישקעלעך, פּיצעלעך און ברעקעלעך.

— „פון ברעקעלעך און שטויבעלעך — אַ מעכטיקע אַרמיי" — האָב איך אים איבערגעריסן — ווי אין אַ ליד, וואָס מיר, יונגע „פּועלי־ציוניסטן" אין פוילן פלעגן זינגען.

— ניין. קעגן דער היגער טעכניק און נאָכן איצטיקן חורבן קאָנען זיי נישט ווערן קיין מעכטיקע אַרמיי פאַר ייִדישקייט. אָבער איך צווייפל נישט, אַז מע וועט בײַ זיי נישט קאָנען אַזוי שנעל אויסלעשן די פונקען. זיי וועלן נאָך זיכער האָבן לאַנגע יאָרן דאָס אינערלעכע גליען.

— ווי מיינט איר וואָלט געווען די פּאָזיציע פון שלום־עליכמען און פּרצן דאָ, ווען זיי וואָלטן געלעבט?

— די זעלבע ווי פון אַנדערע יידישע שרייבער... ס'וועלן נאָך אַריבער אַ סך יאָרן, ביז מע וועט דאָ אויפהערן מורא האָבן פאַר לעבעדיקע. טויטערהייט מעג מען זיי אַפילו פאַרגעטערן...

די קרעמל־גלעקער האָבן אויסגעקלונגען צוועלף. ס'האָט זיך צע־טראָגן אין רוים דער סאָוויעטישער הימען:

„סאָיוז ניערושימי רעספּובליק סוואָבאָדניך
ספּלאָטילאַ נאַוויעקי וועליקאַיאַ רוס..."

יעקב דאַווידאָוויטש האָט זיך שמייכלענדיק אָנגערופן:

— מ'האָט אויסגעטוישט דעם אינטערנאַציאָנאַל אויפן נייעם הימען, וועלכער איז פּאַסיקער צו דער סטאַלינישער קאָנסטיטוציע... דער אינ־האַלט איז דאָך דער גרעסטער חוזק איבער די סאָוויעטישע פרייע רעפּוב־ליקן, וועלכע בילדן דאָס גרויסע רוסלאַנד... המם, ווען וועלן מיר, יידן, שוין קאָנען פריי אויפזינגען אונדזער יידישן הימען?

און ער האָט אָנגעהויבן זינגען:

* „כל עוד בלבב פנימה
נפש יהודי הומיה,
ולפאתי מזרח קדימה
עין לציון צופיה —
„עוד לא אבדה תקותנו,
התקוה הנושנה:
לשוב לארץ אבותינו,
לעיר בה דוד חנה".

---

* ווי לאַנג נאָך אינעם יידנס האַרצן
אַ לעצטער זעלנפונק נאָך טליט,
פון זיינע אויגן טוט נאָך שטאַרצן

# קאַפּיטל ניין און פופציק

יעקב דאַווידאָוויטש איז געקומען צום עשאַלאָן מיט מיר זיך צו געזעגענען. מיר האָבן שפּאַצירט לענג־אויס די וואַגאָנעס. מענטשן, איינ־געשפּאַנטע אין וועגעלעך אָדער מיט פּעקלעך אויף די אַקסלען האָבן געשטראָמט צו די וואַגאָנעס. ס'איז געווען אויף וואָס צו קוקן. אויף אַ נאָווינע האָט זיך צווישן זיי באַוויזן אַ וועגעלע געשפּאַנט צו אַן אייזל. דער ייִד, וואָס האָט אָנגעטריבן דאָס אייזל, האָט געוואָלט אַריבערפאָרן די ליניע צווישן די וואַגאָנעס, וואָס זענען געווען פונאַנדערגערוקט עטלעכע מעטער. פּלוצעם האָבן די וואַגאָנעס זיך אַ ריר געטאָן פון אָרט. די וואָרנענדיקע געוואַלד־געשרייען פון די מענטשן זענען צום לאָקאָמאָטיוו־פירער נישט דערגאַנגען. דער ייִד האָט שוין נישט באַוויזן דאָס וועגעלע אַריבערצושלעפּן. אויך דאָס אייזל איז געבליבן אונטער די וואַגאָן־רעדער.

— נאָך אַ נס וואָס ס'זענען נישט געווען קיין מענטשלעכע קרבנות, — האָט זיך אָנגערופן יעקב דאַווידאָוויטש. — אַזאַ נאַכלעסיקייט! מע האָט דאָך אַפילו נישט צו וויסן געגעבן מיט אַ פּייַף, אַז דער לאָקאָ־מאָטיוו הייבט אָן צונויפשטופן די וואַגאָנעס.

דער געטראָפענער ייִד איז געשטאַנען און געוויינט:

— קוים אויסגעבעטן אין אַרטעל דאָס אייזל אויף עטלעכע שעה. וואָס וועל איך איצטער טאָן?

וואָס האָבן מיר אים געקאָנט העלפן? מיט וואָס טרייסטן. מיר האָבן זיך דערווייַטערט פונעם אָרט.

---

אַ בליק וואָס זיך קיין ציון ציט, —
איז אונדזער האָפענונג נישט פאַרלוירן,
די האָפענונג פון לאַנגאָנסטער צייט:
אין אָבות־לאַנד זיך אומצוקערן,
אין דודס שטאָט, אין פּראַכט באַנייט.

איבערזעצט פון ל. אָליצקי

— נו, ווי האָט איר זיך דאָ אײַנגעאָרדנט? — האָט יעקב דאַוויד־דאָוויטש גענומען מיך פאַררעדן.

— נישט שלעכט. באַקומען די מאַשין פון וואָיעוואָדשאַפט, האָב איך מיטגענומען דאָס אײַזערנע בעט און די צוויי קינדערבעטלעך. וועלן מיר אויף זיי האָבן אונדזער ווינפּלאַץ — בעסער ווי אויף די ברעטער. ס׳וועט אונדז אויך זײַן וואַרעם. דאָס אײוועלע אין מיטן וואַגאָן און די נײַע פּופּייקעס און ווויליקעס, מיט וועלכע אונדזער משפּחה איז באַקליידט, וועט די קעלט נישט צולאָזן. וואָס שייך עסנוואַרג, האָבן מיר אָנגעגרייט אַ זאַפּאַס סוכאַרעס.

— און אײַער מאַרשרוט איז אײַך שוין באַוווּסט? אויב איר וועט פאָרן דורך מאָסקווע און האָבן דאָרט געניג צײַט, וואָלט נישט שאַטן איר זאָלט באַזוכן דעם לענין־מאַווזאָליי און אַנדערע מערקווירדיקייטן.

— איר רעדט וועגן מאָסקווע, און אונדזערע פּעסימיסטן שמועסן גאָר, אַז אונדזער מאַרשרוט פירט אויף צפון־מזרח...

— און איר גלייבט דערין?

— דאָס מאָל — נישט, ווײַל מיר פאָרן איצט אין שליחות, אַלס פּוילישע פּאַטריאָטן, צו בויען אַ דעמאָקראַטיש פּוילן...

— פון דעסטוועגן... — האָט ער מיט אַ שמייכל זיך אַ רייץ געטאָן מיט מיר, — שפּירט איר אַן אינערלעכן ציטער: אפשר... זענען זיי גערעכט, די פּעסימיסטן...

— פון וואַנען דרינגט איר דאָס?

— פאַר אַ פּסיכאָלאָג זענען אָפט גענוג קליינע סימנים אויף צו שטעלן אַ ריכטיקן דיאַגנאָז. און דאָס מאָל זענען די סימנים דווקא נישט קיין קליינע. — האָט ער זיך פונאַנדערגעלאַכט. — די ווויליקעס, וואַטענע לײַבלעך און די סוכאַרעס זענען נישט פּאַסיק פאַר פּוילן.

— באמת, ס׳איז מיר גאָרנישט אײַנגעפאַלן צו טראַכטן וועגן דעם.

— וועגן אַזעלכע זאַכן טראַכט מען נישט. דאָס האָט אײַך דער אונטערבאַוווּסטזײַן אַרײַנגעשעפּטשעט: „אפשר... אפש...ש...ר טאַקע סיביר".

— מעגלעך, אַז איר זענט גערעכט. אָבער געטאָן האָב איך עס לויט אַ צוואה פון אַן אַלטן ליטוואַק.

— טשיקאָווע — האָט ער געשמייכלט — דערציילט.

— אַ ליטוואַק האָט צוגערופן צו זײַן בעט זײַן בן־יחיד און אים געזאָגט: „הער אויס, מײַן זון, איך גיי אין קורצן פון דער וועלט און וועל שוין צו ביאת־המשיח נישט דערלעבן. אָבער דו ביסט נאָך יונג, וועסטו זיכער משיחן דערלעבן. געדענק זשע מײַן צוואה: אַז משיח וועט קומען, וועלן אַלע פעלקער אויפגיין קיין ארץ־ישראל. די גויים וועלן גיין אויף אַן אײַזערנער בריק און אַראָפּפאַלן, די ייִדן — אויף אַ פּאַפּירענער און נישט אַראָפּפאַלן...״ — און דאָ האָט ער צוגעגעבן מיט אַ שטילער שטים: „פון דעסטוועגן, מײַן זון, זאָג איך דיר אָן, זאָלסט גיין מיט דער אײַזערנער בריק...״

— אַזאַ צוואה, — האָט שוין ערנסטער אַ זאָג געטאָן יעקב דאַ־ווידאָוויטש, — מעגט איר אויספירן. בפרט בײַם אַרויסגיין פונעם היגן גלות. און... ס׳קאָן דאָך זײַן, אַז דער איצטיקער מאַרשרוט זאָל דערפירן קיין ארץ־ישראל.

— נאָר איך האָב נאָך, — האָב איך צוגעגעבן, — אַ באַזונדערן תירוץ פאַר די סוכאַרעס. אויב די פליטים פון ערשטן וועלטקריג האָבן, צוריקקערנדיק קיין פוילן פונעם דעמאָלטיקן הונגעריקן רוסלאַנד, מיט־געבראַכט סוכאַרעס, פאַר וואָס זאָלן מיר עס נישט טאָן הײַנט, ווען „פוילן ליגט אין חורבות״? ס׳איז דאָרט, דערציילט מען, אַ הונגער און אַ מאַנגל אין קליידונג. מיר זאָלן זיך נאָר נישט געפינען אין דער לאַגע פון דוד באָרנשטיין. כ׳האָב אײַך אַנומלט דערציילט וועגן אים, דעם סנדק פון מײַן עלטערן זון.

— וואָס האָט מיט אים פּאַסירט?

— ווען ער האָט זיך ווי אַ פּליט אומגעקערט פון רוסלאַנד קיין פוילן אין זײַן היימשטאָט ראָדעם, האָט ער אויף דער באַנסטאַנציע צוגערופן אַ פּויליש ייִנגל, וואָס האָט געוואַרט מיט אַ האַנטוועגעלע צו באַדינען די פּאַסאַזשירן. כדי אים צוצוגעבן חשק, האָט ער אַרויסגע־נומען פון אַ זעקל עטלעכע סוכאַרעס און זיי אים באַוויזן, ס׳הייסט: אָט מיט וואָס איך וועל דיר באַצאָלן! נאָר דאָס ייִנגל האָט אויסגעבראָכן מיט אַ געלעכטער: „זשיד זוואַריאָוואַל״, ס׳הייסט, דער ייִד איז פון זינען

אַראָפּ, האָט אַרויסגענומען פון דער טאָרבע אַ ווײַסע פרישע בולקע, זי איבערגעבראָכן אויף דער העלפט און איין העלפט געשטעקט אים אין האַנט אַרײַן: „נאַ, עס!...” און דוד באָרנשטיין איז געבליבן שטיין אַ פאַר־שעמטער. אָבער איך גלייב, אַז נאָכן איצטיקן חורבן־פּוילן וועט אונדז נישט אויסקומען זיך צו שעמען מיט די געבראַכטע סוכאַרעס.

— אינטערעסאַנט, — האָט זיך אָנגערופן יעקב דאַווידאָוויטש, איר זענט דאָ געווען סך־הכּל עטלעכע יאָר און איר האָט זיך שוין אַזוי צוגעוווינט צו די סוכאַרעס, אַז איר קאָנט זיך שוין נישט שיידן מיט זיי. מיר לעבן מיט זיי שוין כּמעט דרייסיק יאָר...

— הלוואַי וואָלטן מיר געוווּסט דעם סוד וועגן זיי, ווען מיר זענען געקומען אַהער אין יאָר 1941, וואָלטן מיר זיך נישט געווען געפּייניקט אין אַזוי פיל נסים, כּדי נישט צו שטאַרבן פון הונגער. מיר האָבן אין סאַרני צוגעגרייט ווײַסע סוכאַרעס אַלס דיעטע פאַר מײַן פרוי, אָבער סוכאַרעס פון שוואַרץ ברויט?!

— יאָ, ראַטעווען פון אַ הונגערטויט קאָנען זיי טאַקע. אָבער — קיין טעם דעם לעבן, ווי אַ פרישע ווײַסע בולקע, גיבן זיי נישט... בפרט אַז ס'רוב ווערן זיי געטריקנט פון נישט־דערבאַקטן, קלעפּעדיקן ברויט... אַזוי ווי דאָס גאַנצע לעבן דאָ. און פון דעסטוועגן שטעקט אין זיי אַ גרויסער סוד. און אונדזערע פירער ווייסן עס.

— למשל?

— „אם אין קמח אין תורה”. אַ באַפעלקערונג, וואָס מוז זאָרגן אַז אין שטוב זאָלן תּמיד זײַן גרייט סוכאַרעס, פאַרנעמט זיך נישט מיט פּאָליטיק, אַזאַ האָט שוין פאַרלוירן דעם ווילן צו קעמפן פאַר אַ בעסער לעבן.

— איך מיין אָבער, אַז די באַפעלקערונג דאָ פילט זיך זיכערער מיטן זאַפּאַס סוכאַרעס, איידער די באַפעלקערונג אין די קאַפּיטאַליסטישע לענדער מיטן אָפּשפּאָר־ביכל פון דער באַנק.

— מעגלעך. אָבער אויך דאָס איז נישט שטענדיק אַ זיכערע אינוועסטיציע...

— זאָגט מיר, איך בעט אײַך, צי קאָן טאַקע אַזאַ לאַנד נישט

באַשפּײַזן איר באַפעלקערונג, נישט אָנקומענדיק צו סוכאַרעס? פלעגט דאָך דאָס צאַרישע רוסלאַנד נאָך פאַרקויפן תבואה?

— לויט ווי איר האָט מיר דערציילט האָבן מיר דאָך אויך אין 1933 פאַרקויפט...

— דאָס איז אפשר געווען אויף צו להכעיס דער באַפעלקערונג.

— אָט אין דעם גייט עס טאַקע. דאָ באַדאַרף מען, אַז די באַפעלקערונג זאָל זיך אַ ביסעלע בונטעווען. דעמאָלט איז דאָ מיט וועמען אויסצופילן דעם פינפיאָרפּלאַן אין סיביר... אָבער דאָס פאָלק בונטעוועט זיך שוין נישט מער. איין מאָל נאָר, אין יאָר 1917, האָט עס גענומען זײַן גורל אין די אייגענע הענט. מער וועט עס דאָס נישט טאָן. קעגן צאַר האָט מען געמעגט. אָבער קעגן אַן „אייגענער אַרבעטער־רעגירונג", ווייסט עס, אַז מע טאָר נישט... רימט מען די קלוגע פּאָליטיק פונעם פירער און מע פאַרלאָזט זיך אויף אים אין גאַנצן. דאָס פאָלק טראָגט מער נישט קיין אחריות, און יעדער קאָן זיך זאָגן מיט אַ לײַכט האַרץ: „יאַ מאַליענקי טשעלאָוויעק"; „אַ יאַ זדיעס ניע פּריטשאָם"; „מאָיאָ דיעלאָ מאַליענקאיע"*.

אַזוי איז דאָס לאַנד פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ רעטעניש. פון איין זײַט — נויט, הונגער, פּײַן, און פון דער צווייטער — אַ סך ימים־טובים, פּײַערלעכקייטן, ריזיקע פריידיקע פאָלקס־דעמאָנסטראַציעס; ריזיקע רעגירונגס־געביידעס און מאָנומענטן. וואָס איז דאָ באַרימערײַ, פּראָפּאַגאַנדע, און וואָס ווירקלעכקייט? די קאַפּיטאַליסטישע וועלט וועט זיך נאָך נישט איין מאָל מאַטערן בײַם פּרווון טרעפן: אויף וועלכע וועגן וועט ווײַטער גיין דאָס גרויסע, מעכטיקע רוסלאַנד?

— אויך די ייִדישע וועלט וועט שטיין פאַרבליפט פאַר דער אָ רעטעניש. איר ווייסט? קיינער אין פּוילן וועט מיר נישט גלייבן, ווען איך וועל דערציילן אײַערע רייד.

— פאַר וואָס מיינט איר אַזוי?

— ווײַל אויב די ייִדן אויף די ראַנדגעביטן האָבן נישט געגלייבט

* איך בין נישט מער ווי אַ קליין מענטשעלע. וואָס פאַר אַ שייכות האָט דאָס צו מיר. איך האָב דערין אַ קנאַפּן אינטערעס.

אין די יאָרן 1939—41 וועגן די היטלער־רציחות אין אונדזערע געגנטן, ווי וועלן זיי גלייבן אַזעלעכס וועגן ראַטנפאַרבאַנד? באַזונדערס וועט נישט גלייבן די יידישע אַרבעטערשאַפט, וועלכע פלעגט זינגען: „פאָלק פון אַרבעט, שיצט די ראַטן, / וועלכע בויען די וועלט פון נייעם גליק, / און ווען עס צילן אַהין האַרמאַטן, / האָבן מיר נאָך בלוט גענוג".

— איך האָב דאָס ליד נישט געהערט.

— מע האָט עס געזונגען נאָך אין די דרייסיקער יאָרן. איצט שטעלט איך פאָר, ווי איך וועל אויסקוקן ביים פאָלק פון אַרבעט. מע וועט דאָך מיך אַרויסטרייבן, ווי אַ דיבוק, מיט שופרות.

— אפשר זענט איר גערעכט. ס'זענען דאָ אַ סך וואָס בלאָנדזשען.

מיר זענען צוגעקומען נאָענט צו אונדזער וואַגאָן. אין דרויסן האָט שוין אָנגעהויבן טונקל ווערן. אָבער גיטעלע האָט זיך נאָך דאָ געשפּילט, נישט געקוקט אויפן פראָסט.

— איך וויל איך נאָך דערציילן איינע אַ פּאַסירונג מיט דעם מיידעלע, — האָב איך אַ זאָג געטאָן, — סע האָט אַ צוזאַמענהאַנג מיט אונדזער איצטיקן שמועס.

— איך בין גרייט צו הערן.

— דאָס איז געשען אין סאַרנע. בערך אַ וואָך פאַרן קריגאויס־ברוך, אין מיטן יוני 1941. געקומען אַהיים מיטיק עסן, האָב איך געטראָפן מיין פרוי אין דרויסן. שוין פון דער ווייטנס האָב איך דערקענט, אַז עפּעס איז געשען. אַ פאַרטרויערטע האָט זי מיר אַ זאָג געטאָן:

„גיטעלע איז שוין עטלעכע שעה נישטאָ. איך ווייס שוין גאָרנישט, ווו זי צו זוכן. זי האָט זיך געשפּילט דאָ אויף דער גאַס מיט די קינדער און איז פאַרשוווּנדן". אין דעם מאָמענט האָט אָנגעהויבן גיסן אַ רעגן. אָבער מיר האָבן ווייטער זי אַרומגעזוכט איבער די גאַסן. אומזיסט. „אפשר איז זי אַוועק לינקס?" האָב איך אַ פרעג געטאָן מיין פרוי. „אפשר". די גאַס האָט זיך געענדיקט, און אַ וועג האָט געפירט אין אַ דאָרף אַריין. מיר האָבן זיך געפרעגט ביי יעדן באַגעגנטן. ביז איינער אַן אוקראַינער האָט אונדז אַ זאָג געטאָן: „קומט מיט מיר. זעט, וואָס פאַר אַ וועג דאָס קינד איז אַריבער" — האָט ער מיר אָנגעוויזן אויף אַ ברעט איבער

אַ ראָוו פול מיט וואַסער. מיר זענען אים לאַנג נאָכגעגאַנגען און האָבן שוין אָנגעהויבן אים חושד זײַן: ווי איז עס מעגלעך, אַז אַזאַ קינד זאָל אַוועק פון דער היים העכער דרײַ קילאָמעטער? ענדלעך האָבן מיר זי דערזען אַרויסקוקן פון אַ פענצטער. ווען מיר זענען צוגעקומען נענטער, האָט זי אויסגעשריגן מיט תרעומות און געוויין: „ווו זענט איר געווען?"...

— יאָ, — האָט יעקב דאַווידאָוויטש צוגעגעבן, — נישט נאָר קינדער, נאָר אויך דערוואַקסענע בלאָנדזשען אויף רעכטס און אויף לינקס און באַשולדיקן אַ צווייטן. הלוואי, — האָט ער אַ זאָג געטאָן, — זאָלן די פעלקער האָבן עפּעס געלערנט פונעם גרויסן יידישן חורבן און אָנערקענען די רעכט פונעם יידישן פאָלק אויף אַן אייגענער היים. וועט עס אויך פאַר אונדז זײַן כאָטש אַ ווײַטער שטראַל, וועלכער וועט אונדז וואַרעמען און געבן אַ ביסל האָפענונג אין אונדזער היגן גלות־לעבן.

— בלויז האָפענונג?

— דערווײַל איז נאָך נישטאָ דער נײַער משה רבנו, וואָס זאָל זיך קאָנען אַן עצה געבן מיט אונדזער פּרעה.

— איך האָב נאָך אַ ביטע צו אײַך, יעקב דאַווידאָוויטש, — האָב איך אַ זאָג געטאָן ביים געזעגענען זיך, — איידער מיר שיידן זיך מעגלעך אויף שטענדיק.

— לאָמיר הערן.

— אין קינדערהיים איז געבליבן אַן עלנט יידיש מיידעלע. זי איז שוין איצט מסתם אַ קײַלעכיקע יתומה. וועגן איר מוטער האָב איך אײַך געהאַט עטוואָס דערציילט. מיר פלעגן שטילן אַ ביסל איר הונגער. איז מײַן ביטע: אפשר וועט איר קאָנען אונדז צײַטנווײַז פאַרטרעטן?

— איך אַליין וועל דאָס צוליב אַ סך טעמים נישט קאָנען טאָן. חוץ דעם פאַר איך אין גיכן אַרויס פון דאַנען. נאָר איך זאָג אײַך צו, זיך צו פאַרשטענדיקן וועגן דעם מיט אַ יידישער פאַמיליע.

מיר האָבן זיך צעזעגנט און צעקושט.

די רייד זענען עס געגאַנגען וועגן עטעלען. ווען זי איז געקומען צו אונדז, מיט עפּעס צו שטילן איר הונגער און דערזען די פאַרפאַקטע

זאַכן און אונדז גרייטע צום אַוועקפאָרן, האָט זי זיך מיט טרערן אין די אויגן געזעגנט מיט אונדז.

— עטעלע, — האָבן מיר זי געטרייסט, — אפשר וועט נאָך דײַן טאַטע קומען פון פראָנט... נאָר זײַ ווי זאָלסטו כאָטש געדענקען, אַז דו ביסט אַ ייִדיש קינד.

— יאָ.

— געדענקסטו דאָס וויגליד, וואָס דײַן מאַמע, עליה־השלום, פלעגט דיר זינגען?

— יאָ.

— זינג עס, עטעלע. לאָמיר עס הערן אַ לעצט מאָל.

און זי האָט מיט איר קינדעריש שטימעלע אויפגעזונגען דאָס האַרציקע לידל:

„שפּי דיטיאַטקאָ מאָיאָ דאָראָגאָיע. פּאָסקאָרעי אושני,
יאַ טעביאַ פּאָקאַ ניעמנאָזשקאָ ראַזקאַזשו קטאָ טי... —"

און אָט טראָגט אונדז שוין דער צוג ווײַט־ווײַט פון עטעלען. מיר זענען שוין ווײַט אַרויס איבער די פאַרשנייטע וועגן פון גרויסן רוסלאַנד. אוראַלסק. טאַמבאָוו. מיר דערנענטערן זיך צו די אוקראַיִנישע פעלדער, וועלכע האָבן שוין גענומען גרינען. און אין די אויערן האָט נאָך אַלץ געזונגען דאָס קינדישע שטימעלע:

„שפּי דיטיאַטקאָ מאָיאָ דאָראָגאָיע, אושני פּאָסקאָרעי,
פּאָטערפּי יעשטשע ניעמנאָזשקאָ, פּאָטאָמו טשטאָ טי יעוורעי..."

און די באַנרעדער האָבן מיט זייער קלאַפּערײַ צוגעזונגען צום טאַקט:

„שפּי דיטיאַטקאָ מאָיאָ דאָראָגאָיע, אושני פּאָסקאָרעי,
יעסלי בודיעט גאָריע טשערעז מיערו, דאָ קאָנצאַ סטראַדאַי..."
שלאָף, מיין קינד, מיין טייערס, שלאָף שוין איין געשווינד,
הער דו ביסט איך װעל דערציילן דיר אַצינד.
שנעל שלאָף איין, מיין קינד, צום ניגון פון מיין ליד,

נאָך אַ ביסל לייד, ווייל דו ביסט אַ ייד.
שלאָף, מיין קינד, און אין זכרון קריץ עס איין:
ביזן סוף געדולדיק — שטאָלץ דערטראָג די פיין.

איבערז. ל. אָליצקי

— — — — — — — — — —

מיר זענען אָנגעקומען קיין סאַרנע. דער עשאַלאָן וועט דאָ שטיין עטלעכע שעה. מע קאָן אַרויסגיין אין דרויסן געניסן אַ ביסל פרישע לופט. סע שמעקן די פרילינגס־ריחות. די קנאָספּן אויף דיביימער האָבן זיך שוין צעעפנט. אָבער צוזאַמען מיט די דופטנדיקע ריחות שפירט זיך אויך אַ ריח פון אָפּגעברענטע הײַזער. מיט אַ קלאַפּעדיק האַרץ בין איך צוגעקומען צו דער געגנט, וווּ מיר האָבן צוריק מיט פינף־זעקס יאָר געוווינט. פון גאַנצן קוואַרטאַל זענען דאָ געבליבן בלויז חורבות און האַלאָוועשקעס. ווי אַ זכר־לחורבן שטייט אַן איינציק הײַזל פון אַ באַקאַנטער קריסטלעכער פאַמיליע. איך האָב אָנגעקלאַפּט אין דער טיר. די באַלע־באָסטע, אַ געעלטערטע, האָט מיך דערקענט...

— ניין. נישט געבליבן קיינער פון אײַערע... אַלע געפינען זיך דאָרטן. — האָט זי מיר אָנגעוויזן אויף דער געגנט, וווּ ס׳געפינט זיך דער ברודער־קבר פון בערך פערצן טויזנט סאַרנער קדושים.

אויף צו גיין אַהין איז שוין שפּעט געווען. בין איך דאָ שטיין געבליבן צווישן די חורבות, און בילדער פון דער נישט־ווײַטער פאַר־גאַנגענהייט זענען פאַר מיר פאַרבײַגעשוווּמען, באַגלייט פון מחשבות... אָט דאָ האָסטו געוווינט, מײַן טײַערער פרײַנט שלמה. האָסט דעמאָלט געוואָלט מיטגיין מיט אונדז, הגם אַן אינוואַליד, אָנגעשפּאַרט אויף אַ שטעקן. האָסט געהאַט צו מיר צוטרוי, אַז איך בין נישט קיין פּאַניק־מאַכער. אָבער דײַן פרוי האָט אין דער לעצטער מינוט חרטה געהאַט: „ניין! — האָט זי אויסגעשריגן — איך קאָן זיך נישט צעשיידן מיט מײַן בעט. איך וויל זיך נישט אַרומבלאָנקען ווי אַ בעזשענעץ מיט מײַן קינד...” ווו זענט איר, יונגע־לײַט, וועלכע האָבן מיך געזידלט אויפן וועג קיין

קלעסאָוו, פאַר וואָס איך „שלעפּ"־מיט מײַן פרוי און די קינדער: „האָסט מורא אַז דער דײַטש וועט זיי דיר אויפעסן?"...

מײַנע ליפּן האָבן געמורמלט: „יתגדל ויתקדש...", און איך האָב מיט אַ געבויגענעם קאָפּ פאַרלאָזט דעם פּלאַץ.

— — — — — — — — — —

דער צוג איז שטיין געבליבן.

— די גרענעץ! — האָט עמעץ אויסגערופן.

דער עולם איז געשפּאַנט: מע דאַרף אָפּגעבן „איבעריקע צײַרונג", אויסטוישן דאָס רוסישע געלט. אויך איך בין געשפּאַנט. מע הייסט אָפּגעבן אויך ביכער. מע טאָר נישט אַרויספירן קיין שום ליטעראַטור אָן אַ דערלויבעניש. אָבער דאָס מאָל האָב איך זיך דערוועגט אויף קאָנטראַ־באַנדע. ס'איז מיר אַ שאָד געווען זיך שיידן מיט מײַן דערוואָרבן ביבליאָ־טעקל פון די בעסטע רוסישע און ייִדיש־סאָוועטישע ביכער. איך האָב זיי פאַררוקט אונטערן בעט און צוגעדעקט מיט שמאַטעס. בלויז צוויי באַקאַנטע ביכער האָב איך באַשלאָסן צו לעגאַליזירן. בעת דער קאָנטראָל האָב איך זיך געוואָנדן צו דער אַרײַנגעקומענער גרענעצוואַך:

— דערלויבט מיר מיטצונעמען אָט די צוויי ביכער.

זיי האָבן זיך צווישן זיך באַראָטן, און ס'איז געפאַלן זייער באַשלוס:

— וואַנדאַ וואַשילעווסקיס „ראַדוגאַ"* דערלויבן מיר דיר. דאָס צווייטע — נישט!

— אָבער פאַר וואָס?

—מיר וויסן נישט וואָס פאַר אַ בוך דאָס איז. ווער ווייסט וואָס דערין איז געשריבן.

— איר קענט נישט אַלעקסאַנדער בעקס בוך וועגן די פּאַנפי־לאָווצעס? „וואָלאָקאָלאַמער שאָסיי?"

אָבער זיי זענען שוין געווען אַוועקגעגאַנגען מיטן בוך.

און אָט זענען מיר שוין אויף דער צווייטער זײַט גרענעץ. פון די

* „רעגנבויגן".

ווענט פון וואָקזאַל שײַנען אַראָפּ די בילדער פון די פירער פון נײַעם פוילן.

אין דער פרי האָבן אונדז ייִדן מקבל־פּנים געווען מיט פּעקלעך מצות. ס׳איז געווען דער ערשטער טאָג פּסח.

אונדזער עשאַלאָן האָט מען „אויסגעלאָדנט" אין קלאָדזק — אַ מאָל: גלאַדז" — אין נידערשלעזיע.

— — — — — — — — — — —

ווי אַנדערש קוקט אויס דאָס נײַע פוילן! בפרט נאָך די נײַ־צוגעקומענע געביטן פון נידערשלעזיע. אין דעם פוילן זענען שוין פאַראַנען פאַרטרעטערס פון די ייִדישע פּרנסות ביז דער מלחמה. ס׳קומען אַראָפּ אַהער פּוילישע הענדלער און הענדלערקעס פון גאַנצן לאַנד. זיי באַווײַזן, אַז זיי קאָנען פירן האַנדל בעסער ווי אַ מאָל ייִדן. האַנדלען אײַן בײַ די פרישגעקומענע וועש און קליידער פאַר גראָשנס. דער עיקר בײַ די וועלכע קלײַבן זיך אַריבערצוגיין די גרענעץ און דאַרפן פּטור ווערן פון איבעריקן באַגאַזש. מע פאַרקויפט אַלץ בזיל־הזול. טייל מאָל טרעפט, אַז נאָכן אָפּשטיין מיטן טשעמאָדאַן אַ לאַנגע צײַט אומזיסט, לאָזט אים דער אייגנטימער אויף הפקר — אָפּלייגן צוליב אים דעם ווײַטערן וועג לוינט זיך נישט.

אויך מיר האָבן זיך באַמיט פּטור צו ווערן פון אונדזער פאַרגרייטער קליידונג, ווינטערדיקע און זומערדיקע. די מיטגעבראַכטע סוכאַרעס זענען געלעגן פאַרוואָרפן און פאַרשעמט, ביז מיר האָבן זיי צוזאַמען מיט אַנדערע „אומנייטיקע" זאַכן פאַרברענט אין אויוון. בײַ נאַכט פלעג איך זען אין מײַנע חלומות מײַן פרײַנט יעקב דאַווידאָוויטש און אים דערציילן וועגן דעם פונאַנדערפאַל פון מײַנע "אײַזערנע בריקן". אויך אײַנטענהן מיט אים, אַז זײַנע טעאָריעס וועגן ראַטנפאַרבאַנד און די ייִדן דאָרט זענען נישט קיין ריכטיקע...

דער רום פון ראַטנפאַרבאַנד אַלס רעטער פונעם ייִדישן פאָלק און דער שארית־הפליטה שמט איבער דער גאַנצער ייִדישער וועלט... אויך אינעם יידישן ישוב אין ארץ־ישראל. קריגסצײַט איז דאָרט געשאַפן

געוואָרן אַ פאַרבאַנד א. נ. „ווי״, צו הילף דער רומפולער רויטער אַרמיי. קיינער דערוועגט זיך נישט צו קריטיקירן דעם ראַטנפאַרבאַנד. די געוועזענע יידישע קאָמוניסטן פון פוילן, וועלכע האָבן זיך דאָרט אַנטוישט, זענען דאָ, נאָכן צוריקקומען, ווידער געוואָרן זייַנע געטרייַע אָנהענגער. זיי פירן אַ קאַמף פאַר פראָדוקטיוויזירן אונדזער שארית־הפליטה אין דעם נייַעם סאָציאַליסטישן פוילן, באַקעמפנדיק די ציוניסטן מכל־המינים, וועלכע שאַפן דאָ הכשרה־קיבוצים און אַגיטירן די יידן צו פאָרן קיין ארץ־ישראל.

איין מאָל אין אַ נאָכמיטאָג, גייענדיק אין גאַס, האָב איך דערהערט אַן אויסגעשריי:

— האַ! ווען זע איך דאָס?! פון וואַנען קומסטו דאָ?

— איך? פון ראַטנפאַרבאַנד מיט מיין פרוי און קינדער. און דו, שמואלקע?

— פון בוכענוואַלד און אוישוויץ. נאָך מייַן קעמפן אין דער אינטערנאַציאָנאַלער בריגאַדע אין שפאַניע, וועלכע האָט געלייגט דאָס געווער אין פראַנקרייך, האָב איך זיך דאָרט כסדר געפונען אין אַ לאַגער. פון דאָרט האָט מיך די ווישי־רעגירונג אויסגעליפערט מיט נאָך חברים צו היטלערן.

ער האָט מיר געוויזן גרויל־בילדער פון דאָרטן און דערציילט וועגן נאָך באַקאַנטע, וועלכע האָבן זיך דאָרט געפונען. דאָ האָט זיך מיט אַ שטאַרקער שנעלקייט פאַרבייַגעטראָגן אַ קליינער אויטאָ און, אָפּפאָרנדיק אַ קליינע שטרעקע, זיך ראַפּטעם פאַרהאַלטן. ס׳איז פון אים אַרויס אַ יונגער־מאַן און אונדז מיט צייכנס צוגערופן. צוגעקומען נעענטער, האָט אים שמואלקע דערקענט. זיי זענען זיך געפאַלן אין די אָרעמס און האָבן זיך צעקושט.

— אַ חבר פון דער בריגאַדע און פון בוכענוואַלד. — האָט שמואלקע אים פאַר מיר פאָרגעשטעלט.

— ווער איז ער? — האָט אים יענער אַ פרעג געטאָן אויף מיר!

— אַ חבר פון פולטוסק.

— קומט מיט. — האָט ער אונדז פאַרבעטן אין אויטאָ אַריין.

זענען מיר אַריַין, און דער אויטאָ האָט זיך אַ טראָג געטאָן. מיר זענען אַריַינגעפאָרן אין אַ טויער, וועלכן ס׳האָבן געעפנט פאַר אונדז צוויי באַוואָפנטע סאָלדאַטן. מיר זענען געווען אין „אובע״ (זיכערהייטס פאָליציי), ווו דער יונגער־מאַן, אַ פּאָליאַק, איז דער נאַטשאַלניק.

נאָכן אויסטרינקען און פאַרבײַסן האָבן זיך די חברים אָפּגעזונדערט פון מיר און געפירט אַ שמועס.

— ווייסט וואָס פאַר אַ פאָרשלאָג דער חבר האָט מיר געמאַכט?

— האָט ער מיר שפּעטער דערציילט. — ער דאַרף האָבן ייִדישע איני־פאָרמאַטאָרן. זאָל איך וועגן דעם מיט דיר איבעררעדן. דו געפעלסט אים...

— און וואָס האָסטו אים דערויף געזאָגט?

— אַז מע קאָן דיר נישט געטרויען, ווײַל ביסט אַ ציוניסט.

— אַ דאַנק דיר...

— — — — — — — — — —

מיין האַרץ און געוויסן האָבן מיר נישט דערלאָזט זיך איינצו־קוואַרטירן אין איינער פון די דורך די דײַטשן פאַרלאָזטע דירות, וועלכע מ׳האָט געקאָנט באַקומען צוזאַמען מיטן מעבל, בעטגעוואַנט און קיך־כלים. ס׳איז מיר געווען מוקצה מחמת מיאוס. האָב איך זיך אָפּגעזוכט ליידיקע צימערן קעגנאיבער דעם וואַקאָפּונקט, געשאַפן אַ ביסל מעבל פון אַ סקלאַד און זיך אײַנגעקוואַרטירט אויף דערווײַל. צו שוואַרצן די גרענעץ, ווי אַנדערע, איז פאַר אונדז געווען שווערלעך, ווײַל ס׳וואָלט אויסגעקומען צו טראָגן בײַ נאַכט די דרײַ שלאָפנדיקע קינדער, און ס׳האָבן אונדז אָפּגעשראָקן די גרוילבילדער, ווי מע פירט אַרעסטירטע, די בײַ דער גרענעץ געכאַפּטע ייִדן. פּאַרטיעסווײַז פלעגן זיי געפירט ווערן פאַרבײַ אונדזער פענצטער, צעשראָקענע און דערשלאָגענע. מיר האָבן געמוזט וואַרטן אויף אַ גוטער געלעגנהייט.

ענדלעך האָבן מיר זיך דערוואַרט. די פּוילישע רעגירונג האָט דערלויבט די בײַ דער גרענעץ אָנגעזאַמלטע פּליטים אַריבערצוגיין קיין טשעכיע. זענען מיר צוזאַמען מיט דעם געשאַפענעם קיבוץ אַריבער אַהין.

דער טאָג איז אויסגעפאַלן אום תשעה באָב, תש״ו. אָט דער תשעה־באָב־טאָג איז פאַר אונדז געווען אַ טאָג פון פרייד: מיר זענען אויפן וועג קיין ארץ־ישראל!

## נאָכוואָרט

אין יאָר 1962 איז פון קאַנאַדע געקומען קיין ישראל אַלס טוריסט יקותיאל מיט זײַן פרוי. בעת זײַן באַזוך בײַ אונדז אין שטוב האָבן מיר צוזאַמען אַרויסגעבראַכט זכרונות פון יענער צײַט אין אַקטיובינסק.

— די מאַמע מײַנע, — האָב איך אים דערציילט, — איז פון הונגער געשטאָרבן אין רוסלאַנד, מײַנע צוויי ייִנגערע ברידער און דער שוואָגער — אומגעקומען אין דער רויטער אַרמיי. מײַן מלכהס מאַמע און אירע צוויי ייִנגערע ברידער זענען אומגעקומען אין ווײַסרוסלאַנד, אין אַ געטאָ בײַ מינסק. זיי זענען געווען פון די ערשטע גליקלעכע אָפּצופאָרן קיין ראַטנפאַרבאַנד. מיר האָבן זיי מקנא געווען, ווײַל אונדז איז עס דאָך דאַן נישט געלונגען. אויב ווילסט וויסן, איז הער, וואָס דאָס הייסט — גורל! געדענקסט דאָך מײַן פאַרטיי־תלמיד, לייבלען. אים האָט מען אין יאָר 1940, אין וויטעבסק, געמאַכט אַ פּראָצעס פאַר געהערן אין פּוילן ביזן יאָר 1939 צו דער קאָנטררעוואָלוציאָנערער פאַרטיי לינקע פּועלי־ציון... ער האָט באַקומען צען יאָר קאַטאָרגע, און שפּעטער — נאָך זיבן יאָר. ווען ער איז באַפרייט געוואָרן אין 1957, פרעגט ער מיך אין אַ בריוו: „ווו ביסטו געווען נאָכן גירוש־פּולטוסק? די, וועלכע האָבן עדות געזאָגט קעגן מיר, האָבן אויך דיך אין זינען געהאַט... בײַם אויס־פאָרשן האָט מען זיך שטאַרק געפרעגט אויף דיר, געוואָלט פון מיר דערגיין, ווו דו געפינסט זיך. דער גורל האָט דיך באַשיצט...״

— באמת, — האָט יקותיאל אַ זאָג געטאָן, — דער גורל האָט אײַך פיין צוגעשפּילט.

און דאָ בלייבט ער זיצן פאַרטראַכט, דאָס פּנים ווערט אים ערנסט און אומעטיק, און ער רעדט ווײַטער:

— מיט וואָס פאַר אַ מיטלען איך האָב זיך עס דעמאָלט געוואָלט ראַטעווען פון הונגער! איר געדענקט דעם הונט, וואָס איז פאַרפאַלן געוואָרן פון אונזער הויף? דאָס האָב איך אים צוגענומען.

— וואָס פאַר אַ הונט? — האָב איך אים פאַרוווּנדערט אָנגעקוקט.

— טאַקע, האָט מיר גיטעלע דערמאָנט, — דער הונט, וואָס דאָס קאַזאַכישע ייִנגעלע קאָלקאַ האָט זיך געטשעפּעט צו אונדז, אַז מיר האָבן אים צוגענומען.

— אַ! — האָב איך זיך דערמאָנט. — האָסטו עס אים צוגע־נומען? צו וואָס האָסטו אים באַדאַרפט?

— צו וואָס? צום עסן... נאָר ס'איז מיר נישט באַשערט געווען פון אים אַפילו צו פאַרזוכן. בחינם זיך אָנגעהאָרעוועט, איבערגעלעבט שרעק און אײַך פאַרשאַפט אומזיסטע צרות. דו ביסט געווען בײַ דער אַרבעט. מלכה איז געלעגן קראַנק אין שטוב. האָב איך אים פאַרנאַרט אין קאָרידאָר־קעמערל און צו רעכט געמאַכט. פאַרפּאַקט אין אַ זאַק, האָב איך אים שפּעטער אַוועקגעלייגט אין אַ ווינקל פון דער קליינבאַן און זיך דערווײַטערט. כ'האָב זיך געשראָקן, טאָמער וועט די מיליץ רעווידירן, אים געפינען און מיך נעמען אויף אַן אויספאָרשונג... אָנגעקומען בשלום אין „זשילגאָראָדאָק" און וויל נעמען דעם „אוצר", — נישטאָ! ס'האָט אים עמעצער צוגעגנבעט. נישט באַשערט געווען פון אים צו געניסן...

— דערפאַר איז דיר באַשערט געווען צו געניסן פון עפּעס וויכ־טיקערס. — האָב איך אים געטרייסט.

— פון וואָס?

— פון גורל, וואָס האָט אונדז באַשיצט און אַרויסגעראַטעוועט.

— יאָ. — האָט ער געזאָגט. — איך דערמאָן זיך ווי איר פלעגט דערציילן וועגן גרשונען, וואָס פאַר אַ פאַרזעעניש ער איז געווען בעת אונזער אָנקומען קיין אַקטיובינסק.

— נו, אָט קוק אָן איצטער דאָס „פאַרזעעניש"! איז אויסגעוואַקסן מיט אַ קאָפּ העכער פון זײַן טאַטן. ווי ס'האָט אים צוגעוווּנטשן זײַן סנדק בעתן ברית.

— ווער איז געווען זײַן סנדק? מסתּם גאָר אַ לײַטישער ייִד, אַז זײַן ברכה איז מקיים געוואָרן.

— צום באַדויערן איז ער מער נישטאָ. איז אומגעקומען צוזאַמען מיט די גלובאָקער ייִדן אין די פלאַמען פונעם שטעטל, וואָס די ס.ס. האָבן אונטערגעצונדן. בלויז זײַן טאָכטער האָט זיך געראַטעוועט און זי געפינט זיך אין ישׂראל.

יקותיאל האָט מיך געהערט און נישט אַראָפּגעלאָזט קיין אויג פון גרשונען, איינקוקנדיק זיך אין זײַן מיליטערישן מונדיר.

— וואָס פאַר אַ צייכן איז דאָס דער פליגל אויף זײַן ברוסט? — האָט ער אַ פרעג געטאָן.

— דאָס איז דער פליער־צייכן. ער דינט אין לופטפלאָט פון אונדזער צה״ל.

— יאָ, — רופט זיך אָן מײַן פרוי, — ער האָט שטאַרק חשק געהאַט דערצו. האָבן מיר אים געשיקט אין אַ שול נאָך אין זעכצן־יעריקן עלטער.

— איר, אַ מאַמע, אויך? — האָט זיך געוווּנדערט יקותיאלס פרוי.

— מאַמישע געטרײַשאַפט, — האָב איך זיך אָנגערופן, — באַשטייט דאָך נישט, ווי סע זאָגט אַ ישׂראלדיקער וויץ: „אויב, מײַן קינד, דו ביסט שוין יאָ אַ פליִער, בעט איך דיך: זאָלסט פליִען נידעריק און פּאַמעלעך". באַזונדערס, מלאָכים היטן אים נאָך פון זײַנע ערשטע געבוירן־טעג, פון זינט דער סנדק האָט אים געגעבן זײַן ברכה... און דער, עליעלע, איז שוין אויך מיט אַ קאָפּ העכער פונעם טאַטן. ער פלעגט לאַכן פון זיך אַליין, אַז ער איז דער מאַמעס „פּאַרזשאַוועטער אוצר". נו, קוק אים אָן — אַ ישׂראל־זעלנער, אַ כאַיאַל.

— נו, און גיטעלע וואָס איז? — האָט ער אַ פרעג געטאָן.

— זי האָט געדינט אין צה״ל און אין די אָוונטן אויסגעלערנט אַ פאַך, לערערין. זי לערנט יידישע קינדער.

— יאָ, — האָט ער איבערגעחזרט — דער גורל האָט אײַך גאָר פיין צוגעשפּילט.

1959—1964